# מיטן אידישן לעגיאָן

פון

ז. ווײַנפּער



אַרויסגעגעבן
מיט דער הילף פון דער
„מאָרגן־פרייהייט"
לייענער און פריינט
ניו־יאָרק
1942

# מיטן אידישן לעגיאָן

עס איז „מיטן אידישן לעגיאָן" און נישט וועגן אים און אוודאי נישט קיין געשיכטע פֿון אים.

איך באַטאָן דאָס קעגן דעם, וואָס אַ היפּשע צאָל געוועזענע לעגיאָנערן האָבן מיר פֿאָרגעשלאָגן מאַטעריאַל פֿון זייערע איבערלעבונגען און איך האָב זיך מיט אים נישט באַנוצט. איך האָב דאָס נישט געטאָן, ווייל קיין אַנדער זאַך, ווי בלויז אויפֿצושרייבן מיינע פּערזענלעכע איבערלעבונגען „מיטן אידישן לעגיאָן" בין איך נישט אויסן געווען.

דעם אמת געזאָגט, איז אָט דאָס בוך נישט געווען אין די פּלענער פֿון מיינע ליטעראַרישע אַרבעטן, וואָס איך האָב פֿאַרטראַכט אין יענער צייט, ווען איך האָב דאָס אָנגעהויבן צו שרייבן. מיינע איבערלעבונגען פֿון יענעם פּעריאָד זענען געקומען צום אויסדרוק דורך מיר איידער די קאַפּיטלען פֿון אָט דעם בוך האָבן זיך אָנגעהויבן צו דרוקן אין דער „מאָרגן-פֿרייהייט". זיי זענען געקומען צום אויסדרוק אין אַ גאַנצער אָפּטיילונג, וואָס געפֿינט זיך אין מיין בוך „געקליבענע לידער". אויך אין מיין בוך „פּיניע" שפּיגלט זיך אָפּ יענער פּעריאָד אין עטלעכע קאַפּיטלען. אָבער אויפֿצושרייבן אַ גאַנץ בוך אין אָט דער פֿאָרמע, ווי עס איז אַרויסגעקומען. האָט מיך אָנגערעגט מיין חבר פּ. נאָוויק. דער רעדאַקטאָר פֿון דער „מאָרגן-פֿרייהייט".

עס איז געווען אין די טעג, ווען דער ענין „אידישער לעגיאָן" איז ווידער אַרויף אויפֿן טאָג-אָרדענונג פֿון אונדזער אידישן לעבן. פּ. נאָוויק האָט געהאַלטן, אַז עס איז די פּאַסיקסטע צייט פֿאַר מיר אויסצולאָדן פֿון זיך מיינע איבערלעבונגען פֿון יענער צייט פֿאַר די לייענער פֿון דער „מאָרגן-פֿרייהייט". ער האָט געהאַלטן אין איין מאָנען און איך האָב אָנגעהויבן צו שרייבן אָט דאָס בוך, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו דרוקן אין דער „מאָרגן-פֿרייהייט".

עס איז אפֿשר נישט נויטיק, אָבער עס איז פֿאָרט כדאַי צו פֿאַרצייכענען, אַז ווי אַלעמאָל, האָט מען אויך דאָס מאָל זיך נישט געמישט אין מיין צוגאַנג צו דער טעמע און מען האָט מיך געלאָזט באַהאַנדלען דעם ענין אַזוי ווי איך האָב געפֿילט. דאָס דרוקן די קאַפּיטלעך אין דער „מאָרגן-פֿרייהייט" איז פֿאַר מיר געווען אַן אמת'ער פֿאַרגעניגן. דער וואַרעמער אָפּרוף מצד די לייענער האָט דערוואַרעמט און כסדר געגעבן דאָס גוטע געפֿיל, אַז עס איז בפֿירוש דאָ פֿאַר וועמען צו שרייבן. איז אַ האַרציקן דאַנק דער „מאָרגן-פֿרייהייט" פֿאַר געבן מיר די געלעגנהייט און די לייענער פֿאַר דער וואַרעמקייט.

אָט איז דאָ מיינס אַ בוך, וואָס איך האָב גאָרנישט בדעה געהאַט אויפֿצושרייבן. אָבער כאָטש עס איז אויפֿגעשריבן געוואָרן גאַנץ

צופעליק, באַטראַכט איך דאָס פונדעסטוועגן בשום אופן נישט פאַר קיין צופעליק בוך צווישן מיינע ביז איצט אויפגעשריבענע ביכער.

פאַרן ארויסגעבן דאָס בוך קום איך ווידער אַ דאַנק דער „מאָרגן־פרייהייט“. זי האָט מיר געשענקט דעם זאַץ און די בילדער־קלישייען, און אָט דער מתנה וואָלט ביי דער איצטיקער לאַגע געווען אוממעגלעך די דערשיינונג פון אַזאַ בוך.

אַ שיינעם דאַנק אויך דעם קאָמיטעט פון אידישע שרייבער און קולטור־טוער. וואָס האָט מיט זיין רוף גורם געווען, אַז אַ צאָל לייענער זאָלן אַריינשיקן אין פאָראויס דעם פרייז פאַרן בוך. דאָס האָט אויך זייער א סך צוגעהאָלפן צו דער דערשיינונג.

צום סוף וויל איך נאָך באַמערקן, אַז ביים שרייבן מיינע איבערלע־בונגען איז מיין באַציאונג צו דער פאָרמירונג פון אַ צווייטן אידישן לעגיאָן אונטער ענגלאַנד נישט געווען קיין זייער פאָזיטיווע, כאָטש ארויסגעזאָגט זיך דאַגעגן האָב איך נישט. אונדזער דערפאַרונג מיט ענגלאַנד נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג איז געווען אַזאַ, וואָס האָט איבערגעלאָזט טיפע אַנטוישונג און ביטערניש אין אונדזערע געמיטער. אָבער די ציינערדיקע ראָד, וואָס דער היטלעריזם האָט אַ לאָז געטאָן אויף אונדז איז אַזאַ, וואָס ווישט אָפּ אַ סך פריערדיקע טענות.

איצט איז דאָ איין אויפגאַבע: מיר דאַרפן ווידמענען אַלע אונדזערע כוחות צו שלאָגן דעם היטלעריזם — אונדזער בלוטיקסטן שונא.

ז. ווייַנפּער

ניו־יאָרק, יאַנואַר, 1942.

# !סאַלוט

איך ווייס נישט, ווי עס פּילן זיך און וואָס עס טראַכטן זיך יענע הונדערטער אידן איבער אַמעריקע, וואָס האָבן מיט עטלעכע און צוואַנציג יאָר צוריק אָנגעטאָן אויף זיך, אַזוי ווי איך, אוניפאָרמען פֿון אידישע לעגיאָנערן און זיך געלאָזט איבער לענדער און ים'ען אין די גרעסטע געפֿאַרן צו העלפֿן ענגלאַנד אָפּצונעמען פּאַלעסטינע פֿון די טערקן. איך ווייס נישט ווי זיי, אָבער איך האָב מיט אויפֿגעריסענע אויגן פֿון פֿאַרוואונדערונג געהאַט איבערגעלייענט די נייעס, אַז וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי איז אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע מיט'ן געדאַנק צו פֿאָרמירן אַ צווייטן אידישן לעגיאָן אונטער דער פֿאָן פֿון דער בריטישער אימפּעריע.

— שוין ווידער אַ אידישער לעגיאָן ?—האָב איך זיך געפֿרעגט און! ביי זיך אָפּגעמאַכט ביי דער ערשטער געלעגנהייט אַרויסצוקומען מיט אָט דער פֿראַגע טאַקע צו וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי'ן אַליין.

אַ שאָד, וואָס ער איז אַזוי פּלוצלונג געשטאָרבן און איך וועל נישט קאָנען מער זען די מינע אויף זיין פּנים, ווען איך וואָלט אים דערמאָנט די דערנידערונגען, וואָס ענגלאַנד האָט אים פֿאַרשאַפֿט פֿאַר זיין גוואַלדיגן פּאַטריאָטיזם, וואָס ער האָט איר אַרויסגעוויזן ביים פֿריערדיגן קריג.

עס דערמאָנט זיך מיר אַן איבערלעבונג מיט אים אין תל־אביב.

עס איז געווען אַ זוניגער שבת נאָכמיטאָג. איך האָב געשפּאַצירט אויפ'ן טראָטואַר לעבן דער העברייאישער גימנאַזיע מיט אַ ליבער באַקאַנטער. דאָס מיידל האָט געהאַלטן מיין אָרעם און מיר זיינען ביידע געווען פֿאַרטיפֿט אין אַ שמועס. איז גיי באַמערק אין אַזאַ מאָמענט, אַז אויף דער צווייטער זייט פֿון דער גאַס גייט אונז אַנטקעגן דער לייטענאַנט וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי. און אפשר האָב איך אים יאָ באַמערקט און נישט האָבנדיג דאָס האַרץ אָוועקצונעמען מיין אָרעם פֿון מיין באַגלייטערין, האָב איך זיך געמאַכט, אַז איך באַמערק אים נישט? עס קאָן זייער זיין, אַז אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. וואָרים מיר האָט נישט געקאָנט איינפֿאַלן, אַז וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי זאָל מאַכן אַ וועזן פֿון אַזאַ קלייניגקייט, וואָס אַ אידישער לעגיאָנער האָט אים נישט אָפּגעגעבן דעם סאַלוט.

איך האָב אָבער, זעט אויס, אַ טעות געהאַט אין חשבון, וואָרים באַלד האָב איך דערהערט הינטער זיך אַ שטרענגן, מיליטערישן אויסרוף:

— האַלט!

איך האָב אינסטינקטיוו דערפֿילט, אַז מיט אָט דעם אויסרוף מיינט מען מיך, און אַרויסציענדיג דעם אָרעם מיינעם פֿון מיין מיטשפּאַצירנדיגער'ס האַנט, האָב איך לויט די כּללים פֿון דער ענגלישער מיליטערישער דיסציפּלין אַ סנאַפּ געטאָן מיט מיין רעכטן אָפּצאַס צו דעם לינקן און איך בין געבליבן שטיין, ווי אַ ליימענער גולם.

באַלד איז געקומען דער צווייטער מיליטערישער אויסרוף, וואָס איז נאָך געווען שטרענגער פון׳ם ערשטן :

— אויסדרייען זיך צוריק !

איך האָב זיך אַ דריי געטאָן אויף צוריק, ווי אויף אַ שרויף און פאַר מיר איז געשטאַנען דער לייטענאַנט וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי אַן אויפגע־רעגטער און אַ בייזער.

— אַ גוי׳אישן אָפיצער וואָלסטו אויך אַזוי פאַרבייגעגאַנגען ?

איך האָב געפּרואווט עפּעס ענטפערן, אָבער ער האָט מיך נישט גע־לאָזט קומען צום וואָרט, און ווידער געגעבן אַ באַפעל :

— סאַלוט !

— חבר זשאַבאָטינסקי, איך...

— סאַלוט

דעם זעלבן אָוונט, ווען איך בין געווען אין הויז פון דעם העברייאישן שריפטשטעלער ש. בן־ציון, וועלכער האָט אין יענער צייט געהאַלטן אין איבערזעצן עטלעכע פון מיינע לידער אויף העברייאיש פאַר זיין זשורנאַל „האזרח״, האָט מען שוין דאָרט געוואוסט פון דער סצענע אויף דער גאַס און מען האָט גערעדט מיט גרויס אַנטריסטונג אויף זשאַבאָטינסקי׳ס אַד־רעס.

— אַ קראַנקהייט ביי אים, די מיליטערישע צערעמאָניע ! — האָט אימיצער סאַרקאַסטיש באַמערקט.

— אָך און וויי איז אים ! — האָט שפּעטער אַן אַנדערער אויסגערופן, און אָט דער אויסרוף איז געווען, ווי אַ מין פאַרטיידיגונג פון זשאַבאָ טינסקי׳ן.

שפּעטער האָט דער זעלבער מענטש, וואָס איז קענטיק געווען זייער נאָענט מיט זשאַבאָטינסקי׳ן, דערציילט, וואָס פאַר אַ דערנידערונגען עס קומט אויס דעם טאָטן פון׳ם אידישן לעגיאָן איבערצולעבן מצד די הויכע מיליטערישע באַאמטע אין פּאַלעסטינע.

— דאָרטן קוקט מען דאָך אַרונטער אויף אים, ווי אויף אַ מענטשן, וואָס איז נישט זייער גלייכן, — האָט דער זעלבער מענטש באַטאָנט און דערביי דערציילט וועגן אָפיצערישע צוזאַמענקומען, וואוהין זשאַבאָטינסקי און די איבעריגע אידישע אָפיצערן ווערן קיינמאָל ניט געלאַדן, וועגן קלאַגעס וואָס ער, דער באַשאַפער פון די אידישע באַטאַליאָנען, האָט צוגעשטעלט אין דעם הויפּט־שטאַב און דאָרטן האָט מען אפילו נישט געהאַלטן פאַר נויטיק זיי אויפצונעמען.

איך געדענק, אַז ווען איך האָב דעמאָלט אויסגעהערט אָט די אַלע זאַכן, בין איך געווען זייער שטאַרק איבערראַשט. ענגלישע אָפיצערן דערנידעריגן זשאַבאָטינסקי׳ן ? פאַרוואָס ? איז ער דאָך לגבי זיי אין אינטעליגענץ אַ ריז. איך האָב געטראַכט פון זשאַבאָטינסקי׳ס וויסן, פון זיין טאַלאַנטיר־טער פען, פון זיין גרויסן אָראַטאָרישן כוח.



סערזשאַנט וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי

אין לאָנדאָן

— איז פּאַרוואָס־זשע דערנידעריגט מען אים? — האָב איך זיך גע־פרעגט מיט גרויס פאַרוואונדערונג?

איך געדענק, אַז אין יענעם מאָמענט האָב איך געהאַט אַזוי פיל מיטגעפיל צו דעם באַליידיגטן זשאַבאָטינסקי׳ן, אַז איך האָב אים שוין אפילו מוחל געווען, וואָס ער האָט געהאַנדלט צו מיר, ווי יענער באַדינער, וואָס נעמט צו די באַליידיגונגען פון זיין גרויסן האַר און לאָזט דערנאָך אויס די זעלבע באַליידיגונגען צו די קלענערע באַדינער, וואָס זיינען אונ־טער אים. אָבער באַנעמען דעם ענין האָב איך פונדעסטוועגן דעמאָלט ניט געקאָנט. איז דאָך זשאַבאָטינסקי געווען אַן איבערגעגעבענער פּאַטריאָט פון ענגלאַנד. איז ער דאָך געווען דער באַשאַפער פון די דריי אידישע באַטאַליאָנען, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט ביי די שלאַכטן אַרום יריחו, סאַלד און אַנדערע פראָנטן. איז דאָך עס געווען זיין רוף, וואָס האָט צו־גוויפגעבראַכט אויפ׳ן פראָנט פון פּאַלעסטינע אונטער דער פאָן פון דער בריטישער אימפעריע טויזנטער יונגעלייט פון די פאַראייניגטע שטאַטן, הונדערטער פון אַרגענטינע, וועלכע האָבן געטאָן און טוען נאָך זייער פליכט פּונקט ווי אַלע אַנדערע באַטאַליאָנען, וואָס שטעלן צוזאַמען די בריטישע אַרמיי. האָב איך דאָך געזען אויך אידישע קברים מיט מגן־דוד׳ס איבער זיי אויף די מיליטערישע בית־עולמ׳ס, וואָס מיר איז אויס־געקומען דורכצומאַרשירן.

היינט פאַרוואָס אַזאַ באַציאונג צו דעם, וואָס דינט אַזוי געטריי?

שפּעטער אין מיין ווייטערדיגער דינסט אינ׳ם ניין און דרייסיגסטן באַטאַליאָן אויפ׳ן פּאַלעסטינער פראָנט האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אין אַ רייע אַנדערע דערנידערונגען מצד דעם בריטישן הויפּט־שטאַב צו אונזערע אידישע אָפיצערן און צו די אידישע באַטאַליאָנען וועמענס אויפטו מען האָט געזוכט צו מינימיזירן.

דעמאָלט האָב איך און נאָך אַזעלכע ווי איך, פונדעסטוועגן, אויסגע־טייטשט די שלעכטע באַציאונג פונ׳ם גענעראַל־שטאַב צו אונזערע באַטאַ־ליאָנען איבער די פּאָר אַנטיסעמיטישע גענעראַלן, וואָס זיינען צופעליג גע־זעסן אינ׳ם שטאַב. מיר האָבן נאָך דעמאָלט אין אונזער נאַאיווקייט ניט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נישט קיין צופעליגקייט, נאָר אַ סיסטעם אַזאַ,— די סיסטעם פון אימפעריאַליזם צו באַטראַכטן יעדעם פאָלק, וואָס מען נעמט אונטער שוץ נישט פאַר קיין גלייכם מיט זיך.

ווען מען דאַרף דערצו אָנקומען איז גאָר עפּעס אַנדערש. דעמאָלט רעדט מען צו דעם די זיסטע רייד און מען זאָגט דעם צו די גאָלדענסטע גליקן. ווען מען האָט געדאַרפט, אַז די אידישע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך געפונען אין מצרים, בשעת דער בריטישער פלאָט האָט געפירט זיין אַטאַקע אויף די דאַרדאַנעלן, זאָלן פון זיך פאָרמירן אַ קאָרפּוס צו פירן שפּייז און אַמוניציע, האָט מען צוגעזאָגט יוסף טרומפּעלדאָר׳ן אַלדאָס גוטס, אָבער אַזוי גיך ווי דער קאָרפּוס איז שוין געווען פאָרמירט אונטער דעם נאָמען „ציון־אייזל־קאָרפּוס" האָט מען אינגאַנצן פאַרגעסן אַלע צוזאָגעכ־

צען צו דעם טאַטן פון אַט דעם קאָרפּוס, און מען האָט געטאָן מיט אים, וואָס מען האָט געוואָלט, און וואָס עס האָט זיך געלוינט פאַר דעם בריטי־שען שטאַב. שפּעטער, ווען מען האָט געזען א מעגלעכקייט צו פאַרגרעסערן די אַרמיי דורך אידישע יונגעלייט פון אַמעריקע און אַרגענטינע, האָט מען וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי'ן ממש אויף די הענט געטראָגן. איינס און צוויי האָט מען אים פון א פּשוט'ן סאָלדאַט דערהויבן צו א סערזשאַנט און עס האָט נישט לאַנג געדויערט האָט מען אים געגעבן דעם טיטול פון ערנליור־טענאַנט, אָבער שפּעטער, אַז מען האָט שוין געהאַט די דריי באַטאַליאָנען, האָט מען אים איגנאָרירט און אפילו נישט געענטפערט אויף זיינע בריוו, וואָס ער פלעגט שיקן אין שטאַב אריין.

נו, און די באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס האָט אַזוי פייערלעך א היים־לאַנד צוגעזאָגט פאַר אידן אין פּאַלעסטינע? וואָס עס איז געוואָרן פון אַט דער דעקלאַראַציע נאָכדעם ווי ענגלאַנד האָט פאַרנומען פּאַלעסטינע, איז גוט באַקאַנט.

ווען איך האָב געלייענט אין דער פּרעסע, אַז וולאַדימיר זשאַבאָטינ־סקי איז אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע מיט דער מיסיע צו גרינדן א צווייטן אידישן לעגיאָן, האָב איך דאָס נישט געוואָלט גלויבן. אמת, אַז דער איצ־טיגער קריג אין וועלכן די בריטישע אימפּעריע איז פאַרוויקלט ביז אי־בער'ן האַלז, איז אנטקעגן דעם גרעסטן און ביטערסטן שונא, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט געהאַט אין זיין גאַנצער שווערער און פיינלעכער גע־שיכטע, אמת אויך, אַז אידן אומעטום האָבן א באַזונדערן דראַנג צו זען, וואָס גיכער דעם היטלעריזם א צעשטויבטן, א פאַרניכטעטן, און אַן אָפּגעווישטן פון דער ערד, אָבער באַרעכטיגן די דערפאַרונגען, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט גרויס־בריטאַניע, אַז מיר זאָלן האָבן צוטרוי צו איר און זיך ווידער מקריב זיין פאַר אירע אינטערעסן?

וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי איז איינמיטן פון זיין מיסיע פאַר א נייעם אידישן לעגיאָן געשטאָרבן, אָבער ער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך א סך אַנדערע און זיי טענה'ן, אַז מען זאָל פאַרזען די עולות, וואָס ענגלאַנד האָט אונז געטאָן.

— די צייט איז אַזאַ, אַז מען דאַרף פאַרגעסן חשבונות, — זאָגן זיי, און אפשר זיינען זיי פאָרט גערעכט? ווען עס האַנדלט זיך צו באַקעמפן דעם היטלעריזם, קוקן אַלע אונזערע טענות צו ענגלאַנד אויס, ווי קליינינ־קייטן, וואָס מען קאָן זיך פאַרגינען איינם איצטיגן מאָמענט צו פאַרזען.

# דער קאָרפּוס

עס פּאַקן זיך איצט פּאַנאַנדער מיינע איבערלעבונגען פון איבער צוואַנציק יאָר צוריק מיט און אַרום דעם אידישן לעגיאָן, אין וועלכן איך האָב אַנטייל גענומען. און — מאָדנע, זייער מאָדנע איז אָט דאָס, וואָס כאָטש זיי קומען אַרויס פרישע, צאַפּלדיקע און קלאָרע פון מיין זכרון, וואו זיי זיינען אַזוי לאַנג געלעגן נישט־באַרירט, האָבן זיי איצט פונדעסט־וועגן היפּש אַנדערע פּנים׳ער.

עס איז, ווי זיי וואָלטן ליגנדיק אינ׳ם זכרון, זיך דאָרט גופא געעלטערט און צייטיגער געוואָרן.

אָט שטייט אויף פאַר מיינע אויגן דאָס אידישע ניו יאָרק פון דעם יאָר ניינצן־פופצן.

די מלחמה אין אייראָפּע איז אין פולן גאַנג. אידן האָבן סימפּאַטיע צו דער דערשלאָגענער בעלגיע, צו פראַנקרייך, אָבער פרייען זיך פונדעסט־וועגן מיט די מפּלות פון די צאַרישע אַרמייען אויפ׳ן מזרח־פראָנט.

אָבער אָט ברענגט די אידישע פּרעסע אַ שטיקל נייעס, וואָס וואַרפט אַריין אַ טייל פון דער אידישער מאַסע אין אַ געוואַלדיגן, כמעט אָבער־גלויבערישן ענטוזיאַזם.

דאָס שטיקל נייעס איז וועגן אַ אידישן קאָרפּוס, וואָס איז פאָרמירט געוואָרן אונטער דער פירערשאַפט פון דעם רוסיש־אידישן קאַפּיטאַן יוסף טרומפּלדאָר און דעם ציוניסטישן פירער וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי. קיין איבעריגע איינצלהייטן ווערן נישט געגעבן. עס דערציילט זיך נאָר, אַז דער קאָרפּוס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון די אידישע פליכטלינגען, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון צאַרישן רוסלאַנד קיין מצרים און אַז איצט קעמפט אָט דער קאָרפּוס אונטער דער ווייס־בלויער מגן־דוד־פאָן, זייט ביי זייט מיט דער פאָן מיט גרויס־בריטאַניע אַרום די דאַרדאַנעלן.

ווי גרויס איז אָט דער קאָרפּוס?

די נייעס אין דער פּרעסע האָט קיין גענויען ציפער נישט געגעבן. אָבער דאָס וואָרט „קאָרפּוס" האָט צעהיצט די פאַנטאַזיע און אידן האָבן גערעדט פון צענדליגער טויזנטער „בני ישראל", וואָס זיינען אויפגעשטאַנען אַנטקעגן די „בני ישמעאל", וואו די אידן זיינען געוואוינט צו רופן די טערקן. פרומע אידן האָבן אָנגעהויבן אויסצוטייטשן פּסוקים פון תנ"ך און פון זוהר, אַז עס איז משיח־צייט, און פרומע ציוניסטן האָבן געשפּאַ־צירט אויף איסט־בראָדוועי מיט געהויבענע קעפּ און פייער אין די בליקן דעמאָנסטרירנדיק די נייע בלאַט, וואָס ווערט אויפגעמישט אין אונזער אידישער געשיכטע.

מיט די נעמען זשאַבאָטינסקי און טרומפּלדאָר האָט זיך גערודערט..

ספּעציעל מיט'ן נאָמען טרומפּעלדאָר, וועלכער איז גלייך פאַרוואַנדלט געוואָרן ממש אין אַ לעגענדע.

— אַ אידישער קאַפּיטאַן פון רוסלאַנד? — האָט מען זיך געפרעגט וועגן אים מיט גרויס איבעררעשונג, ווארום אלע האָבן דאָך געוואוסט, אַז אין דער צאַרישער אַרמיי זיינען קיין אידישע אָפיצערן נישט געווען.

— אַ גע'שמד'טער חלילה? — האָט עמיצער געפרעגט און געקראָגן פון צווייטן אַ קוק, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן, ווי אַ שטורקאַץ.

— יוסף טרומפּעלדאָר אַ משומד?

— ער קאָן דאָך זיין אַ חוזר, — האָט דער ערשטער זיך פאַרענטפערט.

אָט אַזוינע געשפּרעכן האָט מען געקענט הערן אין אידישן קוואַרטאַל.

דערווייל האָט די אידישע פּרעסע דאָך געקראָגן מער אָדער וויי̇ניגער אינפאָרמאַציע וועגן יוסף טרומפּעלדאָר'ן און האָט אָט די אינפאָרמאַציע ברייט איבערגעגעבן.

עס איז דערציילט געוואָרן אין אַ גאַר געהויבענעם טאָן, אַז יוסף טרומפּעלדאָר האָט אַנטייל גענומען אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה ביי דער אַטאַקע אויף פּאָרט־אַרטור און דאָרטן אַרויסגעוויזן אַזעלכע גבורות, אַז דער רוסישער צאַר האָט באַשלאָסן צו מאַכן פאַר אים אַן אויסנאַם און אים געגעבן דעם טיטול פון קאַפּיטאַן. אין די אַטאַקעס האָט ער פאַרלוירן אַ האַנט.

שפּעטער איז דער ענטוזיאַזם אַ ביסל קילער געוואָרן, אָבער אינגאַנצן פאַרשוואונדן איז ער פונדעסטוועגן נישט. די וויטערדיגע ידיעות האָבן געבראַכט אַ ביסל מער איינצלהייטן און אידן זיינען געוואָרן אַנטוישט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער קאָרפּוס באַשטייט נישט פון קיין טויזנטער, נאָר פון עפּעס אַ זעקס הונדערט מאַן און אַז קיין אמת'ע סאָל־דאַטן זיינען זיי אויך נישט, נאָר עפּעס, ווי כמו־סאָלדאַטן. דאָס הייסט, אַז אין געפאַרן זיינען זיי יאָ, אָבער קיין סאָלדאַטן זיינען זיי פאָרט נישט. איצט האָט מען שוין געוואוסט דעם פולן נאָמען: „ציון־אייזל־קאָרפּוס", און דאָס וואָרט „אייזל" אין דער מיט, וואָס האָט קלאָר געמאַכט, אַז די אידישע סאָלדאַטן אַרום די דאַרדאַנעלן פירן שפּייז און אַמוניציע אויף אייזלען פאַר דער בריטישער אַרמיי. האָט אָבער טאַקע דאָס וואָרט אַליין געקלונגען ווי אַ באַליידיגונג.

— דאָס גאָר? — האָט מען זיך געפרעגט.

— מילא, נו, — האָט מען געשאָקלט מיט די קעפּ און דערביי געפונען אַזאַ מין טרייסט:

— אָבער אין געפאַר זיינען זיי דאָך, נישט אפשר, האַ?

דעמאָלט האָבן זיך שוין אפילו געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן אין דער פּרעסע באַוויזן על־פּי סטראַטעגיק, אַז צו פירן שפּייז און אַמוניציע אונ־מער די שיסערייען פון ביידע צדדים איז נאָך אַ גרעסערע געפאַר, ווי זיין אַ טייל פון דער אמת'ער אַרמיי.

און אז אידן האָבן געלייענט אַז־די אויסטייטשונג, האָט מען זיך אַ ביסל בארואיגט און זיך געטרייסט מיט דער פאָן.

— אָבער די פאָן מיט׳ן מגן־דוד פלאַטערט אויפ׳ן שלאַכט־פעלד, האַ ? מיך, ווי אַ סך אידן, האָט עס ניט באַפרידיגט. איך האָב געליטן פון דעם אומצוטרוי צו אונז און זיך געפרעגט:

— אויב שוין יאָ אַן ארמיי, איז פאַרוואָס נישט מיט ביקסן און קאַנאָנען און מיט דעם גאַנצן קלאַפּערגעצייג, ווי די איבעריגע פעלקער אונטער דער בריטישער אימפּעריע ?

די אייטלקייט אין מיר איז געווען אַן אויפגעבראָזטע, ווי זי איז געווען ביי טויזנטער אַנדערע. עס האָט זיך געטראַכט וועגן דעם, אַז אויב שוין יאָ באַגעגענען דעם טויט, איז זאָל שוין כאָטש זיין, ווי אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס און נישט ווי אַן אַנטרייבער מיט אַ בייטש ביי עפּעס אַן אייזל מיט שפּייז און אַמוניציע איבער׳ן רוקן.

איצט שמייכלט זיך פון יענער אייטלקייט אין זיך, אָבער אין יענער צייט האָט זיך נישט געשמייכלט.

איז דערפאַר קיין גרויסע אַנטוישונג נישט געווען אפילו ביי די ציוניסטן אין ניו יאָרק, ווען עס איז אין עטלעכע חדשים שפּעטער אָנגעקומען די ידיעה, אַז דער „ציון־אייזל־קאָרפּוס" האָט זיך אויפגעלייזט.

דאָס הייסט, אַליין האָט מען זיך נישט אויפגעלייזט, נאָר דער גענעראַל־שטאַב האָט אויפגעלייזט, ווייל די אַטאַקע פונ׳ם בריטישן פלאָט אויף די דארדאַנעלן איז געווען פּרובטלאָז און מען האָט זי געמוזט אויפגעבן, איז שוין נישט געווען מער נויטיג דער „ציון־אייזל־קאָרפּוס" אויף יענעם פראָנט.

וואָלט דאָס געווען אַן אמת׳ער אידישע אַרמיי, וואָלט מען זיך געוועזן געפילט אַנטוישט, אָבער אַזוי ווי עס איז געווען נישט מער ווי אַן אייזל־קאָרפּוס, איז מילא.

אָבער עס איז פּאָרט באַשערט געווען די ציוניסטישע אידן צו דערלעבן אַן אמת־אידישע אַרמיי אויך — אַ אידישן לעגיאָן מיט ביקסן און דעם גאַנצן קלאַפּערגעצייג, וואָס אַן אמת׳ע אַרמיי פאַרמאָגט.

אין אָט דעם אידישן לעגיאָן האָב איך אַנטייל גענומען. ווי קוקן אויס איצט, מיט צוואַנציג יאָר שפּעטער, מיינע איבערלעבונגען אין אים ?

# לאָרד דערבי׳ס סמיכה אויף רבנות

ווען די בריטישע מיליטערישע אדמיניסטראַציע האָט יענעם זומער פון נײַנצן־זעכצן אויפגעלייזט דעם „ציון־אייזל־קאָרפּוס", איז קאַפּיטאַן טרומפּעלדאָר מיט עטלעכע פון זיינע לייטענאַנטן אריבערגעקומען קיין לאָנדאָן, וואו עס האָט זיך שוין פון פריער געפונען וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, און מען האָט צוזאַמען זיך גענומען צו דער אַרבעט אויפצושטעלן אַ אידישן לעגיאָן.

נישט שווער איז אָנגעקומען טרומפּעלדאָר׳ן און זשאַבאָטינסקי׳ן צוציען דעם קוירנעל פּעטערסאָן, וועלכער איז טאַקע געווען דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון׳ם „ציון־אייזל־קאָרפּוס" אין גאַליפּאָלי, אָבער צו פּאַרקויפן אָט דעם געדאַנק דעם ענגלישן קריגס־דעפּאַרטמענט איז זיי נישט אָנגעקומען אַזוי גרינג, ווי זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט.

און עס איז נישט געווען אַזוי די געגנערשאַפט פון׳ם קריגס־דעפּאַרטמענט גופא, ווי עס איז געווען די שטאַרקע געגנערשאַפט פון די ענגלישע דעפאָרמירטע אידן, וואָס האָבן אויסגעאיבט זייער איינפלוס אויף דעם קריגס־דעפּאַרטמענט נישט צו געבן קיין דערלויבעניש פאַר אַ ספּעציעלן אידישן לעגיאָן.

עס איז אַוועק אַ גאַנג מיט בריוו אין די רעדאַקציעס פון דער לאָנדאָנער פּרעסע מצד זשאַבאָטינסקי׳ן און דעם נישט־אידישן קוירנעל פּעטערסאָן, אַז אידן וואָלטן גאָר אַנדערש געקעמפט פאַר ענגלאַנד, ווען עס וואָלט זיי געגעבן געוואָרן די געלעגנהייט צו קעמפן אונטער דער אייגענער פאָן. אָבער די ענגלישע יאַהודים האָבן איינגעלייגט וועלטן, אַז אַזאַ דערלויבעניש זאָל נישט געגעבן ווערן, אָנגעבנדיג דעם אַרגומענט, אַז אידן זיינען נישט קיין באַזונדער פאָלק, נאָר ענגלענדער פון משה׳ס גלויבן און אַזוי ווי עס זיינען נישטאָ אין דער בריטישער אַרמיי קיין ספּעציעלע רעליגיעזע אָפּטיילונגען, ווי פּראָטעסטאַנטישע, קאַטוילישע, דאַרף ממילא אויך נישט זיין קיין ספּעציעלע אָפּטיילונג פון דער אידישער רעליגיע.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ טומל מיט דעלעגאַציעס צו לאָרד דערבי׳ן — דעם הויפּט פון דעם קריגס־דעפּאַרטמענט.

צום אַלעם ערשטן האָט אָפּגעשטעקט אַ וויזיט צו לאָרד דערבי׳ן דער געגנערישער צד, וואָס איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיגע יאַהודימשע פערזענלעכקייטן: לאָרד סוועטלינג, סער הענרי, סער סטואַרט סעמיועל, לאַיאָנעל ראָטשילד און דער אויבער־ראַבינער הערץ.

אין דער דעלעגאַציע, וואָס איז אויפגעטראָטן פאַר לאָרד דערבי׳ן מיט אַן אַפּיל פאַר דעם אידישן לעגיאָן, זיינען געווען צווישן אַנדערע: דר. אידער, דער דעמאָלטיגער מיטגליד אין דער ציוניסטישער פירערשאַפט,

קאפיטאן סעלימאן, דער סקולפטאר יעקב עפשטיין, איינער א יוסף קאוועז, און כדי דער איינדרוק זאל זיין שטארקער האט מען אויך צוגעצויגן עטלע־כע נישט־אידן, צווישן וועלכע עס האבן זיך געפונען א דעפוטאט פון פארלאמענט, מר. קעלי, און דער שפעטערדיגער קאלאניאל־מיניסטער עמערי.

אין לאנדאן האט זיך דעמאלט געפונען נאך אן אפאזיציע צו דער פארמירונג פונ׳ם אידישן לעגיאן, אבער די אפאזיציע איז געווען פון גאר אן אנדער מין, ווי די יאהודימשע.

אט די אפאזיציע איז באשטאנען פון פירנדיגע פערזענלעכקייטן אין דער רוסיש־אידישער פראגרעסיווער קאלאניע, אין וועלכער עס האט אויך אנטייל גענומען דער שפעטערדיגער אויסערן־מיניסטער פון דעם סאוועטן־פארבאנד טשיטשערין. די פירער פון דער צווייטער אפאזיציע האבן באטראכט די פארמירונג פון א אידישן לעגיאן ווי א נעץ ארייננצו־כאפן די איזיש־רוסישע יונגעלייט פון ענגלאנד אין מיליטער־דינסט, און נישט איינמאל איז אין די גאסן פונ׳ם „ווייטשעפל" געקומען אפילו צו פשוט׳ע קלעפ צווישן די אפאזיציאנערן און די אנהענגער פון זשאבאטינ־סקי׳ן און טרומפלדאר׳ן.

אויסגעלאזט האט זיך מיט א מין קאמפראמיס צווישן דער יאהודימ־שער אפאזיציע און דעם זשאבאטינסקי און טרמפלדאר צד, בשעת מיט דער צווייטער אפאזיציע האט זיך דער בריטישער קריגס־דעפארטמענט גארנישט גערעכנט.

דער קאמפראמיס איז באשטאנען אין דעם, וואס אנשטאט די אידישע באטאליאנען זאלן טראגן דעם נאמען „מאקאבייער", ווי זשאבאטינסקי און זיינע אנהענגער האבן געוואלט, האט דער קריגס־דעפארטמענט באשלאסן, אז זיי זאלן הייסן „קעניגלעכע שיסער", און ערשט שפעטער האט מען דערלויבט, אז צו די עמבלעמען, וואס א געוויינלעכער „קעניגלעכער שיסער" טראגט אויף זיין אוניפארם, זאל אויך צוגעגעבן ווערן דער „מגן־דוד", און אז צו דער רעגימענט־פאן זאל אויך דערלויבט זיין די בלוי־ווייסע ציוניסטישע פאן.

עס האט זיך אנגעהויבן די פארמירונג פונ׳ם ערשטן באטאליאן. קוירנעל פעטערסאן האט איבערגענומען די הויפט־קאמאנדע. אלע אידי־שע סאלדאטן פונ׳ם צוואנציגסטן לאנדאנער פאלק האט מען איבער־טראנספערירט אינ׳ם אידישן באטאליאן אריין. צווישן אט די סאלדאטן האט זיך אויך געפונען וולאדימיר זשאבאטינסקי, וועלכער האט זיך אנ־געשלאסן ווי אן איינפאכער סאלדאט, כדי צו ווייזן א ביישפיל פאר׳ן פאלק און אויך דערביי דעמאנסטרירן זיין פאטריאטיזם צו ענגלאנד. אבער, ווען עס איז איינגעשטעלט געווארן דער קעמפ הינטער לאנדאן און מען האט אנגעהויבן דעם לימוד אין הלכות מלחמה, איז זשאבאטינסקי פאר־וואנדלט געווארן אין א סערזשאנט, ווענעמס ארבעט עס איז געווען מערסטנס אין לאנדאן און אין די אנדערע גרעסערע שטעט פון ענגלאנד

צו העלפֿן רעקרוטירן וואָס מער אידישע יונגעלייט פֿון די רוסיש־אידישע אימיגראַנטן אין דעם באַטאַליאָן אַריין.

און עס איז געווען אין יענער צייט, ווען עס איז איבערגעשיקט געוואָרן פֿון ענגלאַנד אויך אַ רוף אין אַנדערע לענדער, וואָס מען האָט געקאָנט דערגרייכן, צו פֿאַרמירן נאָך אידישע באַטאַליאָנען. די אידן פֿון די פֿאַראייניגטע שטאַטן האָט מען צוגעטיילט אַ באַזונדערן כבוד. ניט נאָר האָט מען צו אונז צוגעשיקט דעם אויפֿרוף, נאָר מען האָט געשיקט צו אונז אַ ספּעציעלן פֿאָרשטייער, און דאָס איז געווען דער אַמאָליגער באַרימטער עס־ער׳ישער טוער, אינזשענער פּנחס רוטענבערג, וועלכער האָט גלייך געקראָגן אין ניו יאָרק אַ צאָל שטאַרקע אָנהענגער פֿאַר דעם געדאַנק פֿון אידישע באַטאַליאָנען. דעם ערשטן שטאַרקסטן און פֿייער־דיגסטן אָנהענגער, וואָס פּנחס רוטענבערג האָט גלייך געפֿונען אין ניו יאָרק, איז געווען דער דעמאָלט באַרימטער ציוניסטישער שרייבער און רעדנער דר. נחמן סירקין, וועלכער האָט מיט זיין דין, אָבער זייער טעמפּעראַ־מענטפֿול קול אָנגעהויבן אַריינשרייען אַלעמען אין די אויערן אַריין:

— אידן, עס איז משיח׳ס צייטן!

— אַ קלייניגקייט עפּעס, אַ אידישע אַרמיי, אַ אידישע פֿאָן, אַ אידישע כשר׳ע קיך מיט אַ רב אפֿילו אין יעדן אידישן באַטאַליאָן!

שפּעטער, ווען עס איז געקומען די באַרימטע באַלפֿור־דעקלאַראַציע צו לאָרד ראָטשילד׳ן, אַז ענגלאַנד וועט נאָכ׳ן געווינען די מלחמה אָפּגעבן פּאַלעסטינע פֿאַר אַ אידישן היימלאַנד, איז שוין דר. נחמן סירקין נישט געווען אליין. עס זיינען גלייך צוגעקומען צו אים דר. שמריה לעווין, דער סעקרעטאַר פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע יעקב דע האַז און נאָך און נאָך. אפֿילו דער פּאָעט יהואָש איז געוואָרן אַ באַגייסטערטער פּראָפּאַגאַנדיסט פֿאַר דעם אידישן לעגיאָן, געווען אויך אַלערליי אַנדערע געשרייען:

— אידן, אַן אַרמיי מיט אַ כשר׳ער קיך אונטער דער השגחה פֿון אַ רב!

— אידן! אייידדדןןן!!!!

אגב, די מעשה מיט דעם רב אינ׳ם ערשטן אידישן באַטאַליאָן אין ענגלאַנד איז זייער אַ טשיקאַווע.

איבער אָט דעם רב איז פֿאָרגעקומען אין לאָנדאָן אַ געוואַלדיגער שטרייט צווישן דעם אויבער־ראַבינער הערץ און דעם נישט־אידישן קוויר־נעל פּעטערסאָן, וואָס איז אַזש געקומען צו דעם קריגס־דעפּאַרטמענט.

געווען איז דאָס אַזוי. בשעת אויפֿשטעלן די כשר׳ע קיך האָט אַ געוויסער איד מיט׳ן נאָמען פֿאַלק זיך אונטערגענומען צוצושטעלן די כשר׳ע שפּייזן. האָט גענומען דער קווירענל און באַשטימט דעם צושטעלער פֿאַלק׳ן פֿאַר׳ן רב פֿונ׳ם באַטאַליאָן.

וואָס האָט ער נעבעך געוואוסט, אָט דער ענגלענדער פּעטערסאָן?

אַ איד שטעלט צו כשר׳ע פליש, איז ער מסתמא גוט געגוג צו ווערן אַ „ראַבאַי״. איז די זאַך אָנגעקומען צו דעם אויבער־ראַבינער הערץ, האָט ער געמאַכט אַ געוואַלד. אָבער דער קאָלאָנעל האָט באַשלאָסן, אַז ער קאָן אויך געבן סמיכה אויף רבנות און ער איז באַשטאַנען אויף דעם זייניגן, אַז פאַלק איז אַ ליטוישער און כשר׳ער רב. עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ גרויסער טומל, ביז דער ענין איז דערגאַנגען צום לאָרד דערבי און דער אײדעלער לאָרד האָט זיך דאָס מאָל איינגעשטעלט פאַר זיין לאַנדסמאַן, דעם ענגלענדער פּעטערסאָן.

— נישקשה, מיר ענגלענדער זיינען אַ ביבל־פאָלק, און מיר ווייסן אויך, וואָס אַזוינס אַ אידישער רב דאַרף זיין.

אַט אַזוי האָט לאָרד דערבי גע׳פּסקנ׳ט, און פאַלק איז געבליבן רב.



קאַפּיטאַן יוסף טרומפּעלדאָר אין דער צאַרישער אַרמיי

# און דער שופר האָט זיך צעשאַלט

ביז די פאַראייניגטע שטאַטן זיינען ניט אריין אין קריג האָט דער רוף צו פאַרמירן אַ אידישן באַטאַליאָן פון אידישע יונגעלייט אין אונזער מדינה נישט געקראָגן דעם ווידערקלאַנג, וואָס די אַנהעננגער פונם אידישן לעגיאָן האָבן דערוואַרט.

די קלאַנגען וועגן פּאַלעסטינע פאַר אידן, וואָס זיינען שטאַרק באַטאָנט געוואָרן פון דער ציוניסטישער פירערשאַפט, האָבן געבראַכט צום אויסדרוק אויך אַ היפּשע צאָל געגנערישע קולות, וואָס האָבן זיך דערשראָקן פאַר אַ משיח־היסטעריע צווישן די מאַסן.

דער אַפּאָסטאָל נומער איינס פון אָט־דער משיח־היסטעריע איז באַלד געוואָרן דער פּועלי־ציוניסטישער פירער דר. נחמן סירקין.

אַ ביז גאָר קאָלירפולע פיגור איז אָט דער דר. סירקין געווען אין יענער צייט אויף אונזער אידישער גאַס אין ניו יאָרק, הגם זיינע געדאַנקען, וואָס זיינען געקומען צום אויסדרוק דורך זיינע אַרטיקלען אין דער פּרעסע און דורך זיינע לעקציעס זיינען אַפטמאָל געווען אַזוי מטושטש, אַז קיין פּראַקציע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג האָט זיך ניט געקאָנט מיט זיי אידענטיפיצירן.

עס איז געווען אין זיינע געדאַנקען אַ געמיש פון משה העסישן סאָציאַליזם, אחד־העם'עשער אידישקייט, הערצליאַנישן ציוניזם, בראַסלאַווישן עקסטאַז מיט אַ צוגאָב פון דאָסטאָיעווסקישער גאָט־זוכעניש.

אַ ברייט־געפּאַקטער, מיטלוויקסיגער מענטש מיט אַ קיילעכדיג שוואַרץ־גרוי באַבערדלט פּנים פון וועלכן עס האָט שטענדיג געשלאָגן אַ פלאַמיגע ענערגיע. דער עיקר האָבן געברענט מיט ענערגיע זיינע קליינע טונקעלע אויגן איבער וועלכע די גילדענע פּענסנע האָבן שטענדיג געציטערט, עפּעס ווי אַ ווינט וואָלט זיי געטריבן.

מאָדנע און אַפילו קאָמיש האָט אויפגעקלונגען דאָס קול פון אָט דעם דר. סירקין, ווען מען האָט דאָס דערהערט צום ערשטן מאָל. לויט זיין געפּאַקטקייט און פולן ענערגישן פּנים, האָט מען געקאָנט דערוואַרטן אַ פול מענלעך קול, און דאָ גייט פּלוצלינג אויף פאַר אייער געהער אַ דינינקער קוויטש — ממש אַ פרויען־סאָפּראַנאָ. אָבער אין אָט דעם קוויטשיקן קול זיינעם איז פונדעסטוועגן געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף אונזער לעבן.

עס קאָן זיין, אַז די ווירקונג איז געלעגן אין דער גרויסע פראַזע, וואָס איז שטענדיג אויפגעגאַנגען פון זיין מויל מיט דער קאָלירקייט פון צעשפּליטערטע פייער־ווערק אין אַ טונקעלן אָוונט.

— מיר שטייען פאַר גרויסע היסטאָרישע טעג! — האָט ער געשאָסן

מיט זײַן סאָפּראַנאָ אויף די מאַסנפאַרזאַמלונגען, וואָס זײַנען געווען גע־וואָרן אין פאַרשיידענע טײלן פון ניו יאָרק און ענדיקן פלעגט ער געוויינ־לעך מיט גאָר, גאָר אַ שאַרפן קוויטש:

— דער גײַסט פון יהודה המכבי טראָגט זיך אין דער לופט און וואויל איז אונז, וואָס מיר האָבן זוכה געווען זיך צו קאָנען מקריב זײַן!

פונדעסטוועגן האָבן די אידישע יוגנטלעכע פון ניו יאָרק און פון די אַנדערע שטעט איבערן לאַנד זיך ניט געאײַלט מקריב צו זײַן זיך. עס האָבן אויך ניט געהאָלפן די פײַערדיקע דרשות פון די מטיפים מאַסליאַנסקי און אַנדערע, וואָס זײַנען נאָכגעקומען דר. סירקין׳ס אַפּיל. די יוגנט האָט באַזוכט די פאַרזאַמלונגען, אָבער אָנשליסן האָט מען זיך ניט אַזוי געאײַלט. אָפּגערעדט פון דעם טייל יוגנט, וואָס האָט געשטעלט שאַרפע פראַגן צו די רעדנער, אָבער אויך אַפילו יענער טייל, וואָס האָט געשריען „הדר" אויף קולי־קולות האָט זיך ניט זייער שטאַרק געאײַלט.

דאָ און דאָרט אַ יחיד, אָבער אין קיין מאַסן האָט מען זיך נישט געאײַלט אָנצושליסן.

עס דערמאָנט זיך אַ מאַסנפאַרזאַמלונג אין דעם „עדיוקעישאָנאַל עלאַיענס". דער זאַל איז געווען איבערגעפּאַקט און מ׳האָט געמאַכט גע־וואַלדיקע אָוואַציעס די רעדנער.

ספּעציעל האָט דער עולם געשטורעמט מיט באַגײַסטערונג פון מאַס־ליאַנסקי׳ס דרשה.

די פּלאַטפאָרמע איז געווען באַצירט מיט דרײַ פאָנען. רעכטס די אַמעריקאַנישע, לינקס די בריטישע און אינמיטן די בלוי־ווײַסע פאָן מיט דעם מגן דוד אין גאָלדענעם קאָליר.

האָט מאַסליאַנסקי אין גרויסן עקסטאַז, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פלאַמיקער רויטקייט פון זײַן פולן פּנים און ציטערדיקער אָפּגע־האַקטקייט פון זײַן קול גערעדט בזה הלשון:

— זעט, אידן זעט, — האָט ער אויסגערופן, אָנווייזנדיק אויף רעכטס וואו די אַמעריקאַנישע פאָן איז געהאַנגען און דערבײַ זיך צעזונגען מיטן טאָן פון דער גמרא:

— אַ טײַערע פאָן! אַ האַרציקע פאָן! אַ פאָן פון אַ יונג פאָלק, וואָס גייט ווי אַ יונגער לעמפּערט!

דאַן האָט ער זיך אַ קער געטאָן אויף לינקס, וואו די בריטישע פאָן איז געהאַנגען און פאַרגעזעצט מיט דעם זעלבן געזאַנג:

— און אָט איז די פאָן, וואָס פלאַטערט איבער אַלע ים׳ען און צענד־ליקער לענדער פון דער ערד!

דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. זײַן פּנים איז באַגאָסן געוואָרן מיט אַ טיפן רעליגיעזן עקסטאַז און פאַרנוויגנדיק טיף זײַן שניי־ווײַסן קאָפּ פאַר דער בלוי־ווײַסער פאָן, האָט ער אין אַ קרעכצנדיקן קול זיך צערעדט בזה הלשון:



די ערשטע גרופּע אידישע לעגיאָנערן

אינדערמיט — דר׳ נ׳ סירקין און סאַרדזשענט אברהם כ״יקינד

— און דו, אַלטע פּאַן פון אברהם, יצחק ויעקב, פּאַן פון די בני־יהודה און די בני ישראל, פּאַן פון אונזער יהודה המכבי!

דער עולם איז געוואָרן ממש דערציטערט פון אָט די ווערטער און ווען ער האָט פאַרענדיגט מיט אַ „מזל טוב" צו דער פאָן, וואָס האָט דער־לעבט אַ דור פון נייע מאַקאַבייער, וואָס שטייען איצט אויף צו קעמפן פאַר איר, האָט דער אויפגעברויזטער עולם זיך אויפגעשטעלט, שטאַרק אַפּלאָ־דירט, געשריען „הדד!", אָבער אויף דעם אַפּיל פון אַ אידיש מיידל אין אַ ווייסער אוניפאָרם פון אַ קראַנקן־שוועסטער מיט גרויסע מגן־דודס אויף די אַרבל און אויף דעם שטערן־טיכל, אַז מען זאָל זיך טאַקע גלייך פאַר־שרייבן, האָט זיך קיינער ניט אָפּגערופן פון דעם זעלבן עולם, וואָס האָט ערשט געשריען „הדד".

איך געדענק, אַז איך בין דעמאָלט געזעסן אַ היפּש דערשטוינטער פון דעם, וואָס קיינער האָט זיך ניט אָנגעשלאָסן.

אויף זיך אַליין האָב איך דעמאָלט געקוקט מער ווי אויף אַ זייטיגן צושויער, וואָרים קיין „הדד" האָב איך ניט געשריען און אין קיין עקסטאַז בין איך ניט אריינגעפאַלן ניט פון דר. סירקינ'ס הויך־קלינגענדער רעדע און ניט פון מאַסליאַנסקי'ס סענטימענטאַליטעט, וואָס האָבן מיך דערמאָנט אָן דער טאָמאַשעווסקי־טעאַטראַלישקייט פון וועלכער איך פלעג אַמאָל הנאה האָבן און צו דער זעלבער צייט שמייכלען פון דער אייגענער הנאה.

אָבער פאַרוואָס האָבן זיך ניט אָנגעשלאָסן די איבעריגע, וועלכע זיי־נען אריינגעפאַלן אין אַזאַ עקסטאַז און געשריען „הדד" אויף וואָס די וועלט שטייט?

איצט איז פאַר מיר קלאָר, אַז ווען אונזער אַמעריקע וואָלט שפּעטער ניט געווען אריין אין דער מלחמה, וואָלט זייער אַ קליינע צאָל אידישע יונגעלייט זיך געווען אָנגעשלאָסן אינם אידישן לעגיאָן. עס איז איין זאַך צו פּאַטשן בראַוואָ און שרייען „הדד" און אַ צווייטע זאַך זיך טאַקע אַליין מקריב זיין.

ערשט מיט דעם אריינגאַנג פון אונזער אַמעריקע אין דער מלחמה אריין האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־אָנשליסונג פון אידישע יונגעלייט אין דעם אידישן לעגיאָן אריין.

אויבנאויף זיינען די אידישע יונגעלייט, וואָס זיינען קיין בירגער ניט געווען, ניט געווען געצוואונגען זיך אָנצושליסן, אָבער דאָס איז געווען בלויז אויבנאויף. הינטן אַרום האָבן די טרומפּייטערערס, וועלכע זיינען שוין איצט געווען גאָר, גאָר אין אַ גרויסער צאָל, אויפגעהויבן אַזאַ שטאַר־קע גרויל־שטימונג געגן די ניט־בירגער, אַז עס איז ענג געוואָרן די לופט צו אָטעמען.

ספּעציעל האָבן זיך געפילט שווער יענע אידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן געהאַט דעם שלים־מזל זיך צו רעגיסטרירן אין אידישע געגענטן, וואו אידן זיינען געווען די באַאַמטע. מען האָט זיי טאַקע געגעבן די בלויע

קארטלעך, וואָס זיינען געווען באצייכנט, אז זיי זיינען פריי פון מיליטער־דינסט, אָבער יעדן דריטן טאָג האָט מען זיי גערופן און זיי געדראָעט מיט אלערליי דראָאונגען. געווען אפילו אויך אַזעלכע אידישע באַמטע, וואָס האָבן זיך ניט גערעכנט מיט דעם געזעץ און פראָסט און פשוט צוגענומען ניט־בירגער אויך.

אין אָט דער ארבעט האָבן די אמעריקאנישע ציוניסטן נאָכגעטאָן די ציוניסטן פון ענגלאַנד. אויך דאָרטן האָט מען אַזוי געהאנדלט בנוגע די אידישע עמיגראַנטן יונגעלייט פון רוסלאַנד.

פארשטייט זיך, אַז דאָס מיינט ניט, אַז עס זיינען ניט געווען אַזעלכע, וואָס זיינען טאַקע געגאַנגען מיט דעם פרייען ווילן.

אודאי זיינען געווען אַזעלכע וואָס זיינען געגאַנגען אויך לשמה, אָבער דער גרעסטער פראָצענט איז געגאַנגען, ווייל עס איז געווען אָדער, אָדער.



קאַפּיטאַן יוסף טרומפּעלדאָר
פון דעם „ציון-אייזל-קאָרפּוס"

# אויף די גאַסן פון ניו יאָרק

פלוצלונג איז דער פּאַליסמאַן אויף די ניו־יאָרקער גאַסן און סקווערן געוואָרן אַ צווייט־ראַנגיגע זאַך. זיין פּלאַץ האָבן פאַרנומען דער סאָלדאַט און דער מאַטראָז.

נישט נאָר וואָס מען האָט זיי געזען אין גאָר גרויסע צאָלן אומעטום, נישט נאָר וואָס מען האָט זיי געזען טאָג־טעגלעך פּאַראַדירן מיט די גליענדיגע באַיאָנעטן איבער זייערע ביקסן, וואָס האָבן געשטאָכן די לופט צו דעם ריטם פון מיליטערישער בענד־מוזיק, נאָר מען האָט זיי געזען אין קליינע גרופּן מיט דיקע שטעקנס אין די הענט, אָפּשטעלנדיג יעדן יונגנמאַן, וואָס האָט אויסגעקוקט פון מיליטערישן עלטער. מען האָט זיך געהייסן ווייזן די רעגיסטראַציע־קאַרטלעך, וואָס אַלע האָבן געמוזט טראָגן מיט זיך. אויב דאָס קאַרטל האָט געוויזן, אַז מען האָט זיך רעגיסטרירט און אַז מען וואַרט גערופן צו ווערן, האָט מען אָפּגעלאָזט. אָבער אָך און ווי איז געווען צו אַזעלכן, וועמענס קאַרטל עס האָט געוויזן, אַז ער איז אַ פרעמדער און אַז ער דאַרף דערפאַר נישט גיין אין דער אַרמיי, — אַזעלכער, אַז ער איז אָפּגעקומען בלויז מיט עטלעכע שאַרפע, שפּיזיגע ווערטער, איז ער געווען אַ מזל'דיגער האָז.

גאַנץ ניו יאָרק איז געווען איינגעטונקען אין פאָנען. עס האָט געפלאַטערט פון די דעכער, די פענצטער, די טירן. אומעטום פאָנען און פאָנען. נישט געווען קיין אויטאָמאָביל אָן אַ פענדל פון פאָרנט. אפילו די פערד און מויל־אייזלען איבער די גאַסן זיינען געווען באַפענדלטע. און נישט נאָר די פאָנען פון אונזער לאַנד, נאָר פאָנען פון אַלע פאַרבינדעטע אין דער מלחמה געגן דעם „קאַיזער", צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך גאַנץ שטאַרק אָנגעזען די בלוי־ווייסע פאָן מיט דעם מגן־דוד. וואָרום אַ דאַנק דער פאָרמירונג פון די אידישע באַטאַליאָנען זיינען מיר דאָך אויך געוואָרן מיט לייטן גלייך.

אויסער די פאָנען איז גאַנץ ניו יאָרק געווען פאַרהאַנגען מיט ריזיגע אַפּישן, וואָס האָבן געוועקט פּאַטריאָטיזם. „ליבערטי באָנדס" האָט מען פאַרקויפט אויף אַלע סקווערן. עס איז געווען, ווי דאָס יונגע אַמעריקע האָט פּלוצלונג דערפילט אין זיך אַ שטאַרקן איבערפלוס פון כחות און איז געווען ביז גאָר צופרידן, וואָס עס האָט געקראָגן אַ געלעגנהייט די כחות אַ לאָז צו טאָן אין גאַנג.

עס איז געווען אַ זוניגער סעפּטעמבער־פרימאָרגן. איך האָב זיך דערנעענטערט צווישן דער באַפּאָנטער קאָלירקייט איבער דער צוויי און פערציגסטער גאַס צו דער ביבליאָטעק אויף דער פינפטער עוועניו.

דאָ און דאָרטן זיינען אויף אימפּראָוויזירטע פּלאַטפאָרמעס געשטאַנען

רעדנער און אַפּעלירט צום עולם, אַז מען זאָל קויפן די „ליבערטי באָנדס", צוזאָגנדיג דערביי, אַז יעדער געקויפטער „באָנד" דערנעענטערט דעם מאָמענט, ווען מען וועט ברענגען אהער קיין ניו יאָרק די וואָנצעס פון'ם „קאַיזער" ווילהעלם אויף אַ זילבערן טעצעלע. אויף אַן אנדער טאָג האָט געשפּילט אַ מיליטערישער בענד. פון אַ באַלקאָן לעבן דער פּערטער עוועניו האָט געזונגען אַן אָפּערא־זינגערין און אריינגעטריבן דעם עולם אין עקסטאַז. אָבער דאָס בילד פון אַלע בילדער איז געווען ביים אריינגאַנג צו דער ביבליאָטעק אויף פינפטער עוועניו.

אויבן, איבער די שטיגן, איז געשטאַנען אַ גרויסער טאַנק, וואָס איז אין יענער צייט נאָך געווען אַ נייעס, און אויפ'ן טאַנק איז געשטאַנען אַ יונגער אָפיצער און גערעדט אין אַן עקזאַלטירטן טאָן צו אַ גרויסן עולם בזה הלשון:

— איר זעט אָט־דעם טאַנק? דאָס גאַנצע מלחמה־געווער איז אָנט־קעגן אָט דעם קיי און שפּיי! צו זיין אַ טאַנקיסט איז אַ גרויסע זכיה!

מיט אַ רויט פאַרשוויצט פּנים און אַ געהויבענער פויסט האָט ער געדונערט:

— וואַרט נישט ביז איר וועט גערופן ווערן! זייט ספּאָרטס און וואָלונטירט שוין! איצט! איך גאַראַנטיר יעדן איינעם, וואָס וועט זיך אָט־דאָ, טאַקע גלייך איצט אָנשליסן, צו טרייבן אָט אַזאַ טאַנק אין אַ חודש ארום אנטקעגן די דייטשן גלייך קיין בערלין!

אינ'ם אידישן קוואַרטאַל איז דאָס אויך געווען אַזוי. ספּעציעל בנוגע דעם אידישן לעגיאָן איז דאָס אַזוי געווען.

אויף דער ארענא האָט זיך באַוויזן דער דעמאָלט זייער באַרימטער מטיף שמריה לעווין, וועלכער האָט ממש געשטורעמט ניו יאָרק. ער האָט גערעדט אויף גרויסע מאַסנפאַרזאַמלונגען אין זאַלן און אין דרויסן. און יעדעס מאָל ווען אַן אָנגעשלאָסענע גרופּע איז אָפּגעפאָרן קיין קאַנאַדע, — די ערשטע סטאַנציע אויף טרענירן זיך, — איז שמריה לעווין געווען דער, וואָס האָט די גרופּע געבענטשט אינ'ם נאָמען פון'ם אידישן פאָלק.

איצט האָבן זיך טעגלעך אָנגעשלאָסן איבער'ן גאַנצן לאַנד אידישע יונגעלייט און צוזאַמען מיט די, וואָס זיינען געציוואונגען געוואָרן דאָס צו טאָן, האָבן זיך אויך אָנגעהויבן אָנצושליסן אַזעלכע, וואָס האָבן באמת געגלויבט, אַז זיי טוען אַ גרויסע זאַך פאַר דעם אידישן פאָלק, וואָס איז אויפ'ן וועג אויפגעריכט צו ווערן.

אַ גרויסן רושם האָבן געמאַכט מיט זייער אָנשליסן זיך די ברידער אַסטראָווסקי, איינער אַ לערער און דער צווייטער אַ שלאָסער. ביידע האָבן איבערגעלאָזט שטעלעס און פאַמיליעס. באַלד האָט זיך אָנגעשלאָסן דער זשורנאַליסט סרעטשמאַר־יזרעלי, דערנאָך איז געקומען דער שריפטשטעלער ז. ברכות, די דעמאָלט באַקאַנטע פיגורן אינ'ם אידישן קוואַלטאַל: יהושע גאָרדאָן, א. באַראָן, פּנחס גינגאָלד, וועלוול שוואַרץ, ש. ליטוואַק, עזרא

האַראַרי, דער דר. אַווערבוך, וואָס איז שוין געווען איבער דעם עלטער. פון דעטרויט איז אַריבערגעקומען דער אַדוואָקאַט אַוורונין, און נאָך, און נאָך, וועלכע זײַנען באמת באַזעלט געווען מיט׳ן גלויבן, אַז דאָס אידישע פאָלק שטייט אויפ׳ן שוועל צו ווערן אַ פאָלק מיט אַן אייגענער מדינה.

איצט, אויף מײַנע אַפּטע רייזן איבער אונזערע שטאַטן און איבער קאַנאַדע, קומט מיר אויס זיך צו באַגעגענען מיט אַ סך, אַ סך פּערזאָנען אין דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, וואָס זײַנען דעמאָלט געגאַנגען מיט מיר צוזאַמען, גרייט זיך מקריב צו זײַן פאַר דעם „היימלאַנד״, וואָס לאָרד באַלפור האָט אין זײַן דעקלאַראַציע צו לאָרד ראָטשילד׳ן צוגעזאָגט. און אַז מען באַגעגנט זיך טראַגט מען זיך איבער צוריק אויף דער שיף איבער׳ן אַטלאַנטיק, וואָס האָט אונז געפירט אַנגעפּאַקטע, ווי הערינג, און אַן ליכט אין די אָוונטן, כדי נישט באַמערקט צו ווערן פון די דײַטשע סאָבמאַרינען. פון דער שיף טראָגן מיר זיך איבער קיין „סאָלד־אַש״, „טריגענטל״, „פּלימוט״, „דעווענפּאָרט״, וואו מיר האָבן זיך געלערנט צו אַטאַקירן מיט אונזערע באַיאָנעטן די שטרויענע זעק, וואָס האָבן געדאַרפט זײַן פאַר אונז די ברוסט־קאַסטנס פון די טערקן.

שטענדיג און אומעטום, וואו מען באַגעגנט זיך, איז וועגן וואָס מען זאָל נישט ריידן, טראָגט מען זיך סוף־כל־סוף אַריבער צו יענע איבער־לעבונגען.

אַזוי מיט דעם קולטור־טוער קאָלדאָווסקי אין טאָראָנטאָ, מיט דעם אַרבעטער־טוער לעווין אין באָסטאָן, מיט מאַרגאָלינ׳ען אין ספּרינגפילד, מיט קויש׳ן אין פאָל־ריווער, און וואו נישט? און מיט וועמען נישט?

אָך, גילדענער פּנקס אין מײַן זכרון! דײַנע בלעטער זײַנען אײביגער פון פּאַרמעט און די אותיות, וואָס זײַנען אויסגעקריצט אויף זיי, זײַנען נישט אויסצומעקן.

אָט שטייען אויף פאַר מיר יענע טעג אין ניו יאָרק, ווען איך האָב זיך געוואָרפן אין אומרואיגן פיבער, צי איך זאָל זיך יאָ אָנשליסן, אָדער בלײַבן זיצן אין ניו יאָרק און ווײַטער טאָן מײַן אַרבעט.

און אַן אַרבעט האָב איך פּונקט אין יענער צייט אָנגעהויבן צו טאָן, וואָס איז מיר זייער שטאַרק ליב געווען.

נאָך צוויי יאָר זײַן אין ניו יאָרק אַ שווערער אַרבעטער ביי אַלערליי מלאכות, האָט זיך פּונקט אין יענער צייט פאַראינטערעסירט מיט מיר דער פּעדאַגאָג האַלמשטאַק, וואָס איז שפּעטער אַוועקגעפאָרן קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד און פאַרנעמט דאָרט ביז היינט צו טאָג אַן אָנגעזען אָרט אינ׳ם דאָרטיגן אידישן שול־וועזן.

אָט דער האַלמשטאַק איז דעמאָלט געשטאַנען אין דער שפּיץ פונ׳ם שלום־עליכם שול־וועזן אין ניו יאָרק. די שולן האָבן זיך געגרינדעט אין לערער און ער האָט מיך גענומען אונטער זײַן אויפזיכט און מיר איבער־געגעבן די שלום־עליכם שול צוויי. די אַרבעט איז מיר דעמאָלט געווען

געוואַלדיג צום הארצן. זי האָט זיך צונויפגעגאָסן צוזאַמען מיט מיין שרייבן, און נאָך צוויי יאָר זיך וואַרפן פון איין אַרבעט צו דער צווייטער, כדי צו פאַרדינען מיין אויסקומעניש, האָב איך זיך ענדלעך דערשלאָגן צו עפּעס, וואָס איז מיר געווען זייער ליב.

אָבער דער האַרנבלאָז פון׳ם אידישן לעגיאָן האָט מיך אויך פאַר־כאַפּט. אונזער אידיש לעבן איז דעמאָלט, ווי היינט, געווען אונטער דער ציינערדיגער ראָד פון דער געשיכטע און דאָ מאָלט מען פאַר דיר אַ אידיש היימלאַנד, — אידישע אַרבעט, אידישע זעלבסטשטענדיגקייט אונטער דעם שוץ פון׳ם ענגלישן לייב.

איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז אויב איך שליס זיך נישט אָן, לאָז איך פאַרביי אַ גרויס קאַפּיטל אידישע געשיכטע, אין וועלכן עס ווערט מיר געגעבן אַ געלעגנהייט אַנטייל צו נעמען.

צום שלימ׳מזל האָב איך זיך רעגיסטרירט אין ברוקלין אין אַ געגנט, וואו די באַאַמטע זיינען געווען נישט קיין אידן, אָדער אפשר אויך אידן און נישט קיין ציוניסטן און מען האָט נישט אויסגעאיבט אויף מיר קיין שום דרוק, ווי מען האָט דאָס געטאָן אין אַנדערע געגנטן. נישט איינמאָל האָב איך זיך געוואונשן, אַז מען זאָל יאָ זיך נעמען טשעפּען צו מיר. דעמאָלט וואָלט איך זיך אויפגעהערט וואַקלען, און פּטור אָן עסס.

— נו, און די איבעריגע חברים און באַקאַנטע, צו וועלכע מען טשע־פּעט זיך אויך נישט? — האָב איך זיך געפרעגט און געטאַדלט.

אין איין שיינעם נאָכמיטאָג באַגעגנט מיך מיין חבר קויש און אַנאָנ־סירט מיר:

— זיך היינט אַנגעשלאָסן.

— דו? היינט?

— יאָ, — זאָגט ער, און אַ פּיר טוענדיג מיט די הענט איבער זיין בלאָנדער טשופּרינע זאָגט ער צו מיר בזה הלשון:

— עס גייען צופּיל העברעאיסטלעך. אַז מען וועט אָנהויבן בויען דאָס לאַנד, וועט מען דאַרפן האָבן קעמפּער פאַר אידיש.

איצט שמייכלט זיך פון יענעם אַרגומענט, אָבער דעמאָלט האָט ער מיר געקלונגען גאַנץ לאָגיש.

פונדעסטוועגן האָט אויך נישט דאָס מיך געפירט זיך אָנצושליסן, נאָר גאָר עפּעס אַנדערש, וואָס אויבנאויף איז דאָס גאָר אַ קלייניגקייט.

איר וועט נישט גלויבן, אָבער עס איז פאַרט געווען אַ שטיקל פיש, וואָס האָט מיך געמאַכט פאַר אַ לעגיאָנער.

# אַ שטיקל פיש

עס איז געווען אין אַן אָוונט נאָך דעם זעלביגן טאָג, ווען איך האָב באַגעגנט דעם חבר קויש, וועלכער האָט זיך אַנגעשלאָסן אין דעם לעגיאָן, כדי נישט צו דערלאָזן די העברעאיסטן איינצופירן העברעאיש אין דער צוקונפטיגער אידישער מדינה. איך בין געזעסן אין דעם קליינעם אינגמיטן קאפע־הויז מיט דעם קלינגענדיגן נאָמען: „זינדאָרעסט", וואָס האָט זיך געפונען אויף צענטער גאַס, לעבן דער צווייטער עוועניו.

אָט דער נאָמען „זינדאָרעסט", וואָס קלינגט אַזוי מאָדנע און אויסטער־ליש, איז געווען פשוט צונויפגעשטעלט פון די נעמען, וואָס די דריי זייער וואוילע און חנ'עוודיגע מיידלעך, די פאַרוואַלטערינס פונ'ם פלאַץ, האָבן געטראָגן.

פון די נעמען זינאַ, דאָראַ און אסתר איז געוואָרן דער אויסטערלישער נאָמען „זינדאָרעסט".

אין אָט דעם פלאַץ פלעגן אַריינקומען יעדן אָוונט קינסטלער פון אַלע מינים און אויך „טיפּן" פון אַלע מינים.

עס איז געווען אַ „פלעצל" מיט אַטמאָספערע פאַר סאָפּיסטישע יונגע־לייט און מיידלעך.

דאָס ליכט האָט נישט געליכטיגט, כדי מען זאָל קענען זען, נאָר כדי דאָס צו באַוואונדערן. אַזוי די טישלעך, די בענקלעך, די קונסט־ווערק, וואָס זיינען געווען צעהאַנגען איבער די ווענט.

איך האָב אין יענער צייט ליב געהאַט אַריינצוקומען אין אָט דעם פלאַץ, וואו מען האָט געקענט אָפּזיצן אַ פּאָר שעה ביי אַן אויסגעטרונקען טעפּל קאַווע אין אַ שמועס מיט עמיצן, אָדער אין שטיל־שווייגן, וואָס דאָס האָט געמיינט אַ שמועס מיט זיך אַליין.

יענעם אָוונט בין איך טאַקע געזעסן ביי אַ טישל און געפירט אַ שווייגנ־דיגן שמועס מיט זיך אַליין, כאָטש לעבן מיר איז די גאַנצע צייט געזעסן דער מאָלער יצחק ליכטנשטיין.

מיט אַ צייט שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז אין יענעם מאָמענט האָט ער אין זיין שווייגן געפירט מיט זיך דעם זעלביגן שמועס, ווי איך האָב מיט זיך געפירט. אָבער דערמאָלט האָב איך דאָס נישט געוואוסט, כאָטש אַז עפּעס קומט פאָר אין אים איז דוקא געווען פאַר מיר קלאָר.

די רעדעלעך פון זיין ליולקע־רויך האָבן דערציילט, אַז טיף אין אים קומט פאָר אַ שטאַרקע מחלוקת, אָבער אַז דאָס איז די זעלביגע מחלוקת, וואָס איז אין מיר פאָרגעקומען, האָב איך קיין שום אַנונג נישט געהאַט.

די רעדעלעך פון זיין ליולקע־רויך זיינען אויפגעגאַנגען אָט פאַמע־לעכדיגע און אָט זיך איילנדיגע. די ערשטע האָבן זיך געקייקלט אין אַ

דירעקטער פאַרמאַציע, ווי די גומענע רעדלעך פון אַ קאַליאַסקע, וואָס פירט עמיצן שפּאַצירן פאַרביי אַ גרינעם, שמעקעדיקן וואַלד, פון וועלכן עס וויל זיך נישט אַוועקאײַלן, און די צווייטע האָבן זיך געיאָגט גיך, גיך און זיג־זאַגיש, ווי די רעדער פון דער זעלביקער קאַליאַסקע וואָלטן געוואָלט אַנט־לויפן פון רויבער, וואָס זײַנען זיי אַנטקעגנגעקומען מיט מעסערס אין די מײַלער.

איך געדענק דאָס בילד, ווי אַט ערשט איז דאָס געווען. איך געדענק, ווי מײַנע אויגן האָבן נאָכגעפאָלגט אַט די רויך־רעדעלעך, וואָס האָבן אויס־געדריקט פּונקט דאָס, וואָס איז אין מײַן געמיט פאָרגעקומען, און גיי זײַ אַ נביא, אַז דאָס זעלביקע איז פאָרגעקומען אין דעם געמיט פון מײַן פרײַנט יצחק ליכטענשטיין. איך וואָלט דאָס אפשר קיינמאָל נישט געווען אויס־געפונען, ווען עס זעצט זיך פּלוצים ניט אַנידער ביי אונזער טיש עפּעס אַ יונגערמאַן און הייסט זיך נישט געבן עפּעס עסן.

— מיר האָבן היינט זייער געשמאַקע פיש, — האָט איינע פון די מיידלעך רעקאָמענדירט.

— פיש?

— יאָ, זייער פיינע פיש, — האָט דאָס מיידל איבערגע׳חזר׳ט.

דאָס קול פון דעם יונגענמאַן האָט אויסגעדריקט שטאַרקע אומצו־פרידנקייט.

— עפּעס אַנדערש איז נישטאָ?

— צום באַדויערן, — האָט דאָס מיידל זיך שטיל פאַרענטפערט.

נו, מילא, זאָל זיין פיש, — האָט דער יונגערמאַן אין אומגליקלעכער רעזיגנירטקייט זיך אונטערגעגעבן.

דער רעזיגנירטער טאָן איז געווען אַזאַ, אַז מיינע אויגן האָבן זיך אַזש אַ הויב געטאָן צום פּנים פון׳ם יונגענמאַן מיט מיטגעפיל.

דאָ האָב איך באַמערקט, אַז אויך די בליקן פון יצחק ליכטענשטיינ׳ען הענגען אויף דעם פּנים פון׳ם יונגענמאַן.

און אַ פּנים איז דאָס געווען, וואָס איז כדאי געווען דאָס אַנצוקוקן.

ווען נישט די דינע, בלאָנדע, געוואַקסטע וואָנצעלעך איבער זיינע פולע, שמאָלע ליפּן, וואָלט מען דאָס פּנים געקאָנט אָפּפאַרטרעטלען אויף דעקלעך פון קאָנפעקטן־שאַכטעלעך און מען וואָלט דאָס אָנגענומען פאַר אַ שיין פּנים פון אַ מיידל.

ווען מען האָט אים צוגעבראַכט דאָס שטיקל געבאַקטע פיש אויף אַ ברייטן בלויען טעלער, האָט ער דאָס פריער זייער גענוי באַטראַכט, דער־נאָך אַ שמעק געטאָן מיט זיין גאַנץ דין־געשניצט נעזל און ערשט דערנאָך פאַרלאַנגט דורכאויס, אַז מען זאָל צוריקנעמען דאָס קאַרטאָפליעלע, וואָס איז געווען אויפ׳ן טעלער, ווארים ער מוז אַכטונג געבן אויף זיין פיגורע, מוז ער.

ליכטענשטיין און איך האָבן זיך איבערגעקוקט מיט ריידנדיגע בליקן.

זיינען אויך אים געקומען אין זין אין יענעם מאָמענט די מיליאָנען יונגעליים, וואָס זיינען געלעגן איינגעגראָבן אין די טראַנשייען פון אייראָפּע, ווי זיי זיינען געקומען אין יענעם מאָמענט אין מיין זין?

אין דעם מאָמענט האָט דער יונגערמאַן גענומען באַארבעטן דאָס שטיקל פיש מיט דעם גאָפּל און מעסער. אָבער עס זיינען נישט געווען אַזוי די גאָפּל־מעסער, ווי עס זיינען געווען זיינע הענט.

קוקנדיג אויף אָט די ווייסע, געצערטלטע הענט מיט די ביז גאָר פיין־פאַרשניצטע נעגל איבער די פינגער, האָט די ציוויליזאַציע אויף דער ערד אָנגעהויבן אויסצוקוקן אין מיינע אויגן מער ווי אַ נס, ווי אַ רעזולטאַט פון מענטשלעכער ענערגיע.

פּלוצלונג האָט יצחק ליכטענשטיין געגעבן אַ שפּיי אַרויס פון זיינע ליפּן אַ געדיכטן קנויל ליולקע־רויך און זיך אַ ווענד געטאָן צו מיר פון דער העלער הויט אַרויס:

— קאַרגע צען מיליאָן פאַרלייזיגטע יונגעליים איצט אין די טראַנ־שייען פון אייראָפּע.

— יאָ, — האָט איך זיך דערפרייט מיט זיינע ווערטער צו מיר, און באַלד צוגעלייגט:

— און ראַצן קריכן זיי צווישן די טריט און בייסן דאָס לעבעדיגע פלייש פון זיי.

— הם, — האָט דער יונגערמאַן אַ ברום געטאָן, און אַרויסציענדיג פאַרזיכטיג אַ ביינדעלע פון צווישן די ליפּן, האָט ער געזאָגט צו אונז ביידן:

— איך ווייס נישט, ווי איר, אָבער איך בין שוין אַ גרעאַטעוועטער.

— אַ גרעאַטעוועטער? — איז יצחק ליכטענשטיין נייגעריג געוואָרן.

— איך בין אַן עסטרייכער, — האָט דער יונגערמאַן נאָך אַלץ ציענ־דיג די ביינדעלעך פון צווישן זיינע ליפּן געזאָגט, און מיט גאָר, גאָר גרויס צופרידנקייט אין זיין קול צוגעלייגט:

— עסטרייך איז אין קריג מיט אַמעריקע, איז מיר גוט, — מען טשעפּעט מיך נישט.

— **מיר איז גוט, איך בין אַ יתום!** — האָט זיך אַ ריס געטאָן פון מיין מויל און איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר דאָס שטיקל פיש פון וועלכן אָט דער יונגערמאַן האָט געהאַלטן אין איין צופּן מיט'ן גאָפּל קליינע שטי־קעלעך, האָט מיך אָנגעהויבן צו איבלען.

איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם בלויען קאַרטעלע מיט דעם נומער אויף דעם, וואָס האָט מיר אויך געגעבן אַ שטיקל פאַרזיכערונג, אַז איך קאָן גאַנץ פיין בלייבן זיצן אין ניו יאָרק, און אָט דאָס קאַרטעלע איז עפּעס מיר פּלוצלונג זייער שווער געוואָרן אין דער וועסטל־קעשענע.

— אפשר שליסן מיר זיך פאָרט אָן אין דעם אידישן לעגיאָן? — האָב איך זיך געווענדט צו ליכטענשטיינ'ען.

— ווען? — איז געקומען אַ פראַגע אויף מיין פראַגע.

— מאָרגן אין דער פרי, — האָב איך פעסט אַ זאָג געטאָן.

— עס איז אַ געדאַנק, — האָט יצחק ליכטענשטיין, אַרויסציענדיג די ליולקע פון מויל, געזאָגט, און אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַן אויס־דרוק, ווי איינער רעדט:

— עס איז אַן אָפּמאַך.

— אַן אָפּמאַך, — האָב איך צו אים אַ שאָקל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

אויף מאָרגן אין דער פרי האָב איך שוין געטראָפן יצחק ליכטענ־שטיינ'ען אין גרויסן רעקרוטירונג־אָפיס פון דער בריטישער מיליטערישער מיסיע אויף דער צווייי און פערציגסטער גאַס. מיר האָבן זיך שווייגנדיג באַגריסט, אויסגעמאַכט די אַפּליקאַציעס און זיך צוזאַמען געשטעלט איי דער רייי עקזאַמענירט צו ווערן.

איך ווייס נישט, ווי ביי אים, נאָר ביי מיר איז דער עקזאַמען געווען אַ קורצער.

— גוט־געהייסן, — האָט אַ הינקענדיגער אידישער אָפיצער מיך אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער געלאָזט וויסן, און איך האָב זיך אַוועקגע־שטעלט ווארטן צוזאַמען מיט אַנדערע „גוט־געהייסענע" איינגעשוואוירן צו ווערן.

נאָכ'ן איינשווערן און אויסהערן טאַקע פון דעם זעלבינן הינקענדיגן אידישן אָפיצער אַ דרשה, אַז איצט בין איך שוין אַ סאָלדאַט אין דער אַרמיי פון דעם ענגלישן קעניג דזשאָרדזש דעם פינפטן, בין איך מיט ליכטענשטיינ'ען אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן, ווי גאַרנישט וואָלט מיט אונז געשען.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין אַ קאַפעטעריע, געטרונקען קאַווע, עפּעס צוגעביסן און דערנאָך זיך צעגאַנגען צו מאַכן הכנות אין וועג אַריין.

ער האָט געהאַט אַ סטודיאָ אויפצוגעבן, בילדער איינצופּאַקן און איבערלאָזן זיי ביי זיינעם אַ פריינט, און איך האָב געדאַרפט לאָזן וויסן דער פאַרוואַלטונג פון דער שלום עליכם שול צוויי, אַז מען זאָל זיך באַ־זאָרגן מיט אַ נייעם לערער און די קאָלעגן „אַנהויבער" אין דער אידישער דיכטונג, אַז זיי זאָלן זיך באַזאָרגן מיט אַן אַנדער רעדאַקטאָר פאַר דעם זשורנאַל „אַנהויב", וואָרום איך האָב אויך גענומען אַ מיסיע זיך צו שלאָגן מיט די טערקן פאַר גרויס־בריטאַניע און דעם אידישן פאָלק.

# הייסט עס . . . איך בין אַ סאָלדאַט

אין דער לופט האָבן זיך געטראָגן די געשעענישן אין אַן אַנגע־שטרענגט־אײַלנדיקן ריטם. די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, וואָס האָט מיט יעדן אָנקומענדיקן טאָג דעמאָלט געבראַכט אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע נײַעסן. די באַרימטע הינדענבורג־ליניע אויף דעם אייראָפּייִשן מערב־פראָנט, וואָס האָט ענדלעך אָנגעהויבן זיך צו בויגן אויף צוריק־וועגס אונטער די קלעפּ פון דער פרישער אַמעריקאַנישער אַרמײ. עס האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען וועגן אַ צאָל אונטעריאָכטע פעלקער אונטער די קנאָפּל פון דעם רוסישן צאַר און דעם עסטרײַכישן קייזער, וואָס וועלן איצט באַפרײַט ווערן און זיך פאַרמירן אין פרײַע, זעלבסטשטענדיקע מדינה׳לעך. די זי־בערקייט אין אַ פולשטענדיקן זיג פון די אַליאירטע האָט זיך איצט פאַר־שטאַרקט ממש פון מינוט צו מינוט.

פּלוצלונג האָב איך זיך געכאַפּט, אַז מײַן אָנשליסן זיך אין׳ם לעגיאָן האָט געקראָגן אין מיר אַ פיל שטאַרקערן זין, ווי מיט אַ פּאָר טעג פריער ווען איך האָב אויסגעפילט די אַפּליקאַציע און זיך אײַנגעשוואוירן. איך ווייס נישט ביז איצט, ווי אַזוי עס איז געשען, וואָס איך בין אין לויף פון עטלעכע טעג געוואָרן אמת׳דיק לעגיאָנעריש געשטימט. איך האָב אפילו אָנגעהויבן צו פילן אַ פאַרדרוס הלמאי איך האָב אַזוי לאַנג געוואַרט און זיך נישט אָנגעשלאָסן פיל פריער און איצט שוין זײַן אויפ׳ן וועג צום פראָנט צוזאַמען מיט די ברידער אָסטראָווסקי, בן־צבי, בן־גוריון, אברהם בייקינד און נאָך און נאָך.

דערווײַל האָט די גרופּע, וואָס האָט געדאַרפט אָפּגיין הײַנט, אָדער מאָרגן, זיך געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן. עס איז צוגעקומען דער דיכ־טער משה שיפרים, דער שריפטשטעלער הערש לייב גאָרדן און אַנדערע.

די ניו־יאָרקער אידישע צײַטונגען האָבן געדרוקט באַריכטן וועגן דעם רושם, וואָס דער ערשטער אידישער באַטאַליאָן האָט געמאַכט ווען ער האָט דורכגעמאַרשירט די לאָנדאָנער גאַסן פאַר זײַן אָפּפאָרן צום פראָנט. עס איז זייער שטאַרק באַטאָנט געוואָרן דער כבוד, וואָס מען האָט צוגעטיילט דעם אידישן באַטאַליאָן צו מאַרשירן איבער לאָנדאָן מיט די אַנטבלויזטע באַיאָנעטן בעת אַנדערע באַטאַליאָנען איז אַזוינס נישט דער־לויבט. עס האָט זיך אויך דערציילט וועגן עטלעכע באַטאַליאָנען אונטער דער קאָמאַנדע פון די אידישע קאָרנעלס מאַרגאָלין און סער סעמועלס און דערבײַ געערעדט פון אַ מעגלעכער דיוויזיע אונטער אַ אידישן גענעראַל.

— איר הערט? אַ גאַנצע אידישע דיוויזיע! — האָבן אידן גערעדט צווישן זיך.

אָט אַזוי האָבן גערעדט נישט נאָר פרומע ציוניסטן, נאָר אפילו פּשוט׳ע אידן, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו האָבן דאָס געפיל, אַז דער ברייַ־טערער פאַרנעם פונ׳ם אידישן לעגיאָן גיט צו עפּעס אַ חשיבות דעם אי־דישן פאָלק.

איך וויל נישט לייקענען, אַז אויך איך האָב דעמאָלט געפילט, ווי טויזנטער אידן פון אַ גאַנץ יאָר. פאַר מיינע אויגן האָבן זיך געמאָלן די גוואַלדיגע נצחונות, וואָס מיר, די אידישע לעגיאָנערן, וועלן אָפּהאַלטן אויף אונזער איינענעם פראָנט און די פעלקער פון דער ערד וועלן הערן, שטוינען און באַוואונדערן:

— הערט נאָר, הערט, אידן זיינען מלחמה־העלדן!

איך דערמאָן זיך איצט, ווי קינדיש און ראָמאַנטיש איך האָב אויסגענומען די מעגלעכע געפאַרן, וואָס מיר וועט אויסקומען צו באַגעגענען. דייטשישע סאָבמארינס אונטער די וואַסערן פון'ם אַטלאַנטיק? יוער האָט פאַר זיי מורא! מיר, די אידישע לעגיאָנערן וועלן וואַכן טאָג און נאַכט און ווי נאָר מיר וועלן באַמערקן אַ שפּיצל פון וואַסער, וועלן מיר גלייך לאָזן וויסן און די קריג־שיפן אַרום אונזער שיף וועלן זיך שוין אַן עצה געבן. און דאָרטן אויפ'ן פראָנט? ווייס איך וואָס! קיין אַרמיי וועט נישט קאָנען באַזיגן קיין קעמפּפער פאַר אַן אידייע.

אָט אַזוי האָב איך געטראַכט אין מיין פאַר'שיכור'ונג אין יענע טעג. אָבער אַ מאָדנע זאַך. גראָדע אין יענע עטלעכע טעג, ווען איך האָב געמאַכט אַלע הכנות צו דער רייזע, האָב איך זיך שרעקלעך צעבענקט נאָך מיין מאַמע'ן. נישט איינמאָל האָט זיך פּיינלעך מיין האַרץ פאַרקלעמט און טרערן האָבן אָנגעהויבן רינען פון די אויגן הלמאי די מאַמע מיינע געפינט זיך אויף יענער זייט ים אין מיין געבורט־שטעטעלע אין וואָלין, וואָס איז אודאי איינגעוויקלט אין פלאַם און אין רויך פון דער מלחמה.

פאַר מיינע אויגן איז כסדר געשטאַנען דאָס בילד אין דרויסן פון דער פּריסוטסטוועּ אין דער שטאָט לודמיר־וואָלין. עס איז געווען אַ קאַלטער האַרבסטיגער פרימאָרגן. אַ דין רעגנדל האָט פּאַמעלעך, אָבער גרינטלעך זיך דורכגעזאַפּט דורך אירע קליידער צו איר לייב. און זי איז געשטאַנען און תפילה געטאָן צו גאָט, אַז איר זון זאָל נישט נושא־חן זיין ביים מי־ליטערישן דאָקטאָר. שפּעטער, ווען איך בין ענדלעך אַרויסגעקומען און זי האָט איבערגעלייענט אויף מיין פּנים, אַז איר תפילה איז נישט דער־הערט געוואָרן, איז זי אַנידערגעפאַלן אויף דער נאַסער ערד, ווי אַן אונ־טערגעזעגטער בוים.

— פאַרוואָס? און פאַר ווען? — האָט זי כליפּענדיג אין מיינע אָרעמס אַ לאַנגע צייט נישט אויפגעהערט צו פרעגן, און איך האָב קיין ווערטער נישט געהאַט זי צו טרייסטן און באַרואיגן.

ערשט אין אָוונט האָט זי נאָך אַ לאַנגן שווייגן אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַזוי פיל ביטערניש אין אירע פיינע בלויע אויגן.

— אַ גוטע קרענק וועל איך געבן ניקאָלאַיקע'ן מיינס אַ קינד,—האָט זי געזאָגט און דערביי שטיל צוגעליינגט צו מיר.

— דיר ווילט זיך דאָך סיי־ווי קיין אַמעריקע.

אָט דאָס בילד איז כסדר געווען פאַר מיינע אויגן יענע טעג, ווען איך האָב אין איילעניש געבראַכט אין אָרדענונג מיין ביסל לעבנס־פאַרמעגן,

וואָס איך האָב דעמאָלט געהאַט אין ניו יאָרק. קיין קרובים האָב איך נאָך דעמאָלט אין ניו יאָרק נישט געהאַט אויסער איין קאָזין, וועמען איך האָב סיי־ווי זייער זעלטן געזען, אָבער א קינדער־שול האָב איך געהאַט, וואָס איך האָב געדאַרפט איבערגעבן צו אַן אַנדער לערער און דעם קליינעם זשורנאַל „דער אַנהויב", וואָס איך האָב רעדאַקטירט, האָב איך געדאַרפט איבערגעבן. זייער שנעל האָט זיך אַלצדינג איינגעאָרדנט. די שול האָט איבערגענומען אַן אַנדער לערער און דעם זשורנאַל האָבן איבערגענומען די פּאָעטן ניסענזאָן און ביאַלאָסטאָצקי און אפילו גענומען צוגרייטן א נומער לכבוד דער געשעעניש פון מיין אָפּגיין צום פראָנט.

איך בין געווען גרייט און ווען איך האָב אין עטלעכע טעג אַרום דער־האַלטן א קאַרטל, אַז איך זאָל זיך באַווייזן אין דער בריטישער מיסיע מיט מיין געפּעק, בין איך געקומען אַהין צו דער מינוט. אָבער דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויפ'ן מאָמענט דאַרף מען מיך נאָך נישט אויף צו פאָרן הרג'ענען טערקן, אָדער אַליין גע'הרג'עט צו ווערן, נאָר מען דאַרף מיך דערווייל האָבן, כדי צו דערפרייען די געמיטער ביי אידן אין ניו יאָרק.

וואָס איז געשען?

גאָר פּשוט. דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ניו יאָרק האָט זיך פאַרבענקט צו זען פאַר די אויגן סאָלדאַטן מיט אידישע אוניפאָרמס, האָט מען איבערגערעדט וועגן דעם מיט דעם הויפּט פון דער בריטישער מילי־טערישער מיסיע מאַיאָר ברומען ווייט, און אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אידישע אוניפאָרמס איבער די ניו־יאָרקער גאַסן וועלן זיין גוטע פּראָפּאַ־גאַנדע צווישן אידן סיי פאַר ענגלאַנד און סיי פאַר'ן ציוניזם, איז לכן וויל מען די דערלויבעניש אויסצוקלייבן א צענדליג אָנגעשלאָסענע, זיי אויס־צופּוצן אין מונדירן מיט שטיוועלעך און זאָלן זיי זיך אַרומדרייען ביז די לעצטע גרופּע וועט דאַרפן אָפּגיין.

און אַז דער מאַיאָר האָט אַזאַ דערלויבעניש געגעבן, האָט דער ציוי־ניסטישער סעקרעטאַר יעקב דע־האַז גענומען קלייבן און מיך אויך אריינ־גענומען אין דער גרופּע.

אויפ'ן מאָמענט איז מיר דער ענין עפּעס נישט זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן. ערשטנס זיינען שוין מיינע נערוון געווען צו שטאַרק אָנגע־שטרענגט אין איין ריכטונג—זיך אַריבערכאַפּן וואָס גיכער אויפ'ן פראָנט און פערזענלעך אָפּהאַלטן עטלעכע נצחונות אנטקעגן די טערקן. צווייטנס איז מיר עפּעס דער ענין זיך צו פאַרוואַנדלען אין א גייענדיגן אַנאָנס אויך נישט געווען צום הארצן.

יעקב דע־האַז, א מיטל־וויקסיגער, דין - געבויטער מענטש מיט גרוי־לעכע האָר און א טונקל סעמיטיש פּנים, האָט מיך אויפגענומען ביי זיך אין אָפּיס און אויסהערנדיג מיין טענה, האָט ער רואיג געענטפערט :

— יונגערמאַן, איר זיינט אין דער אַרמיי, און אין דער אַרמיי פרעגט מען קיין קשיות נישט.

— און ווי איז, אַז איך וויל נישט בלייבן ?—האָב איך שוין אַבי־סעלע שטירדיש געפרעגט.

יעקב דע־האז האָט א סאַדאָניש שמייכעלע געטאָן און ערשט איצט האָב איך באַמערקט, אז אין אָפּים זיצט דער הינקענדיגער אידיש־ענגלישער קאַפּיטאַן, וועלכן איך פלעג שטענדיג זען מאַרשירן מיט יעדער גרופּע, וואָס האָט פאַרלאָזן ניו יאָרק.

דער קאַפּיטאַן האָט זיך אויפגעשטעלט, געטאָן א צי אויס זיין ברוסט פאָראויס, ווי עס פּאַסט פאַר א קאַפּיטאַן, און א וואָרף טוענדיג צו יעקב דע־האז'ן א שמייכעלע, ווי איינער זאָגט, אז מען זאָל זיך פאַרלאָזן אויף אים, האָט ער מיט א שטרענגן טאָן זיך א ווענד געטאָן צו מיר:

— קום מיט מיר.

אין עטלעכע מינוט שפּעטער בין איך געשטאַנען אין א גרויסן צימער פאַר דעם מאַיאָר ברומען וואַייט, וואָס איז געוועזן הויפּט פון דער בריטי־שער מיליטערישער מיסיע אין ניו יאָרק.

דער מאַיאָר איז געווען א הויכער און א דינער. אזא הויכער און אזא דינער, אז אפילו זיצנדיג האָט ער געגעבן דעם איינדרוק פון א פאַר־געלטן, אָפּגעבליאַקעוועטן לולב, וואָס איז אויפגעהויבן אין דער הויך בשעתן אתרוג־בענטשן. ער האָט א הויב געטאָן א דאַרע האַנט צו דעם גלעזל אויף אן אויג און פרעגנדיג מיט'ן בליק ביי דעם קאַפּיטאַן, וואָס ער וויל, האָט ער איבערגעפירט דעם בליק אויף מיין וויניגקייט.

דער קאַפּיטאַן, אן אויסגעצויגענער און א גלייכער, ווי ער וואָלט איינ־געשלונגען א שטעקן אין זיך, האָט דערקלערט, אז אָט דער יונג זאָגט זיך אָפּ צו בלייבן לויט'ן באַפעל און פאַרלאַנגט אָפּגעשיקט צו ווערן.

— ווייסטו, אז דו ביזט שוין איצט אן ענגלישער סאָלדאַט? —האָט דער מאַיאָר זיך געווענדעט צו מיר.

— איך ווייס,—האָב איך געענטפערט.

דאָ האָב איך געקראָגן א סיצל פונ'ם קאַפּיטאַנ'ס פינגער אויף מיין פּלייצע:

— אז מען רעדט מיט אן עלטערן פון זיך אין דער ארמיי, זאָגט מען „סער".

— „סער", האָב איך נאָכגעזאָגט, ווי א גולם, און קומענדיג אביסל צו זיך, האָב איך אָנגעהויבן:

— איך דענק...

אָבער דאָ האָט דער מאַיאָר זיך געטאָן א בייג צו מיר און איבערגע־שלאָגן מיינע ווערטער:

— און ווער האָט דיר דערלויבט צו דענקען?

אָט די פראַגע האָט מיך א שלאָג געטאָן איבער'ן קאָפּ און איך האָב עפּעס אָנגעהויבן צו שטאַמלען.

— דאָס איז געגוג, — האָט דער מאַיאָר טרוקן א זאָג געטאָן און דער קאַפּיטאַן האָט מיך א צי געטאָן, אז איך זאָל אַרויסגיין מיט אים.

— הייסט עס, — האָב איך גערעדט אין דרויסן צו זיך און איך האָב ענדלעך דערפילט, אז איך בין טאַקע א סאָלדאַט אויף דער אמת'ן.

# אַך, די שיינע אוניפאָרמס

אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע פריינט מיינע אַרויסגעפירט געוואָרן אין אַ גאָר געהויבענעם שניידער־פּלאַץ אויף פינפטע עוועניו און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרבעט אָנצופּאַסן אויף אונזערע פיגורן די אוניפאָרמס.

ווען דער שניידער האָט מיך ענדלעך צוגעפירט צו איינעם פון די גרויסע שפּיגלען, האָבן מיינע אויגן אַ לענגערע צייט זיך נישט געוואָלט גלויבן, אַז דאָס בין איך טאַקע אַליין. ערשט ווען איך האָב אַ קוק געטאָן אויף מיין פריינט פּנחס גינגאָלד, דעם סעקרעטאַר פון׳ם אידישן לערער־סעמינאַר, וואָס איז איצט געשטאַנען פאַר מיר אַזאַ אַנדערער, ווי ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען מיט מיר, האָב איך אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז איך קוק איצט אויס מסתמא אָט אַזוי ווי ער.

אַזוי ווי די אוניפאָרמס האָבן געדאַרפט זיין, כדי מיט זיי זיך צו באַווייזן פאַר דער ניו יאָרקער אידישער באַפעלקערונג, האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע נישט געשפּאָרט קיין געלט און סיי דער שטאָף און סיי די אַרבעט איז געווען, ווי מיר וואָלטן געוועזן נישט קיין פּשוט׳ע סאָלדאַטן, נאָר אָפיצערן און אפשר טאַקע עפּעס נאָך העכער.

די גאָלדענע קנעפּ, וואָס האָבן געגלאַנצט און געפינקלט און ספּעציעל די צוויי גאָלדענע מגן־דוד׳ס אויף׳ן קאָלנער פון סאַמע פאָרנט, האָבן ממש געשריען מיט קולי־קולות מיט זייער אָנזעעוודיגקייט. דערנאָך זיינען נאָך צוגעקומען צוויי רויטע זיידענע מגן־דוד׳ס איבער די אַרבל.

און דער עולם איבער די גאַסן האָט נאָכגעקוקט און באַוואונדערט.

טשיקאַווע איז געווען דאָס, וואָס אַמעריקאַנער מיליטער־לייט האָבן אָנגענומען אונזער חברה אין די אוניפאָרמס פאַר גאָר הויכע און וויכטיגע פאַרשטייער פון דער מיליטערישער וועלט, וואָרום נישט נאָר פּשוט׳ע סאָלדאַטן, נאָר אפילו אָפיצערן פלעגן אונז סאַלוטירן איבער די גאַסן.

ביז גאָר קאָמיש האָב איך זיך איינמאָל דערפילט, שפּאַנענדיג אויף דער פינפטער עוועניו. מיר אַנטקעגן איז אָנגעקומען אַ פראַנצויזישער הויכער אָפיצער מיט אַ גילדענעם היטל און איידער איך האָב נאָך באַוויזן אַ הויב צו טאָן מיין האַנט צום דאַשיק פון מיין היטל, האָט ער דאָס געטאָן און איך האָב אים געדאַרפט בלויז ענטפערן אויף זיין סאַלוט.

אַן אַנדערש מאָל האָב איך דורכגעלעבט אַזאַ מין סצענע.

איך בין געפאָרן אין אַ טראַמוואַי, פון וויליאַמסבורג קיין ניו יאָרק, איבער דער וויליאַמסבורגער בריק. ווען דער טראַמוואַי האָט דערגרייכט דעם אָפּשטעל ביי דילענסי גאַס, זיינען אַרויף אויף אים פוןביידע זייטן אַ היפּשע גרופּע סאָלדאַטן און מאַטראָסן מיט שטעקנס אין די הענט און אָנגעהויבן פרעגן ביי יעדן איינעם אין מיליטערישן עלטער אויף די רע־

גיסטראַציע־קאַרטלעך. ערשט איצט האָב איך באַמערקט, ווי לעבן מיר זיצט אַ אידישער יונגערמאַן און טרייסלט זיך ממש פון שרעק.

איך האָב זיך צוגעבויגן צו אים און שטילערהייט געפרעגט פאַרוואָס ער איז אַזוי אומרואיג.

— איך האָב פאַרגעסן מיין קאַרטל אין הויז, — האָט ער מיט ציטער אין זיין קול געענטפערט.

אין דעם מאָמענט איז צוגעקומען אַ מאַטראָז און סאַלוטירנדיג מיין אוניפאָרם, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף מיין שכן.

— ער איז מיט מיר, — האָב איך בלויז אַ זאָג געטאָן און באַלד געקראָגן אַן אַנטשולדיגונג פונ׳ם מאַטראָז.

ביים אַרויסגאַנג האָט דער יונגערמאַן מיך אַ דריק געטאָן די האַנט מיט אַ דאַנקבאַרקייט, וואָס האָט מיך אַזש פאַרקוועטשט ביים האַרצן.

איינמאָל בין איך געזעסן אין דעם רעקרוטירונג־אָפיס אויף קלערמאָנט פאַרקוועי אין די בראָנקס. עס איז געווען אַ מילדער אָוונט אין אָנהויב האַרבסט. דורך דער אָפענער טיר אין פענצטער האָט זיך געהערט דאָס ליריש־סענטימענטאַלע קול פונ׳ם דר. אַווערבוך, וועלכער האָט דעמאָלט געהאַלטן אַ רעדע אין דרויסן פאַר אַ גרויסן עולם וועגן דעם אידישן לעגיאָן. דער אָפיס, וועלכער איז געווען אינגאַנצן פאַרהאַנגען מיט פאָנען און גרויסע אַפישן, האָט אילוסטרירט די ווערטער פונ׳ם רעדנער:

— יעדער שפאַן פון אונזער הייליגער ערד, וואָס מיר וועלן אַרויס־רייסן מיט דער הילף פון ענגלאַנד פון די טערקישע באַרבאַרן, וועט בלייבן פאַר אונז און מיר וועלן דאָרטן דערנאָך יעדערער פון אונז זיצן אונטער זיין פייגנבוים און טייטלבוים.

פלוצלונג באַווייזט זיך אויף דער שוועל פון דער אָפענער טיר אַ יונגער געזונטער בחור מיט די אַרבל פון זיין בלוי העמד פאַרקאַשערט איבער די עלנבויגן. אַ מינוט איז ער געשטאַנען און געקוקט מיט גרויס נייגיר אויף די אַפישן, וואָס זיינען געווען באַמאָלן מיט אידישע לעגיאָנערן אין קאַמף קעגן די טערקן און שיינע, יונגע אידישע מיידלעך אין אוני־פאָרמס פון קראַנקנשוועסטער באַצמבלעמט מיט רויטע מגן־דוד׳ס אויף די אַרבל, הערצער און שטערנטיכלעך, וואָס באַנדאַזשירן די וואונדן פון די פאַרוואונדעטע אידישע קעמפער.

— מעג איך אייך עפּעס פרעגן? — האָט ער זיך ענדלעך אַ ווענד געטאָן צו מיר.

— יאָ, — האָב איך געענטפערט.

דאָ האָט דער בחור געטאָן אַ שיס אַרויס צו פראַגע צו מיר:

— איז דאָס אמת, אַז די טערקן האַלטן אונזער ירושלים און ווילן דאָס נישט אָפּגעבן?

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דעם נאַאיוון און ערלעכן פּנים, וואָס

איז געווען פיל אינגער, ווי זיין גרויסער, שטאַרקער גוף האָט אויסגעקוקט, און זיך צעשמייכלט.

— איז דאָס אמת, צי ניין?

— אמת, — האָב איך אַ שאָקל געטאָן מיט׳ן קאָפּ.

דאָ האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פון זיין מויל אומצייליגע אומדרוקבאַרע עפּיטעטן אויפ׳ן חשבון פון די טערקן, וואָס האַלטן אונזער ירושלים און ווילן דאָס נישט אָפּגעבן מיט גוטן און צונויפקנוילנדיג דעם פויסט, האָט ער שטורמיש אַ זאָג געטאָן:

— פאַרשרייבט מיך, איך וועל זיי ווייזן!

ווען ער איז אַוועק פון מיר האָט ער געפרעגט:

— וועל איך קריגן אַזאַ אוניפאָרם?

די ערשטע אוניפאָרם, וואָס איך האָב אָנגעטאָן אויף זיך, פאַרדינט בפירוש, אַז איך זאָל זיך מיט איר באַשעפטיגן. אמת, עס איז געווען די צווייטע אוניפאָרם, אין וועלכער איך בין דער אמת׳ער סאָלדאַט געווען, אָבער אין דער צווייטער בין איך דאָך געווען איינער פון אַלע, בשעת אין דער ערשטער בין איך געווען בלויז איינער פון עטלעכע געציילטע אין ניו יאָרק.

און אַך, ווי שיין און ווי האַרציג ניו יאָרק האָט דאָס באַהאַנדלט מיין שיינע אוניפאָרם!

איך געדענק, אַז ווען די אַלע גוטסקייטן פון די אַרומיגע זיינען מיך באַפאַלן, איז מיר געקומען אויפ׳ן זין דזשעק לאָנדאָנ׳ס מאַרטין אידן. ערשט נעכטן איז ער געווען אין זיין סביבה עפּעס אַ אינגל, וואָס שרייבט, און גאַר פּלוצלונג האָט מען דערזען, אַז ער איז אַזוינס און אַזעלכעס.

די דעמאָלטיגע „וואַרהייט" האָט אָנגעהויבן צו דרוקן מיינע לידער מיט גרויסע אותיות, און „קונדס" האָט דער צייכנער לאָלאַ מיך אָפּגעמאָלן פאַר אַ גאַנצן העלד. די רויט־מגן־דוד מיידלעך און ווייבלעך האָבן אַראַנזשירט פאַר מיר דינערס און באַנקעטלעך, אַריסטאָקראַטישע ציוניסטישע פאַמיליעס האָבן מיך האַרציג געלאַדן אין זייערע שטיבער און מיך פאַרגעשטעלט פאַר זייערע באַקאַנטע:

— דאָס איז אונזער יונגער פּאָעט, וואָס האָט איצט אויסגעביטן זיין פּען אויף אַ ביקס.

אַך, די אוניפאָרם, די אוניפאָרם!

וואָס קיינער האָט נישט געזען פריער, ווען איך האָב געטראָגן דאָס ציווילע אנצוגל, האָט מען פּלוצלונג אָנגעהויבן צו דערזען אין מיר דורך דער שיינער באַ׳מגן־דוד׳יגער אוניפאָרם.

אַלע אידישע טעאַטערס האָבן ברייט צעעפנט פאַר מיר די טירן און נישט אַנדערש פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל זיצן אין דער ערשטער לאָזשע, און די חנ׳עוודיגסטע אידישע אַקטריסעס האָבן מיך געבעטן צו זייערע טישלעך אין דעם קאַפע „ראָאיל".

באַרים טאָמאַשעווסקי האָט אַפּילו געגעבן אַ גאַנצע פאָרשטעלונג לכבוד די באַאוניפאָרמירטע לעגיאָנערן און איך האָב צו דער געלעגנהייט אויפגעשריבן אַ מאַרש, וואָס איז געזונגען געוואָרן פונ׳ם כאָר צוזאַמען מיט דעם גאַנצן עולם, בשעת מיר, די אוניפאָרמטע לעגיאָנערן, זיינען געשטאַנען אין סאַלוט צו דער בלוי־ווייסער פאָן. מיט וועלכער באַרים טאָמאַשעווסקי האָט אין גרויסן עקסטאַז געפאָכעט איבער דער בינע.

היינט די שיינע שאַפּערינס אויף די גאַסן פון אונזער ניו יאָרק!

אין יענע טעג האָבן עפּעס אַזוי פיל שיינע מיידלעך געטריבן אויטאָ־מאָבילן איבער די גאַסן פון ניו יאָרק. עס קאָן זייער געמאָלט זיין, אַז זיי האָבן געטריבן די אויטאָמאָבילן פריער אויך, אָבער ווען איך האָב געטראָגן מיין ציווילן אנצוג, האָב איך זיי נישט געזען, ווייל זיי זיינען נישט געווען פאַראינטערעסירט מיך צו זען, און ערשט יעצט איך האָב אַרויפגעצויגן אויף זיך די שיינע אוניפאָרם, האָב איך זיי דערזען, ווייל זיי האָבן מיך דערזען:

— קאָן איך אייך אונטערפירן?

נישט געווען קיין איין שפּאַציר, וואָס איך האָב געמאַכט אויף די גאַסן פון ניו יאָרק, אַז עס זאָל זיך נישט טאָן אַ גליטש צו לעבן מיר אַן אויטאָמאָביל און אַזאַ פראַגע זאָל נישט קומען צו מיר פון אַ ליבן, שמייכלענדיגן פרויען־פּנים.

אַך, די אוניפאָרם, די אוניפאָרם!

אָבער גאָר אין גיכן זיינען מיר אָפּגעפאָרן קיין ווינדזאָר, נאָוואַ־סקאָשיאַ, וואָס איז אין קאַנאַדע, און דאָרטן האָט מען איבערגעביטן די שיינע אוניפאָרם אויף גאָר אַן אַנדערע.

# איך פאַרלאָז ניו יאָרק

ענדלעך האָט מען געלאָזט וויסן, אַז די לעצטע גרופּע דאַרף זיך איינפּאַקן אין וועג אַריין און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן איילעניש.

מיר דאַכט זיך, אַז איך בין געווען דער איינציגער, וואָס איז באמת געווען צופרידן, וואָס מען פאָרט שוין ענדלעך אַוועק. די וואָכן פון אַרומשלייען זיך איבער ניו יאָרק אין דער שיינער אוניפאָרם זיינען ביי מיר געווען וואָכן פון פּוסט־און־פּאַס. עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו דערעסן די „דינערס", וואָס מען האָט מיר געגעבן. אַ פּאָר באַנקעטלעך האָבן שוין די יונגע שרייבער פאַר מיר אויך געמאַכט און אפילו אַן אָפיציעלער אָוונט איז שוין דורכגעפירט געוואָרן, — איז וואָס־זשע דאָס אַרומשלעפּן זיך?

וואָלט זיך כאָטש לידער געשריבן, וואָלט נאָך געווען ניש'קשה, איז אָבער ווי אויסגעטריקנט געוואָרן אין מיר דער גאַנצער פּאָעטישער קוואַל.

די לופט איז דעמאָלט געווען אָנגעפילט מיט אַ געשעעניש, וואָס האָט אַפּטמאָל מיט איר גראַנדיעזקייט איבערגעדעקט די געשעעניש מיט דעם אידישן לעגיאָן. עס איז געווען די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, וואָס האָט אָנגעהויבן צו פאַרכאַפּן טויזנטער מוחות און געמיטער — און מיין מוח און געמיט אויך בתוכם.

עפּעס האָב איך דערפילט אַ היפשן שטורעם אין זיך און מיר איז געוואָרן מורא'דיג ענג אין ניו יאָרק. דערצו איז נאָך צוגעקומען נאָך אַ זאַך, וואָס האָט זייער שלעכט געווירקט אויף מיין געמיט. משה לייב האַלפּערין, וואָס איז געווען זייער נאָענט צו מיר, איז נישט געווען צופרידן מיט מיין אָנשליסן זיך אינ'ם לעגיאָן און ער האָט זיך געהאַלטן דער־ווייטערט פון מיר.

דער מאַרש פון דער לעצטער גרופּע צו דער באַן איז שוין נישט געווען אַזוי רוישיג און אַזוי אויפרעגנדיג, ווי די מאַרשן פון די פריער־דיגע גרופּן. די אָפּיסעס פון דער בריטישער מיליטערישער מיסיע זיינען שוין געווען צוגעמאַכט. קיין פּאָמפּ איז שוין מער נישט נויטיג געווען, ווייל קיין פּראָפּאַגאַנדע פאַר נייע וואָלונטירן איז שוין נישט נויטיג געווען. די דרשות פון די פּראָפּאַגאַנדיסטישע מטיפים זיינען שוין איצט געווען מער מעכאַנישע, ווי באַגייסטערטע. בלויז דער הינקענדיגער אָפיצער האָט נאָך אויך דאָס מאָל מיטגעמאַרשירט, ווי ער פלעגט דאָס טאָן אַלעמאָל פריער און ביים געזעגענען זיך מיט אונז אויסגעשריגן דעם זעלביגן און איינציגן אויסדרוק, וואָס ער האָט געקאַנט אויף העברייאיש:

— מזל־טוב! — האָט ער אויסגעשריגן צו אונז, שטייענדיג אין סאַלוט, ווען די באַן האָט זיך אַ צי געטאָן.

עטלעכע פּאַכנדיגע טיכלעך און הענט פון קרובים און באַקאַנטע און אַ פּאָר אויסגעשרייען: „הידד!" און די באַן איז שוין געווען אַרויס פון דעם וואָקזאַל.

ערשט איצט האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז אונזער גרופּע איז נישט קיין צו גרויסע. אויסער די עטלעכע אוניפאָרמירטע זיינען געווען נאָך אַרום פופציג יונגעלייט אין ציווילע קליידער. קיין געהויבענע שטימונג האָט זיך נישט געפילט ביי קיינעם. עפּעס אַ געוואַלדיגער ערנסט האָט אַרומגעכאַפּט יעדן איינעם. עס איז געווען אַן ערנסט, וואָס האָט געזוכט צו דערשטיקן די שטאַרקע בענקשאַפט צו ניו יאָרק, וואָס מען האָט ערשט פאַרלאָזן, און אָט דער ערנסט האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ מאָדנעם שטילשווייגן. יעדער איינער האָט עפּעס, ווי פון זיך אַליין, געזוכט זיך צו האַלטן צוזאַמען מיט די נאָענטסטע באַקענטע, וואָס ער האָט געהאַט.

און די באַן איז געלאָפן שניידנדיג זיך וואָס ווייטער אַלץ אין מער טונקלקייט אַריין פון דער אָנקומענדיגער נאַכט, וואָס האָט אָנגעהויבן איבערצונעמען דעם אָנהויב אָוונט, וואָס איז, דאַכט זיך, אָט ערשט געווען און איז שוין מער נישטאָ.

פּלוצלונג איז דאָס העלע ליכט אינ'ם וואַגאָן פּאַרטונקלט געוואָרן און מיר האָבן אָנגעהויבן זיך צונויפצוקנוילן יעדער איינער אין זיין ווינקל. געמיינט האָט עס, אַז יעדער איינער קלויבט זיך אַנטשלאָפן צו ווערן. אָבער אין דער אמת'ן איז קיינער נישט געשלאָפן. איך געדענק, ווי איך בין אַ לאַנגע צייט געזעסן אין מיין ווינקל מיט אויפגעריסענע אויגן און בפירוש געפילט די וואַכיגקייט פון יעדן איינעם אין וואַגאָן. קיינער האָט נישט גערעדט מיט קיינעם, אָבער יעדער איינער האָט גערעדט אין זיך מיט זיך אַליין. און אפשר האָט עמיצער אויך גערעדט מיט עמיצן אַנדערש אין זיך? ווער ווייסט? אָבער געשלאָפן איז קיינער נישט. דאָס האָט מיך אויך איבערצייגט יעדעס מאָל, ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן עפּעס אַ סטאַנציע. אַלע האָבן, ווי איינער, אַ הויב געטאָן די קעפּ אין דער טונקלקייט פונ'ם וואַגאָן און שטום אַ דריי געטאָן די פּנים'ער צו די פענצטער. האָט מען עפּעס דערוואַרט פון די סטאַנציעס? ניין, מען האָט גאָרנישט דערוואַרט. ביי אַלע איבעריגע וואַגאָנעס האָט זיך ביי יעדער סטאַנציע אַ שטיקל טומל געטאָן. עמיצער האָט אַרויסגעשטיגן און עמיצער האָט אַריינגעשטיגן, אָבער אַרום אונזער וואַגאָן האָט זיך קיינער נישט געטומלט. עס איז געווען אַ ספּעציעלער וואַגאָן פאַר אונזערט־וועגן.

איז טאַקע די נאַכט אַרום די פענצטער פון אונזער ספּעציעלן וואַגאָן געווען גאָר אַן אַנדערע, ווי אַרום די פענצטער פון די שכנ'ישע וואַגאָנען. יענע האָבן געשאָסן מיט פּאַסן ליכט דורך די פענצטער אין דעם חושך אַריין און זיך ווי גערייצט מיט אים. דערפאַר האָט דער חושך פון דער נאַכט געהאַלטן אין איין שלינגען די פּאַסן ליכט און געוואָרפן אויף די

פענצטער נאָך מיט שטאַרקערער פינצטערקייט. אָבער די פענצטער פון אונזער ספּעציעלן וואַגאָן זיינען געווען טונקעלע און מיט דעם חושך זיך נישט געריי צט. האָט דערפאַר די נאַכט אונז אַפּגעדאַנקט און אַריינגע־קוקט צו אונז דורך די פענצטער מיט א שטיק פונ׳ם הימל און אויך מיט א פּאָר שטערן.

איך געדענק, אז איך האָב לאַנג, זייער לאַנג געקוקט דורכ׳ן פענצטער אויף אָט דעם הימל און אויף די שטערן. גלאַט אזוי געקוקט און בשעת מעשה נישט געטראַכט וועגן גאָרנישט. עס איז געווען בפירוש א קוקן בלויז לשם קוקן און איך בין דעמאָלט געווען ביז גאָר דאַנקבאַר סיי דער נאַכט, סיי דעם הימל און סיי די שטערן, וואָס לאָזן מיך קוקן אויף זיי און סוגעסטירן נישט מיט זיך אין מיר קיין שום געדאַנקען וועגן עפּעס אַנדערש.

איך האָב פּלוצלונג דערפילט אין זיך א שטאַרקע מורא צו פאַר־טראַכטן זיך וועגן עפּעס אַנדערש. וואָרים דער „עפּעס אַנדערש" האָט געהאַט אין זיך אַזעלכע זאַכן, וואָס ווען איך וועל זיך וועגן זיי פאַרטראַכ־טען, וועל איך ווערן שטאַרק צערודערט און איך טאָר איצט קיין צערודער־מער נישט זיין. איך האָב מיט מיין אייגענעם ווילן אויף זיך גענומען א סאָלדאַט צו זיין און א סאָלדאַט טאָר נישט טראַכטן, נאָר אויספירן באַ־פעלן און כדי צו קאָנען אויספירן אַלע באַפעלן, איז בעסער, אַז מען טראַכט נישט, נאָר צו האָבן צוטרוי צו דעם, וואָס טראַכט פאַר דיר.

— יאָ, צוטרוי, אָט דאָס איז דאָס! — האָב איך אַריינגעשריען אין מיין געמיט אַריין און באַשלאָסן ביי זיך, אַז איך בין דורכאויס פול מיט צוטרוי און אזוי ווי איך בין שוין טאַקע יאָ פול מיט צוטרוי, קאָן איך זיך טאַקע בפירוש פאַרגינען צו זיצן אָט דאָ, ביים פענצטער און קוקן אויף דעם נאַכטיגן הימל און אויף די שטערן און טראַכטן וועגן גאָרנישט מיט גאָרנישט.

אונזער וואַגאָן איז פּלוצלונג באַלויכטן געוואָרן און דער קאָנדוקטאָר, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט ביז איצט נישט באַוויזן, האָט דאָס מאָל געטאָן א פּראַל אויף די טיר און אויסגערופן אויף א הויכן קול:

— העי, חברה, מען וואַרט אויף אייך!

חברה האָט זיך געטאָן א טשוכע אויס נישט פון קיין שלאָף, נאָר פון דער איינגעקנוילטקייט און מען האָט זיך געטאָן א לאָז צום דרויסן.

— הידד! — האָט א הילך געטאָן אין דער קאַלטער, נאַכטיגער לופט אַריין און עס האָט זיך אָנגעהויבן א קושעניש און א האַלזעניש צווישן די ווילד־פרעמדע מיידלעך און פרויען מיט די פאַרבייפאָרנדיגע לעגיאָנערן.

איך געדענק נישט אַקוראַט צי די באַן האָט סיי־ווי געדאַרפט שטיין אויף אָט דער סטאַנציע א לענגערע צייט, צי דאָס איז געווען פאַר אונזער כבוד וועגן, אָבער איך געדענק זייער גוט, אַז עס איז געווען גענוג צייט פאַר קושעניש און האַלזעניש און אויפצונעמען די הייסע קאַווע מיט די געבעקסן און מתנות־פּעקלעך פאַר יעדן איינעם.

די דעלעגאַציע, וואָס האָט אונז אַזוי ליבלעך באַגעגנט, איז געווען אַן אָפּטײלונג פֿונ׳ם רויטן מגן־דוד, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין יענער צייט איבער׳ן לאַנד צווישן אידישע פֿרויען אויפֿ׳ן שטייגער פֿונ׳ם רויטן קרייץ.

עס זעט אויס, אַז אימיצער פֿון דער דעלעגאַציע האָט געלייענט אין אַ אידישער צייטונג, אַז אין אָט דער לעצטער גרופּע געפֿינט זיך דער יונ־גער אידישער פּאָעט ז. ווײנפּער, וואָרים פּלוצלונג איז געקומען אַ פֿאָדע־רונג, אַז איך זאָל האַלטן אַ רעדע. איך האָב זיך אָבער איינגעשפּאַרט נישט צו רעדן און די רעדע האָט געהאַלטן מיין פֿריינט פּנחס גינגאָלד. וואָס אַזוינס ער האָט דעמאָלט געזאָגט, געדענק איך נישט, אָבער עס קלינגט נאָך ביז איצט אין מיינע אויערן דער הילכיגער „הידד״־געשריי פֿון דער דעלעגאַציע, ווען די באַן האָט די סטאַנציע פֿאַרלאָזט.

איצט איז אין וואַגאָן די שטימונג שוין געווען גאָר אַן אַנדערע, ווי זי איז געווען פֿריער.

דער קאָנדוקטאָר האָט געלאָזן ברענען די לאָמפּן אין פֿולן ליכט, כּדי די חברה זאָל קאָנען אויפֿפּאַקן די מתנות־פּעקלעך און אויפֿפּאַקנדיג די פּעקלעך האָבן זיך גענומען הערן פֿריילעכע געלעכטערס. איינער האָט געוויזן דעם אַנדערן און עס זיינען אַרויסגעקומען אַ היבשע צאָל קאָמיז־מען. אַ קליוולאַנדער לעגיאָנער, אַ איד שוין אַ מיטליאָריגער, וואָס האָט געלאָזט הינטער זיך אַ פֿרוי מיט אַ דערוואַקסן טעכטערל, האָט געקראָגן אַ מעדאַליאָן מיט אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון אַ שיין מיידל אין דעם, וואָס איז געווען אַרומגעוויקלט מיט אַ ליבעס־בריוועלע אויף ראָזעווען פּאַרפֿיומירטן פּאַפּיר און אין בריוועלע איז געווען דער אַדרעס פֿונ׳ם מיידל.

חברה האָט זיך געוויצלט אויפֿ׳ן חשבון פֿון דעם קליוולאַנדער און יענער האָט גוטמוטיג פֿאַרגעשלאָגן אַ שיינעם יונגעטשקן לעגיאָנער פֿון יאָנקערס דעם מעדאַליאָן מיט דעם ראָזעווען בריוועלע פֿאַר אַ פּאָר גראָבע וואָלענע זאָקן, וואָס דער יונגעטשקער האָט געקראָגן אין זיין פּעקעלע.

אַ יונג מיט אַ גרויסן פּליך האָט געקראָגן אַ גוט האָר־בערשטל פֿאַר׳ן קאָפּ מיט אַ צעטעלע, אַז ער זאָל דאָס נוצן געזונטערהייט אויף זיינע שיינע האָר.

און נאָך און נאָך אַזעלכע קאָמיזמען, וואָס האָבן אַרויסגערופֿן אַ סך געלעכטער.

דאָס פּעקל וואָס איך האָב געקראָגן איז געווען דאָס גרעסטע און דאָס שווערסטע און דערצו איז דאָס געווען דאָס איינציגע, וואָס האָט געהאַט מיין נאָמען אויף דעם,—וואָס דאָס האָט געמיינט, אַז דאָס איז בפּירוש געווען באַשטימט פֿאַר מיר. אַלע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו זען, וואָס איך האָב דאָ אַריינגעכאַפּט. איך אַליין בין אויך נייגעריג געוואָרן, אָבער ווען איך האָב דאָס אויפֿגעפּאַקט און דערזען מיין פֿאַרמעג, האָב איך גלייך פֿאַרגעשלאָגן אַ בייט מיט דעם פּליכעוואַטן לעגיאָנער פֿאַר זיין האָר־

בערשטל, וואָרים געווען איז דאָס אַן אַטלעטן־גאַרניטור מיט אַ פּאָר גרויסע לעדערנע הענטשקעס. אָבער דאָס בריוועלע וואָס דאָרטן איז געווען האָט מיך דווקא יאָ געשמייכלט, און ווי אַזוי האָב איך זיך נישט געקאָנט פילן געשמייכלט, אַז אין דעם איז געווען אויפגעשריבן, אַז אָט די מתנה, וואָס באַצייכנט שפּיל און געזונטקייט ווערט באַשטימט פאַר דעם דיכטער, וואָס שרייבט שפּילעוודיגע און געזונטע לידער.

אַ לאַנגע צייט איז דער לויפנדער וואַגאָן געווען אָנגעפילט מיט די איינדרוקן וועגן די מתנות און מיט די איבערלעבונגען אויף דער סטאַנציע, פון וואַנען די מתנות זיינען געקומען.

סוף כל סוף זיינען די לאָמפּן ווידער אויסגעלאָשן געוואָרן און מיר זיינען ווי עס נישט איז טאַקע איצט איינגעשלאָפן.

אין דער פרי האָבן מיר דערגרייכט די סטאַנציע ווינדזאָר. אונז האָט באַגעגענט אַ גרויער, קאַלטער האַרבסטיגער פרימאָרגן. אַן ענגלישער קאַפּיטאַן מיט אַ פּאַסיקל גאָלד אויפ׳ן דאַשיק און אַ ליולקע אין מויל, האָט אונז באַגריסט און אונז גלייך איבערגעגעבן צו אַ הויכן סערזשאַנט־מאַיאָר, וועלכער האָט אָן צערעמאָניעס אונז געהייסן זיך אויסשטעלן אין צוויי רייען און גיין מיט אים.

— לינקס! רעכטס! — האָט ער זיך צעשריען און אונזערע טריט האָבן דעם ערשטן מאָל אָנגעהויבן אָפּצוקלינגען אויף אַ סאָלדאַטסקן אופן.

דאָס שטעטל ווינדזאָר האָט ערשט איצט געהאַלטן אין אויפמאַכן די אויגן פון׳ם נאַכטיגן שלאָף, אָבער די אויגן פון דעם שטעטל האָבן זיך אויף אונז נישט איבעריג אומגעקוקט. עס איז גלייך געווען קענטיג, אַז אָט דאָס שטעטל האָט שוין אַזוינס געזען און געהערט און איז שוין פון אַזעלכע אָנקומענדיגע גאָרנישט איבערראַשט.

— לינקס! רעכטס! — האָט דער סערזשאַנט־מאַיאָר נישט אויפגעהערט צו שרייען אין דער פרימאָרגנדיגער לופט אַריין און מיר האָבן ריטמיש געשפּאַנט מיט אים פאַרביי דעם שטעטל אין אונזער ערשטער קאַזאַרמע אַריין.

# „נעבעך"

דעם ערשטן טאָג פון אונזער אָנקומען אין דער קאַזאַרמע פון ווינדזאָר, נאָווא־סקאָשיא, האָט מען אונז צו־רו געלאָזט.

אויסער דער דרשה, וואָס דער סערזשאַנט־מאַיאָר האָט פאַר אונז געהאַלטן, איידער ער האָט אונז צעלאָזן ביים אַריינגאַנג פון דער קאַזאַרמע, האָבן מיר קיין שום מיליטערישע אינסטרוקציעס נישט באַקומען.

אָבער די דרשה אַליין איז געווען ביז גאָר טשיקאַווע און עס איז כדאי, אַז זי זאָל פאַרצייכנט ווערן לדורות:

— העברייער! — האָט ער צו אונז אויסגערופן, שטייענדיג פאַר אונז אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע, האַלטנדיג דאָס קליינע שטעקעלע אונטער'ן אָרעם, ווי עס וואָלט געווען אַ טייל פון אים.

— די בריטישע אַרמיי זאָגט אייך „ווילקאָמען!"... אָבער איינס זאָלט איר גוט געדענקען, אַז פון איצט אָן זייט איר סאָלדאַטן! און אַ סאָלדאַט מיינט . . . נו, איר וועט שוין אַליין אויסגעפינען, וואָס אַ סאָלדאַט מיינט...

דאָ האָט ער זיך אויסגעהוסט אַ ביסעלע און ווידער זיך צע'דרשנ'ט:

— איר, העברייער, זייט גליקלעכע יונגען! איר זייט צוגעשריבן צו די באַטאַליאָנען פון די „קעניגלעכע שיסער". און ווייסט איר ווער די „קעניגלעכע שיסער" זיינען? די באַטאַליאָנען פון זיין מאַיעסטעט קעניג דזשאָרדזש דער פינפטער אַליין. ער אַליין איז אייער קוירנעל. צו אים אַליין זייט איר פאַראַנטוואָרטלעך. די קוירנעלס פון די באַטאַליאָנען, אין וועלכע איר וועט אַריינפאַלן, זיינען נישט קיין פולע קוירנעלס. זיי זיינע' בלויז ליוטענאַנט־קוירנעלס. דער אמת'ער קוירנעל אייערער איז זיין מאַיעסטעט אַליין. אָבער נעמען באַפעלן דאַרפט איר אויך פון אייערע ליוטענאַנט־קוירנעלס, ווייל זיי זיינען די פאַרטרעטער פון זיין מאַיעסטעט. און נישט נאָר פון זיי, נאָר אויך פון די נידעריגערע ראַנגען דאַרפט איר נעמען באַפעלן און זיי אויספאָלגן, ווייל אויך די נידעריגערע ראַנגען זיינען פאַרטרעטער פון זיין מאַיעסטעט. אָט קוקט אויף מיר: ווער בין איך דאָס אינגאַנצן? נישט מער ווי אַ סערזשאַנט־מאַיאָר.

— נעבעך, — האָט זיך שטיל אַרויסגעריסן פון עמיצנ'ס מויל אין אונזערע רייען, אָבער דאָס אויער פונ'ם סערזשאַנט־מאַיאָר האָט דאָס וואָרט ־געכאַפּט און זיין פנים איז געוואָרן אַ שטיק פייער:

— האַלטן דאָס מויל, ווען אַ סערזשאַנט־מאַיאָר רעדט! — האָט ער ־ין געשריי געטאָן און אָפּוואַרטנדיג אַ רגע, האָט ער געצויגן ווייטער זיין דרשה:

— טאַקע נישט מער ווי אַ סערזשאַנט־מאַיאָר, אָבער אַ סערזשאַנט־מאַיאָר בין איך, וואָס טראָגט די אוניפאָרם פון זיין מאַיעסטעט, און דאָס מיינט זייער אַ סך.

דאָ איז זיין פּנים, וואָס האָט די גאַנצע צייט אויסגעקוקט, ווי עס וואָלט געמאַכט געווען פון בלעך, אַנגענומען אַ ווייכקייט, ווי עס וואָלט פּלוצלונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לעדער:

— איר אַליין זייט אויך עפּעס... באַלד וועט איר אַלע אַנטאַן די אוניפאָרמס פון די „קעניגלעכע שיסער" און אַ „קעניגלעכער שיסער" איז... דאָ האָט ער זיך אַ דריי געטאָן אויף די אָפּצאַסן און האָט אָנגעהויבן צו שפּאַנען אַהין און צוריק מיט דעם ריטם פון אַ באַלעט־טענצערין, וואָס האָט שיר נישט אַרויסגערופן ביי אונז קיין געלעכטער.

— אָט אַזוי דאַרף מאַרשירן אַ סאָלדאַט פון אַ „קעניגלעכן שיסער" באַטאַליאָן. ברוסט אַרויס, און קאָפּ אַרויף! און איז ער אויף אַ גאַס, דאַרף ער פילן, אַז די גאַנצע גאַס איז זיינע, וואָרים אַ „קעניגלעכער שי־סער" איז דיר נישט גלאַט אַזוי עפּעס אַ סאָלדאַט פון עפּעס גלאַט אַזוי אַ באַטאַליאָן. פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען, — האָט זיך ווידער דערהערט דאָס זעלבע קול, וואָס האָט פריער זיך אַריינגעריסן מיט'ן וואָרט „נעבעך", אָבער איצט האָט שוין דער סערזשאַנט־מאַיאָר באַמערקט, ווער עס האָט דאָס געזאָגט און בייז אויסגעשריען:

— העי, דו, דריי טריט פאָראויס און שנעל!

מיר האָבן אָנגעהויבן צו דרייען מיט די קעפּ אויסצוגעפינען וועמען מען מיינט עס, אָבער דאָ איז שוין דער סערזשאַנט־מאַיאָר גאָר אַרויס פון די כּלים:

— גלייך שטיין! נישט דרייען מיט די קעפּ, ווי די קעלבער!

דאָס געשריי האָט געווירקט און מיר אַלע האָבן זיך אויסגעצויגן נאָך גלייכער, ווי פריער, קוקנדיג דעם בייזן סערזשאַנט־מאַיאָר אין פּנים אַריין.

איצט האָט ער שוין מיט אַ פינגער אָנגעוויזן אויף דעם, וועמען ער האָט באַפעלן אַרויסצוקומען און יענער האָט זיך געטאָן אַ שאַר אַרויס אין פאָראויס.

דאָס איז געווען אַ בחור מיט אַ לאַנגער, פאַרדרייטער נאָז אויף אַ זייט און אַ פּאָר האַלב־קאָסאָקע אויגן, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעקוקט אַ סך קלוגע פּשטות.

— ווייסטו ווער דו ביזט איצט? — האָט דער סערזשאַנט־מאַיאָר ביי אים אַ פרעג געטאָן מיט אַ טאָפּלט־שטרענגן טאָן.

— אַ סאָלדאַט, — האָט דער בחור געענטפערט אויף ענגליש און צו זיך אַליין צוגעלייגט אויף אידיש:

— ווי איז מיר.

אונזער חברה האָט מיט אַלע כּחות זיך איינגעהאַלטן נישט אַרויס־צושיסן מיט קיין געלעכטער און ווער ווייסט צי מען וואָלט זיך געקאָנט לאַנג איינהאַלטן, ווען דער סערזשאַנט־מאַיאָר וואָלט נישט געווען פאַר־ענדיגט אויף שנעל דעם גאַנצן ענין.

— דיין גליק, וואס דו ביזט נאך א רעקרוט,—האט ער געזאגט דעם בחור און זיך ווענדנדיג צו אונז האט ער געגעבן א באפעל, אז מיר זאלן טראגן אונזערע פעקלעך אין קאזארמע אריין און דארטןווארטן אויף נייע באפעלן.

איצט זיינען אונז אנטקעגנגעקומען א גרויסע צאל חברים פון א פריערדיגער גרופע, וואס זיינען יענעם טאג פריי געווען פון טרענירן זיך לכבוד אונזער אנקומען. מען האט אונז געהאלפן מיט דעם געפעק און צו אונזער פרייד האט זיך ארויסגעוויזן, אז מיר פארמאגן שוין א פאר אייגענע קארפאראלן און אפילו א סערזשאנט א אידישן האבן מיר שוין אויך פאר־מאגט. אמת, דער אידישער סערזשאנט איז נישט געווען קיין אייגענער מענטש און קיין אידיש נישט פארשטאנען, אבער א איד איז ער דאך געווען און מיט א אידן, האבן מיר זיך געטראכט, וועלן מיר שוין ווי עס נישט איז דורכקומען.

אין וואס מיר זיינען גלייך אנטוישט געווארן איז געווען די קאזארמע, וואס איז געווען גיכער א שטאל פאר בהמות, ווי א פלאץ איינצוארדענען מענטשן. א הילצערנער, צעלעכערטער גרויסער שאלאש דורך וועלכן דער ווינט און דער רעגן האבן געהאט א פרייען אריינגאנג. פון די חברים, וואס זיינען שוין געווען שטיקלעך תושבים דארטן האבן מיר באלד אויסגעפונען, אז די שטיינערנע קאזארמעס זיינען אלע פארנומען פון די קאנאדער סאל־דאטן, און אז פאר די נעגערישע באטאליאנען און דעם אידישן לעגיאן זיי־נען געבליבן אט אזעלכע שטאלן און קיין בעסערס האט מען נישט געקאנט געפינען.

מיר האבן זיך אנגעהויבן איינצוארדענען, ווי עס נישט איז און דא האט זיך ארויסגעוויזן, אז מיר זיינען שוין איצט נישט מער קיין זעלבסט־שטענדיגע מענטשן, נאר פיגורן, וואס דארפן זיך באוועגן לויט רעגולא־ציעס. די בעטלעך, וואס מיר האבן געקראגן זיינען געווען הילצערנע נא־רעס, וואס זיינען געווען געבויט איינע איבער די אנדערע. דאס בעטגע־וואנט איז באשטאנען פון א קאלדרע אויף אונטערשפרייטן, א קאלדרע זיך צוצודעקן און דאס געפעק צוקאפנס. באלד האט זיך ארויסגעוויזן, אז דער אידישער סערזשאנט איז נישט בעסער און נישט קליגער פון דעם ענג־לישן סערזשאנט־מאיאר. דער זעלבער טעמפער אנשטעל און די זעלבע געשרייען. א אידיש בחור'ל פון לידז, ענגלאנד, וואס איז פאר דער מלחמה אריינגעפאלן קיין קאנאדע, האט ער נישט נאר קיין אידיש נישט געקאנט, נאר ער האט אפילו געהאט א שוואכע אנונג פאר דעם געפיל, וואס האט די אידישע לעגיאנערן צונויפגעטריבן אהער אויפ'ן וועג קיין פאלעס־טינע. ער האט זיך געהאלטן און אויפגעפירט, ווי ער וואלט געווען אן אמת'ער נאטשאלניק.

— שנעל אין דרויסן! מארשירט נישט, ווי קיין קעלבער, — האט ער געשריען אויף זיין דין קול'כל. אויף מארגן אינדערפרי, ווען מיר האבן זיך צעשפאנט, איז זיין קעלכל נאך שטארקער אויפגעגאנגען:

— לינקס! רעכטס! לינקס! רעכטס!—האָט ער נישט אויפגעהערט צו לעכערן די לופט.

דער טאָג איז אריבער אין אַלערליי מאַרשן. מען האָט מאַרשירט זיך צו באָדן, מען האָט מאַרשירט צום עסן, צום מעדיצינישן דעפּאַרטמענט, וואו מ׳האָט געקראָגן אן איינשפּריצונג אין די ברוסטן און אין די אָרעמס, נישט וויסנדיג קיינער צו וואָס, וואָרים אין דער ארמיי פרעגט מען נישט קיין קשיות.

שפּעט נאָכמיטאָג האָבן מיר ווידער מאַרשירט אין קוואַרטיר־מייסטער דעפּאַרטמענט צו קריגן אונזערע אוניפאָרמס, שיך און די אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס מען גיט ארויס צו א סאָלדאַט. און דעמאָלט איז פאָרגעקומען עפּעס אַזוינס, אויף וואָס קיינער פון אונז האָט זיך נישט געריכט און וואָס האָט ביי אַלעמען געמאַכט שווער די געמיטער.

דער קוואַרטיר־מייסטער האָט אונז אויפגענומען גראָב, אַזוי ווי מיר וואָלטן געווען ארעסטאַנטן און נישט קיין וואָלונטירן פאַר אן אידייע. א הויכער, אַטלעטישער יונג מיט א רויטלעך טעמפּן פּנים, האָט ער צוגעוואָרפן יעדן איינעם א פּעקל און ווען איינער איז באַלד געקומען אים לאָזן וויסן, אַז דער מונדיר איז צו גרויס, אָדער צו ענג, אָדער אַז די שיך זיינען נישט די ריכטיגע מאָס, האָט ער געקראָגן אויף זיך א רעגן מיט גראָבע זידלערייען.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם אויסדרוק אויפ׳ן פּנים פון יהושע גאָרדאָן.

דאָס איז געווען א מענטש פון א הויכער און ברייטער צעוואקסנקייט, אָבער מיט א ביז גאָר גייסטיגן פּנים. ער איז טאַקע געווען א מענטש פון הויכער בילדונג און א סך וויסן. איידער ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אינ׳ם לעגיאָן פלעגט מען אים אָפט טרעפן אין דעם קרייז פון די יונגע שריפטשטעלער אין ניו יאָרק און יעדער איינער פלעגט זיך צוהערן צו זיינער א מיינונג וועגן קונסט און ליטעראַטור. פון צייט צו צייט פלעגט ער אפילו אָפּדרוקן אן אַרטיקל וועגן קונסט אין איינעם פון די אויסגאַבן, וואָס די „יונגע" האָבן ארויסגעגעבן. שפּעטער איז ער אויך געווען א פאַרמעגלעכער און געלעבט באַקוועם און א פּיצל טאַקע מיט דער ברייטער האַנט. זיין אַנשליסן זיך אין׳ם לעגיאָן האָט געמאַכט א היבשן רושם און דאָ נעמט דער קוואַרטיר־מייסטער סערזשאַנט און נישט נאָר גיט ער אים א מונדיר, וואָס קאָן בשום אופן זיך נישט פאַרקנעפּלען אויף זיין ברייטער פיגור, נאָר זידלט אים נאָך אויס דערצו אויף א [illegible] גראָבן אופן:

— העי, דו, גראָבער פּעמפּיק!—האָט דער סערזשאַנט אים מכבד געווען

און יהושע גאָרדאָן איז נישט געווען דער איינציגער. עס האָבן אריינגעכאַפּט פון אָט דעם סערזשאַנט נאָך א סך אַנדערע און איך אויך בתוכם.

— וואָס ווילסטו, א גענעראַלסקי אוניפאָרם, ווי מען האָט דיך אָנגע־טאָן דאָרטן בײַ דיר אין ניו יאָרק?

אָט אַזוי האָט ער מיר דערלאַנגט און מיר האָבן דאָס געמוזט צונע־מען און מאַכן א שוויַיג, וואָרים א סאָלדאַט טאָר קיין קשיות נישט פרעגן.

ווען דער אָוונט איז געקומען, זיינען מיר אַלע געווען פאַרמאַטערטע סײַ פון די מאַרשן און סײַ פון די באַלײדיגונגען, וואָס מיר האָבן דורכגע־לעבט דורכ׳ן טאָג, און מיר זיינען שוין געווען ביז גאָר צופרידן זיך לאָזן צו אונזערע נאַרעס און זיך אויסציען. פונדעסטוועגן האָט נאָך חברה באַ־וויזן אָנצוהאַלטן א גאַנצן מאַרק אײדער מען איז געגאַנגען שלאָפן. עס איז דורכגעגאַנגען א בײַטעניש צווישן איינעם מיט דעם אַנדערן. מען האָט זיך געביטן מיט די שיך, מיט די הויזן, מיט די רעקלעך, מונדירן און היט־לען און נאָך אַלעמען איז דאָך קיינער ניט געבליבן באַקוועם אין זיינע נײַע בגדים.

צען אַזייגער אין אָוונט איז אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס ליכט און אַלע זיינען שוין געלעגן אויף די האַרטע נאַרעס, כאָטש קיינער האָט דאָך נישט געקאָנט אײַנשלאָפן, ווי א נאַכט פריער אין דעם וואַגאָן, וואָס האָט אונז אַהער געפירט.

ווער עס האָט נישט געקאָנט אײַנשלאָפן, ווײַל עס איז אים געווען צו האַרט אָט דאָס נײַע געלעגער און ווער איבער די שווערע באַלײדיגונגען פונ׳ם קוואַרטיר־מייסטער סערזשאַנט. פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט א מורמלען פון אימיצן צו א שכן, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן פון דעם וועכטער בײַ דער טיר:

— רעדן נאָך צען איז פאַרבאָטן! — איז געקומען א רוף פון דער טונקלקייט און כאָטש מיר אַלע האָבן געוואוסט, אַז דער רוף איז פון אונ־זערן אַן אייגענעם, וואָס אַז מיר וועלן אים נישט אויספאָלגן, וועט ער אונז אויך נישט אָנקלאָגן, האָבן מיר אים דאָך געפאָלגט און געשוויגן.

און אפשר האָבן מיר אים געפאָלגט, ווײַל די מערסטע פון אונז האָט זיך סײַ־ווי נישט געוואָלט רעדן?

פּלוצלונג האָט זיך אין דער טונקלקייט דורכגעריסן א טיפער קרעכץ:

— אוי!

מיר האָבן א הויב געטאָן אונזערע קעפּ פון די נאַרעס און א סך פון אונז האָבן געפרעגט:

— וואָס איז געשען?

דער וועכטער איז געקומען צולויפן מיט אַן אָנגעצונדענעם עלעקט־רישן ליכט־וואַרפער און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס האָט אַזוי א קרעכץ געטאָן דער בחור מיט דער לאַנגער פאַרדרייטער נאָז און די האַלב־קאַסאָקע אויגן.

— וואָס איז דיר?—האָט דער וועכטער געפרעגט בײַ דעם בחור מיט מיטגעפיל.

דער בחור איז געזעסן אויף זיין נאַרע און קוקנדיג צום וועכטער מיט זיינע אויגן, וואָס האָבן אין זייער סאַסאַקייט אויסגעקוקט זייער שעלמיש און גערעדט צו זיך הויך אויפ'ן קול:

— אַלע יאָרן בין איך געשלאָפן מיט צביונ'ען און גאָר פּלוצלונג פאַרגליסט זיך מיר אַב. גאָלדבערג, איז נאַ, אָט באַצאָל איך דערפאַר.

דער שאַלאַש איז אָנגעפילט געוואָרן מיט גרויס געלעכטער, וואָרים צביון איז געווען פון די סאַמע וויכטיגע אין ניו יאָרק, וואָס האָט ביז'ן סאַמע סוף באַקעמפט דעם לעגיאָן און אַב. גאָלדבערג איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דער ציוניסטישער וואָכנבלאַט „דאָס אידישע פאָלק״, וואָס האָט געקעמפט געגן צביונ'ען.

איך דערמאָן זיך איצט, אַז נישט נאָר איז קיינער נישט בייז געוואָרן אויף אָט דעם בחור, נאָר אדרבא...



ז. וויינפער
אויפן וועג קיין קאַנאַדע

# גאָלדענע שטערן

די טעג אין ווינדזאָר, נאָוואָסקאָשיע, האָבן זיך געצויגן, ווי גרויסע געניצן פון אויפגעריסענע מיילער. יעדער נייער טאָג איז געווען ענלעך אויף דעם נעכטיגן און קיינער האָט קיין אנונג ניט געהאַט, ווען וועלן מיר זיך לאָזן ווייטער אין וועג אריין.

אין די פרימאָרגנס האָט מען זיך געוואַשן, געראַזירט, געפּוצט די קנעפּ־לעך, געגעסן און דערנאָך ארוים אויפ'ן פעלד אויף פיזישע איבונגען, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן צוויי שעה.

די פיזישע איבונגען וואָלטן געווען נישט שלעכט, ווען דער סער־זשאַנט וואָלט אריינגעבראַכט אין זיי א ביסל לעבן. איז אָבער דער סער־זשאַנט געווען א טעמפּער יונג, וואָס איז נאָכגעגאַנגען די כללים פון עפּעס א שטיקל פּאַפּיר און אונז אַלעמען איז זייער גיך דערעסן געוואָרן דאָס בויגן זיך אראָפּ און דאָס ציען זיך ארויף פאַר גאַנצע צוויי שעה.

פיל בעסער איז שוין געווען דער לאַנגער נאָכמיטאָג־שפּאַציר איבער די וועגן הינטער דעם שטעטל.

וואָלט נאָר דער סערזשאַנט־מאַיאָר, וואָס האָט געשפּאַנט אין פאָר־אויס, אָדער ביי דער זייט, נישט געהאַלטן אין איין לעכערן די לופט מיט זיינע געשרייען, וואָלטן די שפּאַצירן געווען אפילו זייער אָנגענעמע. מען וואָלט געוון געקאָנט לאָזן די בליקן אריינזאַפּן ביסלעך שיינקייטן פון דעם ארום און אָנפילן די געמיטער מיט זיי. האָט ער אָבער אויף קיין רגע דעם פיסק נישט צוגעמאַכט.

— לינקס! רעכטס! לינקס! רעכטס!

אָפּטמאָל פלעג איך זיך כאַפּן, אז ווען ער שפּאַנט פאָראויס, הער איך שוין אפילו נישט זיינע געשרייען. די טריט מיינע גייען טאַקע אין טאַקט פון זיינע געשרייען, אָבער דאָס געמיט הערט זיי נישט און איז גאָר פאַרנומען מיט עפּעס אנדערש.

אָבער גאָר שלעכט איז געוואָרן, אז ער האָט געביטן זיין פּאָזיציע פונ'ם פאָראויס צו איינעם פון די זייטן. דעמאָלט האָט ער געשפּאַנט מיט די בליקן אויף אונזערע באַוועגנדיגע טריט און אַלע ווילע האָט זיך גע־הערט זיין היסטעריש קול:

— העי, דו, בייט דעם טראָט!

— און דו, דאָרט, וואָס טרייסלסטו זיך, ווי א קו פאַר'ן מעלקן! ?

דעם האָט ער באַפוילן ארויסשטעלן די ברוסט, יענעם אויפהויבן די אַקסלען און אַן אנדערן אריינציען דעם בויך.

פונדעסטוועגן זיינען די שפּאַצירן דאָך פאַר מיר געווען נישט קיין אָפּקומעניש, ווי עס זיינען געווען די איבונגען.

דער האַרבסט אין נאָוואָסקאַשיאַ איז אַ כמורנער און אַ שיוערער. דער הימל איז דעמאָלט כסדר אַ בלייענער און נאָר ער דראָעט מיט רעגן. אָבער די ערד איז אַ קוטשעראַווע. אַ סך ווייכע ביימלעך און געדיכטע גרינסקייטן, וואָס איז אין האַרבסט געמישט מיט אַ סך געל און גאָלד.

איז גוט געווען אויף די לאַנגע שפּאַצירן דאָס אַריינצוגעמען אין זיך. אָפּטמאָל האָבן מיר אַפילו באַוויזן אויך צו האָבן אַביסל שפּאַס אונטער דער טעמפּער נאָז פונ'ם סערזשאַנט־מאַיאָר און דער הויפּט־צושטעלער פון דעם שפּאַס איז געווען דער בחור מיט דער לאַנגער, פאַרדרייטער נאָז און די קאָסאָקע אויגן.

דאָס חנ'עוודיגסטע אין אָט דעם יונג איז געווען, וואָס ער האָט אין זיין פּשטות אָנגענומען יעדן איינעם פאַר זיינעם אַ גלייכן און געדעדט צו יעדן איינעם, ווי צו זיינעם אַ גלייכן.

— אַריינגעפאַלן, האַ ?—האָט ער זיך איינמאָל געווענדעט צו דעם עלטערן אַדוואָקאַט אוורונינ'ען.

חברה האָט געשפּאַנט און זיך געשטיקט פון געלעכטער, הערנדיג ווי דער עלטערער אוורונין, וואָס איז געווען אַ ביז גאָר פרומער ציוניסט, פּרובירט באַווייזן דעם בחור, אַז עס איז אַ זינד נישט נאָר אַזוי צו רעדן, נאָר אַפילו אַזוי צו טראַכטן.

— אַריינגעפאַלן ? ווער ? פּע, נישט שיין ! — האָט אוורונין מיט אים איינגעע'טענה'ט און איז דערביי אַרויס פון טראַט, וואָס האָט אים גלייך זייער נערוועז געמאַכט.

— עס איז אַ זכיה, אַ זכיה, — האָט ער געפּרובירט איבערציינגן דעם בחור, אונטערשפּרינגענדיג דערביי אויף איין פוס, ווי אַ געפּעגטעטער האָן, כדי צוריק אַריינצופאַלן אין טראַט.

און בשעת אוורונין האָט אַזוי שווער געהאַרעוועט נעבעך, האָט זיך אָט דער בחור געשפּאַנט קוקנדיג אויף אַלעמען אַרום זיך מיט זיינע שעלמישע קאָסאָקע אויגן, ווי איינער זאָגט :

— אָט אַ מענטש, רעדט נאָך אַב. גאָלדבערג'ס רייד אויך איצט און וויל נישט צוגעבן, אַז געדעכט איז געווען צביון.

אוי, צביון, צביון, ווען איך פאָלג דיך
וואָלט איך איצט געטראָגן ציווילע שיך !

אָט אַזוי האָט דער בחור גלייך אויפן אָרט געמאַכט אַן אימפּראָוויזאַר, אַז נישט נאָר חברה אַרום, נאָר אַפילו דער פרומער אוורונין האָט שוין געשמייכלט.

אַן אַנדערש מאָל איז ער אין די סאַמע שווערסטע מאָמענטן אַרויס מיט אַזאַ פראַגע צו אימיצן אינמיטן דעם מאַרש :

— נו, כאַליעריע, האָסטו עס געדאַרפט, האַ ?

און עס איז נישט געווען אזוי איינגנטלעך, וואָס ער האָט געזאָגט, ווי די קאַסאַקעס אויגעלעך זיינע, וואָס האָבן בשעת מעשה שעלמיש אונטערגעוואונקען, וואָס האָבן געפירט צו שטיקנדיג געלעכטער.

נישט איינמאָל האָט דער סערזשאַנט־מאַיאָר זיך געכאַפּט, אז הינטער אים טומלט זיך און ער האָט אויפגעהויבן א געוואַלד, אָבער דעמאָלט זיינען שוין אלע געגאַנגען מיט געלייִמטע פּנים׳ער פאַראויס און שאַ און שטיל.

אָט דער בחור האָט פון צייט צו צייט צעשלאָגן אביסל די מאָנאָטאָנקייט, אָבער די לאַנגווייל איז פונדעסטוועגן געלעגן אויסגעשפּרייט אויף אַלעמענ׳ס פּנים׳ער.

צען אין אָוונט האָט מען געדאַרפט זיין יעדער איינער אויף זיין נאַרע, אָבער פון דעם אָוונט־ברויט, וואָס איז געווען ארום זעקס, ביז צען, איז נישט געווען וואָס צו טאָן. די ליכט אין קאַזאַרמע איז געווען א שלעכטע. עפּעס לייענען ביי איר איז געווען אוממעגלעך, אָפּגערעדט עפּעס שרייבן. האָט חברה זיך געלאָזט איבער׳ן שטעטל, איז אָבער דאָס שטעטל געווען אַן אומעטיגס. בלויז איין רעסטאָראַנדל נישט ווייט פונ׳ם וואָקזאַל און אָט דאָס רעסטאָראַנדל איז געווען אָנגעפילט מיט סאָלדאַטן, וואָס האָבן אָדער געשפּילט אין קאָרטן, אָדער זיך געזידלט און געשלאָגן.

איינצלנע פון אונזערע חברה פלעגן זיך אומקערן פון שטעטל מיט מעשיות פון געוואַלדיגע אַוואַנטיורעס, וואָס זיי האָבן דורכגעלעבט מיט שיקסעס פונ׳ם שטעטל, אָבער איך האָב שטענדיג געהאַט א השד, אז דאָס זיינען געווען נישט מער, ווי אויסגעטראַכטע מעשיות, כדי זיך אַליין א ביסל פרייליכער צו מאַכן.

אויף מיינע אָפּטע שפּאַצירן אין די אָוונטן איבער׳ן שטעטל, האָב איך זעלטן באַגעגנט יונגע פרויען. קיין עלטערע מענטשן האָבן זיך אויך ניט געוואָרפן אין די אויגן צופיל איבער די גאַסן און געסלעך, אָבער נאָך ווייניגער האָט זיך געזען די יוגנט. שפּעטער האָב איך אויסגעפונען די סיבות פון אָט דער טויטקייט אין די אָוונטן איבער דעם שטעטל. זיי זיינען געווען א סך. ערשטנס זיינען דאָס רוב געווען ארבעטנדיגע און נאָך א טאָג שווערער אַרבעט האָט מען זיך געלייגט פרי שלאָפן. צווייטנס זיינען די קעפּ און געמיטער געווען דערשלאָגענע. א סך טויטע זין האָט דאָס שלאַכטפעלד פון אייראָפּע איינגעשלונגען, און יעדע צווייטע שטוב איז געווען אין שווערן טרויער.

די ערשטע פאַר אָוונטן האָב איך זיך זייער שטאַרק געוואונדערט אויף די גרויסע גאָלדענע שטערן, וואָס האָבן געפינקלט פון א סך פענצטער אין אָוונט אריין.

— וואָס מיינען אָט די גאָלדענע שטערן ? — האָב איך זיך געפרעגט און צווישן מיינע חברים האָט קיינער מיר קיין דערקלערונג נישט געקאָנט געבן.

נאָר אָט איז געשען עפּעס, וואָס האָט פאַר מיר אַלץ קלאָר געמאַכט.

אין איינעם אַן אָוונט האָב איך שטיל און פֿאַרטראַכט געשפּאַנט איבער אַ זייטיק באַבוימט געסל. מיינע שווערע מיליטערישע טריט האָבן געטראָטן איבער פייכטע אַרונטערגעפאַלענע בלעטער, וואָס האָבן זיך הויפנ־ווייז געוואַלגערט איבער׳ן טראָטואַר. די הילצערנע הייזקעלעך פון ביידע זייטן זיינען געווען האַלב־טונקל, וואָרים איבער אַלע פענצטער זיינען געווען די ראָלעטן טיף אַרונטערגעצויגן, אָבער די גאָלדענע שטערן האָבן זיך דאָך אָנגעזען און פון צייט צו צייט האָט אַ דין פּאַסיקל ליכט, וואָס האָט זיך צופעליק אַ ריס געטאָן פון הינטער אַ ראָלעט זיך צעפינקלט אויף אַזאַ שטערן.

— גוטן אָוונט, זון,—האָב איך פּלוצלונג דערהערט לעבן זיך, וואָס האָט מיך אַזש איבערגעשראָקן אויף דעם מאָמענט.

דאָ האָב איך דערזען לעבן זיך אַן עלטערן, פאַרהאַרטעוועטן מענטשן מיט אַ בעזים אין די הענט, וואָס האָט ערשט נאָר־וואָס פאַרענדיגט מסתמא אָפּצוקערן די אַרונטערגעפאַלענע בלעטער ביי זיין שוועל.

איך האָב געענטפערט אויף דער באַגריסונג און געוואָלט גיין ווייטער מיין גאַנג, אָבער דער אַלטער האָט געפרעגט:

— זוכסטו אַ נומער פון אַ הויז, מיין זון?

— ניין, איך שפּאַציר גלאַט אַזוי,—האָב איך געענטפערט און בין געבליבן שטיין.

אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפנט די טיר, און עס האָט זיך באַוויזן אַן עלטערע פרוי, וואָס האָט זיך געווענדעט צו איר מאַן:

— רעדסט מיט אימיצן, פּאַפּ?

דער אַלטער האָט אָנגעוויזן אויף מיר און געזאָגט צו דער אַלטער:

— אָט, גייט זיך אַזוי אַ סאָלדאַט אויף אונזער גאַס. אים איז אומעטיג אודאי, נו האָב איך צו אים אַ וואָרט גערעדט. פאַרשטייסט, מאַ?

— איך פאַרשטיי,—האָט די אַלטע געזאָגט און אָנשטעלנדיק אויף מיר אירע אויגן, האָט זי געפרעגט:

— אפשר אַריינקומען אין שטוב און טרינקען אַ גלאָז טיי?

יענער אָוונט איז פאַר מיר געווען אַ טיפע איבערלעבונג. גלייך ווי איך בין אַריינגעקומען, האָב איך דערזען אויף דער וואַנט אַ שיינעם יונג אין דער אוניפאָרם פון אַ קאָרפּאָראַל ,אָבער נישט קיין לעבעדיגער יונג איז דאָס געווען, נאָר אַ יונג אויף אַ גרויסער פאָטאָגראַפיע אין אַ שוואַרצער ראַם, וואָס איז נאָך דערצו פון אויבן געווען אַרומגענומען מיט אַ שוואַרצן קרעפּ. , אונטער דער פאָטאָגראַפיע איז געהאַנגען אויף אַ קאָליריק בענדעלע אַ בראָנזענער מעדאַל, און מיר איז געוואָרן אויפ׳ן האַרצן, ווי אַ שווערער שטיין וואָלט פּלוצלונג אויף דעם אַ פאַל געטאָן.

שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז דער אַלטער אַרבעט שוין איבער דרייסיק יאָר ביי דער באַן. דאָס זינדל האָט אויך געאַרבעט ביי דער באַן.

**די אַלטע האָט געבראַכט טיי און אַ טעצל אָנגעשמירטע שטיקלעך**

חלה מיט פוטער. עס איז אויך געווען א שטיקל קעז און אײנגעמאַכטס אין א טעצעלע.

— א ניו יאָרקער? אזוי, אזוי, — האָט דער אַלטער געמורמלט און דערביי טרויעריק געשאָקלט מיט'ן גרויען קאָפּ.

ווען די אַלטע האָט זיך צוגעזעצט צום טיש, האָט זי ביי מיר געפרעגט אויף מיין מאַמע'ן.

— ווײנט אודאי, די מאַמע דיינע, הא?

ווען איך האָב דערקלערט דער אַלטער, אַז מיין מאַמע ווייסט אפילו נישט, אַז איך בין א סאָלדאַט, וואָרים זי איז ווייט־ווייט ערגעץ אין דער אוקראַינע, האָט זיך איר קאָפּ צעציטערט און אירע אויגן זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט טרערן.

— נו, אָט ווײנסטו שוין ווידער,—האָט דער אַלטער זיך צוגעבויגן צו איר און זי גענומען גלעטן איבער'ן קאָפּ און איבער די באַקן.

איך האָב דערפילט, ווי דער צעקייטער ביסן אין מיין מויל לאָזט זיך נישט אַרונטערשלינגען, און דער לאָמפּ אונטער דעם בלויען אַבאַזשור האָט געוואָרפן איבער'ן צימער עפּעס אַזא טרויעריג און שווייגנדיג ליכט.

שפּעטער האָט זי געבראַכט א גרויסן פאַמיליע־אַלבאָם און מיר געוויזן בילדער פון איר זינדל:

— דו זעסט אָט דעם קליינטשינקן?—האָט זי זיך געווענדעט צו מיר, פירנדיג מיט א ציטערדיגן פינגער איבער א נאַקעט קינדעלע מיט דעם הינטנדל אַרויף.

— נאָך קיין זעקס חדשים ניט אַלט געווען.

אָפּזאָגנדיג אָט די ווערטער, האָט זי לאַנג געקוקט אויפ'ן בילד און טרערן זיינען ווידער גערונען.

— נו אָט, ווײנסטו שוין ווידער,—האָט דער אַלטער זיך נאָכאַמאָל צוגעבויגן צו איר.

איך האָב זיך אויפגעהויבן און זיך גענומען אנטשולדיגן, וואָס מיין אַריינקומען האָט זיי דערמאָנט אָן זייער שווערן פאַרלוסט.

— ניין, ניין,—האָט די אַלטע זיך צעצאַפּלט און דער אַלטער איז איר אַריינגעפאַלן אין די רייד:

— טראַכט נישט אזוי, מיין זון,—האָט ער זיך געווענדעט צו מיר און אַרויפלייגנדיג זיין שווערע אויסגעהאָרעוועטע האַנט אויף מיר, האָט ער מיך גענומען באַרואיגן.

— דו האָסט דערפרייט מיט דיין אַריינקומען, דערפרייט מיין זון, און מיר וועלן דיך זען דאָ נאָכאַמאָל, הא?

— קום יעדן אָוונט,—האָט די אַלטע אויך געבעטן און ביידע האָבן מיך אַרויסבאַגלייט אין דרויסן.

— אָט דאָס איז דאָס,—האָט דער אַלטער אָנגעוויזן מיט א פינגער

אויפ׳ן גאָלדענעם שטערן איבער׳ן פענצטער און די אַלטע האָט שטיל צוגעלייגט:

— אין אַלע הייזער דאָס אייגענע, נאָר בשעת דאָרטן זיינען דאָס נאָך קינדער, בין איך געבליבן בלויז מיט דעם גאָלדענעם שטערן.

אויפ׳ן וועג צו דער קאַזארמע האָב איך בפירוש געפילט, ווי די טריט מיינע וויינען איבער די ווייכע און נאַסלעכע בלעטער אונטער זיי. די אַלטע האָט מיט אַזאַ קראַפט געבראַכט מיין אייגענע מאַמע אין מיין געמיט. די לבנה פון אויבן האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשלייערן מיט אַ גרוילעכן וואָלקן און איך בין געגאַנגען און געציילט די גאָלדענע שטערן אויף די פענצטער און גלעזערנע טירן פון די האַלב־טונקעלע הייזלעך און יעדער פינקל, וואָס אַזאַ גילדענער שטערן האָט געגעבן אונטער אַ צופעליג פּאַסיקל ליכט, וואָס האָט אים אָנגערירט, איז איבער מיר אויפגעגאַנגען מיט אַזאַ מורא׳דיגן טרויער.

# דער שתדלן

די מאָגערע נייעסן דורך דעם לאָקאַלן ציטונגל אין ווינדזאָר, נאָוואַ־סקאָשיע, וועגן די געשעענישן אויף דער וועלט האָבן דאָך געגעבן א שטיקל אָנונג, אַז די מלחמה האַלט שוין ביים סוף און דאָך זיינען די איבונגען און דאָס מושטירן זיך אָנגעגאַנגען ווי כסדר.

אמת, צו קיין ביקסן זיינען מיר נאָך נישט דערגאַנגען, אָבער אָן די ביקסן האָט מען מיט אונז יעדן טאָג אויך גאַנץ שווער אַריינגעאַרבעט. פון אכט אין דער פרי ביז פיר נאָכמיטאָג האָט מען אונז נישט צורו גע־לאָזט. אונזערע אויסזעענס האָבן זיך זייער גיך פאַרענדערט. אונזערע גלידער זיינען שטאַליגער געוואָרן מיט יעדן טאָג און אונזערע באַוועגונגען פלינקער און דראָטיגער. די האַרטע געלעגערס דורך די נעכט און די קאַל־טע שפּריצן אין די פרימאָרגנס זיינען געוואָרן פאַר אונז נאַטירלעכע זאַכן און מיר האָבן זיי גענומען אָן קרעכצענישן און אָן קלאָגערייען. נישט מער, די טעג זיינען געווען גוואַלדיג לאַנגע, כאָטש אַרום פיר נאָכמיטאָג האָט זיך שוין געטונקלט און מיר האָבן אַלע געהאַט איין באַגער, אַז עפּעס זאָל געשען, וואָס עס זאָל אַריינברענגען אין אונזער לעבן א שטיקל ענדערונג, כדי איין טאָג זאָל נישט זיין ענלעך אויף דעם אַנדערן.

צווישן די לעגיאָנערן פון דער לעצטער גרופּע האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן אויסצוטיילן קרייזלעך. ווי פון זיך אַליין האָבן זיך אָט די קרייזלעך אויסגעפּאַרמירט. אינטעליגענטן באַזונדער, פּראָסטאַקעס באַזונ־דער. עס איז אויך געווען א קרייזל פון קאָרטנשפּילער און א קרייזל פון „לעב־יונגען" און די לעצטע צוויי קרייזלעך האָבן געהאַט אין זיך אויך עטלעכע פון די אינטעליגענטן.

איך אַליין, וואָס האָב לויט מיין סטאַזש געהערט צו די אינטעליגענטן האָב זיך אָבער געמישט און מיטגעלעבט מיט אַלע קרייזלעך. אויב איך האָב אין דעם קאָרטנשפּיל קיין אנטייל נישט גענומען, האָב איך זיך אָבער מיט די קאָרטשפּילער גע'חבר'ט און קיינמאָל נישט געהאַט דאָס געפיל אימיצן אויסצו'מוסר'ן הלמאי ער פירט זיך אַזוי און נישט אַנדערש. וואָס שייך די „לעב־יונגען", האָב איך געהאַט א ווילדע הנאה צו זיין אין זייער קרייזל. איך פלעג אויסהערן אַלעמענס מעשות וועגן זייערע געוואַלדיגע אוואַנטורעס מיט די שיינע טעכטער פונ'ם שטעטל און מאַקע, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז אַלע מעשות זיינען נישט געשטויגענע און נישט געפלוי־גענע, האָב איך פון זיי הנאה געהאַט. מיר איז געפעלן געוואָרן זייערע פאַנטאַזיעס און דורך אָט די פאַנטאַזיעס האָבן זיך פאַר מיר אויפגעעפנט די געמיטער פון א סך לעבעדיגע יונגע מענטשן.

נישט איינמאָל האָב איך געקראָגן א גאָב פון מיינעם אַן אינטעליגענטן חבר :

— ווי זיצט מען דאָס אָפּ שעה'ענווייז און מען הערט זיך צו צי אָט די בלאָפּערישע מעשות?

איצט, נאָך יאָרן שפּעטער, אַז איך טראַכט דערפון, ווערט מיר דער ענין קלאָרער.

די לעצטע זיינען געווען מענטשן צוגעבונדן מיט אַלע זייערע פיבערען צו דעם לעבן פון דער ערד און ווייל זיי זיינען אַלע געווען יונגע מענטשן, האָט דאָס לעבן געשריען פון זייער בלוט מיט קולי־קולות און ווייל לעבן האָט זיך נישט געלעבט האָט מען פאַנטאַזירט דערפון אַזוי שטאַרק ביז די פאַנטאַזיעס זיינען ביי זיי געוואָרן לעבן.

און די ערשטע?

איך ווייס נישט פּאָרוואָס, נאָר אַזוי איז דאָס געווען. יעדעס מאָל ווען איך בין געזעסן צווישן זיי און זיך צוגעהערט צו זייערע רייד, האָבן זיי מיר געקלונגען פאַלש, ווייל נישט וועגן פּשוט, געזונט לעבן, וואָס זאָל זיך איינאָרדענען אויף דער ערד פון פּאַלעסטינע, האָט מען גערעדט, נאָר הויך־ריידעריי איז דאָס געווען. איינער, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר א געוואַלדיגן עקאָנאָמיסט האָט שטענדיג גערעדט וועגן פּאַלעסטינע, ווי א קאָמערץ־צענטער צווישן דעם אָריענט און אייראָפּע; דער אַנדערער האָט געזען די דערפאַרונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן ביי דעם אידישן פאָלק פאַר דורות איבער דער גאַנצער ערד, קומען צום אויסדרוק אין א גרויס־מאַכט. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן גערעדט וועגן א דעמאָקראַטיע און עס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס זיינען אומבאַדינגט באַשטאַנען, אַז מיר מוזן צוריק אויפשטעלן א מאָנאַרכיע, ווי אין די צייטן פון דוד און שלמה און טאָמער איז דאָס נאָך נישט געווען גענוג, האָבן זיי אויך נאָך געוואָלט א בית־המקדש מיט א כוהן־גדול.

פאַרשטייט זיך, אַז צווישן די אינטעליגענטן זיינען אויך געווען יונ־גען, וואָס האָבן געקוקט אויף אָט די חברה־לייט ווי אויף בטלנים.

איך זע נאָך איצט דעם קלוגן שמייכל אויף דעם אָרענטלעכן פּנים פון פּנחס גינגאָלד; איך הער נאָך ביז איצט די שאַרפקייטן פון דעם געזונטן, פּול־בלוטיגן ז. ברכות אנטקעגן אָט די אַלע הויך־ריידערייען, אָבער די מערהייט פונ'ם אינטעליגענטישן קרייז האָט נישט נאָר געקוקט אויף זיך, ווי אויף מענטשן, וואָס וועלן אָט־אָט אויפטרעטן אויף דער אַרענע, ווי גאַנצע משיחים, נאָר עטלעכע פון זיי האָבן אפילו זיך שוין אָנגעהויבן בלאָזן אויפ'ן חשבון פון דעם, וואָס עס דערוואַרט זיי שפּעטער.

איינער פון אָט־די אָנגעבלאָזענע איז געווען דוקא א זייער צוריקגע־שטאַנען מענטשל און ווייל אָט דאָס מענטשל האָט אפשר געפילט זיין צו־ריקגעשטאַנענקייט אויף א סך געביטן, האָט עס גע'חלומ'ט אין דער צו־קונפטיגער אידישער מדינה זיך צו פאַרנעמען מיט פּאָליטיק. קומענדיג פון א פּראָווינץ־שטעטל אַרום ניו יאָרק, האָט ער אודאי אין יענעם שטעטל געקאָנט די פּאָליטישע פירער און אויסגעפונען, אַז פאַר אָט דער טעטיגקייט

איז נישט נויטיג קיין סך צו וויסן און ער האָט באַשלאָסן, אַז פּאָליטיק איז ז י י ן געביט. און ווייל ער האָט אַזוי ביי זיך אָפּגעמאַכט, האָט ער קיין געדולד נישט געהאַט צו וואַרטן ביז ער וועט ווערן אַ תושב אין דער נייער אידישער מדינה, נאָר ער האָט אָט די טעטיגקייט אָנגעהויבן גלייך אויפ'ן אָרט.

— ער מאַכט רעפּעטיציע, — האָט דער קאָמיקער מיט דער לאַנגער, פּאַרדרייטער נאָז און די קאָסאָקע אויגן זיך געווענדעט אויפ'ן חשבון פון אָט דעם צוקונפטיגן פּאָליטישן פירער אין פּאַלעסטינע און דערביי נאָכגע־מאַכט זיין גענגעלע מיט די פיס אין דער ברייט און דאָס קעפּעלע אויף אַ זייט, ווי עס וואָלט וועלן אויסמיידן אַ קלאַפּ.

חברה פלעגט זיך קאַטשען פון געלעכטער פון דעם קאָמיקער'ס לצנות אויפ'ן חשבון פון דעם צוקונפטיגן פּאָליטישן פירער אין פּאַלעסטינע און דערביי זיך פונדעסטוועגן אַרומקוקן צי ער איז נישטאָ דערביי, ווען מען לאַכט פון אים, וואָרים ערשטנס האָט ער שוין געטראָגן אַ בענדל אויפ'ן אָרבל, וואָס דאָס האָט אים שוין געמאַכט פאַר אַ שטיקל קנאַקער און צווייטענס האָט מען געדאַרפט אָנקומען צו זיין שתדלנות דורך וועלכער מען האָט געקאָנט קריגן פּריווילעגיעס פונ'ם סערזשאַנט־מאַיאָר און אפילו פון דעם קאַפּיטאַן אַליין.

— דער שתדלן! — האָט מען אים גערופן אין דער גאַנצער קאַזאַרמע און ער אַליין האָט זייער שטאַרק הנאה געהאַט פון אָט דעם נאָמען און טאַקע דערביי געמאַכט אַ ביסל קליינגעלט פאַר זיך, וואָרים פאַר יעדער שתדלנות, וואָס ער האָט געדאַרפט דורכפירן, האָט ער געהייסן אונטעררוקן אַביסל מזומן.

— אַז מען שמירט, פאָרט מען,,—פלעגט ער זאָגן און דערביי אַ ממזר'שן וואונק טאָן מיט די אייגעלעך, וואָס האָט געמיינט, אַז ער מוז קומען צו יענעם מיט עפּעס אין די הענט, אָבער אַלע האָבן סיי־ווי גע־וואוסט, אַז ער אַליין דערלייגט אויך נישט צום עסק.

אַלע האָבן פיינט געהאַט אָט דעם שתדלן, אָבער אַרויסגעוויזן די שנאה האָט בלויז דער קאָמיקער.

נישט נאָר פלעגט ער פון אים אָפּלעצעווען הינטער די אויגן, נאָר אפילו אין די אויגן.

— העי, מאָשקע! — פלעגט ער צו אים אַמאָל אַ געשריי טאָן און בשעת דער שתדלן פלעגט בלייבן שטיין פון אַזא צורוף אַ ביסל צעטומלט, פלעגט דער קאָמיקער קוקן אויף אים מיט זיינע קאָסאָקע, שעלמישע אויגן און פרעגן:

— וויפיל אַ שטייגער וואָלט דיין קאַפּיטאַן געוואָלט, אַז ער זאָל מיר פאַרקנעפּלען די הויזן?

אויסער אָט די צוויי טיפּן האָבן זיך אויך אויסגעצייכנט מיט זייער באַזונדערטקייט דער טרוימער און דער באָקסער.

דער טרוימער איז געווען אַ יונג בחור'ל, געבוירן אין ניו יאָרק. ער

האָט געהאַט אַ פּאַרטראַכט פּנים און אַ פּאָר פאַרשלאָסענע ליפּן. זעלטן ווען ער האָט גערעדט אַ וואָרט און אַז ער האָט שוין יאָ אַמאָל באַוויליגט צו עפענען דאָס מויל, איז דאָס געווען אָדער ביים עסן, אָדער ווען עס האָט אים אויסגעפּעלט אַ שוועבעלע צו זיין ליולקע, וואָס ער האָט קיינמאָל אויף דער פריער צייט נישט ארויסגעלאָזט פון מויל:

— קאָנט איר אָפּשפּאָרן אַ שוועבעלע?—פלעגט ער אַ פרעג טאָן, נישט קוקנדיג אייך אין פּנים און אַז איר האָט אים דאָס שוועבעלע אונ־טערגעטראָגן, פלעגט ער דאָס צונעמען און קוקנדיג איבער אייך, אַזוי ווי איר וואָלט אים געווען אין וועג צו זען עפּעס זייער אַ וויכטיגע זאַך אויף יענער זייט, שטיל אַ זאָג טאָן מער צו זיך, ווי צו אייך:

— אַ דאַנק, אַ שיינעם דאַנק.

אָבער מער פון אַלע טיפּן אין דער קאַזאַרמע האָט זיך געוואָרפן אין מיינע אויגן דער באָקסער.

איך זאָג אין „מיינע אויגן”, ווייל אַ צייט לאַנג האָט אים, דאַכט זיך קיינער אין קאַזאַרמע ווי גאָרנישט באַמערקט.

און ווי אַזוי האָט מען אים געקאָנט באַמערקן, אַז ער האָט געלעבט אינגאַנצן אָפּגעזונדערט פון אַלעמען. אויף פּאַראַד האָט מען אים נישט גערופן, טרענירט מיט אונז צוזאַמען האָט ער זיך נישט און אפילו אָנגע־טאָן איז ער נישט געווען ווי מיר. אַ מיליטערישע אוניפאָרם האָט ער גע־טראָגן בלויז אין אָוונט, ווען ער פלעגט זיך ערגעץ אַוועקלאָזן און אָפטמאָל נישט געקומען נעכטיגן אין קאַזאַרמע אריין.

פון צייט צו צייט שטייענדיג אויפ'ן פּאַראַד און לערנענדיג זיך צוזאַ־מען מיט אַלעמען פון אונזער גרופּע, ווי אַזוי צו שטעלן אַ טראָט און ווי אַזוי צו סאַלוטירן אַן אָפיצער, פלעג איך באַמערקן אָט דעם יונג דורכלויפן ריטמיש דעם וועג אָנגעטאָן אין אַ פּאָר קורצע ספּאָרט־הויזלעך און אַ דיקן, גרויען סוועדער. פאַרביילויפנדיג פלעגט ער אַ הויב טאָן די האַנט צו אונ־זער טרענירער, בשעת דער לעצטער פלעגט אים ענטפערן אויף דער באַ־גריסונג מיט אַ מינע פון דרך ארץ.

— ווער איז אָט דער יונג? איז ער איינער פון אונזערע? אָדער צופעליג צוגעטשעפּעט דאָ צו אונז?

איך האָב געפרעגט אָט די פראַגע ביי מיינע חברים, אָבער קיינער האָט נישט געוואוסט און אפילו זיך געוואונדערט, וואָס מיר גייט אין לעבן צו וויסן וועגן אים. איך האָב באַשלאָסן צו פרעגן ביים שתדלן, אָבער אויך יענער איז אָפּגעקומען מיט אַ קורצן ענטפער:

— אָ, ער? גאָרנישט שעבעגאָרנישט, אַ באָקסער!

— פאַרוואָס זשע איז ער אַזוי פּריווילעגירט? — האָב איך געפרעגט דעם שתדלן.

דאָ האָט דער שתדלן אַ צי געטאָן דאָס סיגאַרעטל מיט אַ מינע פון אַן אַלצוווייסער און אַ פּירקע געטאָן מיט זיין מיילעכל:

— בײ די ענגלענדער זײנען באָקסערס די גרעסטע מיוחסים!

איך געדענקט, אַז איך האָב זיך דעמאָלט זײער שטאַרק געוואונדערט אויף די ענגלענדער, וואָס פאַרמאָגן אַ שעקספּיר׳ן, אַ טענענסאָנ׳ען, אַ שעלי׳ן און קיטס׳ן און יחוס׳ן זיך גאָר מיט זײערע באָקסערס.

אָבער דעם זעלבן אָוונט האָב איך אויף מײן שפּאַציר דורך די געסלעך פון ווינדזאָר אָנגעטראָפן דעם באָקסער און זיך באַגריסט מיט אים.

— העלאָ,—האָט ער געענטפערט אַ דערפרײטער און בלײבנדיק שטײן לעבן מיר האָט ער מיר פאָרגעשלאָגן אַ פּאַפּיראָס.

מיר האָבן בײדע פאַררויכערט און ער האָט מיר דערוווייל איבערגעגע־בען, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום פאָרן מיר אָפּ קײן ענגלאַנד.

איך האָב זיך דערפרײט מיט דער בשורה און שוין פאַרפירט מיט אים אַ שמועס.

— פאַרוואָס האַלטסטו זיך פון אונז פון דער װײטנס?—האָב איך בײ אים געפרעגט און דאָ האָב איך דערזען, ווי דער באָקסער קוקט אויף מיר אַ דערשטוינטער.

ענדלעך איז ער געקומען אַ ביסל צו זיך און ער האָט אָנגעהויבן רעדן צו מיר:

— איר אַלע זײנט אַזעלכע געלערנטע און איך?...

איך האָב זיך צעלאַכט און ער האָט קוקנדיק אויף מיר געזאָגט:

— איך קאָן זיך װעטן, אַז איר זענט אַ פּראָפעסאָר?

איך האָב דערזען אויף זײן פּשוט׳ן פּנים, אַז ער האַלט זיך פיל קלע־נער פון אונז אַלעמען און איך האָב אים אײנגעלאַדן אין רעסטאָראַנדל אויף טײ. ווען איך האָב אים דערקלערט, אַז איך בין אַ שרײבער, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט גרויס דרך ארץ:

— אָ, ביכער!—האָט ער אויסגערופן און דערבײ שטיל צוגעלײגט, ווי צו זיך:

— ביכער זײנען גרויסע זאַכן אויף דער וועלט.

איך האָב געקוקט אויף זײן ברײטן אָפענעם פּנים איבער וועלכן עס האָט זיך געטרײסלט אַ ברײטע בײנלאָזע נאָז און דערפילט אין אים אַ ביז גאָר װאַרעמען יונג.

— ווי הײסטו?—האָב איך געפרעגט.

— בעני וועבשטײן,—האָט ער געענטפערט און דערבײ צוגעלײגט:

—טשעמפּיאָן באָקסער אין נאָוואָסקאָשיע.

# דער באָקסער

די דערפאַרונג, וואָס אונזער גרופּע האָט געהאַט מיט דעם קוואַרטיר־מייסטער סערזשאַנט, האָט אים ביי אונז געשטעמפּלט פאַר אַן אַנטיסעמיט און יעדעס מאָל, ווען אימיצער האָט דערפילט אַן אומבאַקוועמלעכקייט אין זיינע שיך, אָדער אין די בגדים, פלעגט ער געוויינלעך אויסרופן מיט כעם אינ׳ם קול:

— אַ מפּלה זאָל קומען אויף דעם פינצטערן אַנטיסעמיט!

אָבער אַז די מפּלה וועט קומען אויף אים טאַקע גאָר אינגיכן פאַר אונזערע אויגן, האָט זיך קיינער פון אונז בשום אופן נישט גערינכט און נאָך ווייניגער האָט זיך אימיצער צווישן אונז געקאָנט ריכטן, אַז נקמה פאַר אונז וועט נעמען נישט קיין אַנדערער ווי דער באָקסער.

אוי איז דאָס געווען אַ פרייד ביי אונז! און מער פון אַלעמען האָב איך זיך געפרייט, ווייל איך בין געווען דער ערשטער, וואָס האָב אין דעם באָקסער דערזען אַ ביז גאָר וואויל יאַט און זיך מיט אים באַפריינדעט.

אויף מאָרגן אין דער פרי, נאָכ׳ן אָוונט, ווען איך האָב זיך באַפריינדעט מיט׳ן באָקסער, באַוויייזט זיך פּלוצלונג אויפ׳ן פּאַראַד, וואו מיר האָבן זיך געמושטירט, דעם סערזשאַנט־מאַיאָר און דעם קאַפּיטאַן.

דער טרענירער האָט אָפּגעשטעלט די מלאכה און דער קאַפּיטאַן ענטפערנדיג אונזער סאַלוט, ווענדט זיך צו אונז מיט דער בשורה, אַז אין דריי טעג אַרום וועלן מיר אָפּפאָרן דורך קוויבעק קיין ענגלאַנד. דאָס איז איינס. און צווייטנס וויל ער וויסן צי עס געפינען זיך נישט צווישן אונז קיין טאַלאַנטן, ווי זינגער, טענצער, אַקראָבאַטן, אָדער עפּעס אַנדערש אַזוינס, וואָרים היינט אָוונט וועט פאָרקומען אין דעם גרויסן קאָליסעאום אַ קאָנצערט. קיינער פון אונז האָט זיך אויף זיין אַרויסרוף ניט אָפּגערופן, כאָטש מיר אַלע האָבן דערוואַרט, אַז אונזער קאָמיקער וועט יאָ אויפהויבן די האַנט. שפּעטער האָט דער קאָמיקער אונזערער דערקלערט, אַז אויף אידיש וואָלט ער יאָ געווען אָנגענומען, אָבער מיט׳ן ענגליש פילט ער זיך נישט איינגאַנצן בשלום. דער קאַפּיטאַן האָט געוואַרט אַ ביסל, אָבער זעענדיג, אַז אונזער גרופּע איז איינגאַנצן „טאַלאַנטלאָז", האָט ער אונז געגומען טרייסטן, אַז איין טאַלאַנט פון אונז וועט יאָ זיין פאַרטראָטן און דאָס איז דער באָקסער בעני וועבשטיין, וואָס וועט זיך שלאָגן צוועלף ראַונדס מיט דעם קוואַרטיר־מייסטער סערזשאַנט.

דערהערנדיג אַז בעני וועבשטיין וועט זיך שלאָגן מיט דעם קוואַרטיר־מייסטער סערזשאַנט אויף וועלכן מיר האָבן אַלע געטראָגן אַ שווער האַרץ און אים געהאַלטן פאַר אַן אַנטיסעמיט, איז אונז געוואָרן נישט זייער פריי־לעך אויף די הערצער, וואָרים אַנטקעגן יענעם סערזשאַנט האָט אונזער

בעני אויסגעקוקט ווי דוד אנטקעגן גלית'ן און יעדער איינער איז געווען זיכער, אז דאָס איז פשוט אן אנטיסעמיטיש שפּיצל, כדי אַלע זאָלן זען, ווי דער סערזשאַנט וועט גלייך ביים ערשטן ראַונד צעקאַרדאַשעווען אונזער בעני'ן.

ווען מיר זיינען פאַרטיג געוואָרן יענעם טאָג מיט אונזער מושטירן זיך, זיינען מיר אַרומגעגאַנגען ווי דערשלאָגענע קעלבער.

עס איז שוין אפילו געווען א פּלאַן, אז מיר זאָלן שיקן אונזער שתדלן צום קאַפּיטאַן מיט א בקשה, אז ער זאָל נישט דערלאָזן אזא חרפּה אויף אונז אין די אויגן פון די קאַנאַדישע און נעגערישע באַטאַליאָנען, וואָס וועלן אויך זיין ביים ספּעקטאַקל, אָבער בעני איז דערפון געוואָר געוואָרן און נישט דערלאָזן.

קיינעם איז גאָר נישט איינגעפאַלן צו פרעגן ביי בעני'ן, וואָס ער אַליין טראַכט וועגן דעם ענין. פּונקט ווי פריער האָט קיינער צו אים ניט גערעדט, נאָר נאָכגעקוקט אים מיט פאַרזאָרגטע אויגן:

— אָרימער בעני, — האָט דער עלטערער אַוורונין שטיל אונטער-געקרעכצט.

— א קלאָג איז צו אונז אַלעמען,—האָט דער מוזיקאַלישער א. באַראָן צוגעהאָלפן אַוורונינ'ס אומעטיגן טאָן.

דער איינציגער וואָס האָט יאָ באַוויזן א פרעג צו טאָן בעני ווערב-שטיינ'ען, וואָס ער טראַכט וועגן דעם ענין, איז געווען מיין ווייניגקייט, ווארים איך האָב זיך דאָך שוין נאָך נעכטיגן שמועס מיט אים געפילט ווי א שטיקל נאָענטער מענטש צו אים.

— איך וועל זיך היינט אָפּרעכענען מיט אים, — האָט בעני מיר שטיל פאַרטרויט, אָבער איך האָב זיין אויסדרוק ניט גענומען ערנסט און אפילו נישט געהאַלטן פאַר נויטיג דאָס איבערצודערציילן פאַר דער חברה.

ווען עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט און אונזער אידישער סערזשאַנט האָט אונז אויסגעשטעלט צום מאַרש, האָט אונזער צעווייטע בלוי-ווייסע פאָן אויסגעקוקט אין אונזערע אויגן זייער נעבעכדיג אין דער אָוונטיגער לופט, ווארים מיר האָבן זיך געריכט, אז מיר וועלן זי היינט צוריק ברענגען א פאַרשעמטע. אפילו אונזער קאָמיקער האָט יענעם אָוונט געפּינטלט אזוי נערוועז מיט זיינע קאָסאָקע אויגן.

בלויז איינמאָל האָט ער א וואָרף געטאָן א חכמה אין דער לופט אַריין, אָבער זי איז געבליבן הענגען, אָט די חכמה, און קיינער האָט פון איר ניט געשמייכלט.

— ווען מען וואָלט געגעבן אונזער בעני'ן א האָן אויף צו שלאָגן כפּרות און נישט אזא געזונטן סערזשאַנט,—האָט דער קאָמיקער געזאָגט, אָבער זאָגנדיג דאָס האָט ער אפילו נישט א קוק געטאָן ארום זיך צו זען ווי מען נעמט אויף זיין חכמה.

ווען מיר האָבן ענדלעך אַריינגעמאַרשירט אינ'ם קאָליסעאום, זיינען

מיר דערשטוינט געוואָרן פון דער ברייטקייט און גרויסקייט פון'ם פּלאַץ, וואָס איז געווען העל באַלויכטן. די גאַלערייען אויף לינקס זיינען געווען פאַרנומען מיט נעגערישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געוואַלדיג געטומלט און די גאַלערייען פון רעכטס זיינען געווען אָנגעפילט מיט קאַנאַדישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך באַמיט איבערצוטומלען די נעגערס און נישט געקאָנט דאָס באַוויזן. אין צענטער איז געווען די זייער שטאַרק באַלויכטענע אַרענע, אויף וועלכער עס וועט באַלד זיך אָפּשפּילן דאָס ספּעקטאַקל פאַר וועלכן מיר האָבן זיך זייער געשראָקן.

צו אונזער איבערראַשונג האָט מען אונז אָפּגעגעבן די סאַמע בכבוד'יגסטע פּלעצער לעבן דער אַרענע. אימיצער האָט באַמערקט, אַז דאָס טוט מען אומיסטן, אַז מיר זאָלן קאָנען צוזען אונזער אומגליק פון דער נאָענט. באַלד איז דער גאַנצער פּלאַץ געוואָרן אָנגעפילט און די פּראָגראַם האָט זיך אָנגעהויבן.

עפּעס האָבן גרימירטע סאָלדאַטן געזונגען, דערנאָך האָט מען געטאַנצט, אָבער מיר האָבן נישט געהערט דאָס געזאַנג און נישט געזען די טענץ, ווייל אונזערע געמיטער זיינען געווען פול מיט דעם קאַמף אין וועלכן מיר וועלן אַלע אנטייל נעמען, כאָטש אויף דער אַרענע וועט זיין בלויז אונזער בעני וועבשטיין.

אָבער איידער דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן איז דאָך געשען עפּעס, אין וועלכן מיר האָבן יאָ אנטייל גענומען. עפּעס אַן אָפיצערל, וואָס האָט אויך אַן אנטייל גענומען אין דער פּראָגראַם, איז אַרויס און אָנגעהויבן צו דערציילן אַ מעשה פון אַ אידן, וואָס איז אונז נישט געפעלן געוואָרן און מיר האָבן אויסגעבראָכן אין אַ שטאַרקן פּראָטעסט.

— בו־בו ! ! ! — האָבן מיר זיך היסטעריש צעשריען און דאָס אָפיצערל האָט געמוזט איבעררייסן אין דער מיט, וואָרים צו אונזער פאַרגעניגן האָבן אויך די נעגערס זיך אָנגעשלאָסן מיט אונז און צוזאַמען מיט אונז געבוקעט.

עס איז אַרויף אויף דער אַרענע דער מאַיאָר, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער פּראָגראַם און אונז גענומען באַרואיגן און איינשטילן :

— העברייער ! — האָט ער זיך צעשריגן — און ווען מיר זיינען שטילער געוואָרן, האָט ער אונז פאַרזיכערט, אַז דער אָפיצער האָט אפילו נישט אין זין געהאַט אונז צו באַליידיגן.

ענדלעך האָט ער אָנגעהויבן צו אַנאָנסירן דעם הויפּט נומער אין דאָס איז געווען דער קאַמף צווישן בעני'ן און דעם קוואַרטיר־מייסטער.

— טשעמפּיאָן פון וועילס ! האָט הינטער זיך א ריי טריאומפן ! א מייסטער מיט זיין לינקער האַנט, וואָס האָט שוין נישט איין באַקסער געוואָרפן צו דער ערד !

— א קלאָג איז שוין צו אונז,—האָט א. באַראָן, וואָס איז געזעסן

לעבן מיר, זיך צעקרעכצט, אָבער באַלד האָט זיך געהערט דעם מאַיאָר׳ס קול, וואָס האָט שוין איצט פאַרגעשטעלט אונזער בעני׳ן.

— טשעמפּיאָן פון נאָוואָסקאָשיאַ! אַ פלינקער באָקסער און זייער געוואַגט און שטענדיג אַגרעסיוו!

די מאַסע האָט געטומלט אַזוי היסטעריש, אַז עס איז געווען אוממעג־לעך צו וויסן ווער צווישן די בײדע באָקסערס איז דער פייוואָריט ביי איר. און מיר האָבן געקוקט און צו אונזער ווייטאָג האָבן מיר געזען דעם סער־זשאַנט אַזאַ גרויסן און בעני אַנטקעגן אים, ווי דוד אַנטקעגן גלית׳ן.

אָבער אַזוי שנעל ווי די שלאַכט האָט זיך אָנגעהויבן, האָט אונזער שטימונג זיך געביטן. און זי האָט זיך געמוזט בייטן, וואָרים אונזער בעני האָט זיך באַוואויגן איבער דער אַרענע בליץ־שנעל און בשעת אונזער שונא׳ס לאַנגע הענט האָבן כסדר געטראָפן אין דער לופט אַריין, האָבן בעני׳ס פויסטן געטראָפן אַט אין דעם קוואַרטיר־מייסטער׳ס אויגן, אַט אין זיין מויל און אַט אויף זיין ברוסט. די גאַנצע מאַסע איז געווען אַזוי איבער־ראַשט, אַז זי האָט אַזש איינגעהאַלטן דעם אָטעם און נישט אַרויסגעלאָזט קיין געשריי.

ערשט ווען דער גלאָק האָט געקלונגען און דער סערזשאַנט איז אָפּגע־פירט געוואָרן אין זיין ווינקל מיט אַ שנירעלע בלוט פון זיין מויל האָט אויסגעבראָכן אַ געוואַלדיגע היסטעריע. פאַרשטייט זיך, אַז אַם שטאַרקסטן איז געווען היסטעריש אונזער אידישע גרופּע. מיר האָבן גאָרנישט גע־קאָנט קומען צו זיך פון איבערראַשונג. פון אַוורונינ׳ס אויגן האָבן טרערן געקאַפּעט.

די ווייטערדיגע ראַונדס זיינען נאָך געווען איבעראַשנדיגער, ווי דער ערשטער. בעני האָט אַזוי געשלאָגן דעם קוואַטיר־מייסטער, אַז עס זיינען שוין געווען געשרייען, אַז מען זאָל אָפּשטעלן. דעמאָלט האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען, וואָס נקמה מיינט. אונזערע האָבן געהאַלטן אין איין שרייען און דוקא אויף אידיש:

— בעני, דערלאַנג אים פאַר מיינע שיך!

— בעני, פאַר מיין ענגן מונדיר!

— בעני, מאַך אים צו דאָס צווייטע אויג!

סוף כל סוף האָט דער מאַיאָר געמוזט אָפּשטעלן. דער סערזשאַנט איז געווען איינגאַנצן אַ צעבלוטיגטער און דאָס רעכטע אויג איז ביי אים געווען איינגאַנצן צוגעמאַכט.

בעני איז דערקלערט געוואָרן דער זיגער און צו אונזער פרייד איז קיין גרעניץ נישט געווען.

מאַרשירנדיג צוריק האָבן מיר נישט נאָר געטראָגן אונזער זיגרייכע בלוי־ווייסע פאָן, נאָר אויך בעני׳ן אויף אונזערע הענט. דאָס שטעטל ווינדזאָר האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אונזערע פרײלעכע געזאַנגען און ווען

מיר האָבן זיך אומגעקערט אין אונזער קאַזאַרמע אַריין, האָט נישט געהאָלפן די דראָאונג פון אונזער סערזשאַנט. מיר האָבן געזונגען און געטאַנצט און פאַר׳ן שלאָפן איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מאָרגן קויפן מיר אונזער העלד בעני׳ן א שיינע מתנה.

פאַרשטייט זיך, אַז אָט דער פאָרשלאָג איז געקומען פון אונזער שתדלן און אויף מאָרגן אין דער פרי האָט ער שוין אָנגעהויבן זאַמלען דאָס קליינגעלט, וואָס יעדער איינער האָט געגעבן מיט פאַרגעניגן.

מען האָט געקויפט בעני׳ן א פאָונטען־פען און איך האָב געהאַט דעם כבוד זי אים אונטערצוטראָגן מיט א דרשה. וואָס איך האָב געזאָגט אין מיין דרשה צו אים געדענקט זיך מיר נישט, אָבער וואָס ער האָט געזאָגט געדענק איך זייער גוט.

— איך נעם די פאָונטען פען מיט איין באַדינג, אַז ווינפער זאָל מיך לערנען שרייבן מיט איר אידיש.

דעם זעלבן אָוונט האָב איך געגעבן בעני׳ן די ערשטע לעקציע אויף אידיש.

# שאַמאָנע עססראַ!

עס איז געווען א רעגנדיגער שבת און רעגנדיג איז אויך געווען ביי אלעמען אויף די געמיטער. עטלעכע פון אונזער גרופע זיינען פלוצלונג קראנק געווארן אויף דער פלו און מען האט זיי צוגענומען אין שפיטאל אריין. באזונדער האט אונז אלעמען זייער שטארק וויי געטאן אויף דעם דר. אווערבוכ'ן, וועמען מיר האבן אלע ליב געהאט פאר זיין גוטמוטיגקייט און ווארעמקייט צו יעדן איינעם פון אונז. א מענטש לגבי אונז שוין ניט קיין יונגער, דערצו אויך נישט קיין איבעריג געזונטער, נעמט ער און לאזט איבער אין די בראנקס א פרוי, א קינד און א גוט איינגעפונדעוועטן דענ־טיסט אפיס און לאזט זיך צוזאמען מיט אונז אפנעמען פאלעסטינע ביי די טערקן.

אפילו ביי אונזער קאמיסער, וואס האט ביי יעדער געשעעניש צווישן אונז געהאט א טרעפלעך ווערטל, האבן זיך די קאסאקע אויגן צעפינטלט מיט פייכטקייט, ווען מען האט דר. אווערבוכ'ן צוגענומען אין שפיטאל אריין.

— איך וועל צוריק קומען אין צייט,—האט דער דר. אווערבוך געזאגט צו דער חברה און אט איז שוין דער לעצטער שבת,—מארגן אדער איבער־מארגן פירט מען אונז שוין צו דער שיף און ער איז נאך אלץ אין אן ערנסטן צושטאנד.

יענעם שבת אין דער פרי האט דער אידישער סערזשאנט גערופן צום דאווגען אן דעם סערזשאנטסקן אנשטעל.

— חברים, צום דאווגען!—האט ער גערופן און חברה האט זיך צו־נויפגעקליבן אין גרויסן שאלאש אריין, וואו עס איז געשטאנען אין דער מיט א טיש מיט אן איבערגעדעקט ספר־תורה'לע לעבן וועלכן דער שתדלן, אנגעטאן אין א טלית'ל איבער'ן האלז, האט געווארט מיט א סידור אין האנט.

דאס דאווגען איז געווען מער א מעכאנישע דורכפירונג פון א מילי־טערישער פליכט, וואס מען דארף איבערקומען. כאטש דער בעל־תפילה האט מיט א זייער ערנסטן פנים און אן אנגעצויגן קול זיך באמיט אויס־צוגארגלען די תפילות, ווי אן אמת'ער חזן.

ביז דער ערשטער קדושה איז אלץ געגאנגען גלאטיג. די מערסטע פון דער גאנצער חברה זיינען געזעסן שטיל, יעדער איינער פארטאן אין זיך מיט זיינע אייגענע מחשבות. די גרויקייט פונ'ם רעגנדיגן פרימארגן, וואס האט אריינגעקוקט דורך די צוויי קליינע פענצטער, האט זיך געלייגט, ווי א צודעק איבער אלעמענס פנים'ער און זיי אויסגעמישט צוזאמען, פון

וואָס עס האָט זיך באַקומען איין גרויסע, גרויע שטיק געדיכטקייט. אפילו די עטלעכע, וואָס האָבן געהאַלטן אָפענע סידורים פאַר זיך, האָבן זעלטן אַ מיש געטאָן די בלעטלעך און עס איז געווען, ווי זיי צוזאַמען מיט זייערע סידורים וואָלטן געווען געמעלן אויף אַ שטיק גרויען לייוונט און נישט קיין לעבעדיגע מענטשן.

ווען עס איז געקומען צו דער ערשטער שמונה־עשרה האָט דער בעל־תפילה געגעבן אַ צייכן צום סערזשאַנט, אַז מען דאַרף זיך אויפשטעלן, האָט דער סערזשאַנט זיך געטאָן אַ כאַפּ אויף ווי פון שלאָף און אויסגע־רופן:

— אויפשטיין! אַלע אויף די פיס! שאַמאַנא־עססרא!

פאַרוואָס חברה האָט זיך דעמאָלט נישט צעלאַכט, פאַרשטיי איך נישט ביז היינט. אפשר האָט דאָס געהאַט צו טאָן מיט דעם רעגן, וואָס האָט מאַנאָטאָן און נודנע געקלאַפּט אויף די שויבן פון די צוויי פענצטער, אפשר אויך איבער דעם באַוואוסטזיין, אַז אָט, אָט און מיר וועלן זיין אויף אַ שיף איבער דעם אַטלאַנטיק אויסגעשטעלט צו די געפאַרן פון דייטשישע סוב־מארינען און אפשר זיינען געווען נאָך אַ סך אַנדערע סיבות, וואָס האָבן פאַרפרוירן דאָס געלעכטער אין די געמיטער, — די קראַנקע חברים אויף דער פּלו, וואָס מען האָט צוגענומען אין שפּיטאָל אריין, די נאָענטע אין ניו יאָרק און אַנדערע שטעט פון די שטאַטן, וואָס וועלן באַלד ווערן וויי־טער און ווייטער אין שטח, אָבער נישט פון די הערצער. און ווער ווייס, וואָס נאָך פאַר אַ סיבות זיינען געווען, וואָס מען האָט זיך נישט צעלאַכט פון דעם סערזשאַנט׳ס באַפעל:

— אויפשטיין! אַלע אויף די פיס! שאַמאַנא־עסרא!

און נישט נאָר האָט מען זיך נישט צעלאַכט, נאָר דאָס אויפשטיין איז געווען אַזאַ אויטאָמאַטיש, אַזוי ווי זיי וואָלטן אַלע אַ צי געווען געטאָן דורך אַ דראָט און געשטאַנען איז מען פאַרגליווערט, אַזוי ווי מען איז פריער געזעסן פאַרגליווערט. בלויז אַ פּאָר מיט די סידורים אין די הענט האָבן זיך אויסגעדרייט צום מזרח, בשעת די איבעריגע זיינען געבליבן שטיין אַזוי ווי זיי האָבן זיך אויפגעשטעלט און געשטאַנען איז מען אָט אַזוי אויך, ווען דער בעל־תפילה האָט אָנגעהויבן זאָגן אין דער הויך די שמונה־עשרה.

אָבער אָט איז געקומען צו דער קדושה און ווען דער בעל־תפילה האָט זי אָנגעהויבן, האָט זיך פּלוצלונג דערהערט נאָך אַ קול, וואָס האָט זיך צעציקלט און איז זיך פאַרגאַנגען אַזוי קונציג, אַז אַלע האָבן אויפגעוואַכט און גענומען דרייען די קעפּ צום בעל־דבר פון׳ם קול:

נקקקד...שך, וונגנעריצך!!! — האָט זיך געציקלט און איז זיך פאַרגאַנגען דאָס קול, וואָס האָט אינגאַנצן איבערגעדעקט דאָס קול פון׳ם בעל־תפילה און דאָ האָט די חברה ביסלעכווייז אָנגעהויבן פריער דין און וואָס ווייטער אַלץ ברייטער צו שמייכלען, וואָרים אונזער קאָמיקער איז

געשטאַנען מיט דער רעכטער האַנט צוגעלייגט צום אויער, דאָס פּנים פאַר־ריסן צו דער סטעליע, אַזוי אַז זיינע קאַסאַקע אויגעלעך האָבן זיך גאָר־נישט געזען, אָבער דערפאַר איז זיין לאַנגע און פאַרדרייטע נאָז געווען נאָך פיל אָנזעענדיגער.

דער עלטערער אוורונין האָט אפילו געפּרובירט אויסצודריקן זיין אומצופרידנקייט מיט׳ן קאַמיקער:

— נו, אַ, פע, קדושה!—האָט ער זיך צעמורמלט צו די שכנים אַרום אים, אָבער זעענדיג, אַז נישט נאָר די סאָלדאַטן, נאָר אפילו דער בעל־תפילה און דער סערזשאַנט שמייכלען, האָט ער זיך אויך צעשמייכלט און אונזער קאָמיקער האָט זיך נאָך מער צעציקלט און זיך נאָך טיפער פאַר־גאַנגען און דערמיט צוריקגעבראַכט דאָס לעבן ביי אַלעמען, וואָס איז די גאַנצע צייט פריער געווען איינגעגליווערט.

ווען עס איז געקומען צו קריאת־התורה איז שוין די חברה געווען אַזוי לעבעדיג, אַז דער בעל תפילה, וואָס איז אויך געווען דער בעל־קורא, האָט שוין געמוזט אָנקומען צום סערזשאַנט, אַז ער זאָל איינשטילן די חברה, וואָרים זיין פּאַטשן מיט דער האַנט איבער דעם שלחן האָט שוין נישט געהאָלפן.

— רעספּעקט פאַר דער טאָרא! — האָט דער סערזשאַנט זיך צע־שריען, אָבער חברה האָט זיך אַלץ געשטיקט פון געלעכטער און ווי אַזוי האָט מען זיך דען געקאָנט איינהאַלטן, אַז יעדעס מאָל, ווען דער בעל־קורא האָט אימיצן אויפגערופן, איז דער קאָמיקער אַריינגעפאַלן:

— יעיעמודדד רב יעקל ברב פּלעקל, — האָט ער געטאָן אַ ציקל אויס און ווען דער סערזשאַנט האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט פאַרוואורף אין די אויגן, האָט ער אַ שפּרייט געטאָן מיט די הענט און אים אָפּגעענטפערט מיט אַזאַ טאַמעוואַטן ערנסט אין די קאַסאַקע אויגעלעך, ווי ער וואָלט דער־מיט דערקלערט דעם סערזשאַנט:

— וואָס טו איך דען? איך העלף דאָך בלויז אונטער און מער גאָר־נישט.

נאָך קריאת־התורה האָבן זיך גענומען הערן אויסרופן, אַז אימיצער זאָל האַלטן אַ רעדע. דער שתדלן, וואָס איז היינט געווען אויך דער בעל־תפילה און דער בעל־קורא, האָט אויפגעכאַפּט די צודופן און האָט מיט גרויס ערנסט אויף זיין אויסגעדאַרט פּנים באַמערקט:

— עס וואָלט טאַקע נישט געווען קיין עולה,—האָט ער געזאָגט.

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט דעם באַסער בעני וועבשטיינ׳ס קול פון אַ ווינקל אַרוים:

— זאָל וויינפער עפּעס זאָגן!

דער שתדלן האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר, אָבער איך האָב זיך אָפּגע־זאָגט פון כבוד.

מען האָט אויסגערופן נאָך עטלעכע נעמען, אָבער אָנגענומען האָט דער איינציגער ז. ברכות.

איך געדענק, אַז ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן און זיך געלאָזט צום שלחן, האָב איך אים נאָכגעקוקט מיט א שמייכל און מיט וואַרעמקייט. זיין שריפטשטעלערישע אַרבעט איז מיר דעמאָלט געווען באַקאַנט פון זיין בוך: „אונטער׳ן שטן פון חרמון”, וואָס ער האָט אויפגעשריבן, זייענדיג מיט עטלעכע יאָר צוריק א שומר אין די אידישע קאָלאָניעס פון פאַלעסטינע, און ער אַליין איז מיר געווען באַקאַנט אין יענער צייט מערסטנס דערמיט, וואָס ער איז געווען דער מאַן פון דער שריפטשטעלערין רחל לוריע, וואָס איז געווען מיינע א גוטע פריינדין, אָבער דער עיקר איז ער מיר געווען ביז גאָר נאָענט מיט דער געזונטקייט פון זיין אויסזען און מיט דער ביז גאָר וואוילער פשטות, וואָס האָט אַרונטערגעקוקט פון זיין מוסקולירטן און פויערשן פנים.

ווען ער האָט זיך געלאָזט צום שלחן האָב איך דערוואַרט פון אים א רעדע, א פשוט׳ע, אָן געמאַכטן עקסטאַז און הויכע, קלינגענדיגע ווערטער.

אַזוי איז זי טאַקע געווען, די רעדע זיינע, אָבער דאָך אינגאַנצן אַנדערש, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט.

ווען ער איז צוגעקומען צום שלחן, איז זיין פנים פלוצלונג זייער בלאַס געוואָרן. גרינע פייערלעך האָבן זיך צעצונדן אין זיינע אויגן און זיין קול האָט אָנגעהויבן זייער שטאַרק צו ציטערן:

— מיר האָבן היינט געהערט לייענען די סדרה לך־לך,—האָט ער אָנגעהויבן און זיין קול האָט זיך נאָך מער צעציטערט.

אַקוראַט די ווערטער פון זיין רעדע געדענק איך נישט, אָבער דעם אינהאַלט פון דער רעדע געדענקט זיך מיר זייער גענוי. עס איז געווען וועגן דעם, וואָס זינט מיר אידן זיינען א פאָלק געוואָרן איז כסדר געווען „לך־לך”. נאָר געגאַנגען און געגאַנגען אָן אן אָפּשטעל און אָן אן אויפהער און אַט גייען מיר שוין איצט ווידער.

פלוצלונג איז ז. ברכות אַנטשוויגן געוואָרן. זיין קאָפּ איז אַרונטערגעפאַלן צו זיין ברוסט, און טרערן האָבן גענומען זיך קייקלען איבער זיינע באַקן. א טייל פון דעם עולם האָט שטיל גענומען מיטוויינען. אפילו דער קאָמיקער אונזערער און דער סערזשאַנט האָבן זיך געווישט די אויגן.

דעם סוף פונ׳ם דאַוונען אין יענעם לעצטן שבת אין ווינדזאָר, נאָוואַ־סקאָשיע, געדענקט זיך מיר שוין נישט. די איבערלעבונג מיט ז. ברכות׳עס געוויין האָט עפּעס, ווי אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען שפּעטער, איבערגעדעקט. איך געדענק נאָר, אַז דעם שבת׳דיגן מיטאָג האָט מען געגעסן שווייגענדיגע און דערנאָך איז מען זיך צעגאַנגען אין די ווינקלען. ווער עס האָט זיך געזעצט שרייבן א בריוו צו אייגענע און ווער עס האָט זיך אויסגעצויגן

אויף זײַן נאַרע און זיך צוגעהערט צום אומאויפהערלעכן קלאַפּן פֿון׳ן רעגן אויף יענער זײַט וואַנט.

ערשט נאָכ׳ן אָוונט־ברויט האָט דער רעגן אויפגעהערט און חברה האָט זיך געלאָזט איבער׳ן שטעטל. ווער עס איז געגאַנגען גלאַט אַזוי, ווער כּדי צו ברענגען צוריק שפּעט אין אָוונט אַן אויסגעטראַכטע אַוואַנטורע און אַנדערע זײַנען געגאַנגען אין שפּיטאָל אויסצוגעפֿינען וועגן דעם צושטאַנד פֿון די קראַנקע חברים. איך בין אויך צוגעגאַנגען צום שפּיטאָל און פֿון דאָרט האָב איך זיך געלאָזט צו די צוויי אַלטיטשקע, מיט וועלכע עס האָט זיך מיר אומבאַדינגט געוואָלט געזעגענען, וואָרים איך בין נישט געווען זיכער צי דאָס איז שוין דער לעצטער אָוונט אינ׳ם שטעטל. צו מײַן גרויסן באַדויערן איז דער אַלטיטשקער יענעם אָוונט געווען בײַ דער אַרבעט און נאָר די אַלטיטשקע האָט מיך אויפגענומען.

אויסגעפֿינענדיג, אַז איך פֿאָר שוין אָפּ קיין ענגלאַנד, האָט זי זיך שטיל צעוויינט און אַזוי ווי דער אַלטיטשקער איז נישט געווען דערבײַ זי צו באַרואיגן, האָב איך דאָס געטאָן. זי האָט אָפּנים פֿאַרגעסן, אַז איך בין אַ ייִד און בײַם געזעגענען זיך האָט זי מיך איבערגע׳צלמ׳ט און געוואונטשען, אַז גאָט זאָל מיך באַשיצן.

# אויף דער שיף קיין ענגלאַנד

מיר האָבן איבערגעלאָזט ווינדזאָר אין גוואַלדיגער איילעניש.

די רייזע אויף דער באַן דורך דער נאַכט איז געווען אַן ענלעכע, ווי די רייזע פון ניו יאָרק קיין ווינדזאָר. נישט מער וואָס אין דער ערשטער באַן האָבן מיר שטיל אין זיך געבענקט צוריק קיין ניו יאָרק, וואו מיר האָבן איבערגעלאָזט שטיקער פון זיך, בשעת אין דער צווייטער באַן האָבן מיר נישט נאָר נישט געבענקט נאָך ווינדזאָר, נאָר אדרבה, מיר זיינען געווען ביז גאָר צופרידן איבערצולאָזן די לאַנגוויל און אריינפאָרן אין א נייער איבערלעבונג.

און אָט זיינען מיר שוין אויף דער שיף קיין ענגלאַנד. דערוויל רירט זי זיך נאָך נישט פון אָרט. זי שטייט נאָך אַלץ אין האַפן פון קוויבעק און מיר מיט אונזער געפּעק זיינען צונויפגעדריקט, ווי די גענז אין א שטייג, אויף איין טייל פון דער שיף־דעק, בשעת די אַנדערע טיילן ווערן בים־לעכווייז אָנגעפילט מיט אַנדערע מינים סאָלדאַטן,—נעגערשע און ווייסע, וועמענס אוניפאָרמס זיינען כמעט די זעלבע, ווי אונזערע, נאָר די עמבלע־מען אויף די אוניפאָרמס זיינען פאַרשיידענע.

עס איז צווישן זעקס און זיבן אין דער פרי אין א טאָג פון נאָוועמ־בער ניינצן אכצן. די לופט איז פייכט און גרוי און בייסיג. אונזער גרו־פּע שטייט אַן אויסגעמאַטערטע, א האַלב־פאַרשלאָפענע אויפ׳ן דעק און קוקט שווייגנדיג אויף דער שטאָט קוויבעק. וואָס איז נאָך פונקט אזוי פאַרשלאָפן, ווי אונזער גרופּע.

עס זעען זיך פון דער ווייטנס הויפנס צוזאַמענגעדריקטע גרוי׳ע מויערן און גרויע רויכלעך, וואָס ציען זיך קרייזלדיגע פונ׳ם ווינט און ווערן אויפ־געלייזט אין דער גרויער הויך, וואָס איז איבער זיי.

די נאָענטקייט פונ׳ם האַפן איז מיר געווען שווער צו זען, ווייל אַנ־דערע האָבן פאַרבאַפּט דעם פאַרענטש. האָב איך בלויז געהערט פון צייט צו צייט די מיליטערישע אויסרופן, וואָס האָבן אויפגעקלונגען אין דער פריער מאָרגן לופט, ווי דאָס האַווקען פון גרויסע און בייזע הינט:

— פירט זיך אין פירן! צווייט זיך אין צווייען! לינקס! רעכטס! שנעל! מאַרש!

שטייענדיג אזוי שעה׳ענווייז אויפ׳ן דעק, האָבן מיינע אויגן גערוט אַף דעם אָפּגאָס פונ׳ם ים, וואָס האָט זיך וואָס ווייטער און ווייטער אָנגעהויבן צו צעהעלן אונטער דעם אויפגייענדיגן טאָג. עס איז געווען אַן אויפ־גייענדיגער טאָג, וואָס האָט געהאַלטן די זון הינטער די קליידער און זי האָט דערפאַר בלויז דורכגעשיינט און נישט געשיינט דירעקט.

קוקנדיג אויפ׳ן אָפּגאָס פונ׳ם ים, האָבן דערוויל מיינע נאָזלעכער פאַרנומען דעם ריח פון דער שיף, וואָס האָט מיר דערמאָנט דעם ריח פון אַן אַנדער שיף, וואָס האָט מיך מיט עטלעכע יאָר פריער געפירט פון איי־ראָפּע קיין ניו יאָרק.

יענע שיף!

פערצן טעג האט זי זיך געוויגט איבער די צעבוי־טעטע כוואליעס פון האמבורג קיין **ניו יארק און איך,** אן אפגעריסן צווייגל פון א בוים, וואס האט געוואָרצלט ערגעצוואו אין א שטעטעלע טריסק אין דער וואלין, בין געפירט געוואָרן צו א נייער ערד זיך איבערצואוואָרצלען אליין אויף מיין אייגענעם חשבון און מיט די אייגענע כחות.

ווי לאנג בין איך דאס געווען אין ניו יארק? עפעס מער ווי צוויי יאר און געוואָרצלט האט זיך אויך נישט, ווי עס באדארף צו זיין. די שעפער וואו איך האב געארבעט האבן נישט איבערגעלאזט קיין בענקשאפט נאך זיך, אזוי די ארימע הייזער, וואס איך האב געפארבט, סיידן די עטלעכע אידישע מיידלעך מיט וועלכע איך האב פון צייט צו צייט גע־שפאצירט אין די פארקן פון ניו יארק און געקראגן פון זיי פון צייט צו צייט א ביסל צערטלעכקייט. דער עיקר'ש צוויי פון אט די מיידלעך.ביידע שווארץ־אויגיגע און אזעלכע וואוילע. זיי האבן געוויינט ווען איך האב זיך מיט זיי געזעגנט און געזאגט, אז זיי וועלן בענקען נאך מיר.

אבער ווי שטארק איז מיין בענקשאפט נאך זיי?

איך האב זיך דערמאנט אן דער בענקשאפט, וואס איך האב געטראגן אין זיך, ווען יענע שיף האט מיך געפירט פון האמבורג קיין ניו יארק און אך, ס'ארא אונטערשייד!

דעמאלט בענקשאפט צום אייגענעם וואָרצל. בענקשאפט נאך דער מאמען, נאך דער משפחה, נאך דער ערד, וואס האט מיך אויסגעהאָדע־וועט. אמת, א שווערע האָדעוואניע געווען. ארימקייט און דחקות און פון צייט צו צייט א שווערע, פאלנדיגע רוט איבער'ן יונגן לייב, אבער דאך אייגענע ערד, אייגענע היים, און ניו יארק?...

אפילו דאס קליינע, מילכיגע רעסטאראנדל אויף איסט בראדוועי, אויף וועמעס נאקעטע טישלעך עס זיינען געקומען צום אויסדרוק מיינע ערשטע לידער, איז דאך אין תוך געווען און איז געבליבן פרעמד און קאלט צו מיר.

די יונגע שריפטשטעלער, מיט וועלכע איך בין זיך צונויפגעקומען כמעט יעדן אוונט אין אט דעם רעסטאראנדל, האבן פארמאגט אזוי וויי־ניג ווארעמקייט אין זיך, אז עס האט זיי קוים געקלעקט זיך אליין ווי סע נישט איז איינצוודעקן דערמיט, איז ווי זשע האבן זיי געקאנט אפשפארן א ביסע־לע פאר א נייעם,—אן ערשט צוגעקומענעם?

און דאך האב איך שטייענדיג אויפ'ן דעק פון דער שיף, וואס וועט באלד, באלד מיך אנהויבן צו פירן פון דעם אמעריקאנישן קאנטינענט צוריק קיין אייראפע, געפילט א בענקשאפט אין זיך נאך ניו יארק.

ווען עס איז ענדלעך געקומען דער באפעל, אז אונזער גרופע זאל זיך אנהויבן צו רירן און זיך ארונטערגעלאזן אין דעם בויך פון דער שיף, האב איך זיך נישט געאיילט, ווי חברה ארום מיר. איך האב אויפגעהויבן מיין געפעק פאמעלעך און נאכגעגאנגען צווישן די סאמע לעצטע אין דער ריי.

דאָס וואָס די פריערדיגע פאַר מיר וועלן אפשר פאַרכאַפּן די באַקוועמערע פּלעצער פאַר זיך האָט מיך נישט געאַרט.

— זאָלן זיי,—האָב איך צו זיך געזאָגט, און דערביי געהאַט דאָס גע־פיל פון רעזיגנאַציע.

און ווי אַנדערש האָב איך זיך אין יענעם מאָמענט דען געקאָנט פילן, אויב נישט קיין רעזיגנירטער?

די סאָלדאַטשינע, ווי איך האָב זי שוין באַוויזן צו זען פאַר די פּאָר וואָכן אין ווינדזאָר, האָב איך פּיינט געקראָגן מיט יעדן פיבער פון מיין וועזן. די מלחמה, וועלכע האָט געדאַרפט געבוירן דאָס אידישע היימלאַנד, האָט מיר איצט אויסגעקוקט, ווי א טראַגעדיגע פרוי, וואָס איז קראַנק אויף אַלע אירע גלידער און ווער ווייסט, צי דאָס געבוירענע קינד וועט אויס־קוקן? פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען דער שתדלן פון אונזער גרופּע, וואָס פאַרט קיין פּאַלעסטינע ווערן א גרויס־פּאָליטיקער. דער גאַנצער ראָמאַנטיזם וועגן דער ערד פון אונזערע אָבות איז עפּעס, ווי פאַר־בלייכט געוואָרן אין מיין געמיט. אָנשטאָט דאָס געוויין פון אונזער מוטער רחל, וואָס שטייט אויף יעדע נאַכט פון איר קבר און באַקלאָגט אירע היימ־לאָזע קינדער אויף דער ערד, האָב איך געהערט דאָס געוויין פון מיין איי־גענער מאַמען, וואָס איז געווען א סך שטאַרקער אין מיינע אויערן, ווי דאָס געוויין פון אונזער מוטער רחל.

דער פרימאָרגן האָט פון א טונקעלער גרויקייט זיך ביסלעכוויז גע־ביטן אין העלערער גרויקייט, אָבער ווען איך האָב זיך שוין ענדלעך דערזען ביים אריינגאַנג דורך שמאָלע הילצערנע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צום אינעווייניג פון דער שיף, איז מיר אנטקעגן געקומען א געדיכטע נעבלדיג־קייט, דורך וועלכער עס האָבן זיך דורכגעשלאָגן פאַרנעבלטע קוקערלעך פון קליינע, עלעקטרישע לעמפּעלעך. ווען איך בין ארונטער א ביסל טי־פער, האָט זיך פאַר מיינע אויגן אויסגעשפּרייט א גרויסער, פאַרדעמפטער קעלער, וואָס איז געווען דורכאויס אָנגעפילט מיט גרויע לייווענטענע האַ־מאַקעלעך, וועלכע זיינען געהאַנגען איינע לעבן די אַנדערע אויף שטריק, וואָס זיינען געווען צוגעטשעפּעט צו דער סטעליע פון׳ם קעלער. די מער־סטע האַמאַקעלעך זיינען געווען פאַרנומען מיט געפּעק און לעבן יעדן איי־נעם איז געשטאַנען א סאָלדאַט און געוואַרט אויף ווייטערע באַפעלן פון די העכערע ראַנגען.

אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז מיין נישט איילן זיך האָט מיר דווקא גע־געבן איינס פון די בעסטע פּלעצער, וואָרים דאָס האַמאַקעלע, וואָס איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן, איז געווען לעבן די שטיגן, וואָס האָבן געפירט צום ארויסגאַנג. דאָס האָט מיך פאַרזיכערט מיט א ביסל מער לופט און מיר איינגעשפּאָרט זיך צו פּלאָנטערן צווישן אַזוי פיל האַמאַקעלעך ביז איך זאָל געפינען מיינעם.

איך האָב ארויפגעוואָרפן מיין געפּעק אין מיין האַמאַקעלע און זיך געשטעלט וואַרטן צוזאַמען מיט אַלעמען אויף ווייטערדיגע באַפעלן.

# לייבצודאַקן

ענדלעך איז געקומען דער באַפעל אַרויפצומאַרשירן צוריק אויפ'ן דעק. עס איז געווען אַ מחיה צו דערפילן די פרישע לופט און צו לאָזן די בליקן איבער דעם ים. די זון האָט זיך דאָך באַוויזן, ווי עס נישט איז זיך דורכגעריסן צווישן די גרויע וואָלקנס, און איצט האָט זי זיך פריי אומגע־שפּילט מיט די כוואַליעס, וועלכע האָבן זיך געוואָרפן איינע איבער די אַנדערע, ווי שטיפנדיגע שווימער ביי אַ ברעג. אָבער איצט האָט זיך דער ברעג שוין קוים געזען. דער האַפן פון קוויבעק איז שוין געווען היפּשלעך ווייט הינטער אונז.

מען האָט אונז אויסגעשטעלט, אויסגערופן די נעמען און ביי יעדן אויסרוף איז געקומען אַ קנאַקענדיגער ענטפער, אַז מען איז דאָ אויפ'ן אָרט. פון די קנאַקנדיגע ענטפערס, וואָס האָבן זיך געטראָגן אין דער ריינער, קאַלטער לופט אַריין, איז אונז געוואָרן קלאָר, אַז אין אַלע ווינק־לען פון דעם דעק קומט פאַר דאָסזעלביגע מיט אַנדערע סאָלדאַטן־גרופּן, וואָרום אויף אָט דער שיף זיינען אָפּגעפאָרן פון קאַנאַדע קיין ענגלאַנד אויך אַנדערע מינים סאָלדאַטן אויסער אונזער לעגיאָנערן־גרופּע.

ווען אונזער אידישער סאַרדזשענט איז פאַרטיג געוואָרן מיט דעם איבערציילן, אויסרופן די נעמען און אויסגלייכן אונזערע רייען, האָט ער אונז איבערגעגעבן צום סערדזשאַנט־מאַיאָר און דער לעצטער האָט אונז דעמאָלט איבערגעגעבן מיט אַ פייערלעכן סאַלוט צו דעם קאַפּיטאַן, וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צייט אין אַ זייט, דרייענדיג רואיג און ביי־זאכט איינע פון זיינע בלאַנדע וואָנצעס.

וואָס עס האָט זיך אונז יענעם פרימאָרגן געוואָרפן אין די אויגן אינ'ם אויסזען פונ'ם קאַפּיטאַן איז געווען נישט נאָר זיין דרייען זיך די וואָנצע, נאָר אויך דאָס, וואָס עס האָט געפּעלט די ליולקע אין זיין מויל, מיט וועל־כער ער האָט זיך פריער קיינמאָל נישט געשיידט און עפּעס אַ ווייסע אָנגע־בלאָזענע זאַך, וואָס ער האָט געטראָגן אַריבערגעוואָרפן איבער זיין האַלז און פאַרבונדן איבער זיינע לענדן.

עמיצער האָט שטילערהייט באַמערקט, אַז אָט־די ווייסע, אָנגעבלאָזענע זאַך, וואָס אונזער קאַפּיטאַן האָט אויף זיך אָנגעטאָן, קוקט אויס, ווי אַ חושן־ואפוד, וואָס דער כהן־גדול פלעגט טראָגן אין בית־המקדש ביי דער עבודת־הקודש, אָבער דאָ האָט זיך אַריינגעמישט אונזער קאָמיקער און געזאָגט, אַז דאָס הויבט זיך נישט אָן און לאָזט זיך נישט אויס, וואָרום פונ'ם חומש ווייסט ער געוויס, אַז אַ חושן־ואפוד דאַרף זיין פון זייער פיינעם געשטיקטן שטאָף און אָט דאָס, וואָס דער קאַפּיטאַן טראָגט אויף זיך, איז פון פּראָסטן לייוונט און דערצו פעלן דאָך די נעמען פון די צוועלף שבטים, וואָס זיינען געווען אויפ'ן חושן־אפוד.

אָט אזוי האָט דער קאָמיקער אַרגומענטירט און די קאָסאָקע אויגן

האָבן ביי אים געפּינטלט אַזוי, אַז מען האָט בשום אופן נישט געקענט ווּיסן, צי ער חכמה'עט זיך, אָדער ער רעדט דאָס אַזוי אויס ריינער נאַאיוויטעט.

— וואָס־זשע דען איז דאָס? — האָט עמיצער אומבאַדינגט געוואָלט, אַז דער קאָמיקער זאָל אים באַלערנען.

— אַ לייבצודאַק, — האָט דער קאָמיקער דערקלערט מיט גרויס ערנסט אויף זיין פּנים.

— אַ לייבצודאַק?

— יאָ, אומבאַדינגט אַ לייבצודאַק, וואָס־זשע, דו זעסט דען נישט אַליין, אַז דאָס איז אַ לייבצודאַק — איז דער קאָמיקער באַשטאַנען אויף דעם זייניגן.

— וואָס עפּעס פּלוצלונג אַ לייבצודאַק?

— עס איז דאָך אַ אידישע אַרמיי, — האָט דער קאָמיקער דערקלערט און דאָס פּנים איז ביי אים געווען אַזוי ערנסט, אַז דווקא אָט די ערנסטקייט האָט געמאַכט אַלעמען אַרום אים צו שמייכלען.

דאָ האָט אונזער אידישער סערדזשאַנט דערהערט, אַז אין די הינטער־שטע רייען קומט עפּעס פאָר און ער האָט זיך אָנגעבלאָזן ווי אַן אינדיק.

— שטיל דאָרט! וואָס האָט מען זיך דאָרטן צעהירזשעט, ווי די פערד?

חברה האָט זיך געטאָן אַ גלייך אויס און מער ווי דאָס רוישן פון די כוואַליעס אויפ'ן ים האָט מען שוין נישט געהערט.

ווען דער אידישער סערדזשאַנט האָט אונז איבערגעגעבן צום סער־דזשאַנט־מאַיאָר, האָט דער לעצטער אַ דונער געטאָן אויף אונז:

— אַכטונג!

מיר האָבן זיך אַ צי געטאָן, ווי סטרונעס אויף אַ פידל, די בריסט און פּנים'ער פאָראויס אין פולער פאַרגליווערטקייט, וואָס מיר וואָלטן זיך אין איין רגע פאַרוואַנדלט אין ליימענע גולם'ס.

ערשט דעמאָלט האָט דער סערדזשאַנט־מאַיאָר זיך אַ דריי געטאָן אויפ'ן אָפּצאַס צום קאַפּיטאַן און נאָך אַ פייערלעכן סאַלוט אים געלאָזט ווּיסן:

— אַלץ אין אָרדענונג, מיין הער!

דער קאַפּיטאַן, נאָך אַלץ מיט דער האַנט ביי דער וואָנצע, האָט אויף אונז אַ קוק געטאָן ···א מיט אַ גוטמוטיגן בליק און אונז געהייסן צוריק זיך אויעקשטעלן לייבנז און נאַטירלעך און הערן זייער אויפמערקזאַם, וואָס ער האָט אונז איצט צו זאָגן.

— העברייער! — האָט ער אָנגעהויבן — און אָנגעשטעלט זיינע אויגן אויפ'ן ים, ווי ער וואָלט אין'ם געשלעג פון די כוואַליעס געוואָלט געפינען די ריכטיגע ווערטער, וואָס ער האָט זיך געקליבן אונז צו זאָגן.

ענדלעך האָט ער זיך אויסגעדרייט מיט'ן פולן פּנים צו אונז און געזאָגט:

— מיר זיינען איצט אויפ'ן ים און דאָס מיינט, אַז מיר זיינען שוין

טאַקע איצט אין קריג און אפשר נאָך אין אַ גרעסערער געפאַר, ווי מיר וואָלטן איצט געווען אויפ'ן שלאַכטפעלד.

— אויפ'ן שלאַכטפעלד קאָנסטו זיך פאַרטיידיגן. עס איז אָדער יענער, אָדער דו. אָבער דאָ אויפ'ן ים, אַז אַ סובמאַרין שיקט אַ טאָרפּידאָ אין דײַן שיף, ביזטו הילפלאָז און דער איינציגער וועג זיך צו ראַטעווען איז דער רעטונגס־גאַרטל און דאָס שיפל.

די כוואַליעס איבער'ן ים האָבן זיך געוואָרפן איינע איבער די אַנדערע, ווי פריער, אָבער איצט האָבן זיי מער נישט אויסגעקוקט אין אונזערע אויגן ווי שטיפנדיגע שווימער בײַ אַ ברעג, נאָר ווי צעבלאָזענע, טונקעלע קאָלדרעס, וואָס דעקן צו שונאים, וואָס לאָקערן שוין אויף אונז און ווער ווייסט, ווי נאָענט מיר זײַנען ווירקלעך פון אַן אַטאַקע.

דאָ האָט אונזער קאַפּיטאַן פאַר אונז איבערגעלייענט אַ גאַנץ צעטל מיט אינסטרוקציעס און דערבײַ שטאַרק באַטאָנט, אַז אַלע אינסטרוקציעס זײַנען פאַר אונזערע אייגענע אינטערעסן.

— יעדער איינער וועט קריגן אַ רעטונגס־גאַרטל, וואָס מיר דאַרפן שטענדיג טראָגן אויף זיך.

— קיינער טאָר נישט רויכערן אויפ'ן דעק און אודאי און אודאי נישט ווען עס ווערט טונקל, כדי דאָס פייער פון אונזערע סיגאַרעטלעך זאָל נישט דערזען ווערן פון דעם שונא.

— צוויי מאָל אַ טאָג וועלן מיר גערופן ווערן אויף דעם זעלביגן פּלאַץ, וואו מיר שטייען איצט, כדי זיך צוגעוואוינען, אַז אין אַ מאָמענט פון אַ געפאַר־סיגנאַל זאָלן מיר זיך נישט פאַרלירן און וויסן גענוי דאָס פּלאַץ אויפ'ן דעק פון וואַנען זיך צו ראַטעווען.

דאָ האָט ער אונז אָנגעוויזן אויף אַ רייע רעטונגס־שיפלעך, וואָס זײַנען געהאַנגען פאַר אונזערע אויגן, און געזאָגט:

—נאָכמיטאָג וועט דער סערדזשאַנט־מאַיאָר אייך ווייזן, ווי אַזוי איר דאַרפט זיך באַגיין מיט אָט־די שיפלעך אין אַ מאָמענט פון אַ געפאַר־סיגנאַל און דערווײַל וועט זײַן גענוג. איצט וועט דער סערדזשאַנט־מאַיאָר אייך נעמען עסן.

דער סערדזשאַנט־מאַיאָר האָט ווידער סאַלוטירט דעם קאַפּיטאַן און אונז אָנגעהויבן צו קאָמאַנדירן:

— אכטונג! פנים'ער רעכטס! לינקס־רעכטס!

נאָכ'ן עסן האָבן מיר זיך אַלע אָנגעטאָן די רעטונגס־גאַרטלען און זיך ווידער געלאָזט אויפ'ן דעק זיך גענוי צו באַקענען מיט די רעטונגס־שיפלעך, אויף וועלכע מיר האָבן איצט געקוקט סיי מיט גרויס פחד און סיי מיט גרויס אינטערעס.

אָבער די רעטונגס־גאַרטלען האָבן שוין סיי־ווי־סיי בײַ אונז געהייסן „לייבצודעקלעך”, וואָרום פונקט ווי פרומע אידן באַטראַכטן די לייבצודעקלעך פאַר אַ שוץ געגן שדים, אַזוי האָבן מיר געקוקט אויף די רעטונגס־גאַרטלען, ווי אַ שוץ געגן די קאַלטע, טונקעלע ים־כוואַליעס.

# א מאָדנער קאַפּיטאַן

די שיף אין דרויסן איז געווען איינגעזונקען אין פינצטערניש. קיין סימן פון קיין ליכט האָט זיך ניט געזען און עס איז דערפאַר געווען אומ־מעגלעך אַרום צו שפּאַצירן, וואָרום מען האָט זיך געקאָנט אָן עפּעס אָנ־שלאָגן. איז מען געזעסן אין גרופּסקעלעך און שטיל גערעדט צווישן זיך.

איך געדענק זייער גענוי, אַז דער שמועס אין מיין גרופּקע איז געווען וועגן סאָבמארינען. יעדע מעשה וואָס עמיצער האָט געלייענט אין א צייטונג וועגן א סאָבמארין־אַטאַקע איז שטיל איבערדערציילט געוואָרן און א דעבאַטע איז אָנגעגאַנגען וועגן דעם צי עס איז בעסער, ווען די נעכט זיינען פינצטער, ווי די פינצטערע נאַכט, וואָס איז דעמאָלט געווען אויסגעשפּרייט אַרום אונז, אָדער עס איז בעסער, ווען די נאַכט איז א לבנה׳דיגע.

— אין א לבנה׳דיגער נאַכט קאָן מען כאָטש זען ווי זיך צו ראַטעווען פון אומגליק, — האָט איינער געלערנט דעם פּשט און איז באַלד איבער־געריסן געוואָרן פון א צווייטן:

— גיי שוין גיי, דו נאַר איינער! ווען מיר וואָלטן חלילה אַטאַקירט געוואָרן, וואָלט גלייך אונזער שיף שטאַרק באַלויכטן געוואָרן פון ריזיגע פּראָזשעקטאָרס, וואָס הענגען אויף איר.

— און די דייטשן קאָנען נאָר די פּראָזשעקטאָרס ניט אַרונטערשיסן?

— איז א דריטער אַריינגעפאַלן מיט א פראַגע אויף וועלכער קיינער האָט קיין ענטפער ניט געהאַט.

איז מען דערפאַר אַנטשוויגן געוואָרן און א לענגערע צייט זיך צוגע־הערט צום גערויש פון די כוואַליעס.

די דערלויבעניש צו זיין אויפן דעק ביז צען אַזייגער האָט קיינער ניט אויסגענוצט. יאָ שלעפעריג, צי ניט שלעפעריג, אָבער אויסצוציען די גלידער נאָך אַזאַ שווערן טאָג האָט יעדערער געהאַט א באַדערפעניש און מען האָט שטילערהייט זיך אָנגעהויבן אַרונטערצולאָזן אין דער טיפע־ניש פון דער שיף, — יעדער איינער צו זיין האַמאַקעלע.

אינווייניג איז אויך ניט געווען איבעריג ליכטיג. בלויז עטלעכע געציילטע לעמפּעלעך איבער דעם ברייטן שטח. האָט גענומען א לאַנגע צייט ביז עמיצער האָט געפונען זיין מקום־מנוחה.

איך בין געלעגן אויף מיין האַמאַקעלע מיט מיין געפּעק צוקאָפּנס און געקוקט אויף דער האַלב־טונקעלער סטעליע פון וועלכער די האַמאַק־שטריקלעך האָבן זיך שטיל געוויגט. מיד בין איך געווען, אָבער די אויגן מיינע האָבן זיך בשום אופן ניט געוואָלט צושליסן. איז דאָס געווען איבער א באַהאַלטענעם פּחד טיף אין מיר פאַר א דייטשישן סאָבמארין, וואָס איז אפשר באַהאַלטן אונטער די כוואַליעס און אַזוי גיך ווי מיינע

אויגן וועלן זיך שליסן, וועט ער אָנהויבן צו שיקן זײַנע טאָרפּידאָס גלײַך אויף אָט דעם פּלאַץ וואו איך ליג איצט? קאָן זײַן, אַז אַזאַ פּחד איז איז מיר געווען, אָבער איך האָב זיך באמת פון דעם ניט צו טראַכטן. איך האָב זיך בכלל באמת פון גאַרנישט ניט צו טראַכטן, אָבער געטראַכט האָט זיך פאַרט. און די טראַכטענישן זײַנען געווען אַזעלכע מאָדנע און אַזעלכע שנעלע. אָפּגעריסענע שטיקלעך און ברעקלעך פון מײַנע ביז דעמאָלטדיקע איבערלעבונגען זײַנען געקומען און זיך געוואָרפן אײנע איבער די אַנדערע, ווי די כוואַליעס אויפן אויבערפלאַך פון ים.

פּלוצלינג בין איך אויפגערודערט געוואָרן פון אַ פּאָר בליקן, וואָס זײַנען איבער מיר געהאַנגען און איך האָב זיך אַזש אַ הויב געטאָן פונם געלעגער.

— רואיג, מײַן זון, רואיג, — האָב איך דערהערט אַ ווייך קול און צו מײַן דערשטוינונג זײַנען סײַ די בליקן און סײַ דאָס קול געווען פונם קאַפּיטאַן איבער אונזער גרופּע, וואָס האָט הײַנט אין דער פרי אונז געגעבן די אינסטרוקציעס, ווי אַזוי זיך אויפצופירן אויף דער שיף.

דאָס ווייכקייט פון זײַן קול האָט מיך געבראַכט צו זיך און איך בין געבליבן ליגן אַ באַרואיגטער אין דער זעלבער פּאָזע ווי פריער. ניט מער, איצט זײַנען מײַנע בליקן געווען אײַנגאַנצן אײַנגעשלאָסן אין זײַנע.

— פאַר וואָס שלאָפסטו ניט, מײַן זון? — האָט ער מיך שטיל געפרעגט און איך האָב געקאָנט שווערן, אַז דאָס בלוי פון זײַנע אויגן איז בפירוש געווען זייער שטאַרק באַזאָרגט הלמאי איך שלאָף ניט.

— איך ווייס ניט, מײַן הער, — האָב איך שטיל געענטפערט און אַלץ געפילט, ווי מײַנע אויגן זײַנען אײַנגעשלאָסן אין זײַנע.

דאָ האָט ער אַ שמייכל געטאָן און דער שמייכל איז געווען שוין גאָרניט פון אַ קאַפּיטאַן צו וועמען אַ פּשוט׳ער סאָלדאַט טאָר זיך נישט דערנעענטערן אָן דער מעלדונג פון אַ סערזשאַנט, נאָר עס איז געווען אַ שמייכל אַ פאָטערלעכער וואָס איז געווען פול מיט רחמים.

— שלאָף, שלאָף, מײַן זון, עס וועט הײַנט גאָרנישט געשען מיט אונזער שיף, — האָט ער געזאָגט, און אַ גלעט טוענדיק מײַן שטערן האָט ער זיך אַוועקגעקאַראַפּקעוועט צווישן די הונדערטער האַמאַקעלעך אינם האַלב־טונקעלן בויך פון דער שיף.

איך בין געבליבן ליגן אַ שטאַרק גערירטער פון אָט דער מענטש־לעכער באַציאונג, וואָס איך האָב ביז איצט נישט געזען בײַ קיין שום אָפיצער און דאָ האָב איך זיך גענומען דערמאָנען, אַז אויך אין ווינד־זאָר איז ער געווען גאָר אַן אַנדערער, ווי די אַלע איבעריקע אָפיצערן, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו אָבזערווירן פון דער נאָענט.

עפּעס אַזאַ זײַטיגער און אַזאַ אַליינינגער איז ער שטענדיק געווען אין ווינדזאָר. זעלטן צווישן אַנדערע אָפיצערן און קיינמאָל קיין אָנשטעל אויף זיך נישט געטראָגן, כאָטש לויט דעם גילדערנעם פּאַסיקל אויפן

דאַשעק זיינעם האָט עס אויסגעזען, אַז ער געהערט צו אַ ספּעציעלער קאַסטע אין דער ענגלישער מיליטערישער וועלט.

דאָס קליינע לעמפּעלע אויף דער קעגנאיבערדיגער וואַנט האָט זיך צעציטערט און איבער די הילצערנע שטיגן, לעבן וועלכע מיין האַמאַקל איז געהאַנגען, האָט זיך אָנגעהויבן צו הערן אַן אָנגעשטרענגטער, קרעכ־צענדיגער ווינט. עס איז געווען קלאָר, אַז אונזער שיף הויבט אָן אַריינ־צוגיין אין אַ שווערערן וועטער, ווי זי איז געגאַנגען ביז איצט, אָבער מיר איז עפּעס ביז גאָר מאָדנע געווען גרינג אויפ׳ן האַרצן. עס איז געווען, ווי די ווייכע, וואַרעמע בלויקייט פון׳ם קאַפּיטאַנ׳ס בליקן וואָלטן נאָך אַלץ געהאַנגען איבער מיר און דעם גלעט פון זיין האַנט איבער מיין שטערן האָב איך נאָך אַלץ געפילט.

אַ ביסל שפּעטער האָט ער זיך נאָכאַמאָל באַוויזן לעבן מיר און דאָס מאָל האָט זיין האַנט געדרייט די וואָנצע זיינע, ווי ער האָט דאָס געטאָן אין דער פרי, ווען ער האָט אונז געגעבן די אינסטרוקציעס, ווי אַזוי זיך צו האַלטן אויף דער שיף.

— שלאָפסט נאָך אַלץ נישט, האַ?

איך האָב זיך צעשמייכלט צו אים, ווי ער וואָלט נישט געווען קיין קאַפּיטאַן, נאָר עפּעס גאָר אַן אייגענער מענטש און ער האָט אויפגעכאַפּט מיין שמייכל און געזאָגט:

— שלאָף איין, מיין זון, היינט בין איך אויף דער וואַך און איך וועל שוין זען, אַז קיין שום שלעכץ זאָל קיינעם אויפ׳ן שיף נישט געשען.

אָפּגעזאָגט אָט די ווערטער צו מיר, האָט ער גוט־ברודעריש אַ וויג גע־טאָן מיין האַמאַקעלע.

— אַ גוטע נאַכט, — האָט ער מיר געוואונטשן און מיט שטילע טריט זיך גענומען אויפהויבן איבער די הילצערנע שטיגן צום דעק פון דער שיף.

— אַ גוטע נאַכט, — האָב איך געענטפערט און ערשט ווען ער איז שוין אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן, האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך האָב אים נישט געענטפערט, ווי איך האָב געדאַרפט ענטפערן אַ קאַפּיטאַן:

— מיין הער, — האָב איך געדאַרפט זאָגן, אָבער עס האָט מיר ביז גאָר האַנה געטאָן, וואָס איך האָב דאָס מאָל נישט געענטפערט, ווי אַ סאָלדאַט צו אַ קאַפּיטאַן, נאָר ווי אַ מענטש צו אַ מענטשן.

אין די ווייטערדיגע טעג אויף דער שיף איז מיר מער נישט אויסגע־קומען מיט אים צו רעדן. אָבער ביי יעדער באַגעגעניש פלעגט ער צוזאַמען מיט זיין ענטפער אויף מיין סאַלוט צו אים אויך צולייגן אַ שמייכל. ווי אין ווינדזאָר, איז ער אויך אויף דער שיף שטענדיג געווען אַליין און אין מיינע אויגן האָט ער ביסלעכווייז אָנגעהויבן אויסצוקוקן ווי דער טרוימער פון אונזער אייגענער גרופּע. נישט מער, וואָס אונזער טרוימער איז צוליב זיין ליולקע געזעסן מערסטנס אינעווייניג פון דער שיף, ווייל אויפ׳ן דעק איז נישט דערלויבט געווען צו רויכערן, האָט דער קאַפּיטאַן מקריב געווען

די ליולקע צוליב דער פרישער לופט און דער רחבות'דיגקייט פונ'ם ים־האָריזאָנט.

איך דערמאָן זיך איצט, ווי איך פלעג נישט מיד ווערן אים נאָכצוקוקן ווען ער איז שעה'ענווייז געשטאַנען ביים פּאַרענטש און דרייענדיג די וואָנצע געקוקט אין האָריזאָנט אריין.

— ווער איז ער? וואָס שטעלט ער מיט זיך ווירקלעך פאָר?—האָב איך זיך געפרעגט און איך האָב באמת באַדויערט, וואָס ער איז א קאַפּיטאַן און איך נישט מער, ווי א סאָלדאַט, וואָס קאָן ביי אים אָט די פראַגן נישט פרעגן.

שפּעטער, ווען מיר זיינען איינגעשטעלט געוואָרן אין דעם לאַגער פון „סאָלד־עש", הינטער פלימוט און דעוואָנפּאָרט, איז ער פון אונז פאַרשוואונדן געוואָרן און איך געדענק, אַז א לאַנגע צייט האָב איך סיי אין אונזער אייגענעם לאַגער און סיי איבער די גאַסן פון פלימוט און דעוואָנפּאָרט, וואו איך פלעג אָפט ארומשפּאַנען, אים געזוכט מיט די אויגן און זיכער בין איך געווען ביי זיך, אַז ווען מיר וואָלטן זיך באַגעגנט, וואָלטן מיר זיך אָפּגעשטעלט און גערעדט איינער צום צווייטן, ווי צוויי מענטשן רעדן.

ערשט אין חדשים שפּעטער, אין פּאַלעסטינע, ווען איך האָב שוין מער נישט געטראַכט פון אים, האָבן מיר זיך באַגעגנט.

דאָס איז געווען אין א נאָכמיטאָג אויף דער סטאַנציע „לוד", וואָס איז נישט געווען ווייט פון אונזער לאַגער.

ער איז געגאַנגען מיט'ן פּנים צו די רעלסן, איבער וועלכע עס האָט געדאַרפט אָנקומען א באַן פון יאַפע קיין חיפה. דער זעלבער קאַפּיטאַן, נאָר א ביסעלע דינער און אפשר האָט אים די דינע אוניפאָרם, וואָס ער האָט געטראָגן, געמאַכט אויסקוקן א ביסעלע דינער. אויפ'ן אָרעם פון זיין לינקער האַנט האָט ער געטראָגן א באַנד, וואָס האָט דערציילט, אַז ער איז דער מייסטער פון דער סטאַנציע. אָבער אין דעם זעלבן מאָמענט איז מיר פאַרגאַנגען דעם וועג אַן אָפּגעפרעסענער קוירנעל, וואָס איז פריער געשטאַנען צוזאמען מיט עפּעס א הויכר בלאָנדער שיקסע.

דער קאַפּיטאַן האָט סאַלוטירט דעם קוירנעל און אויסהערנדיג זיין בקשה געפרעגט:

— פאַר אייך מיט דער פרוי?

דאָ האָט דאָס רויטע, קיילעכדיגע פּנים וואולגאַר זיך צעשמייכלט, און געזאָגט:

— נישט מיין פרוי, וואָס פאַלט אייך איין, קאַפּיטאַן?

פון אָט דעם איבעררעדן זיך צווישן די צוויי, האָב איך באַנומען, אַז דער קוירנעל האָט געבעטן דעם קאַפּיטאַן צוויי באַן־פּעסעס קיין חיפה.

— פאַר פרעמדע פרויען גיב איך נישט קיין פּעסעס! — האָט פּלוצלונג דער קאַפּיטאַן שטרענג א זאָג געטאָן צו קוירנעל.

אויף א רגע איז דאָס רויטע פּנים פון׳ם קוירנעל נאָך רויטער געוואָרן און מיט בייזקייט אין קול האָט ער געזאָגט:

— קאַפּיטאַן, איר רעדט צו א העכערן פון אייך!

דאָ האָט דער קאַפּיטאַן מיט איבערגעטריבענער צערעמאָניע סאַלוּ־טירט דעם קוירנעל און געזאָגט:

— עס טוט מיך לייד, אונטער די אומשטענדן פון א סטאַנציע־מייס־טער, וועט איר מוזן פאָלגן מיין באַפעל!

דער קוירנעל האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער לופט, וואָס האָט געקאָנט אויסגעטייטשט ווערן סיי אז ער האָט געענטפערט אויף׳ן סאַלוט און סיי ווי אַן אויסדרוק פון בייזקייט און כאַפּנדיג די שיקסע אונ־טער׳ן אָרעם, האָט ער זיך מיט איר גיך אָפּגעטראָגן.

ערשט דעמאָלט האָט דער קאַפּיטאַן מיך באַמערקט און געטאָן א שים אַרויס פון צווישן די וואָנצעס:

— האָסט געזען א מונדיר?

— געזען, מיין הער, — האָב איך געזאָגט, שטייענדיג פאַר אים אין סאַלוט.

— מער ווי דער מונדיר איז גאָר נישטאָ אין אים, — האָט ער א ברום געטאָן און באַפוילן, אז איך זאָל שטיין, ווי א מענטש און נישט ווי קיין סאָלדאַט.

— נו, ווען פאָרסטו צוריק קיין ניו יאָרק? — האָט ער געפרעגט און זיך צעשמייכלט.

איך האָב אים געענטפערט מיט׳ן זעלבן שמייכל, ווי דעמאָלט פון׳ם האַמאַקעלע אויף דער שיף און ער האָט ווייטער געפרעגט:

— האָסטו א פּראָפעסיע?

— איך בין א שרייבער.

— א שרייבער? — האָט ער איבערגעפרעגט און שטיל, ווי רעדנדיג צו זיך, האָט ער צוגעלייגט:

— לאָמיר האָפן אויף א צייט, ווען מען וועט נישט דאַרפן איבער־בייטן די פען אויף קיין ביקס, דאָס שעפערישדיגע אויף דעם פאַרניכטענ־דיגן, מיין זון.

— לאָמיר האָפן, — האָב איך שטיל געענטפערט, און ער האָט געקוקט אויף מיר מיט ווארעמקייט.

# דער צעעפּנטער פּאַרענטש

די טעג און נעכט אויף דער שיף פון קוויבעק קיין ענגלאַנד האָבן זיך געצויגן לאַנג און נודנע.

דורך די טעג איז פּשוט נישט געווען וואָס צו טאָן מיט זיך. אויסער ארום א שעה פיזישע איבונגען אינדערפרי האָט מען אונז אינגאנצן צורו געלאָזט. אפילו די אינסטרוקציע זיך צו פאַרזאַמלען צוויי מאָל אין טאָג אין מיליטערישער אָרדענונג לעבן די רעטונגס־שיפלעך איז אויך נישט אויסגעפירט געוואָרן, ווי איך האָב דערוואַרט. נאָך די ערשטע צוויי טעג איז אפילו קיין העלפט נישט ארויסגעקומען. דער תירוץ איז געווען, אז מען איז ים־קראַנק. אמת, אז עס זיינען געווען עטלעכע ים־קראַנקע, אָבער זייער א סך האָבן זיך באַנוצט מיט אָט דעם תירוץ, כדי נישט אי־בערצורייסן דאָס קאָרטן־שפּילן, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין דעם בויך פון דער שיף.

די גרעסטע אַנטוישונג האָב איך געהאַט אויף דער שיף אין דעם טרוימער.

אָט דער זעלבער, וואָס פלעגט אין ווינדזאָר ארומגיין שטענדיג א שווייגענדיגער און עפּענען בלויז דאָס מויל ביים עסן, אָדער צו בעטן א שוועבעלע, ווען עס האָט אים אויסגעפעלט צו פאַררויכערן די לולקע און אזוי ארום מיר געגעבן דעם איינדרוק פון א מענטשן א זייער טיפן, איז אויף׳ן שיף זייער גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א נומער איינס קאָרטן־שפּילער.

אמת, אַז ביים קאָרטן־שפּילן האָט אויך זיין מויל זייער זעלטן גע־זאָגט א וואָרט, אָבער דערפאַר האָט גערעדט זיין פּנים, און נאָך ווי גערעדט!

און נישט נאָר זיין פּנים, נאָר אויך די רויכעלעך פון זיין לולקע און אפילו די פינגער פון זיינע הענט איבער די קאָרטן האָבן געהאַלטן אין איין רעדן.

אָבער אויב דער טרוימער האָט אַרויסגערופן אין מיר גרויס אַנטוישונג, האָט אונזער קאָמיקער געוועקט אין מיר רחמנות.

עס איז פּשוט נישט געווען צו דערקאָנען אונזער קאָמיקער נאָך איין טאָג פאָרן אויף׳ן שיף. ער איז געווען צווישן די שווערסטע ים־קראַנקע און איז אָפּגעלעגן די מערסטע צייט אין זיין האמאַקל מיט צוגעמאַכטע אויגן און א פאַרשפּיצטער נאָז. דער שטענדיגער הומאָר אין אים איז פאַרביטן געוואָרן אין אַ קינדערישער הילפלאָזיגקייט און עס איז באמת געווען אויף אים א ביטערער רחמנות.

קיין סך חכמות האָט ער אין זיין קראַנקהייט נישט געזאָגט, אָבער איינע געדענקט זיך מיר.

עס איז געווען איינמאָל אין א נאָכמיטאָג, ווען איך בין צוגעגאַנגען צו זיין האמאַקל זען, וואָס ער מאַכט.

— אַך, וויינפּער, וואו נעמט מען א משה'ן מיט א שטעקן?—האָט ער שטיל געפרעגט, נישט עפענענדיג דערביי זיינע אויגן.

איך האָב געוואָלט זיך א שפּיל טאָן אין חכמה'לעך מיט אים און געזאָגט:

— וואָס־זשע, עס פעלן דען משה'ס צווישן אונז? און וואָס שייך א שטעקן, קאָן מען אויך אזוינס אויפזוכן אויף אונזער שיף.

— ניין, ניין,—האָט ער געזאָגט, דרייענדיג דעם קראנקן קאָפּ אויף זיין געפּעק און אויפמאכנדיג צו מיר איינס פון זיינע אויגן, האָט ער זיך געפּרובירט קלאָר צו מאכן:

— איך מיין יענעם, אָט דעם, וואָס האָט געשפּאָלטן דעם ים פאר די אידן מיט זיין שטעקן.

— אונזער ים איז אַ ברייטער און עס וועט זיין א גרויסער מהלך צו גיין צו־פוס,—האָב איך זיך געפּרובירט ווייטער צו וויצלען.

— אוי, זאָל ער זיין א ברייטער, איך וועל גיין א יאָר צו־פוס, אבי נישט אָט דאָס וואַרפעניש,—האָט ער זיך באקלאָגט און איך האָב שוין נישט געפילט זיך צו וויצלען מיט אים מער.

אָבער נישט נאָר ים־קראנקע זיינען געווען. עס זיינען אויך געווען א היפּשע צאָל קראנקע אויף דער פלו. דער שפּיטאָל אויף דער שיף איז געווען איבערגעפּאקט מיט די לעצטע, אז אויף די ערשטע האָט מען זיך שוין ממש נישט אומגעקוקט. די מערסטע פלו־קראנקע זיינען געווען נישט פון דער אידישער גרופּע און שטארקער פון אלעמען האָבן געליטן דערפון די אַרבעטער אין די קעלערס פון דער שיף ביי די הייץ־מאַשינען.

יעדן צווייטן טאָג פלעגט זיך צעעפענען אַ שטיק פארענטש אויפ'ן דעק פון דער שיף.

אוי, דער צעעפנטער פארענטש!

אז די סאָלדאטן אויף דעם דעק פלעגן דערזען, ווי עטלעכע מאטראָזן קומען ארויס מיט גרויסע שרויפנציערס און האמערס און לאָזן זיך צום פארענטש, פלעגט ביי זיי אָפּגענומען ווערן דאָס לשון, און זיי פלעגן שטיין בלייבן אויף די ערטער, ווי געליימטע.

— ווער איז דער היינטיגער?—פלעגן די איבערגעשראָקענע בליקן זיך איבערקוקן.

אז דער פארענטש האָט זיך צעעפנט איז ער א לאנגע צייט געווען א צעעפנטער און האָט אויסגעקוקט, ווי אן אָפן מויל פון אן אויסטערלי־שער גרויסער חיה, וואָס ווארט מען זאָל אין דעם אריינוואַרפן דעם פרעס, און דער ים האָט דורך אָט דעם צעעפנטן מויל שטענדיג אויסגעקוקט פיל אומרואיגער און ברויזנדיגער, ווי געוויינלעך. עס פלעגט פארבייגיין א שטיקל צייט ביז עס פלעגט זיך באווייזן די פּראָצעסיע. א נידעריג אָפן וועגעלע, איבערגעדעקט מיט אַ שווארצן געוואנט, געפירט זייער פּאַמעלעך פון צוויי מאטראָזן, וועלכע זיינען געגאנגען מיט אנטבלויזטע קעפּ. פאַראויס אן אָפיציר, וואָס האָט אין אזא פאַל פארנומען דאָס פּלאַץ פון

א גלח און ער האָט דערפאַר געטראָגן א צעעפּנטע ביבל אין די הענט. אלע, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער נאָענט, האָבן אויפגעהויבן די הענט אין סאַלוט, בשעת דאָס וועגעלע איז צוגעפירט געוואָרן צום צעעפנטן פאַרענטש און דעמאָלט האָט דער אָפיציר אָנגעהויבן צו לייענען עפּעס פון דער ביבל אין א זייער מאָנאָטאָנעם טאָן, וואָס האָט געגעבן דעם איינדרוק פון גיסן אויל איבער די צעבויטעטע כוואַליעס, אָבער די כוואַליעס האָבן אויפגעכאַפּט דעם אויל און אים גלייך אריבערגעשווענקט מיט זייערע מעכטיגע כחות.

אויף וויפיל איך האָב געקאָנט אויפכאַפּן די ווערטער, וואָס דער אָפיציר האָט געלייענט, איז דאָס געווען דאָס קאַפּיטל פון יונה הנביא, וואָס איז איינגעשלונגען געוואָרן פון א פיש און איז דערנאָך אויסגעשפּיגן געוואָרן א לעבעדיגער ביים ברעג, כדי ווייטער נביאות צו זאָגן פאַר׳ן פאָלק.

אזוי גיך, ווי דעם אָפיציר׳ס לייענען האָט זיך געענדיגט איז ארונטערגעצויגן געוואָרן דאָס שווארצע געוואַנט פון׳ם וועגעלע און א ווייס לענגלעך פּעקל איז ארונטערגעוואָרפן געוואָרן דורכ׳ן צעעפנטן פאַרענטש.

— פליוך! — האָט זיך דערהערט אין דער לופט, וועלכער איז גלייך פאַרשריגן געוואָרן פון די צעבויטעטע כוואַליעס, וואָס האָבן זיך איצט געוואָרפן איינע איבער די אנדערע מיט טאָפּלטן כוח און געשווינדקייט, ווי הונגעריגע הינט, וואָס וואַרפן זיך איינע איבער די אנדערע, ווען א קצב וואַרפט ארויס א ביין פון זיין יאַטקע.

נישט איינמאָל האָט זיך געטראָפן, אז דאָס ווייסע לענגלעכע פּעקל, וואָס האָט ערשט ארונטערגעפליוכעט צו אָט־די כוואַליעס, האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט און פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען א יונגער, הילפלאָזער מענטש, וואָס האָט זיך געבעטן רחמים, אז מען זאָל אים ראַטעווען. און מאָדנע, זייער מאָדנע איז געווען אָט דאָס, וואָס געבעטן האָט ער נישט, אז מען זאָל אים ראַטעווען פון׳ם טויט, נאָר פון׳ם ים, וואָס וואַרפט אים אום פון כוואַליע צו כוואַליע און לאָזט אים בשום אופן זיך נישט אָפּרוען פון דעם שווערן, אומרואיגן לעבן, וואָס ער האָט געהאַט.

— ווער איז אָט דער יונגער, הילפלאָזער מענטש?

— אויף וואָס פאַר א ערד איז ער געבוירן געוואָרן?

— וואו געפינען זיך איצט זיין טאַטע, מאַמע, שוועסטער, ברידער?

פרענגנדיג אָט די פראַגעס, האָב איך דערפילט א קרענקלעכע בענקשאַפט נאָך ערד, און מאָדנע, די ערד נאָך וועלכער איך האָב געבענקט, איז געווען די ערד פון מיין שטעטל אין דער וואָלין, וואָס האַלט אין איר איינגעוויייד א באַרואיגטן מיין יונג־פאַרשטאָרבענעם טאַטן יצחק־לייב׳ן און מיין עלטערן ברודער משה׳ן. איך האָב דעמאָלט געזען זייערע קברים אזעלכע שטילע צווישן גראָז און ביימלעך און לעבעדיגע משפּחה, וואָס קומט צו־גאַסט צו זיי.

# געפאַר־סיגנאַלן

די שיף האָט פאַמעלעך און עקשנות'דיג געשניטן די צעבויטעטע כוואַליעס און איבער דעם גאַנצן האָריזאָנט האָט זיך גאָרנישט געזען אויסער ברויזנדיגער ים און מערסטנס פאַרכמורעטער הימל. אָפּטמאָל האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אונזער שיף איז די איינציגע אויפ'ן ים. אַלע אַנדערע זיינען שוין לאַנג צוריק טאָרפּעדירט געוואָרן פון די דייטשע אונטערוואַסער־מחבלים און די מחבלים אַליין האָבן זיך דערנאָך איינע די אַנדערע טאָרפּע־דירט און איצט ליגן שטיקער פון זיי צוזאַמען מיט דעם ברוכוואַרג פון אַלע שיפן, וואָס פלעגן זיך ציען אויפ'ן אויבערפלאַך, טיף, טיף אויפ'ן אָפּגרונט.

דער אָפּגרונט!

קוקנדיג אויף די ריזיגע וואַסער־בערג, וואָס הויבן זיך און פאַלן באַלד זיך פאַנאַנדער, געבנדיג פלאַץ פאַר אַנדערע וואַסער־בערג זיך אויפצוהויבן, איז געווען שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז טיף, טיף אונטער זיי איז טאַקע פאַראַן אַ גרונט, וואָס איז נישט קיין וואַסער. פונקט אַזוי איז בכלל שווער געווען זיך פאָרצושטעלן, אַז ערגעץ־וואו איז נאָך ערד פאַרבליבן און אַז אויף דער ערד זיינען דאָ שטעט מיט ברוקירטע גאַסן, איבער וועלכע עס שפּאַנען מענטשן מיט די פיס אין פיל ברייטערע קרייזן, ווי מיר שפּאַנען דאָ אַרום אויפ'ן דעק.

פאַר די געציילטע טעג, וואָס מיר האָבן זיך געפונען צווישן הימל און וואַסער, איז די ערד נישט נאָר געבליבן הינטער אונז, נאָר זי איז בכלל נישט געבליבן.

עס איז מיר געקומען אויפ'ן זין נח'ס תבה, אָבער אין איר איז געווען פרייליכער, ווי ביי אונז אויפ'ן שיף. ערשטנס איז צו יעדן „ער" דאָרטן געווען אַ „זי" און דאָרטן, וואו „זי'ס" זיינען דאָ, פילן זיך שוין די „ער'ס" במילא אַ סך בעסער.

ביי אונז אויפ'ן שיף זיינען געווען בלויז „ער'ס" און אַלע אַזעלכע גרויע און פאַרכמורעטע. דער חלום, וואָס האָט צונויפגעבראַכט אונזער אידישע גרופּע אויף איר, איז עפּעס ווי אָפּגערוקט געוואָרן אָן אַ זייט. אויף יענער שיף האָט מען זייער ווייניג גערעדט וועגן די אויפטואונגען אין פּאַלעסטינע. מען האָט בכלל זייער ווייניג גערעדט, און טאָמער האָט מען יאָ אַמאָל גערעדט, זיינען די רייד געווען גיכער וועגן דעם, וואָס מען האָט געלאָזט הינטער זיך, איידער וועגן דעם, וואָס דערוואַרט אין פאָראויס. דער „פאָראויס" איז ווי אינגאַנצן אָפּגעווישט געוואָרן, וואָרום כאָטש מען האָט נישט גערעדט דערפון, איז אָבער ביי יעדן איינעם געווען אַ געפיל, אַז די שיף, וואָס וויגט זיך איבער אָט די צעבויטעטע כוואַליעס, וועט זיך

שוין אַזוי אײביק װיגן און מיר אַלע װעלן זיך שוין אויך אַזוי נישט אויפֿ־הערן װיגן ביז אין דער װײטער אײביקייט אַרײַן.

אָבער אין אײן פֿרימאָרגן איז געשען עפּעס אַזוינס, װאָס האָט אונדז אױף אַ צען מינוט געבראַכט פּנים אל פּנים מיט דעם, װאָס קאָן מאַכן אַ סוף צו דער װיגעניש אויף דער שיף.

איך געדענק, אַז יענעם פֿרימאָרגן האָט די זון זיך באַװיזן דורכצו־רײסן דורך די פֿאַרכמורעטע װאָלקנס און דער דעק איז דעמאָלט געװען פּולער, װי אין די פֿריערדיקע פֿרימאָרגנס. אפֿילו די קאָרטן־שפּילער זײַנען אַרויסגעקומען אויסצוציען די גלידער אונטער דער זון.

איך האָב דעמאָלט געשפּאַצירט מיט מײַן פֿרײַנט א. בּאַראָן. אָט דער בּאַראָן, װאָס איז איצט אַ מוזיק־קריטיקער אויף ענגליש אין ניו יאָרק, איז אין יענער צײַט געװען אַ שײן אינגל מיט אַ װײס געצערטלט פּנים און געדיכטע, שװאַרצע האָר אויפֿ'ן קאָפּ. זײַענדיק אַ קאָרעקטאָר אינ'ם „טאָגעבלאַט", װאָס האָט אים געגעבן פּרנסה, און שרײַבנדיק נאָך לידער דערצו, איז ער געװען צװישן אונדז אײנגערע שרײַבער אין „ניו יאָרק דער „פֿרינץ", צו װעמען אַלע שײנע מײדלעך האָבן זיך געצויגן. װען ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אינ'ם לעגיאָן און איז מיט אונדז צוזאַמען אַװעק קײן װינדזאָר, האָבן מיר זיך געװיצלט אויפֿ'ן חשבון פֿון די צעבראָכענע מײדל־שע הערצער, װאָס ער האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך אין ניו יאָרק. די ערשטע עטלעכע טעג אויפֿ'ן שיף קײן ענגלאַנד איז ער אויך געװען אַ ביסל אַ פֿריטשמעליעטער, אָבער יענעם פֿרימאָרגן, װען די זון האָט זיך פֿלוצלונג צעשײַנט, האָט ער געשפּאַצירט מיט מיר און מיר האָבן טאַקע גערעדט װעגן די מײדלעך אין ניו יאָרק.

פֿלוצלונג האָט די שיף װי אַ ציטער געטאָן און זיך צערעװעט:

— ברעם! ברעם!

אױף אַ רגע זײַנען מיר בײדע װי פֿאַרגליװערט געװאָרן, כאָטש עס האָט אונדז גאָרנישט געקאָנט אײַנפֿאַלן, אַז עפּעס זאָל האָבן געשען. דער ים איז דווקא יענעם פֿרימאָרגן געװען שטילער, װי דורך די פֿריערדיקע טעג, און די זון האָט זיך געשפּילט איבער די אײַנגעשטילטע כװאַליעס. אָבער באַלד האָט זיך דאָס רעװען פֿון אונדזער שיף איבערגע'חזר'ט און עס האָט זיך דערהערט דערצו אַ נערװעז פּײַפערײַ פֿון די סערזשאַנטן־פּײַפּלעך. אַלע האָבן מיט־אַמאָל דערפֿילט, אַז דאָס זײַנען די געפֿאַר־סיגנאַלן, צו װעלכע מען האָט אונדז דעם ערשטן פֿרימאָרגן צוגעגרײט, און עס איז געװאָרן אַ לויפֿערײַ. יעדער אײנער איז געלאָפֿן צו זײַן פּאָזיציע אויף דעם דעק און לויפֿנדיק האָט יעדער אײנער אינסטינקטיװ שטאַרקער פֿאַרבונדן די בענדלעך פֿון זײַן רעטונגס־גאַרטל אַרום זיך.

באַראָן און איך האָבן זיך אויך געלאָזט לויפֿן און לויפֿנדיק צו אונדזער פּאָזיציע האָבן מיר זיך אָנגעשלאָגן אָן אַנדערע לויפֿנדיקע און אַנידערגעפֿאַלן. און די שיף האַלט אַלץ אין אײן רעװען און די פּײַפּלעך פּײַפֿן און פֿיס לויפֿן און שפּרינגען איבער אונדז און אַרום אונדז.

ענדלעך זיינען מיר אָנגעקומען צו אונזער פּאָזיציע און מיר האָבן דערזען, ווי מען לאָזט שוין אַרונטער די רעטונגס־שיפלעך פון די שטריק.

שפּעטער זיינען מיר געוואָר געוואָרן, אַז אָט דער טומלדיגער מאָמענט האָט אָנגעהאַלטן נישט מער ווי אַ צען מינוט, אָבער פאַר אונז אַלעמען איז אין יענער איבערלעבונג יעדע מינוט געווען אַן אייביגקייט.

ערשט ווען עס איז געקומען אַ צווייטער סיגנאַל, אַז די געפאַר איז אַריבער און אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, האָב איך דערזען, ווי בלייך עס זיינען געווען די פּנים'ער ביים סערזשאַנט און ביי אונזער קאַפּיטאַן. ווי אַזוי עס האָבן אויסגעזען די פּנים'ער ביי די סאָלדאַטן, האָב איך נישט געקאָנט זען, ווארום אין דעם מאָמענט זיינען מיינע אויגן געוואָרן צוגע־שמידט צו די צענדליגער שיפן, וואָס זיינען פּלוצלונג אויסגעוואַקסן ביים האָריזאָנט און האָבן אָנגעהויבן צו ווערן אַלץ נעענטער און נעענטער צו אונזער שיף.

דער קאַפּיטאַן האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל צוריק אַרויפציען די רעטונגס־שיפלעך און אַלע האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט. ווען מען האָט אונז צעלאָזן, האָבן מיר דערזען, אַז אונזער שיף שטייט אויף דעם זעלביגן אָרט און אַז אַ היפּשער קרייז פונ'ם ים אַרום איר איז גלאַטיג מיט אַ שליים פון אויל אויף זיך.

— דאָס האָט מען אונז בלויז געוואָלט אויספּרובירן, — האָט עמיצער געפּרובירט לערנען פּשט.

— נו, און אָט דער אויל? — האָט מען געפרעגט.

— דאָס איז יאָ געווען אַ טאָרפּידאָ, נאָר אַ לייכטע, — האָט אַן אַנדערער געפּרובירט טרעפן.

די שיפן, וואָס זיינען פריער אויסגעוואַקסן פונ'ם האָריזאָנט, און זיך דערנעענטערט צו אונז, האָבן זיך איצט צוריק אָנגעהויבן צו דערווייטערן און ביסלעכווייז פאַרשלונגען צו ווערן צווישן ים און הימל. אויך אונזער שיף האָט זיך אָנגעהויבן צו רירן.

שפּעטער זיינען מיר געוואָר געוואָרן, אַז די געפאַר־סיגנאַלן האָבן זיך גענומען דערפון, וואָס אַ קאַנאַדער סאָלדאַט איז מיד געוואָרן צו וואַרטן ביז דער פאָרענטש זאָל זיך פאַר אים עפענען און אַנדערע זאָלן אים אַרונ־טערוואַרפן, און ער האָט דאָס אַליין געטאָן. דערמיט האָט זיך אויך דער־קלערט דער שליים פון אויל איבער די כוואַליעס. דאָס איז געווען פאַר דעם רעטונגס־שיפל, וואָס האָט זיך אַרונטערגעלאָזט צו ראַטעווען דעם זעלבסט־מערדער. אָבער דאָס זוכעניש איז סיי ווי געווען אומזיסט. מען האָט אים נישט געפונען.

— מען דאַרף נאָך אַ סך אויסבעסערן, — האָט אין דעם זעלביגן אָוונט מיר געזאָגט אַן עלטערער מאַטראָז.

— צום ביישפּיל? — האָב איך געפרעגט.

ער האָט אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל, און שיקנדיק אַ שפּיי איבער׳ן פּאַרענטש אין ים אַריין, האָט ער דערקלערט:

— דער זעלביגער געפאַר־סיגנאַל פאַר אַ טאָרפּידאָ און פאַר אַ זעלבסט־מערדער.

איך בין געשטאַנען לאַנג ביים פּאַרענטש און קוקנדיק אויף דעם טונ־קעלן ברויזנדיגן ים, האָב איך עטלעכע מאָל איבערגע׳חזר׳ט דעם מאַטראָז׳ס ווערטער:

— מען דאַרף נאָך אַ סך אויסבעסערן.

אָבער נישט די געפאַר־סיגנאַלן האָב איך דעמאָלט געמיינט, נאָר אַ סך, אַ סך אַנדערע זאַכן.

# וואַפנשטילשטאַנד

דעם צוועלפטן נאָוועמבער ניינצן אכצן אינדערפרי, ווען אונזער שיף איז שוין געווען גאַנץ נאָענט צו ענגלאַנד, האָט מען ארויפגערופן אַלע סאָלדאַטן פון דער שיף אויף׳ן דעק און ווען יעדע גרופּע האָט זיך אויס־געשטעלט אויף איר פּאָזיציע, האָבן די קאַפּיטאַנען אינפאָרמירט, אַז נעכטן, דעם עלפטן, איז געשלאָסן געוואָרן א וואַפנשטילשטאַנד צווישן די ארמייען פון די אַליאירטע און דייטשלאַנד.

דער אופן ווי די נייעס איז געבראַכט געוואָרן איז געווען זייער א פאַרזיכטיגער, און גלייך ווי אַט די נייעס איז ארויסגעבראַכט געוואָרן האָבן די קאַפּיטאַנען אויף׳ן אָרט צוגעלייגט:

— פארשטייט זיך, אַז וואַפנשטילשטאַנד מיינט נאָך נישט, אַז עס איז שוין שלום, און אַז מיר זיינען שוין פריי.

אונזער קאַפּיטאַן האָט נאָך אַט דער באַמערקונג געזאָגט פאָלגענדע ווערטער:

— דער וואַפנשטילשטאַנד קאָן אמאָל זיין נישט מער ווי א מין אָפּכאַפּן דעם אָטעם פאַר א פארטאָפּלטער, נאָך שטאַרקערער שלאַכט.

אויבנאויף האָט זיך אויף אונזער שיף כמעט גאָרנישט געביטן נאָך אַט דער וויכטיגער בשורה.

דער זעלבער צעבויטעטער ים און אין אָוונט איז די שיף געווען איינגעטונקען אין חושך, ווי אין אַלע פריערדיגע אָוונטן. נישט מער, איצט האָט אַט דער צעבויטעטער ים און די פינצטערניש אין אָוונט אָנגעוואָרפן אויף אַלעמען אַזא גרויליגן פּחד, אז מען האָט אים ממש גע־קאָנט אָנטאַפּן מיט די הענט.

די דערקלערונג וועגן דער פינצטערניש מצד די העכערע ראַנגען איז געווען: ערשטנס, קאָן אמאָל א סאַבמארין נישט האָבן קיין אַנונג וועגן דעם וואַפנשטילשטאַנד און דערווייל ארונטערשיקן אונז אַלעמען צוזאַ־מען מיט דער שיף אין דער טיפעניש פונ׳ם ים, און צווייטנס, קאָן מען בכלל נישט וויסן, ווי לאַנג אַט דער וואַפנשטילשטאַנד קאָן אָנהאַלטן. עס קאָן דאָך גריילעך געמאָלט זיין, אז יעדע מינוט זאָלן די פאַרהאַנד־לונגען אָפּגעשטעלט ווערן און דעמאָלט וועלן די אונטערוואַסער מחבלים וויסן די פּאָזיציע פון אונזער שיף.

הכלל, ווען אויף דער יבשה האָבן מענטשן זיך געפרייט און גע־הוליעט לכבוד דעם וואַפנשטילשטאַנד, זיינען מיר אויף אונזער שיף גע־ווען איינגעטונקען אין שרעק.

די שרעק פאר׳ן טויט איז איצט געוואָרן פיל שטאַרקער, ווי פריער.

ביז די נייעס פונ׳ם וואפנשטילשטאנד האָט מען עפּעס ווי רעזיגנירט צו דער מעגלעכקייט פון באגעגענען זיך מיט׳ן מלאך המות. געשראָקן האָט מען זיך טאקע, אָבער מען האָט די שרעק פארשריגן אין זיך און ווייניג פון איר גערעדט, ווארים מען איז דאָך עפּעס געוואָרן סאָלדאטן מיט׳ן אייגענעם ווילן פאר אן אידייע. אָבער איצטער?...

פּלוצלונג זיינען די קלענסטע קליינינקייטן אויף דער יבשה געוואָרן זייער וויכטיג פאר אלעמען און מיט א באזונדער בענקשאפט האָט מען געוויש זיך גערעדט וועגן זיי.

— מיין גרעסטער פארגעניגן איז געווען א נאכט אין דער טערקישער באָד אויף דער צווייטער עוועניו.

— ביי אונז אויף דער גאַס איז דאָ א דעליקאטעסן געשעפט. שמעקט די גאנצע גאס מיט די געווירצטע פליישן.

— אך, א פּאסטראמא־סענדוויטש מיט א גלאָז ביר!

— און וואָס זאָגט איר צו יונה שימל׳ס קנישעס, האַ?

— אין טאָמאשעווסקי׳ס טעאטער שפּילט מען איצט א פריילעכע אָפּערעטע.

— און גראַף, איז ער נישט דער בעסטער קאָמיקער?

— מיר געפעלט בעסער בערנשטיין.

— מען דערציילט, אז מאָגולעסקי האָט זיי ביידן פארשטעקט אין גארטל.

— נאָט אייך אוועק אלע קאָמיקער פאר איין קעסלער׳ן.

— און וואָס פעלט דען אדלער׳ן?

— זיין קעניג ליר! א קליינינקייט אדלער אין דער ראָל פון קעניג ליר!

די שיף האָט זיך געוויגט איבער די צעבויטעטע ים־כוואליעס, אָבער פון אָט די רייד האָט זיך געהערט דער ריח פון ערד, פון שטאָט.

מען האָט אויך גערעדט פון שיפן, וואָס גייען אזוי פּאמעלעך, אז קוים זיי רירן זיך.

— איך האָב בעסער ליב א באַן.

— נו, יאָ, א באַן, אז זי גייט, איז געגאנגען!

— וויפיל א שטייגער האָבן מיר נאָך צו פאָרן?

— שאַט, אָט איז דער אלטער!

דער אלטער איז געווען אן עלטערער מאטראָז, וועמענס ארבעט עס איז געווען צו האלטן ריין די דעקן און סאלוטירן די פארביישפּאצירנדיגע אָפיצערן.

ער האָט אָבער אויך געהאט נאָך אַן ארבעט און זי איז געווען צו שפּייען איבער דעם פּאָרענטש אין ים אריין, און דערביי עפּעס א זאָג טאָן, וואָס נישט שטענדיג האָט מען פארשטאנען, וואָס ער האָט געמיינט. פון וואנען עס האָט זיך גענומען אין זיין מויל אזוי פיל שפּייעכץ איז געווען דער גרעסטער וואונדער, אָבער נאָך א גרעסערער וואונדער איז געווען דער אופן פון זיין שפּייען. יעדער שפּיי זיינער איז געווען, ווי א שאָס פון א קאַנאָן און עס האָט נישט אויסגעמאכט וואו ער איז געשטאַנען און ווי שטארק דער ווינט איז נישט געווען, זיין שפּיי האָט זיך שטענדיג דורכגעריסן מיט א קנאַל הויך און ווייט איבער דעם פּאָרענטש און פליוך אין ים אריין.

און עס איז געווען צו אָט דעם אלטן, צו וועלכן אונזעריגע פלעגן זיך אָפטמאָל ווענדן נאָך אינפאָרמאציע.

— וויפיל מייל מאכט דורך אונזער שיף אין א שעה?

— אונזער שיף גייט נישט אויף קיין מיילן, נאָר אויף נאטס.

— און וואָס מיינען נאטס?

— נאטס זיינען נאטס,—פלעגט ער ענטפערן און דערביי אַ שיק טאָן א שפּיי איבער אייער קאָפּ אין דעם צעבויטעטן ים אריין.

איצט איז ער געשטאַנען איבער א קנופּ פון א גראָבן שטריק און עס איז נישט געווען קלאָר צי וויל ער אים אויפקניפּן, צי נאָר שטאַרקער פאַרציען. דער ווינט האָט געבלעזלט זיין בלויע מאטראָזן־בלוזע און ער האָט, ווי זיין שטייגער איז געווען, נישט אויפגעהערט צו שפּייען איבער'ן פּאָרענטש אין ים אריין.

— העי פּאָפּ, ווי ווייט זיינען מיר פון דעם ענגלישן ברעג?

דער אלטער האָט דריי געטאָן דעם קאָפּ צום פרעגער, א שפּיי געטאָן איבער אים און געענטפערט:

— אזוי ווייט ווי מיר זיינען.

אין אָוונט האָט די גרופּע, אין וועלכער איך האָב זיך געפונען אויפ'ן דעק, געפּרואווט צו טרעפן, צי דער וואפנשטילשטאַנד וועט פירן צו שלום, אָדער ער איז טאַקע נישט מער, ווי א מין אָפּכאָפּן דעם אָטעם און באַלד וועלן זיך די שלאַכטן ווידער אָנהויבן.

— אויב שלום, וואָס־זשע וועט זיין מיט אונז?—האָט עמיצער געשטעלט די פראגע.

די פראגע איז געווען קלאָר פאר אלעמען, ווארום אויב שלום וועט דאָס אפשר מיינען, אז אונזער לעצטע לעגיאָנערן־גרופּע זאָל גלייך דעמאָבילעזירט ווערן און געשיקט ווערן צוריק קיין אמעריקע.

— און מיר ווילט זיך שטארק זען ירושלים,—האָט עמיצער ארויסגערעדט מיט בענקשאַפט אין קול.

— נישט אזוי ירושלים, ווי די קאָלאָניעס,—האָט אן אנדערער אונ־

טערגעכאַפּט.

דאָ האָט זיך אַרײַנגעמישט דער שתדלן, וועלכער איז אויך געווען אין דער גרופּע, און געזאָגט:

— מיר וועלן פֿאָדערן, אַז מען זאָל אונדז שיקן קיין ארץ ישראל.

— פֿאָדערן?

— נו, יאָ,—האָט דער שתדלן זיך צעהיצט.

— מיר האָבן אַ רעכט דערויף,—האָט אים אונטערגעהאָלפֿן דער על־טערער איורונין און אַדוואָקאַטאַריש גענומען באַווײַזן אַזוי:

— היות מיר האָבן וואָלונטירט זיך מקריב צו זײַן אין דער מלחמה כדי אידן זאָלן קענען לעבן אין ארץ ישראל אין פֿרידן, איז דאָך קלאָר, אַז מען איז מחויב אונדז אַהין אַרײַנצופֿירן.

די שיף האָט זיך געהויבן און געוויגט און אַזוי ווי עס איז געווען חושך אַרום אונדז, האָבן מיר געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז זי שטייט אויף איין אָרט און מער ווי וויגן זיך און הויבן זיך טוט זי נישט.

— אַך, ווען מיר זײַנען שוין אויף דער יבשה,—האָט עמיצער אַ קרעכץ געטאָן און זיך אויפֿגעהויבן אַרונטער צו גיין צו זײַן האַמאַק.

ווע מיר זײַנען אויפֿגעשטאַנען אויף מאָרגן אין דער פֿרי איז שוין אונדזער שיף געשטאַנען ביים ברעג פֿון ליווערפּול. עס איז געווען אַזוי גוט צו הערן דאָס קראַקעריי פֿון די וואַסער־פֿויגל אין דער לופֿט און צו קוקן אויף זייערע אויסגעשפּרייטע פֿליגל. עס איז בכלל געווען גוט צו הערן און צו זען.

דער ריח פֿון ערד, פֿון גרויס־שטאָטישן שטאָל און אײַזן און אַספֿאַלט האָט געגלעט די נאָזלעכער און דער האַפֿן מיט די אומצאָליגע שיפֿן און שיפֿעלעך און די שטאָט אַליין, וואָס האָט זיך געזען פֿון יענער זייט האַפֿן, זײַנען געווען ווי די סאַמע ליכטיגסטע בשורות פֿאַר די בליקן.

אַ שטאַרקע אומרואיגע פֿרייד איז באַפֿאַלן אַלע אונדזערע געמיטער און אונדזערע סערזשאַנטן און קאָרפּאָראַלן איז אָנגעקומען זייער שווער אונדז צו האַלטן אין צאַם.

עס האָט גענומען אַ לאַנגע צייט ביז אונדזער שיף האָט זיך צוגע־גליטשט צום האַפֿן און מיר האָבן אָנגעהויבן אַרונטערצומאַרשירן מיט ...ער געפּעק צו די קלאַנגען פֿון אַ גרויסן מיליטערישן בענד, וואָס האָט געשפּילט פֿאַר אונדזער כבוד וועגן.

און ווי וואונדערלעך זײַנען עס געווען די מענטשן, וואָס האָבן אונדז באַגעגנט. מענטשן אַלערליי: ציווילע און אוניפֿאָרמירטע, פֿרויען און מענער, קריסטן און אידן. אַלע האָבן געפֿאָכעט מיט די הענט, מיט טאַשן־טיכלעך און אַ סך האָבן אומבאַקאַנטערהייט זיך געוואָרפֿן אויף אונדז און אונדז געקושט, שרײַענדיק דערבײַ:

— אוים מלחמה!

— מען שיסט נישט מער!

אפילו די הויכע ענגלישע פּאָליסלייט האָבן צו אונז געשמייכלט און אויסגעשריגן צו אונז די בשורה:

— וואפנשטילשטאַנד! וואפנשטילשטאַנד!

אך, ווי עס האָט זיך אונז געגלוסט ארויסצופאלן פון די מיליטערישע רייען! זיך אוועקלאָזן איבער די גאסן פון ליווערפּול מיט אָט די מענטשען, אריין מיט זיי אין רעסטאָראַן, אָדער גלאַט שפּאַצירן איבער די גאסן. אָבער דאָס איז אונז נישט דערלויבט געווען.

די סערזשאַנטן האָבן אונז אויסגעשטעלט, דורכגעפירט אלע מיליטערישע צערעמאָניעס, וואָס זיינען אונז אין די קעפּ נישט געקראָכן און דערנאָך געהייסן שטיין לעבן אונזער געפּעק און ווארטן אויף באַפעלן.



ז. וויינפּער אין ענגלאַנד

# אַ נסיון

נאָך אַ האַלבן טאָג זיצן אויף אונזער געפּעק אויף דעם ליווערפּולער האַפּן אין וואַרטעניש אויף ווייטערדיגע באַפעלן, האָט מען אונז געגעבן עסן מיטאָג מיט אַ צוגאָב פון עטלעכע זיסע ביסקיטלעך, וואָס האָבן געדאַרפט זיין אויף איבערצוכאַפּן די הערצער אויפ׳ן וועג אין לאַגער אַריין.

איידער מען האָט אונז געהייסן גיין מיט אונזער געפּעק אין די וואַגאָנען, האָט אונזער קאַפּיטאַן פאַר אונז פאָרגעשטעלט אַ אידישן קוירנעל מיט׳ן נאָמען מ י ל ע ר.

אָט דער קוירנעל מילער, אַ ביינערדיגער, מיטל־וואוקסיגער מענטש, האָט אונז מקבל־פּנים געווען מיט עטלעכע ווערטער אויף העברעאיש, וואָס זיינען זייער שווערלעך אַרויסגעקומען פון זיין מויל, און מען האָט געזען באַשיינפּערלעך, אַז ווען ער איז איבערגעגאַנגען אויף ענגליש איז אים גרינגער געוואָרן אויפ׳ן האַרצן.

אונז האָט זיין דרשה דאָך עפּעס געגעבן. מיר זיינען פון איר געוואויר געוואָרן, אַז יאָ שלום, צי נישט שלום, ווערן מיר סיי־ווי־סיי אָפּ־געשיקט קיין פּאַלעסטינע, וואו עס וואַרטן אויף אונז זייער וויכטיגע פליכטן צו זיין מאַיעסטעט קעניג דזשאָרדזש דעם פינפטן פון ענגלאַנד.

עס איז שוין געווען פאַרנאַכטלעך, ווען מיר זיינען געווען אין די קופּעען פון די וואַגאָנען, צו צען אין אַ קופּע פון אַכט און דערצו נאָך מיט׳ן געפּעק איז געווען ענגלעך, אָבער נאָך דער שיף איז דאָס סיי־ווי געווען אַ גן־עדן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איינער פון אונזער מנין אין קופּע האָט באַוויזן צו קריגן אַ צייטונג און מיר אַלע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן הונגעריגע נאָך די נייעס. עס האָט זיך געוואָלט וויסן אַלצדינג און דער עיקר האָט מען געשלונגען די נייעס וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע. קיינעם פון אונז איז נישט געווען צום האַרצן אָט דאָס, וואָס דער פראַנצויזישער און ענגלישער קאַפּיטאַליזם זוכט אונ־טערצושטעלן אַ פיסל דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. עס האָט זיך אָנגע־הויבן אַ שמועס וועגן דעם—אַ היציגער שמועס. אָבער ווען די באַן האָט ענדליך זיך אַ ריר געטאָן, איז די עלעקטריק אויסגעלאָשן געוואָרן און אַזוי ווי מיד פונ׳ם טאָג זיינען מיר געווען, זיינען מיר זייער גיך איינגע־שלאָפן, ווער מיט דעם קאָפּ צו זיין ברוסט און ווער אויף אַ שכנ׳ס אַן אַקסל, וואָרום אויסצוציען זיך איז דאָך ניט געווען וואו.

יענע נאַכט זיינען מיר אַזוי שטאַרק געשלאָפן, אַז מיר האָבן אפילו נישט געהערט, ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן דער סטאַנציע און עס זיינען געווען די געוואַלדן פון די סערזשאַנטן און די קאָרפּאָראַלן, וואָס האָבן מיט אַ שטאַרקן געבייזער אונז אויפגעוועקט.

—אויפשטיין! פּויליאַקעס! — האָבן זיי געגעוואַלדעוועט און קיין קללות אויף אונזער חשבון האָבן אויך דערבײַ נישט געפעלט.

אונז האָט ביים אַרונטערגיין באַגעגנט אַ קאַלטער, פייכטער פרימאָרגן אויסגעמישט מיט אַ לייכטן ענגלישן טומאַן, וואָס האָט זיך געצויגן פאַר אונזערע אויגן אין אָפּגעריסענע שטיקער. דער שלאָף איז נאָך געווען אין אונזערע ביינער, אָבער די געוואַלדן פון די סערזשאַנטן און די קאַרפּאַראַלן צוזאַמען מיט דער פרימאָרגנדיגער קאַלטער לופט האָבן אונז ביסלעכווייז באַפרייט פון אים.

עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז מיר זיינען נאָך דערווייל נישט וואו מיר דאַרפן זיין. דאָ איז בלויז אַן אָפּשטעל און אַז פון ־אַנען וועלן מיר מאַרשירן אַ היפּשן מהלך צו־פוס צו דעם לאַגער, וואָס איז פאַר אונז באַשטימט געוואָרן.

דערווייל איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס פון אויבנאויף האָט דאָס אויסגעזען, ווי אַ צופאַל, אָבער שפּעטער האָבן עטלעכע פון אונז אויסגעפונען, אַז דאָס איז געטאָן געוואָרן בכיוון.

אַנשטאָט אָפּצומאַרשירן אונזער אידישע אָפּטיילונג צום פרישטיק באַזונדער, ווי עס האָט זיך געפירט ביז דעמאָלט, האָט מען אונז אויסגעמישט מיט די איבעריגע אָפּטיילונגען און אונז מאַרשירט צוזאַמען.

וואָס איז געשען? אַ קליינינקייט. אָבער אָט די קליינינקייט האָט אַריינגעוואָרפן דעם סטעף, וואָס האָט אונז אַרונטערגענומען פון דער באַן, אין אַ היפּשער פאַרלעגנהייט. לויט די קעניגלעכע רעגולאַציעס האָט מען פאַר אונז גערדאַרפט צוגרייטן אַ כשר'ן פרישטיק און דאָס איז דעם סטעף אינגאַנצן אַרויס פון זינען. איז וואָס זשע טוט מען? מען גיט זיך אַן עצה און מען מאַכט זיך נישט ווייסנדיג, אַז דאָ איז פאַראַן אַן אידישע גרופּע, וועט דאָס מיינען, אַז די אידן האָבן פאַרבלאָנדזשעט און קיינער איז אין דעם חלילה נישט שולדיג.

— אַריינפאַלן אין דער ריי! — האָבן זיך צעדונערט אַלע סערזשאַנטן אינאיינעם און באַלד איז געקומען פון ערגעץ אַ מעכטיג, דונערדיג קול:

— אַככטונג! פירן זיך און פירן! רעכטס! מאַרש!

דער ריטמדיגער טראָט פון אַזוי פיל שווערע, געקאָוועטע שיך צוזאַמען האָט אויפגעקלאַפּט, ווי אַ מחנה פויקן וואָלט זיך צעפּויקט.

— אין מאַרש! צווייען זיך און צווייען! — האָט ווידער קאָמאַנדירט דאָס מעכטיג, דונערדיג קול און באַלד נאָכדעם:

— איינצל אין דער ריי!

איצט האָבן מיר מאַרשירט איינציגווייז אין אַ גרויסער, באַלויכטעטער טיר אַריין פון אַ ריזיגן הילצערנעם שאַלאַש און מיך האָט געפרייט צו זען פאַר מיר מיין פריינט פּנחס גינגאָלד'ן.

— אָט וועל איך עסן פרישטיק מיט גינגאָלד'ן צוזאַמען און עס יועט

זיין היימלעבער, — האָב איך זיך געטראַכט. אָבער אַ סאָלדאַט טראַכט און אַ סערזשאַנט לאַכט.

ביים אַריינגאַנג האָט אַ סערזשאַנט צעטיילט איינעם רעכטס און דעם צווייטן לינקס אַרום לאַנגע נאַקעטע הילצערנע טישן, אַזוי, אַז גינ־גאָלד איז אַריבער אויפ׳ן אַנדערן זייט און רעכטס ביי מיין זייט איז גע־זעסן אַ ריזיגער נעגער.

איז מילא, קיין ראַסן־דיסקרימינאַציע האָב איך קיינמאָל נישט גע־פילט אין זיך, אָבער ווען מען האָט סערווירט די שיסלען זופּ פאַר צווייען און מיין שותּף האָט געדאַרפט זיין דער נעגער, איז מיר געוואָרן נישט אַזוי גוט אויפ׳ן געמיט.

וואָלט ער געווען אַ ווייסער, וואָלט איך זיך אָפּגעזאָגט פון דער זופּ. וואָרום עסן מיט אַ פרעמדן מענטשן פון איין שיסל איז נישט איבעריג אַנגענעם, אָבער ווייל ער איז געווען אַ נעגער, האָב איך מורא געהאַט, אַז ער וועט דאָס אויסטייטשן ווי דיסקרימינאַציע אַנטקעגן זיין ראַסע.

הכלל, איך בין אויף אַ פּאָר רגע׳ס בפירוש געווען אין אַן אומאַנ־גענעמער לאַגע, אָבער איך האָב זיך באַלד באַהערשט און אַ נעם געטאָן דאָס לעפל מיט׳ן פעסטן באַשלוס נישט ווי צו טאָן קיין מענטשן.

דאָ האָט מיין שכן, דער נעגער, אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן און געזאָגט צו מיר אין אַ זייער ווייכן טאָן:

— עס דו פריער און דערנאָך וועל איך עסן.

איך האָב זיך איבערגעשראָקן, וואָרום מיר איז איינגעפאַלן, אַז אפשר האָט ער עפּעס אויפגעכאַפּט אויף מיין פּנים און איך האָב אים שוין ווי געטאָן, וואָס איך האָב אויסדריקלעך נישט געוואָלט.

— וואָס זשע, דו ווילסט נישט עסן מיט מיר צוזאַמען ? — האָב איך אים געפרעגט.

— איך מיט דיר וועל גערן עסן, אָבער דו ?...

זאָגנדיג דאָס האָבן זיינע גרויסע אויגן אויסגעקוקט ווי צוויי גרויסע, שוואַרצע פרעג־צייכנס.

— גיי שוין, גיי ! — האָב איך אויף אים אָנגעשריגן און אַ קלאַפּ טוענדיג זיין אָרעם האָב איך אים גוט־ברודעריש אויסגערעדט.

— מיר זיינען ביידע אין דער זעלביגער אַרמיי, ביידע אין די זעלביגע אוניפאָרמס, און ביידע די זעלביגע מענטשן.

— מיר זיינען זיכער ריכטיג אָט אַזוי, — האָט ער געזאָגט און מיר האָבן ביידע צוזאַמען זיך גענומען צו דער זופּ.

ביים פאַרלאָזן דעם טיש האָב איך, אפנים, כּדי צו פאַרזיכערן מיין נעגערשן מיט־עסער, אַז אין מיר איז נישטאָ קיין מינדסטער פונק פון דיסקרימינאַציע קעגן אים, אויסגעשטרעקט מיין האַנט זיך מיט אים צו געזעגענען.

— זייט געזונט, ברודער. — האָט ער מיר געוואונטשן און איך אים אויך דאָס אייגענע פון גאַנצן האַרצן.

# ענגלישע פעלדער

עס איז שוין געווען ארום צען אינדערפרי, ווען מען האָט אונז באפוילן אריינצופאלן אין די רייען צוזאמען מיט אונזער געפעק.

דער נייער סערזשאנט האָט אונז פאָרגעשטעלט פאר א נייעם אָפיציר, וואָס איז דאָס מאָל געווען נישט מער, ווי א צווייטער ליוטענאנט, אָבער דערפאר האָט ער אויסגעקוקט סיי מיט זיין פארהארטעוועטן פנים און סיי מיט זיין האלטונג דורכאוים א סאָלדאט.

מיר האָבן דערוואַרט פון אים א דרשה, ווי מיר זיינען שוין געוואוינט געווען דערצו יעדעס מאָל, ווען מיר זיינען איבערגעגאנגען פון איין פלאַץ אין דעם אנדערן, אָבער אנשטאט דעם איז געקומען א טרוקענער אויסרוף:

— געפעק אויף די לינקע שולטערס!

מיר האָבן אלע א הויב געטאָן אונזער געפעק מיט איין מאָל און טראָך אויף די שולטערס.

— רעכטס! — איז געקומען דער צווייטער אויסרוף און גלייך נאָכ־רעם:

— מאררששש!

מיר האָבן ארויסגעמאַרשירט אין ריטמישדיגן טראָט פון דער סטאנציע, נישט וויסנדיג ווי זי הייסט, אין וואָס פאר א טייל ענגלאנד זי געפינט זיך און וואוהין מיר מארשירן.

איצט איז שוין קיין סימן נישט געווען פון די פריערדיגע, אָפגעריסענע שטיקער טומאנען, וואָס האָבן זיך געצויגן אין דער לופטן, ווי שוועבנדיגע גרויע לייַלעכער. די קאַלטע פייכטקייט איז אויך איינגאנצן פארשוואונדן. הויך איבער אונז האָט געשיינט א לויטערע זון און עס איז געווען, ווי אָט די זון האָט מיט אירע שטראַלן אַלץ אויסגעוואשט און אויסגעטריקנט.

מיר האָבן מארשירט אויף א שמאָלן, געשלענגלטן וועג פארביי א קליינעם ישוב, וואָס כאָטש מען האָט מיר געזאָגט, אז דאָס איז אַן ענגליש דאָרף, האָט דאָס אָבער אין מיינע אויגן אויסגעקוקט ווי א געזעמל פון אַלטע, פרימיטיווע שלעסער. נישט קיין גרויסע און נישט קיין כשופ׳דיגע מיט זייער שיינקייט זיינען אָט די שלעסער געווען, אָבער אַזעלכע מאסיווע און שווייגנדיגע. גרויע, שווערע שטיינערדיגע ווענט, שפיציגע דעכער און איבער די טירן און פענצטער אַזעלכע דיקע האַלצערנע שטאַבעס.

פארביי שפאַנענדיג אָט דאָס דאָרף זיינען מיר געקומען אין זכרון די דערפער אין מיין וואָלין.

דאָרטן זיינען נישטאָ אַזעלכע הייזער און אַזעלכע ארומגעצאַמטע שטיינערדיגע הויפן. דאָרטן זיינען בכלל קיין שטיינער נישטאָ. אַלץ און אומעטום איז האָלץ און שטרוי. האָלצערנע כאטקעס, אָפגעווייסט מיט ליים און די דעכער פון שטרוי, אָבער עס טראָגט זיך א גרינגקייט און אַן אָפנקייט ארום זיי. קינדער, טאַקע באָרוועסע און אָפגעריסענע, אָבער לע־

בעדיגע קינדער זעען זיך ארום די כאַטעס. פּויערים און פּויערטעס זעען זיך. עס וואַרפט זיך אין די אויגן אַ קו, אַ הונט, עטלעכע הינער, צווישן וועלכע עס שפּאַנט מיט גרויס חשיבות אַ באַשפּאַרנטער האָן, וואָס טרייסלט מעשה שטאַרקער זכר מיט זיין רויטן קרוינדל אויפ׳ן קעפּל. און דאָ איז אַזאַ שטילקייט, אַזאַ באַהאַלטנקייט.

עמיצער האָט אינ׳ם מאַרש איבערגעריסן מיינע מחשבות מיט אַ באַ־מערקונג וועגן דעם, וואָס ביז איצט זיינען מיר געווען אונטער דער פירער־שאַפט פון אַ גאַנצן קאַפּיטאַן און איצט מאַרשירן מיר אונטער דער פירער־שאַפט פון אַ צווייטן ליוטענאַנט בלויז.

— אַזאַ ירידה,—האָב איך דערהערט לעבן זיך אַן אַלט באַקאַנט קול און זיך ביז גאָר דערפרייט דאָס צו הערן.

— נו, ווי פילסטו זיך מיט די פיס אויף דער ערד?—האָב איך אַ פרעג געטאָן ביים קאָמיקער, וואָס האָט געשפּאַנט מיט זיין רוקן פאָראויס מיר.

דאָס געפּעק אויף זיין לינקן שולטער האָט אַ ציטער געטאָן און ער האָט לאַכנדיג געזאָגט:

— איך האָב מורא, אַז כדי נישט צו פאָרן נאָכאַמאָל אויף דער שיף, וועל איך שוין בלייבן אין ארץ ישראל.

עמיצער דערביי, וואָס האָט אפנים נישט פאַרגונען דעם קאָמיקער דאָס ביסל פאַרגעניגן פון צו פילן די ערד אונטער די טריט, האָט באַמערקט:

— ביז ארץ ישראל וועסטו פאַרזוכן דעם טעם פון נאָך אַ שיף.

— דו מיינסט זיכער דעם מיטללענדישן ים? — האָט דער קאָמיקער געפרעגט.

— דער מיטללענדישער ים איז דיר אויך נישט קיין אָזערע אויף פיש צו כאַפּן,—האָט יענער זיך געריכט.

— עט, — האָט דער קאָמיקער אַ פירקע געטאָן מיט׳ן מויל און ווי ער וואָלט גיכער זיך אַליין געוואָלט באַרואיגן, איידער ענטפערן יענעם, האָט ער גענומען לערנען פשט:

— דער מיטללענדישער ים איז נישט דער אַטלאַנטיק. ער וואַרפט זיך נישט אַזוי. דעם מיטללענדישן ים האָט רב יהודה הלוי דורכגעמאַכט אין אַ זעגל־שיפל, וועל איך אין אַן ענגלישן דאַמפער אים אודאי איבערקומען.

דאָ האָט זיך דער ברייטער יהושיע גאָרדאָן ווי אויפגעכאַפּט פון עפּעס אַ טיפער משחבה און אין אַ קיבוצ׳דיגן טאָן אַ זאָג געטאָן צום קאָמיקער:

— ווי איך זע, הויבט פאַרט אַב. גאָלדבערג אָן צו באַזיגן אין דיר צביונ׳ען.

פלוצלונג האָט זיך דערהערט דעם ליוטענאַנט׳ס אויפגערייצט קול:

— וואָס טומלט מען דאָרטן אין די רייען.

און אַז דער ליוטענאַנט איז אַזוי אויפגערייצט געוואָרן איז דער נייער סערזשאַנט נישט אָפּגעשטאַנען און געגעבן אַ קאָמאַנדעווע צום אידישן סערזשאַנט, וועלכער האָט די גאַנצע צייט געמאַרשירט מיט אונז, ווי אַ פשוט׳ער סאָלדאַט מיט׳ן פּעקל אויפ׳ן שולטער.

— סערזשאַנט, מאַרשיר אַרויס פון הינטן!

און דעמאָלט האָבן מיר מאַרשירט עטלעכע מינוט אונטער די גרוילנ־דיגע אויסרופן פון ביידע סערזשאַנטן:

— לינקס! רעכטס! לינקס! רעכטס!

עס האָט אָבער לאַנג נישט גענומען און דער ענגלישער סערזשאַנט איז אַנטשוויגן געוואָרן און אַז דער ענגלישער סערזשאַנט איז אַנטשוויגן גע־וואָרן, איז אויך דער אידישער אַנטשוויגן געוואָרן.

פאַרוואָס דער אידישער סערזשאַנט איז אַנטשוויגן געוואָרן איז מיר קלאָר געוואָרן באַלד אויפ׳ן אָרט. ערשטנס, איז ער אַנטשוויגן געוואָרן ווייל דער ענגלישער איז אַנטשוויגן געוואָרן און צווייטנס, איז אים נעבעך געווען שווער צו טאָן צוויי זאַכן מיט איין מאָל—אי צו טראָגן דאָס פּעקל און אי צו רייסן זיך דעם גאַרגל, אָבער פאַרוואָס דער ענגלישער סערזשאַנט איז אַנטשוויגן געוואָרן איז מיר געוואָרן קלאָר ערשט אין אַ פּאָר מינוט אַרום.

עס איז געווען די אַרומיקייט, וואָס האָט אַרויסגעצוואונגען אַ שטיל־שווייגעניש אויף יעדערן.

פּלוצלונג זיינען אויסגעוואַקסן פון ביידע זייטן וועג געוואַלדיגע שיינ־קייטן, וואָס האָבן געמוזט אָפּנעמען דאָס לשון ביי יעדן איינעם.

קוקנדיג אויף די געבערגלטע און געטאָלטע פעלדער אויף ביידע זייטן פון דעם געפלאַסטערטן וועג, איז אונז דאָס געפּעק אויף די שולטערס גרינגער געוואָרן.

דער וועג אַליין איז אויך געווען אַ שיינער. נישט אַזוי דער וועג, ווי די צונויפגעלייגטע שטיינער און שטיינדלעך, וואָס האָבן זיך געצויגן אויף מיילן ווייט ביי ביידע זייטן פונ׳ם וועג. רויע און גרויע שטיינער און שטיינדלעך, אָבער דער אופן, ווי זיי זיינען געווען צונויפגעלייגט, האָט דער־ציילט פון מענטשלעכע הענט, וואָס האָבן געאַרבעט לויט די באַפעלן פון געמיטער, וועלכע זיינען באַזעלט מיט געפילן פון שיינקייט.

די זעלבע שטיינער און שטיינדלעך האָבן זיך געצויגן, ווי דינע שניר־לעך איבער די פעלדער פון ביידע זייטן וועג און פאַרוואַנדלט די אויסגע־שפּרייטע שטחים אין צעשניטענע שטיקער לעקעך, אָדער אין לעקעכער פון פאַרשידענע קאָלירן און באַזונדערס בעקנס, וואָס זיינען געלעגן אָפן צו דעם בלויען ריינעם הימל און צו דער זון.

איך געדענק, אַז פאַרביישפּאַנענדיג אָט די שיינע פעלדער איז נישט געווען קיין באַוואונדערונג פאַר דער נאַטור, וואָס איז אין מיר אויפגע־גאַנגען דעמאָלט, נאָר טיפע באַוואונדערונג פאַר דער אַרבעט פון מענטש־לעכע הענט איז אויפגעגאַנגען אין מיר. ווארום נישט קיין נאַטירלעכע נאַטור־שיינקייטן זיינען דאָס געווען, נאָר רעזולטאַטן פון הונדערטער יאָר ענגלישע קולטור זיינען דאָס געווען.

און אַזוי פרעמד און אַזוי ווילד האָט מיר דעמאָלט אויסגעקוקט אָט דאָס, וואָס מענטשן פירן מלחמות צווישן זיך.

# וואוהין ?

פונקט ווי אין אונזער ערשטן אָפּשטעל, וואָס איז געווען ווינדזאָר־נאָווא־סקאָשיא, האָבן מיר געטראָפן אַ פריערדיגע גרופע, אַזוי האָבן מיר אויך געטראָפן אַזאַ גרופע אין דעם צווייטן וויכטיגן אָפּשטעל אויף אונזער וועג קיין פאַלעסטינע.

און עס איז געווען פון אָט דער פריער אָריבערגעקומענער גרופע, פון וועלכער מיר האָבן באַלד געקראָגן די אינפאָרמאַציע, אַז מיר געפינען זיך אין דעם לאַגער, וואָס רופט זיך „סאָלד־עש" און אַז אונזער לאַגער איז זייער נאָענט פון די צווילינג־שטעט פלימוט און דעווענפּאָרט, וואוהין מען קאָן זיך אַריבערכאַפּן פון צייט צו צייט און פאַרברענגען אַן אָוונט.

די הילצערנע שטיבלעך, אין וועלכע מען האָט אונז איינגעקוואַרטירט צו צוואַנציג אין אַ שטיבל, האָבן אין אונזערע אויגן אויסגעקוקט, לגבי דעם צעלעכערטן שאַלאַש אין ווינדזאָר, ממש ווי פּאַלאַצלעך. אויך די בעטלעך זיינען געווען בעסער. צוויי ברעטלעך אויף צוויי העלצלעך, אָבער איבער די ברעטלעך איז געווען אַ שטרויענער שעניאַק, איבער וועלכן עס איז זיך געלעגן אַ סך ווייכער, ווי איבער די האַרטע נאַרעס אין ווינדזאָר און ווי אויף די לייוונטענע האַמעקלעך אויף דער שיף אודאי און אודאי.

ווען מיר זיינען אויף מאָרגן קאַיאָר נאָך אַ געזונטער נאַכט שלאָף אַרויס אויפ'ן „פּאַראַד", האָט דער מאַיאָר פונ'ם לאַגער, וועלכער האָט אונז באַטראַכט אין אונזער אַרויס־מאַרש מיט די בליקן פון אַ געניטן אָקסן־הענדלער, וואָס באַטראַכט אַ נייע סטאַדע אָקסן, אויסגעדריקט עפּנטלעך זיין צופרידנקייט.

און עס איז געווען טאַקע אָט־דער מאַיאָר, וואָס האָט אונז געטרייסט און אונז ממש אויסגערעדט די הערצער, אַז מיר זאָלן זיך נישט פילן אומגליקלעך, וואָס אונז וועט שוין אפשר ניט אויסקומען צו נעמען קיין אנטייל אין קיין אמת'ע שלאַכטן.

— סאָלדאַטן אין פרידנס־צייט טוען זייער פליכט צו זיין מאַיעסטעט, פונקט ווי די סאָלדאַטן אין קריג, — —האָט ער געזאָגט מיט פאָטערלעכער צערטלעכקייט, און דערביי זייער שטאַרק באַטאָנט:

— בפרט איר, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער צייט פונ'ם קריג, ווערט אודאי אָפּגעשאַצט פון זיין מאַיעסטעט.

איך געדענק, אַז ווען איך האָב געהערט אָט די רייד פונ'ם מאַיאָר, האָב איך אָנגעשפּיצט די אויערן אויפצוכאַפּן אַ באַמערקונג פונ'ם קאָמי־סער, וועלכער איז געשטאַנען הינטער מיר, און איך האָב זיך געפילט כמעט ווי אַנטוישט, ווען קיין שום באַמערקונג איז נישט געקומען.

שפּעטער האָב איך אַ פרעג געטאָן ביי אים וועגן דעם, און ער האָט

אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט זיינע קאָסאָקע אויגן, וועלכע האָבן זיך דאָס מאָל צעפינטלט גאָר אַנדערש, ווי זייער שטייגער איז געווען.

— דו ווייסט, וויינפּער, איך הויב אָן דרך־ארץ האָבן פאַר אַט־די ענגלענדער.

— דרך־ארץ? — האָב איך געפרעגט, נישט פאַרשטייענדיק קלאָר זיינע ווערטער.

דאָ האָט דער קאָמיקער אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבער זיין לאַנגער, פאַרדרייטער נאָז און זיך געפּרובירט קלאָרער צו מאַכן:

— זיי זיינען די גרעסטע אַקטיאָרן, וואָס די וועלט האָט ווען געהאַט!

— די גרעסטע אַקטיאָרן?

— נו, יאָ. וואָרום וואָס דען איז געווען אין דעם מאַיאָר׳ס רעדע צו אונז אויב נישט קיין אַקטיאָרישער מאָנאָלאָג?

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דעם קאָמיקער אָן איבערראַשטער, וואָרום ביז דעמאָלט האָב איך געקוקט אויף אים ווי אויף אַ זייער פּשוט׳ן פאָלקס־אינגל מיט אַ געזונטן חוש פאַר הומאָר, און דאָ שטייט פּלוצלונג פאַר מיר אַ מענטש מיט אַ סך אַ טיפערן באַנעם, ווי איך האָב זיך אין אים פאָרגעשטעלט פריער.

און נאָך מער בין איך איבערראַשט געוואָרן פון זיין ווייטערדיקן אויספיר.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך געטאָן אַ ציַ אויס אין דער פּאָזע, ווי דער מאַיאָר איז פריער געשטאַנען פאַר אונז, און איבערזאָגנדיק די רייד, וואָס דער מאַיאָר האָט צו אונז געזאָגט, האָט ער געטאָן אַ שים אַרויס פון זיין מויל פאָלגנדיקע באַמערקונג:

— דער גרעסטער אַקטיאָר איז דער, וואָס שפּילט דעם טאַמעוואַטן. ער דערגרייכט מיט זיין טאַמעוואַטעקייט מער ווי יענער, וואָס נעמט דעם עולם מיט בראַוואָדאָ.

דער טרוימער, וואָס איז דערביי געשטאַנען, ווי שטענדיק אַ שווייגנ־דיגער, האָט פון איבערראַשונג אַזש אַ ציַ געטאָן דאָס ליולקעלע פון מויל און זיך געגרייט עפּעס צו זאָגן, אָבער דער קאָמיקער, וואָס איז נאָך נישט פאַרטיק געווען, איז אים פאַרלאָפן דעם וועג.

— נישט אומזיסט איז ענגלאַנד די דערפאָלגרייכסטע אימפּעריע. אירע מיליטער־לייט זיינען צו דער זעלביקער צייט אויך גרויסע דיפּ־לאָמאַטן. זיי קאָנען אויסגעצייכנט די מלאכה נישט נאָר מיט׳ן געווער, נאָר אויך צו נעמען אויפ׳ן זעבער מיט׳ן וואָרט.

אָפּזאָגנדיק אַט דאָס אַלץ, האָט דער קאָמיקער זיך צעלאַכט מיט אַ דריבנעם, איראָנישן געלעכטערל און דער טרוימער האָט זיך געווענדט צו מיר:

— פאַראַן אַ גרויסער אמת אין זיינע רייד.

אָבער דערביי איז אויך געווען דער שתדלן און ער האָט אויפגענומען

דעם קאָמיקער׳ס רייד גאָר אַנדערש, ווי עס האָט זיי אויפגענומען דער טרוימער.

— יאָ, יאָ, אַ גרויס פאָלק די ענגלענדער, — האָט ער געזאָגט און אַ דריי טוענדיג דעם גראָבן פינגער אין דער לופט, ווי עס פלעגט טאָן אַ ישיבה־בחור איבער דער גמרא, האָט ער מיט גרויס צופרידנקייט צוגעלייגט:

— מיט אַזאַ פאָלק ווי די ענגלענדער זיינען פאַסט אונז אידן דער שידוך.

אין אָט דעם לאַגער פון „סאָלד־עש" האָבן זיך בכלל ווידער אויפ־געבונדן ביי אונז אַלעמען די צונגען פאַר אַ סך רייד און וויכוחים.

נישט האָבנדיג פאַראויס פאַר אונז מער קיין מלחמה, האָבן מיר זייער אַ סך ספּעקולירט וועגן דעם, וואָס אונז שטייט פאַר אין פאַלעסטינע.

און צייט פאַר רייד און וויכוחים האָבן מיר אינ׳ם לאַגער פון „סאָלד־עש" געהאַט גענוג.

ספּעציעל די ערשטע טעג אינ׳ם לאַגער איידער מען האָט אונז געגעבן די ביקסן מיט די באַיאָנעטן און דאָס איבעריגע קלאַפּערגעצייג, האָבן מיר געהאַט אַ סך צייט.

די שעה פיזישע איבונגען אין דער פרי און די פאָר שעה נאָכמיטאָג אין מושטירן זיך האָבן געלאָזט גענוג צייט דורך די טעג, וואָס מען האָט פאַרנוצט מערסטנס אויף וויכוחים.

אָפיציעל האָט עס געהייסן, אַז מיר וועלן זיין אַ טייל פון דער אָקופּיר־אַרמיי אין פאַלעסטינע, ביז דער וואַפנשטילשטאַנד וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אמת׳ן שלום, אָבער מיר האָבן אין אָט דער אָפיציעל־קייט אַריינגעלייגט אַ סך אַנדערע כוונות, וואָס זיינען געקומען מערסטנס פון אונזערע אייגענע פאַנטאַזיעס.

שטענדיג האָט איינער געהערט אַ צווייטן דערציילן, ווי אַ דריטער האָט געזאָגט, אַזוי און אַזוי.

— איר האָט געהערט, וואָס מען דערציילט?

— ווער דערציילט?

— עמיצער דערציילט.

— וואָס דערציילט ער?

— מיר זיינען גוט אויף גאַנצע דריי יאָר אונטער׳ן ביקס!

— גאַנצע דריי יאָר?

— יאָ, יאָ, — האָט שוין אַ צווייטער עדות געזאָגט, אַז אויך ער ווייסט דערפון, נאָר ער האָט נישט געוואָלט דערציילן, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אָנוואַרפן אויף קיינעם קיין מרה־שחורה.

— אָבער וואָס עפּעס פונקט דריי יאָר?

— ענגלאַנד מוז האָבן אין פאַלעסטינע אַ שטאַרקע אַרמיי אַנטקעגן די אַראַבער, וואָס זיינען נישט צופרידן הלמאי מען גיט אָפּ ארץ־ישראל צו די אידן.

— פאַרוואָס־זשע עפּעס מיר קענען די אַראַבער? — פרעגט עמיצער אַן איבערגעשראָקענער.

— וואָס־זשע דען האָסטו געוואָלט, אַז די ענגלענדער זאָלן זיך שלאָגן פאַר דיין לאַנד? — פרעגט אַן אַנדערער ביים איבערגעשראָקענעם און קוקט דערביי אַליין אויס היפּש דערשראָקן.

אַן אַנדערש מאָל קומט עמיצער מיט אַ נייעס און שווערט זיך דערביי, אַז ער האָט דאָס געהערט פון זיכערע קוועלן.

— מיר פאָרן אינגאַנצן נישט קיין ארץ־ישראל!

— וואוהין דען פאָרן מיר?

— קיין סיביר פאָרן מיר!

— קיין סיביר? — שטעלן אַלע אָן די אויגן.

— ענגלאַנד שיקט אַן ארמיי קיין סיביר אַנטקעגן די באָלשעוויקעס, — דערקלערט דער נייער דערציילער.

— איז וואָס האָבן מיר צו די באָלשעוויקעס? — פרעגן עטלעכע זייער נאַאיוו, און עמיצער שרייט אויס אַנטריסטעט און היסטעריש:

— און איך וועל קענען די באָלשעוויקעס נישט גיין!

אין יענע טעג איז דער שתדלן ווידער אַרויפגעשוואומען מיט זיין שתדלנות. עס איז געווען ממש צו באַוואונדערן, ווי גרינג און פלינק ער האָט אָנגעקניפּט פאַרבינדונגען מיט די העכערע מיליטערישע ראַנגען, און עס איז געווען ער, וועלכער פלעגט ברענגען די אַפּליקענונגען פון אָט די אַלע קלאַנגען.

— איך האָב נעכטן גערעדט וועגן דעם מיט'ן מאַיאָר, און ווייס איך וואָס מען דערציילט דאָרטן פוסטע מעשיות!

אָט אַזוי פלעגט ער ברענגען די אָפּלייקענונג און דערביי מאַכן אַ מינע אויף זיין פּנים פון זייער אַ וויכטיגן מענטשן, אויף וועמען מען מעג זיך פאַרלאָזן, אַז ער ווייסט, וואָס עס טוט זיך.

און פּונקט ווי פריער אין ווינדזאָר, איז אויך אין „סאָלד־עש" דער שתדלן געוואָרן דער, וואָס פלעגט קריגן טובות ביי די העכערע ראַנגען פאַר עמיצן. האָט עמיצער געוואָלט אַ דערלויבעניש צו פאַרברענגען אַן אָוונט אין פּלימוט, אָדער אין דעוועגפּאָרט, פלעגט ער זיך ווענדן צום שתדלן און דורך אים זי קריגן.

פאַרשטייט זיך, אַז מיט ליידיגע הענט איז מען צום שתדלן נישט געגאַנגען, וואָרום, ווי פלעגט טאַקע דער שתדלן זאָגן:

— אַז מען שמירט, פאָרט מען!

# דעוועגפּאָרט און פּלימוט

עס איז געווען אַ שטאַרקע איבערלעבונג פאַר מיר, ווען איך האָב געקראָגן די דערלויבעניש צו פאַרלאָזן דעם לאַגער און פאַרברענגען אַן אָוונט אין די נאָענטע שטעט פּלימוט און דעוועגפּאָרט.

איך האָב פאַרלאָזן דעם לאַגער און צוזאַמען מיט די עט־לעכע אַנדערע, וואָס האָבן די זעלבע דערלויבעניש געקראָגן, אויסגעהערט אַ דרשה פון אונזער ליוטענאַנט וועגן דעם, ווי אַזוי מיר זאָלן זיך האַלטן אויף די גאַסן פון די שטעט.

— פאַרגעסט ניט אויף קיין איין מינוט, ווער איר זייט. די אוני־פאָרמס, וואָס איר טראָגט אויף זיך, לייגן אַרויף אויף אייך אַ באַזונדער אחריות און אייער אחריות איז אַ טאָפּלטע. איר זייט פון די קעניגלעכע שיסער־רעגימענטן און איר זייט היברוס!

דאָס וואָרט „היברוס" האָט דער ליוטענאַנט אַרויסגערעדט מיט אַ באַזונדער באַטאָנונג, און עזרא הררי, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ שוי־שפּילער אויף העברעאיש און אַ געוועזענער פּאַלעסטינעץ, האָט שוין פון דער באַטאָנונג געוואָלט אויסטייטשן, אַז דער ליוטענאַנט איז אַ שטיקל אַנטיסעמיט.

— איר האָט געהערט, ווי שטאַרק ער האָט געקוועטשט דאָס וואָרט „היברוס"? — האָט זיך הררי געקאָכט, ווען מיר האָבן געשפּאַנט מיטן שמאָלן, געדרייטן וועג פאַרביי אַ שטיל ענגליש דערפל צום פּאַראָם, וואָס האָט אונז געדאַרפט איבערפירן איבער אַ טייך קיין דעוועגפּאָרט.

— אַן אַנטיסעמיט! זיכער אַן אַנטיסעמיט!

דאָ האָט זיך אַריינגעמישט איינער פון די פריער אַריבערגעקומענע און גלייך געמאַכט אַ סוף צו עזרא הררי'ס חשד:

— גיי שוין, גיי, וואָס פאַר אַן אַנטיסעמיט איז ער דיר, אַז בסך־הכל איז ער אַליין אַ איד.

— דער ליוטענאַנט איז אַ איד?

עזרא הררי האָט פונדעסטוועגן נישט געוואָלט אויפגעבן זיין חשד און ער האָט דאָ געפונען אַן אַנדער אויסוועג, ווי אים צו באַשולדיגן.

— נו, אַז אַ איד איז וואָס? עס זיינען דאָ אידישע אַנטיסעמיטן אויך! — האָט ער זיך געהאַלטן ביי דעם זייניגן.

דער ויכוח וואָלט זיך געווען פאַרצויגן, ווען מיר דערזעען נישט פון דער ווייטנס דעם פּאַראָם ביים ברעג פון טייך שוין אָן אָנגעפּילטן און גרייט אָפּצושווימען.

דער אָוונט איז אומבאַמערקט צוגעפאַלן און אונזער פּאַראָם, וואָס איז אין דער אמת'ן געווען אַן אַלט שלעפּ־שיפל מיט אַ דעק, וואָס האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַ ברייטן טאָפּטשאַן, און האָט פּאַמעלעכדיק,

אָבער מיט גרויס עקשנות געשניטן דעם ברייטן, גלאַנציקן וואַסער־פלאַך צו אַ געדיכטער מאַסע באַלויכטענע פּינטעלעך אויף דער אַנדערער זייט.

— וואו איז פּלימוט און וואו איז דעוועגפּאָרט? — האָב איך גע־פרעגט ביי אַ סקאָטישן סאָלדאַט, וואָס האָט געהאַלטן ביידע הענט אויף די בערשטלעך איבער זיין געקעסטלטן קליידל, אַז דער ווינט זאָל זיי אַפּנים נישט אַ הויב טאָן און מיט זיי צוזאַמען דאָס קליידל זיינס.

דער סקאָטישער סאָלדאַט האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און מיר געגעבן אַזאַ מין דערקלערונג:

— פונדערווייטנס זיינען זיי ביידע צוזאַמען, אָבער אַז דו וועסט זיין אין פּלימוט, וועסטו נישט זיין אין דעוועגפּאָרט און אַז דו וועסט זיין אין דעוועגפּאָרט, וועסטו נישט זיין אין פּלימוט.

די דערקלערונג האָט ער מיר געגעבן אין אַ שאַרפן ררריישעדיק ענגליש און דערנאָך האָט ער זיך זייער הכנעה׳דיק צעלאַכט פון זיין אייגענער קלוגשאַפט.

איך געדענק, אַז שטייענדיק אָנגעשפּאַרט ביים פּאַרענטש און קוקנ־דיק אַזוי אין דער ווייטקייט, האָב איך אָנגעהויבן צו האָבן דעם איינ־דרוק, אַז איך בין אויף אַ שיף, וואָס שווימט איבער דעם האַדסאָן פון ניו יאָרק קיין האָבאָקען, אָדער ערגעץ אין אַן אַנדער שטאָט אַרום ניו יאָרק און אונטער אָט דעם איינדרוק האָב איך דערזען פאַר מיינע אויגן ניו־יאָרק און זיך זייער שטאַרק צעבענקט נאָך איר.

עס איז מיר געקומען אויפן זין משה לייב האַלפּערנ׳ס פּאָעמע „אין דער פרעמד״, וואָס שפּיגלט אָפּ אין זיך אָט אַזאַ מין שפּיל אויף דעם האַדסאָן, און איך האָב גענומען זוכן אַרום זיך די געזונטע, טאַנצנדיקע אירלענדישע טעכטער, וואָס האַלפּערן האָט אַזוי מייסטערהאַפט געשיל־דערט אין זיין פּאָעמע, אָבער אָנשטאָט זיי האָב איך געפונען אַרום זיך סאָלדאַטן, קאַליעקעס און פרויען. די סאָלדאַטן פון אַלערליי סאָרטן רע־גימענטן זיינען געשטאַנען גלייכגילטיקע, די קאַליעקעס אָנגעטאָן האַלב־ציוויל און האַלב־מיליטעריש האָבן אויסגעקוקט נאָך מער ווי גלייכגילטיקע. עפּעס ווי אַן אויפגעלייזטקייט האָט אַרויסגעקוקט פון זייערע פאַרגלי־ווערטע פּנים׳ער. ווער אויף אַ קוליע, ווער אָן אַן אָרעם און ווער מיט אַ באַנדאַזש, האָבן זיי אַלע אויסגעקוקט, ווי זיי וואָלטן שוין מיטן לעבן אויף דער ערד אונטערגעצויגן אַלע חשבונות און איצט קלייבן זיי זיך צו דערציען זייערע טעג אָן די מינדסטע האָפענונגען און דערוואַרטונ־גען. וואָס שייך די פרויען, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דעם פּאַראָם, האָבן זיי בכלל נישט אויסגעקוקט ווי פרויען, נאָר ווי מענער, וואָס דער־מאָנען די אויסזעענס פון פרויען. מערסטע פון זיי זיינען נאָך דווקא געווען גאַנץ יונג, אָבער די יוגנט אין זיי איז געווען שטאַרק איבערגעדעקט מיט דער שווערקייט פון די דורכגעלעבטע יאָרן, אַזוי אַז עס האָט זיך געזען בלויז די שווערקייט און נישט די יאָרן.

איך האָב אָפּגעקערט די בליקן פון דער שיף און זיי געווענדט צום

פּאַראױס, וואוהין די שיף האָט אונז געפירט, און זיך פלוצלונג געכאַפּט, אַז דער פרײדיגער ציטער, וואָס איך האָב דורכגעלעבט, ווען איך האָב גע־קראָגן די דערלױבעניש צו פאַרברענגען דעם אָוונט אין שטאָט, איז ווי פאַרשוואונדן און אַז איצט פיר איך שוין אין זיך אין דער שטאָט אַריין אַ היפּשע שטיק גלײכגילטיגקײט.

די פײערדיגע פינטעלעך פון פריער זײנען זיך ביסלעכווײז צע־וואַקסן אין גרויסע פײערדיגע פלעקן, וואָס האָבן זיך ערטערווײז צעשפּרײט און זיך צונויפגעגאָסן אין אײן גרויסן פײער.

עס האָט נישט גענומען לאַנג און דער פּאַראָם אונזערער האָט זיך צוגעצויגן צום ברעג.

— דעוואָנפּאָרט! — האָט זיך דערהערט אַ שאַרפער אויסרוף און איך האָב זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג.

— אפשר פאָרן מיר ווײטער קײן פּלימוט? — האָט זיך עזרא הררי געווענדט צו מיר.

— וואָס איז דער אונטערשײד? — האָב איך געענטפערט און הררי האָט זיך געלאָזט נאָך מיר.

יענעם אָוונט האָבן מיר בײדע לאַנג געשפּאַנט איבער די גאַסן פון דעוואָנפּאָרט און דערנאָך אויך איבער די גאַסן פון פּלימוט, וואוהין מיר זײנען שפּעטער אַריבערגעפאָרן.

ווען איך האָב געשפּאַנט איבער די גאַסן פון פּלימוט, האָב איך געטראַכט פון דער שיף „מעי־פלאַוער", וועלכע האָט געבראַכט די ערשטע פּוריטאַנער קײן אַמעריקע טאַקע פון דעם פּלימוט האַפן, אָבער דאָס מאָל האָב איך זײער ווײניג „פּוריטעט" געפונען אויף די גאַסן פון פּלימוט, ווי איך האָב זי נישט געפונען אויף די גאַסן פון דעוואָנפּאָרט.

אין די שטיבער פון אָט די צוויי שטעט איז אודאי אויך געווען אַ סך רײנקײט און מענטשלעכקײט, אָבער אָט די רײנקײט און מענטלעכקײט האָט זיך באַהאַלטן הינטער פאַרשלאָסענע טירן און צוגעמאַכטע לאָדנס, בשעת דאָס מערסטע, וואָס האָט זיך געזען איבער די גאַסן און געסלעך האָט גע־שלאָגן מיט טוכלעקײט און מיט הפקרות.

און עס איז נישט געווען קײן וואונדער, נאָך פיר יאָר חושך איבער די גאַסן אונטער דער כסדר'דיגער שרעק פאַר די דײטשע עראָפּלאַנען, האָט די עלעקטריק, וואָס האָט זיך באַוויזן גלײך נאָכ'ן וואָפנשטילשטאַנד, אַרײנגע־וואָרפן יעדן אײנעם אין שכרות.

אָבער נישט קײן פרײלעכע שכרות איז דאָס געווען. קײן געלעכטער, זאָל זײן אַ וואולגאַרער אפילו, האָט זיך אין ערגעץ נישט געהערט. אַלע רעסטאָראַנען, רעסטאָראַנדלעך און שענקלעך זײנען געווען אָנגעפילט מיט סאָלדאַטן, וואָס האָבן געטרונקען דעם ענגלישן אויל־ביר שווײגנדיגע און פאַרכמורעטע. אויב עמיצער האָט געעפנט דאָס מויל האָט ער מער גע־ברומט, ווי עפּעס געזאָגט, אָדער ער האָט זיך גאָר צעשאָלטן מיט טויטע קללות גלאַט אין דער וועלט אַרײן. דאָ און דאָרטן האָט זיך געזען אַ קאַ־

ליעקע, וואָס האָט געכאַפּט א טרונק אויף עמיצנ'ס חשבון און פּרויען אָנ־געטאָן האַלב־מענעריש האָבן אויך געטאָן דאָס אייגענע.

אויף די גאַסן, איבער וועלכע איך האָב יענעם אָוונט געשפּאַצירט, האָבן אויסגעקוקט ווי גרויסע אָפענע שענקען. די לופט איז געווען אָנגע־פילט מיט אַלקאָהאָל, געפּרעגלטע קאַרטאָפּליעלעך, וואָס מען האָט פאַר־קויפט אויף אַלע ראָגן פאַר אַ פּעני, אָדער צוויי אַ פול פּאַפּירן זעקעלע און אויך מיט אָפענע רייד וועגן מענטשלעכע ליבער, וואָס האָבן געזוכט צו פאַרשרייען איינס אין דעם אַנדערן זייער טרויער.

אין די שמאָלע געסלעך, וואו קיין ליכט איז נישט געווען, האָבן טאַקע מענטשלעכע לייבער זיך אין קאָנוואולסיעס צו דער ערד געוואָרפן, אָדער זיך ביי ווענט געטוליעט און די פּאָליסלייט מיט די האַרטע קיילעכדיגע קאַפּעליושלעך אויף זייערע קעפּ האָבן געזען און געהערט און זיך נישט ווויסנדיג געמאַכט.

אויף איינע פון די גאַסן בין איך אַריינגעפאַלן אין א געשלעג צווישן ענגלישע און אַמעריקאַנישע מאַטראָזן און אַליין שיעור נישט צעשלאָגן געוואָרן.

דאָס געשלעג איז געווען א פּאַטריאָטישס. די אַמעריקאַנער מאַטראָזן האָבן געוואָלט האָבן, אַז ווען נישט אַמעריקע וואָלטן די דייטשן איצט געווען טאַקע דאָ אין פּלימוט. האָט דאָס די ענגלישע מאַטראָזן, פאַרשטייט זיך, זייער שטאַרק ווי געטאָן און עס איז געקומען צו גאַנץ האַרביע קלעפּ. וועלכער צד עס האָט דאָרטן די שלאַכט געוואונען ווייס איך נישט ביז היינט, וואָרים דערזעענדיג, אַז די אַמעריקאַנער מאַטראָזן טיילן אויך קלעפּ צו יעדן פאַרבייגייענדיגן ענגלישן סאָלדאַט, האָב איך געכאַפּט די פיס אויף די פּלייצעס און זיך אָפּגעטראָגן, טראַכטנדיג דערביי, אַז ביז איך וועל קלאָר מאַכן פאַר די אַמעריקאַנער, אַז איך בין גאָר זייערער א לאַנדסמאַן, וועל איך שוין גאָר קיין וואָרט נישט קאָנען אַרויסברענגען פונ'ם מויל.

הכלל איך בין אַנטלאָפן און זיך געראַטעוועט. ווען איך בין געקו־מען צו זיך, בין איך געוואָרן היפּש אומרואיג וועגן עזרא הררי'ן, וועלכער איז אויך געלאָפן און דאָך איז ער נישטאָ לעבן מיר. זוכנדיג אים א היפּשע ווײַלע מיט די אויגן, האָב איך דערוויל דערזעען אויפ'ן טורעם־זייגער, אַז עס איז שוין צייט זיך אומצוקערן, וואָרום אַז נישט, וועל איך פאַרשפּעטיגן דעם לעצטן פּאַראָם און דעמאָלט, וואָס וועל איך טאָן מיט זיך?

ווען איך האָב הררי'ן געטראָפן אויפ'ן פּאַראָם א גאַנצן און גאָר־נישט קיין באַשעדיגטן, האָב איך זיך זייער שטאַרק דערפרייט.

—נו, עזרא, הא?

דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ווי איך בין געווען באַזאָרגט וועגן אים, איז ער אַזוי אויך געווען באַזאָרגט וועגן מיר, און איצט האָבן מיר זיך ביידע געפרייט, וואָס דער פּאַראָם פירט אונז צוריק אין לאַגער אַריין.

# בוכטשעס אין דער ערד

יענער פרימאָרגן שטייט מיר אַזוי קלאָר פאַר די אויגן.
מיט אַ טאָג פריער האָט מען אונז אַן צערעמאָניעס אויסגעטיילט פון דעם קוואַרטירמייסטער־דעפּאַרטמענט פיר־עקיגע גרויסע רוק־זעק, אין וועל־כע מיר האָבן געפונען: לעדערנע רימענס, אַ ברייטן פּאַסיק מיט צוויי לעדערנע קעשענעס איבער אים, אַ שטריקל מיט אַ מעשן באָמבעלע ביים עק, אַן אויל־שמאַטקעלע און נאָך אַ קליין רוק־זעקל, וואָס האָט אויסגעקוקט לעבן דעם גרויסן, ווי אַ קינד לעבן אַ מאַמען. בשעת מען האָט אונז אַט דאָס אַלץ איבערגעגעבן, האָט מען אונז געלאָזט וויסן, אַז מאָרגן וועלן קומען די דערקלערונגען, ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט אַט די אַלע זאַכן, וואָס מיר וועלן געפינען אין אַט די רוק־זעק.
נו, אַט איז שוין דאָ דער מאָרגן און מיר מאַרשירן אויף דעם פּאַראַד צום אָנהויב אין פירן, דערנאָך ציען מיר זיך אויס אין צווייען און באַלד קומט אַ באַפעל:
— איינצל אין דער ריי!
אַ ווייל האָבן מיר געמאַרשירט איינציקווייז אין דער ריי, ביז עס איז געקומען אַן אַנדער באַפעל:
— בוכטשעס אין דער ערד!
אַט די איבערזעצונג פון דעם ענגלישן אויסדרוק: „מאַרק טאַים!" אויף „בוכטשעס אין דער ערד" האָב איך געגומען ביי אונזער קאָמיקער און איך האַלט, אַז דאָס איז אויסגעצייכנט איבערזעצט, וואָרום „מאַרק טאַים" האָט געמיינט פּשוט צו שטיין אויף איין אָרט און האַלטן אין איין הויבן און אַרונטערלאָזן די טריט אויף דער ערד.
דאָס בוכטשען אין דער ערד איז יענעם פרימאָרגן נישט געווען איבע־ריג אַנגענעם: די נאַכט פריער האָט שטאַרק גערעגנט און די ערד איז געווען נאַס און בלאָטיג, אַזוי אַז אויף יעדן בוכטש האָט די ערד אָפּגעענט־פערט מיט בלאָטיגער נאַסקייט צו אונזערע קני און מונדירן.
דער הימל איבער אונז איז אויך געווען אַ קוויטיגער.
שווערע, אָפּגעריסענע שטיקער וואָלקנס האָבן זיך געצויגן איינע צו די אַנדערע און געדראָעט, אַז אַט־אַט און זיי וועלן זיך צוזאַמענגיסן און עס וועט זיך אָנהויבן אויף אונז דער אמת'ער פליוך.
דאָ און דאָרטן האָט זיך איינער פון די וואָלקנס נישט געקאָנט דער־וואַרטן ביז ער וועט זיך צוזאַמענגיסן מיט די איבעריגע און ער האָט שוין אָנגעהויבן אויספּרובירן זיינע כּחות, שיקנדיג דורכ'ן ווינט נאַסע טראָפּנד־לעך אין אונזערע אויגן אַריין און דאָ איז אין מיטן בוכטשען אין דער ערד אַריין נישט דערלויבט אויפצוהויבן אַ האַנט אויף אַ וויש צו טאָן די אויגן.
איך געדענק, אַז אַזאַ מין וואָלקן, וואָס איז אַ געוויינלעכע דערשיינונג

איבער דעם הימל פון ענגלאַנד, פלעגט מיך שטענדיג דערמאָנען אָן שמחה דעם קרעמער פון מיין געבורט־שטעטל אין וואָלין.

א שווערער קויטיגער איד מיט אַ טונקעלער קאַלטענעוואַטער באָרד איז ער געווען, אָט דער שמחה. און אַ טבע האָט ער געהאַט, לויפנדיג יעדן פרימאָרגן אין בית־המדרש אַריין מיט׳ן טלית און תפילין אונטער׳ן אָרעם צום ערשטן מנין, אַריינצוכאַפּן אַ שטיק „פון פאַרנט" אין מיטן וועג ביחידות. קיינמאָל האָט ער זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן ביז ער וועט זיך צונויפגיסן מיט׳ן מנין אינגאַנצן, ווי אָט דער וואָלקן איבער׳ן ענגלישן הימל, וואָס האָט נישט קיין צייט ביז ער וועט זיך צוזאַמענגיסן מיט די איבעריגע און ער פליוכעט שוין ביחידות.

ווען עס איז ענדלעך געקומען דער באַפעל, אַז מיר זאָלן אָפּשטעלן דאָס בוכטשעניש אין דער ערד אַריין מיט אונזערע שיך, נאָר פשוט נאָכ־גיין איינער דעם אַנדערן, האָבן מיר פרייער אָפּגעאָטעמט און אויף אַ פּאָר מינוט האָבן מיר זיך דערפילט, ווי פרייע מענטשן, וואָס קאָנען זיך באַוועגן, ווי עס ווילט זיך זיי אַליין.

מיין פרייער ווילן איז דעמאָלט געקומען צום אויסדרוק אין דעם ווישן מיט די אַרבל דעם רעגן פון די אויגן און עס איז געווען ממש אַ מחיה דאָס צו קענען טאָן.

אָבער אָט בין איך ביי אַן אָפענער טיר פון דעם קוואַרטירמייסטער־דעפּאַרטמענט און אַ סערזשאַנט טראָגט מיר אונטער אַ ביקס מיט אַ באַ־שיידלטן באַיאָנעט איבער איר און זאָגט צו מיר בשעת מעשה:

— דיין בעסטער פריינט, היט אים אָפּ, וועט זיין וואויל צו דיר.

איך געדענק, אַז ווען איך האָב גענומען אָט די „כלי" אין די הענט אַריין, איז מיר געוואָרן שטאַרק היים איבער׳ן גאַנצן לייב. עפּעס איז דער גאַנצער מענטש אין מיר אָפּגעטראָטן אין אַ זייט פאַר איר. שפּעטער, ווען מען האָט אונז אַלעמען איבער דעם נאַסן וועטער אין דרויסן געהייסן גיין אין אונזערע שטיבלעך און דאָרטן וואַרטן אויף די אינסטרוקטאָרן, וואָס וועלן קומען צו אונז, האָב איך געטראָגן די ביקס, ווי זי וואָלט געווען אַ פּריקרע זאַך אין מיינע הענט. איין האַנט האָט זי איבערגעגעבן דער צווייטער און ווען איינע פון מיינע הענט האָט אויפ׳ן וועג אין שטיבל אַריין אָנגערירט די קליאַמקע פונ׳ם שיס־אַפּאַראַט, האָט די האַנט אַ ציטער געטאָן, ווי זי וואָלט זיך עפּעס זייער שטאַרק איבערגעשראָקן.

—אָט דאָס איז דאָס, — האָב איך נישט אויפגעהערט צו מורמלען צו זיך און די קליאַמקע פון דעם שיס־אַפּאַראַט האָט אויף מיר געקוקט, ווי אַ קליאַמקע פון אַ מורא׳דיגער טיר, וואָס ווען זי עפנט זיך פאַנאַנדער, גייט מען דורך איר אַרויס פונ׳ם לעבן אין דער אייביגער אומבאַשטימטקייט אַריין.

ווען איך בין אַריינגעקומען אין שטיבל אַריין, בין איך דערשטוינט גע־וואָרן צו זען, אַז נישט אַלע האָבן געפילט צו דער ביקס אַזוי ווי איך האָב געפילט צו איר. אַנדערע האָבן זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן ביז דער

אינסטרוקטאָר וועט קומען, און זיי האָבן שוין אַליין אָנגעהויבן אַריינצוקוקן אין איר איינגעווייד אַריין. איינער האָט אַרונטערגעצויגן דאָס לעדערנע שיידל פון׳ם באַיאָנעט און מיט די הענט נעגלעט דעם גלאַנציגן שטאָל. ווען ער האָט מיט׳ן נאָגל דורכגעפירט איבער דעם שאַרף, האָט דאָס מיר דערמאָנט דעם שוחט פון אונזער שטעטל, וואָס פלעגט אַזוי אויספּרובירן דעם שאַרף פון זיין חלף, איידער ער האָט אים געדאַרפט דורכפירן איבער׳ן האַלז פון אַ בהמה. דער טרוימער, וואָס איז געווען מיט מיר צוזאַמען אין דעם זעלביגן שטיבל, איז געזעסן אויף זיין בעטל מיט דער ליולקע אין מויל און די ביקס אויף די קני. פון צייט צו צייט האָבן זיינע פינגער אַ פידל געטאָן די קליאַמקע פון דעם שיס־אַפּאַראַט, און יעדעס מאָל איז דערביי אויפגעגאַנגען פון זיין ליולקע אַ געדיכט רויכל, וואָס האָט דערציילט, אַז דער געדאַנק אין זיין מוח איז אויך אַזאַ געדיכטער.

אַ סערזשאַנט האָט געעפנט די טיר פון אונזער שטיבל און אַ געשריי געטאָן:

— אַכטונג!

באַלד האָט זיך באַוויזן צוזאַמען מיט דעם סערזשאַנט אַ מיטל־יאָריגער אָפיצער אין אַ סקאָטישער אוניפאָרם. דער אָפיצער האָט פון זיין זייט געהייסן זיך האַלטן ליכט און גאַטירלעך, און נעמענדיג אַ ביקס פון דעם ערשטן סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים, האָט ער זיך אַ זעץ געטאָן וואַוויליונגעריש אויף׳ן טיש. וואָס איז געשטאַנען אין דער מיט פון׳ם שטיבל.

ער האָט געהאַלטן די ביקס אין זיינע הענט מיט דער זעלביגער לייכט־קייט, ווי ער האָט פריער געהאַלטן זיין שטעקל, וואָס איז איצט געלעגן לעבן אים אויפ׳ן טיש.

דער סערזשאַנט, וואָס האָט שוין אפנים גוט געוואוסט די פּראָצעדורע פון אַזאַ ערשטער לעקציע, האָט געהייסן יעדן איינעם צעעפענען די רוק־זעק און ער אַליין האָט אָנגעהויבן אָנצוטאָן איינעם פון אונזערע חברה די רימענס, דעם פּאַסיק און די אַלע איבעריגע זאַכן, און דעמאָלט האָט ער אויסגעזען אין מיינע אויגן, ווי איציק נח׳ס דער בעל־עגלה פון אונזער שטעטל בשעת׳ן אָנטאָן דעם געשפּאַן אויף זיינעם אַ פערד. פאַרטיג ווערנדיג מיט אָט דער מלאכה, האָט ער זיך געווענדט צו אונז:

— נו, איר האָט געזען? זייער איינפאַך! איצט טוט זיך אָן און לאָמיר זען ווי שנעל איר וועט דאָס מאַכן.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָט די תורה האָבן מיר איבערגענומען זייער שנעל און עס איז כמעט נישט געווען ביי קיינעם וואָס צו פאַרריכטן.

— פיין,—האָט אונז קאָמפּלימענטירט דער אָפיצער, און פון גרויס צופרידנקייט האָט ער אַזש אָנגעהויבן צו גלעטן די בערשטלעך איבער זיין קליידל.

— איצט זעצט זיך אויס אַרום מיר, — האָט ער געזאָגט מער מיט אַן איינלאַדנדיגן טאָן, איידער מיט אַ באַפעלנדיגן.

ער האָט ארונטערגעצויגן דאָס לעדערנע שיידל פונ׳ם באַיאָנעט און גלעטנדיג דעם גלאַנציגן שטאָל געזאָגט:

— דאָס איז דער באַיאָנעט. אין דער ארמיי איז ער באַקאַנט מיט׳ן נאָמען: קאַלט־געווער.

אָפּזאָגנדיג אָט דעם פּסוק, האָט ער זיך געווענדט צו אונז מיט דער פראַגע:

— אונטער וועלכן נאָמען איז דער באַיאָנעט באַקאַנט אין דער ארמיי?

— קאַלט־געווער, — האָבן מיר אַלע געענטפערט, ווי חדר־אינגלעך דעם רבי׳ן.

דעמאָלט האָט ער אָפּגעלאָזט דעם באַיאָנעט און זיך אַ נעם געטאָן צו דער ביקס. ער האָט אַ רודער געטאָן די קליאַמקע און ארויסגעצויגן אַ בלעכן קעסטעלע.

— דאָס איז דער מאַגאַזין, — האָט ער געזאָגט און אַ קוק געטאָן אויף אונז מיט זיינע גרויע אויגן.

— דאָס איז דער מאַגאַזין, — האָבן מיר איבערגעזאָגט.

ער האָט אַ קוועטש געטאָן איבער דעם קעסטעלע און פאַרטגעזעצט:

— אינ׳ם מאַגאַזין גייען אריין עלף קוילן.

—עלף קוילן, — האָבן מיר אים צוליב געטאָן און באַשטעטיגט.

דאָ האָבן מיר געזען, ווי זיין פּנים צעגייט זיך ממש פון נחת פאַר זיינע פאַרשטענדיגע תּלמידים.

ער האָט אָוועקגעלייגט די ביקס, זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט צו אונז אַזוי צו זאָגן:

— היבּרוס, איר זענט אַלע זייער פאַרשטענדיגע יונגען. איר באַנעמט זאַכן זייער גוט. דער סערזשאַנט וועט בלייבן און אייך ווייזן, ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט׳ן שטריקל און דעם אויל־שמאַטקעלע אויף צו האַלטן ריין די ביקס און דעם באַיאָנעט.

ער האָט זיך געלאָזט צו דער טיר און דער פאַרבליבענער סערזשאַנט האָט אַ דונער געטאָן צו אונז:

— אכּכטונג!

אָבער איידער ער איז אַרויס, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו אונז און צוגעגעבן מיט אַ זייער ערנסטער מינע אויף זיין פּנים:

— די ביקס און דעם באַיאָנעט דאַרף מען האַלטן זייער ריין; ריינער ווי די קליידער, ריינער ווי דאָס ליֵיב, ווארום די ביקסן און די באַיאָנעטן זיינען די בעסטע פריינט, וואָס מיר, סאָלדאַטן, פאַרמאָגן.

ער איז אַוועק און מיר זיינען געבליבן מיט׳ן סערזשאַנט.

# דער באַיאָנעט

מילא די ביקס, ווי די ביקס. צו איר האָב איך זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט און אַזוי ווי דאָס לערנען, ווי זיך צו באַגיין מיט איר, איז געווען דערוויילע מער טעאָריע, ווי פּראַקטיק, האָב איך אָנגעהויבן מיט דער צייט צו קוקן אויף איר, ווי עס קוקט אַ מעכאַניקער אויף זיינעם אַן אינסטרומענט. אמת, אַ מעכאַניקער טוט עפּעס, באַשאַפט עפּעס מיט זיין אינסטרומענט און ער ווערט דערפאַר אַ אַ טייל פון אים, אָבער שפּיל איז אויך עפּעס, און מיין ביקס איז געוואָרן ביי מיר אַ שפּילצייג, וואָס איך האָב ליב געהאַט צו רייניקן, אַז זי זאָל גלאַנצן.

קיין קוילן האָט מען אונז נאָך נישט אָנגעטרויט און שיסן בפּועל ממש האָבן מיר נאָך דערוויילע נישט געשאָסן און אַזוי ווי די נייעס אין די צייטונגען האָבן וואָס אַ טאָג ווייטער פאַר אונז קלאָרער געמאַכט, אַז נישט די דייטשן און נישט די טערקן זיינען ביכולת אָנצוהויבן נייע שלאַכטן, האָב איך זיך דאָך בפּרוש געקאָנט פאַרגינען צו קוקן אויף מיין ביקס, ווי אויף אַ שפּילצייג און נישט מער.

גאַנץ אַנדערש איז אָבער געווען מיט'ן באַיאָנעט.

מיט אים האָבן מיר דורכגעפירט אמת'ע קאַמפן און כאָטש אָט די באַיאָנעטן־קאַמפן זיינען אויך געווען נישט מער, ווי שפּיל, איז אָבער די שפּיל גופא געווען אַזאַ אַזאַרטישע, אַז מיר האָבן זי שטענדיג איבערגעלעבט, ווי זי וואָלט געווען אַ ווירקלעכקייט.

אַ סך האָט געהאַט צו טאָן מיט אָט דער איבערלעבונג דער אָפיציר פון אַ יאָרקשאַיער רעגימענט, וואָס איז געווען אונזער באַיאָנעטן־אינסטרוקטאָר  אַזוי אַנדערש איז ער געווען פון דעם סקאָטישן, וואָס האָט אונז געלערנט ווי זיך צו באַגיין מיט די ביקסן. בשעת יענער אין זיין בערשטלדיגער און קליידלדיגער אוניפאָרם האָט גיכער אויסגעקוקט ווי אַ פּורים־שפּילער, איז דער געווען אַן אמת'ער סאָלדאַט. טאָמער איז נישט געווען געוווג זיין הויכע אַטלעטישע פיגור, וואָס איז געווען איינגעפּאַסט אין דער פּשוט'ער אינפאַנטעריע אוניפאָרם, האָט ער נאָך דערצו געהאַט אַ שראַם אויף זיין געזונטן קנאָכיגן פּנים און אַ הייזעריג קול, וואָס פלעגט דערמאָנען אָן דעם כריפּ פון אַ ריב־אייזן. ער האָט געהאַט אַ טבע אונז אויסצושטעלן אויפ'ן פעלד אין אַ זייער ברייטער ליניע. אונזער פּאָזיציע איז געווען דעם לינקן פוס אויף דער קני, דעם רעכטן מיט דעם טראָט אויף דער ערד און די ביקסן אין אונזערע הענט מיט די באַיאָנעטן געווענדט צו אַ דרייסיג־יאַרדיגע ווייטקייט, וואו עס האָבן זיך געזען אַ גרויסע צאָל הענגענדיגע שטרויענע פיגורן.

— יענע פיגורן, וואָס איר זעט פון דערווייטנס, זיינען לעבעדיגע טערקן.

—אייערע שונאים! וועט איר זיך פאַרלירן, וועט זיין אַ סוף צו אייך! האָט איר פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען,—האָבן מיר געענטפערט אַלע אין כאָר.

— איך האָף אַזוי,—האָט זיין הייזעריג קול א ברום געטאָן און ער האָט זיך ווייטער צע'דרשנ'ט:

— ווען איר קריגט דעם באַפעל צו אַטאַקירן, טוט זיך א יאָג מיט אַלע כחות און שרייט דערביי אויף די העכסטע קולות, ווארום אינ'ם באַיאָנעטן־קאַמף איז די פלינקייט זייער וויכטיג און דאָס שרייען איז טאָפּלדיג וויכ־טיג... ערשטנס אָנצוואַווארפן א פּחד אויפ'ן שונא און צווייטנס, צו פאַר־שרייען דעם אייגענעם פּחד אין זיך. פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען,—האָבן מיר ווידער אַלע געענטפערט, און באַלד ווידער געהערט זיין קול:

— ווען איר גרייכט אייער שונא, שטעכט פלינק און מיט'ן גאַנצן כח אריין דעם באַיאָנעט אין אים און דאַן א דריי און ארויס,—פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען,—זאָגן מיר אווטאָמאַטיש און װאַרטן אויף דעם ווייַ־טערדיגן, וואָס קומט באַלד:

— ארויסציענדיג דעם באַיאָנעט, מיינט דאָס נאָך נישט, אַז איר זענט שוין פאַרטיג. עס וואַרט אויף אייך א צווייטער און א דריטער טערק, פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען!

און אַז עס איז ענדלעך געקומען זיין שטאַרקער, כריפּלענדיגער באַפעל צו אַטאַקירן, האָבן מיר זיך ווירקלעך א לאָז געטאָן ממש, ווי מיר וואָלטן אין דער לופט געשוועבט און אונזערע געשרייען האָבן געשטאָכן די לופט, אַזוי ווי אונזערע באַיאָנעטן האָבן געשטאָכן די שטרויענע זעק,— אריין! א דריי! ארויס! און ווידער מיט די באַיאָנעטן אין פאָראויס.

איך געדענק, אַז נאָך א טאָג באַיאָנעטן־קאַמף פלעגט מיר זיין זייער שווער איינצושלאָפן. וויפיל איך האָב זיך נישט באַמיט איינצו'טענה'ען, אַז דאָס האָב איך געשטאָכן נישט מער ווי בלויז שטרויענע זעק, האָב איך אַלץ געזען פאַר זיך דערשטאָכענע טערקן און מיט זייערע האַלב־אָפענע און פאַרגלייזטע בליקן האָבן זיי ביי מיר געהאַלטן אין פרעגן:

— פאַאאַררדוווואָאָאָססס???

אָפטמאָל פלעגן אויך קומען צו מיר אין חלום עלטערע טערקישע פרויען און קוקן אויף מיר מיט אַזעלכע שטומע, טרויעריגע בליקן, און פאַרברעכן דערביי אַזוי פיינלעך מיט די הענט.

אַז עס פלעגט זיך אמאָל טרעפן און איך פלעג זיך אויפכאַפּן אינמיטן דער נאַכט פון אַט אַזאַ מין חלום, פלעג איך נאָכדעם, ווי איך האָב זיך אַביסל באַרואיגט, אויך האָבן נישט וויניג שפּאַס מיט זיך אַליין אויף מיין געלעגער. וואָרים עס איז געווען פאַר מיר ביז גאָר טשיקאַווע אַט דאָס, וואָס אַלע עלטערע טערקישע פרויען, וועלכע איך האָב אין מיינע חלומות געזען, זיינען אייגנטלעך געווען אידישע עלטערע ווייבער פון מיין שטעטל איינגעוויקלט אין טערקישע טיכלעך, אָדער טערקישע שאַלן, אין וועלכע זיי פלעגן געוויינלעך גיין שבת אין דער ווייבערשער שול אריין. איך האָב

זייער גוט געקאַנט אַט די ווייבער, היינט פאַרוואָס זיינען זיי עפּעס פּלוצ־לונג געוואָרן טערקישע? אַט איז עטיע־ביילע די לאַנגע. זי האָט געקוקט אויף מיר אזוי פאַרדראָסיג, פאַרוואָס? וואָס פאַר א שייכות האָט געהאַט מיין באַיאָנעטן־שטאָך אין דעם שטרויענעם זאַק אריין מיט איר זון ברוך משה'ן? און נעכע די האַרבאַטע? זי האָט דאָך בלויז טעכטער און אינגאַנצן נישט קיין זין? היינט פאַרוואָס־זשע איז זי ברוגז? איך פלעג אויך פון צייט צו צייט זען מיין אייגענע מאַמע'ן אין איר טערקישער שאַל קוקנדיג אויף מיר א ברוגז'ע און דעמאָלט פלעג איך זיך גאָר שטאַרק וואונדערן, ווארום מיין מאַמע'ן פלעג איך דאָך הערן אזוי אָפט זאָגן מיט א פרומער מינע אויף איר פּנים דעם „לשנה הבאה בירושלים" און האָב איך דען מיין באַיאָנעט נישט אריינגעשטאָכן אין דעם שטרויענעם זאַק אריין פאַר אַט דעם זאָג אירן, וואָס האָט זיך אזוי שטאַרק פאַרזעצט אין מיין געמיט?

אין אַזאַ שלאָפלאָזער נאַכט פלעג איך זיך נישט איין מאָל זייער שטאַרק פאַרטראַכטן טאַקע וועגן ירושלים גופא. מיר איז אויסגעקומען זייער מאָדנע, וואָס באַלד, באַלד וועל איך טאַקע זיין אין אַט דער שטאָט, וואָס איז אַלע יאָרן ביי מיר געווען נישט מער ווי א שטאָט פון'ם חומש, אָדער אין די מיילער פון פרומע אידן און אידענעס.

איז טאַקע אין דער אמת'ן דאָ אַזאַ שטאָט? ווי אזוי קוקט זי אויס? און ווי אזוי וועל איך זיך פילן, שפּאַנענדיג איבער אירע גאַסן? און די כותל־מערבי—איז זי טאַקע אויף אַן אמת, די איבערגעבליבענע וואַנט פון'ם בית־המקדש, וואָס מיינע אור־עלטערן האָבן פאַרמאָגט?

מיינע אור־עלטערן!

וואָס פאַר א מענטשן זיינען זיי אין דער אמת'ן געווען?

פאַר מיר פאַרזענלעך האָבן זיך מיינע אורעלטערן אָנגעהויבן מיט מיין זיידן רב הערשעלע גבאי,—א קליינגעוואַקסיג אידעלע מיט א לאַנגער און ברייטער באָרד, וואָס פלעגט מיך נעמען אויף זיינע קני און מיך קיצלען דאָס פּנים מיט זיין באָרד. און די באָבע הינדע? זי איז דאָך געווען א טייערע באָבע! יעדעס מאָל ווען מיר האָט זיך נישט געוואָלט גיין אין חדר אריין, האָב איך בלויז געדאַרפט פאַרטרויען, אז מיר טוט ווי דאָס קעפּל, אָדער דאָס בייכל און שוין.

— ניש'קשה, ניש'קשה, דאָס קינד וועט שוין אויסלערנען די תורה מאָרגן!

אַט אזוי פלעגט זי זאָגן, די באָבע הינדע און איך האָב שוין געקאָנט זיך שפּילן אין דרויסן ביים טייך און קוקן אויף די ווייסע גענז, אָדער, ווי פייגעלעך פליען אין דער לופטן.

אָבער דער זיידע הערשעלע און די באָבע הינדע האָבן גערעדט וועגן אורעלטערן, וואָס האָבן געהייסן: אברהם, יצחק און יעקב, שרה, רבקה און רחל און לאָה.

רחל אונזער מוטער, וואָס ביז היינט שטייט זי אויף יעדע נאַכט פון

איר קבר און וויינט אויפ׳ן קול הלמאי אירע קינדער זיינען פארטריבן פון דער היים און זיינען צעזייט און צעשפרייט איבער דער גאנצער ערד, בין איך אויך איר קינד? וויינט זי אויך אויף מיין גורל?

עס איז געווען גאָר מאָדנע, אז ווען איך האָב געטראַכט פון דער וויינענדיגער מוטער רחל, האָט זי געקראָגן ביי מיר דעם אויסזען פון מיין אייגענער מאַמען, וואָס וויינט אויך אויף דעם, וואָס איך בין אין דער פרעמד און פלוצלונג איז אויפגעגאַנגען אין מיר א גרויסע בענקשאַפט אהיים, אָבער נאָך מאָדנער איז געווען, וואָס די בענקשאַפט אהיים איז בשום אופן נישט געווען נאָך ירושלים, נאָר נאָך טריסק מיט די גרינע לאָנקעס ארום, נאָך די טייכן, נאָך די ווייסע גענז און נאָך מיין מאַמען, וואָס איר נאָמען איז נישט רחל, נאָר ברכה.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן צו טראָגן אין דער לופט די נייעס, אז אָט באַלד וועלן מיר זיך ענדלעך לאָזן ווייטער אין וועג אריין, איז פונ־דעסטוועגן א גרויס אויפרעגונג געקומען אין מיין געמיט

ערשטנס האָט זיך געבענקט פטור צו ווערן פון דעם באַיאָנעט־קאַמף, וואָס האָט שווער געווירקט אויף מיר און געוואוסט האָב איך, אז וואָס, וואָס, נאָר אויף דער שיף וועלן מיר קיין באַיאָנעטן־קאַמף נישט קאָנען אָנפירן און צווייטנס, האָט זיך שוין פאָרט געוואָלט זיין אינ׳ם לאַנד פונ׳ם חומש.

איך האָב טיף אין זיך געוואוסט, אז דאָרטן, אין אָט דעם לאַנד, וועלן מיינע אויגן, מיינע אויערן און מיין גאנץ געמיט זיין שאַרף אָנגעשפיצט און אויפנעמען וועלן זיי אַלצדינג מיט גרויס נייגעריגקייט, ווי מען נעמט אויף זאכן וועגן וועלכע מען האָט געהערט רעדן און חלומ׳ען מיט גרויס בענקשאַפט.

און די סביבה, אין וועלכער איך האָב פאַרבראַכט מיין פריע יוגנט האָט דאָך געלעבט מיט אָט דער בענקשאַפט, וואָס איז אריינגעזאַפט גע־וואָרן אויך אין מיר.

# אין אַ שטורעם

— אין אַ פּאָר טעג אַרום וועלן מיר טראַנספּאָרטירט ווערן קיין מצרים, — האָט אונז געלאָזט וויסן איינמאָל אין אַ נאָכמיטאָג אונזער שתדלן, וועלכער האָט, ווי זיין שטייגער איז געווען, אויסגעפּונען אַלע סודות פריער פאַר אונז אַלעמען, און דערביי האָט ער יעדן איינעם איינגערוימט אין אויער, אַז פאַר עטלעכע שילינג קאָן ער אויס׳פּועל׳ן אַ דערלויבעניש צו פאַרברענגען אַ טאָג מיט אַ נאַכט אין דעווענפּאָרט און אין פּלימוט, איידער מיר פאַרלאָזן די ענגלישע ערד.

פאַרוואָס מען זאָל עפּעס דאַרפן באַצאָלן פאַר אַזאַ דערלויבעניש האָט קיינער נישט געפרעגט, וואָרום גיי זוך יושר, ווען די צייט איז אַזוי קורץ און יעדן איינעם ווילט זיך אַריינכאַפּן כאָטש עטלעכע שעה אין אַ שטאָט, וואו מען קאָן זיך אַ ביסל אויסלעבן, ווי אַ מענטש, און פאַרגעסן אויף אַ ווייל די סאָלדאַטישע דיסציפּלין.

אמת, אַז אויך אין דער שטאָט האָט מען זיך נישט געקאָנט דערלויבן דאָס פאַרגעניגן אינגאַנצן צו פאַרגעסן, אַז מען איז אַ סאָלדאַט. ספּעציעל איבער די גאַסן האָט מען דאָס נישט געקאָנט פאַרגעסן, וואָרום די אָפיצערן פון די פאַרשיידענע רעגימענטן, וואָס זיינען געווען אויף שריט און טריט, האָט מען געמוזט נישט נאָר סאַלוטירן, נאָר מען האָט אויך געדאַרפט שפּאַנען ווי אַ סאָלדאַט. אָך און ווי וואָלט געווען צו איינעם פון אונז, ווען ער דערלויבט זיך אַשטייגער צו גיין נישט מיט קיין סאָלדאַטישן טראָט, אָדער חלילה צו האַלטן די הענט אין די קעשענעס, אַנשטאָט מיט זיי וויגן אין זיין גאַנג, ווי זיי וואָלטן געווען וועסלעס פון אַ שיפל. אַזאַ איינער וואָלט זיכער אָפּגעשטעלט געוואָרן פון אַן אָפיצער, וואָס וואָלט גאַנץ שטרענג אַ פרעג געטאָן:

— און דו טראָגסט די אוניפאָרום פון אַ קעניגלעכן שיסער, העי?

און דאָך איז געווען אַ גרויס גלוסטעניש צו דער שטאָט און איך האָב צווישן אַ צאָל אַנדערע אָפּגעצאָלט עטלעכע שילינג און זיך אַריבער־געכאַפּט קיין דעווענפּאָרט.

איך געדענק, אַז דעמאָלט איז געווען אַ זוניגער שבת נאָכמיטאָג און איך האָב געשפּאַנט אַ לאַנגע צייט איבער די געסלעך און גאַסן פון דעווענ־פּאָרט און נישט געוואוסט, וואָס מיט זיך צו טאָן.

שוין אויסגעקוקט אַלע שויפענצטער פון די וויכטיגסטע געשעפטן אין שטאָט און קיין שיינע זאַכן נישט געפונען. נישט וואָס איך האָב בדעה געהאַט עפּעס צו קויפן. אַזאַ דעה האָב איך נישט געקאָנט האָבן, וואָרום ערשטנס האָב איך קיין געלט נישט געהאַט, און צווייטנס, וואָס דאַרף אַ סאָלדאַט דען האָבן? אָבער פּשוט צו קוקן איז נישט געווען אויף וואָס. די פיר יאָר מלחמה האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן צו פּראָ־

דוצירן קיין שום אנדערע זאכן אַ חוץ געווער. איך בין געשטאַנען עטלעכע מאָל ביי אריינגאַנגען פון קינאָ־טעאַטערס און נישט געקאָנט קריגן קיין בילעט. דער עולם איז, זעט אויס, געווען אַזוי שטאַרק הונגעריג נאָך אַ ביסל פאַרגעניגן, אַז אַלע קינאָס זיינען געווען איבערגעפּאַקט אפילו אין די נאָכמיטאָגס. איך וואָלט אַריינגעגאַנגען אין אַ שענק, בין איך אָבער קיינמאָל קיין טרינקער נישט געווען און זיצן אין אַ שענקל האָט מען כסדר גערדאַרפט טרינקען און זיין צווישן שכורים, וואָס איז פאַר מיר געווען שווער.

הכלל, מיר איז געוואָרן אַזוי לאַנגווייליג איבער די גאַסן פון דעוועג־פאָרט, אַז איך האָב אַזש אָפּגעשטעלט אַ פּאָליסמאַן און ביי אים געפרעגט, וואָס עס זאָל טאָן מיט זיך אַ סאָלדאַט, ווען עס איז לאַנגווייליג אויף די גאַסן פון דעווענפּאָרט.

— מען גייט אריבער קיין פּלימוט, — האָט ער מיר געראַטן.

— דענקסטו, אַז אין פּלימוט וועט זיין בעסער?

— מען קאָן נישט וויסן, — האָט ער געזאָגט און דערביי געטאָן אַ צעפּיר זיינע הענט מיט די ווייסע הענטשקעס איבער זיי.

איך האָב אים באַדאַנקט פאַר דער עצה און באַשלאָסן גאָר אויפזוכן דעם שטאָט־מוזעאום און דאָרטן איבערקומען עטלעכע שעה, אָבער פאַרביי־גייענדיג אַ ראָג פון עפּעס אַ געסל שטעלט מיך אָפּ אַ סאָלדאַט און טוט ביי מיר אַ פרעג, צי איך בין אַ ניו יאָרקער.

— אודאי אַ ניו יאָרקער! — פאַרזיכערט אים אַן אנדער סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען דערביי, און לייגט דערביי צו:

— וואָס־זשע, דו זעסט דען נישט אויף זיינע אַרבל די אידישע שטערן?

— אומבאַדינגט אַ ניו יאָרקער, — האָט זיך אָפּגערופן אַ דריטער, וואָס איז פּלוצלונג פון ערגעץ־וואו אויסגעוואַקסן.

אַ וויילע האָב איך זיך דערפילט אַן אויפגעברויזטער. עס איז געווען אין מיר דאָס פּינטעלע איד, וואָס איז אויפגעברויזט געוואָרן, ווארום איך האָב געמיינט, אַז אין זייערע באַמערקונגען איז פּשוט דאָ אַנטיסעמיטיזם. אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נישט מיין אידישקייט איז זיי אָנגעגאַנגען, נאָר מיין ניו יאָרקישקייט, ווארום עס איז זיי פּשוט געגאַנגען אין לעבן, אַז איך זאָל צוגעבן, אַז לאָנדאָן איז אַ שענערע שטאָט פון ניו יאָרק.

— איך בין אין לאָנדאָן נאָך נישט געווען, קאָן איך דערפאַר גאָרנישט נישט זאָגן וועגן איר, — האָב איך געפּרובירט דערקלערן. אָבער ווייס איך וואָס! מיין דערקלערונג ווערט נישט אָנגענומען און איינער פון זיי שלאָגט פאָר, אַז איך מיט אים זאָלן אויסקעמפן דעם אַרגומענט.

איך האָב זיך דערפילט אין אַ זייער אומבאַקוועמער לאַגע.

זיך אָפּזאָגן פון שלאָגן זיך וועט עס הייסן, ערשטנס, אַז איך בין אַ פּייגלינג, און צווייטנס, אַז איך, אַ איד, זאָג זיך אָפּ צו פאַרטיידיגן דעם כבוד פון ניו יאָרק, וואו איך לעב; און ווידער זיך שטעלן שלאָגן, האָט

דאָס אויסגעקוקט עפּעס זייער נאַריש אין מײַנע אויגן. איז וואָס־זשע טוט גאָט? נעמט ער און שיקט צו אין דעם ריכטיגן מאָמענט אַן אָפּיצער אויפ'ן געסל און מיר אַלע בלײַבן שוין שטיין אויסגעצויגענע, ווי סטרונעס, מיט די הענט צו די דאַשקעס. און אַזוי ווי דאָס באַווײַזן זיך פֿונ'ם אָפּיצער איז שוין געווען אַן איבערשלאָג, האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט און אַוועקגעשפּאַנט הינטער דעם אָפּיצער מיט אַ מינע, אַז איך האָב אײַנגאַנצן פֿאַרגעסן וועגן דעם פֿאָרשלאַג צו קעמפֿן פֿאַר'ן כבוד פֿון מײַן ניו יאָרק.

איצט איז פֿאַר מיר שוין געווען קלאָר, אַז די בעסטע זאַך איז טאַקע אַרײַנצוגיין אין אַ מוזעאום אַרײַן. מײַן אויפֿגעברוּיזט געמיט האָט געדאַרפֿט רו און וואו אַנדערש קאָן מען זי געפֿינען אויב נישט אין דער אַטמאָספֿערע פֿון דער שיינער קונסט?

נישט טראַכטנדיג קיין סך, בין איך אַרײַן אין דעם ערשטן געשעפֿט אַרײַן מיט'ן געדאַנק אויסצוגעפֿינען, וואו עס געפֿינט זיך דער שטאָטישער מוזעאום און ווי אַזוי איך קאָן צו אים קומען. אָבער אַרײַנקומענדיג, האָב איך דערזען, אַז איך געפֿין זיך אין אַ קראָם פֿון אַלטע קליידער, און אַ מענטש, וואָס איז געזעסן אויף אַ בענקל, האָט געטאָן אַ הויב אויף צו מיר דאָס טונקעלע פּנים:

— גוט שבת! — האָב איך אים באַגריסט.

— גוט שבת, גוט יאָר! — האָט ער מיר געענטפֿערט, און אַ כאַפּ טוענדיג זיך ביי דער נאָז, וואָס איז טאַקע געווען אַ לענגלעכע און אַ שפּיציגע, האָט ער שפּאַסיג ביי מיר אַ פֿרעג געטאָן:

— האָט מײַן נאָז אײַך אויסגעזאָגט דעם סוד?

— וואָס זשע, עס איז דען ביי אײַך אַ סוד? — האָב איך געפֿרעגט.

— ניין, ניין, — האָט דער איד זיך פֿאַרענטפֿערט, און דערביי מיך פֿאַרגעשטעלט פֿאַר זײַן ווײַב, וואָס איז פּלוצלונג אויסגעוואַקסן פֿאַר מיר.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זייער וואוינונג איז טאַקע צוזאַמען מיט דער קראָם פֿון הינטן. מען האָט מיך פֿאַרבעטן אויף פֿיש. מיר האָבן זיך געזעצט עסן ביי אַ טישל, אויף וועלכן עס זײַנען געשטאַנען פֿיר היימישע מעשענע לײַכטער. ביים עסן האָב איך אויסגעפֿונען, אַז דאָס איז אַ משפּחה פֿון פֿאַלטאַוועער געגנט. פּרנסה איז מע, בע, — מען שטופּט זיך דורך מיט די פֿאַרדינסטן פֿון די אַלטע קליידער, וואָס מען פֿאַרקויפֿט צו די אָרימע האָפּן־אַרבעטער. נאָר וואָס־זשע דען? דער בן־יחיד זייערער איז נעבעך אין פּאַלעסטינע, אין דעם אַכט און דרײַסיגסטן באַטאַליאָן, און זיי קריגן פֿון אים זייער שלעכטע בריוו.

— זשאַבאָטינסקעלע! — האָט ער עטלעכע מאָל אַ ברום געטאָן מיט כעס און די פֿרוי האָט געהאַלטן אין איין ווישן די אויגן.

ביים געזעגענען זיך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי ווייסן גיכער ווען מיר פֿאָרן אָפּ קיין מצרים, ווי איך האָב געוואוסט.

**— מאָרגן אָוונט, אודאי מאָרגן אָוונט, — האָבן זיי מיר פֿאַרזיכערט**

און די פרוי האָט מיר אונטערגעטראָגן איר זונ׳ס נאָמען און אַ פּאַפּירענעם בייטל מיט דאַרע האָניג־קיכעלעך.

— איך וועל די קיכעלעך פירן פאַר אייער זון.

— ניין, ניין, — האָט זי געזאָגט און באַמיענדיג זיך צו שמייכלען, האָט זי צוגעלייגט:

— דאָס איז פאַר דיר, עס זיי געזונטערהייט.

איך געדענק, אַז אויף מאָרגן אָוונט, ווען איך האָב מאַרשירט צוזאַמען מיט דער גאַנצער חברה פון „סאָלד־עש" קיין פּלימוט אונטער דעם שווערן געפּעק און דער ביקס, האָב איך די גאַנצע צייט געשטאַרקט מיינע כחות מיט אָט־די דאַרע האָניג־קיכעלעך, וואָס איך האָב געשלעפּט פון מיינע לעדערנע קוילן־קעשענעס.

מיר אַ פּאָר שעה שפּעטער זיינער מיר אַרויף אויף דער שיף, וואָס האָט אונז געדאַרפט איבערטראַנספּאָרטירן פון ענגלאַנד קיין מצרים.

די שיף איז געווען אַן ענלעכע, ווי יענע, וואָס האָט אונז געפירט פון קאַנאַדע קיין ענגלאַנד. דאָס זעלבע טונקעלע איינגעווייד, די זעלבע האַמאַקעלעך; נישט מער, דער דרויסן פון דער שיף איז איצט געווען באַלויכטן. אפנים, אַז מען האָט זיך שוין מער נישט געשראָקן, אַז עפּעס אַ דייטשער אונטערוואַסער־מחבל זאָל אונז אַרונטערשיקן אין ים אַריין. אָבער אויפ׳ן דעק האָט זיך קיינעם פון אונז דאָס מאָל נישט געוואָלט זיצן. מען איז געווען צו אויסגעמוטשעט פון דעם לאַנגן מאַרש אונטער דעם שווערן געפּעק, און מען איז שטיל אַרונטער, יעדער איינער צו זיין האַמאַקעלע, אויף וועלכן מען איז זייער גיך אַזוי איינגעשלאָפן, אַז מען האָט אפילו נישט געהערט, ווען די שיף איז אָפּגעגאַנגען פון דעם האַפן.

ווען איך האָב אינדערפרי געעפנט די אויגן, האָב איך זיך געוואונדערט, הלמאי איך האָב אַזאַ שווערקייט אין קאָפּ. איך האָב באַשלאָסן, אַז די פרישע לופט אויפ׳ן דעק וועט מיר גרינגער מאַכן, און איך בין אַרונטער פונ׳ם האַמאַקעלע און זיך גענומען אָנטאָן. אָבער דאָס אָנטאָן זיך איז מיר אָנגעקומען זייער שווער. דער דיל פון דער שיף איז געגאַנגען, ווי פון אַ טאָל אַרויף אַ באַרג און באַלד צוריק אין טאָל אַריין. ערשט איצט האָב איך דערזען, אַז כמעט אַלע ליגן אין די האַמאַקעלעך מיט פאַרגלייזטע אויגן. ווען איך האָב זיך אַרויפגעקראַבקעוועט אויפ׳ן דעק, האָב איך דערזען פאַר זיך אַ בילד, וואָס האָט מיך אַזש איבערגעשראָקן. גרינע, שלוימיגע וואַסער־בערג האָבן געפירט מלחמה צווישן זיך און אונזער שיף האָט אויסגעקוקט נישט מער, ווי אַ קליין מולטערל צווישן זיי. עס איז מיר געווען מורא׳דיג צו קוקן, ווי אַ גרויסע צאָל מאַטראָסן זיינען געלעגן צווישן די קוימענס אויף אויסגעשפּרייטן לייוונט מיט די זעלבע פאַרגלייזטע אויגן, ווי מיינע חברים אין די האַמאַקעלעך, און די, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אויף די פיס, האָבן אויך אויסגעקוקט ווי שכור׳ע.

— העי, דו! — האָב איך דערהערט אַ שטרענג קול, און גלייך האָב איך דערפילט אַ שטורכע אין זייט:

— העלף מיר מיט׳ן שטריק!

איך געדענק נישט ביז היינט דאָס פּנים פון יענעם שרייער. איך געדענק נאָר, אז באַלד בין איך געלעגן מיט די ים־קראַנקע מאַטראָסן צווישן די קוימענס אויף דעם אויסגעשפּרייטן לייוונט.

איך געדענק זייער גוט די געדאַנקען, וואָס האָבן זיך מיר געפּלאָנטערט אין מיין מוח.

— איך פאַר קיין מצרים, מצרים, — האָב איך נישט אויפגעהערט צו מורמלען צו זיך אין פיבער, און אויף אַ מאָמענט האָב איך זיך פאַרגע־שטעלט, אַז איך בין יוסף, וועמען די ברידער האָבן פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט און איצט פירט מען מיך קיין מצרים צו ווערן אַ שני־למלך. די וואַסער־בערג זיינען גרין, און גרין איז דאָך אויך גראָז, און גראָז איז געווען זייער אַ סך אין גושן, וואוהין יעקב האָט שפּעטער אַריבערגעבראַכט די גאַנצע משפּחה. איך בין דאָך אויך עפּעס אין דער משפּחה פון יעקב׳ן. נו, בין איך מיר דערפאַר אַ פּאַסטוך פון שאָף. אַזעלכע ווייסע שעפּעלעך, וואָס מעקען. פאַרוואָס מעקען זיי אַזוי, די שעפּעלעך? זיי זיינען דורשטיג, נעבעך, אָבער דאָס וואַסער אַרום איז דאָך געזאַלצן, וועל איך דערפאַר זיי באַרואיגן מיט מיין פייפל. דוד המלך איז אויך געווען אַ פּאַסטוך, וואָס האָט געפייפט אויף אַ פייפעלע, און אַ פּאָעט איז ער אויך געווען. איך בין אויך אַ פּאָעט, און אפשר בין איך טאַקע גאָר דוד המלך, האַ? וואָס איז? עס פּאַסט מיך נישט צו זיין אַ מלך? הלמאי שלום אַש? דאָ האָב איך זיך דערמאָנט, ווי אַזוי שלום אַש האָט איינמאָל געפרעגט, צי אים וואָלט געפּאַסט זיין אַ מלך אין דער נייער אידישער מדינה, און ל. קוסמאַן האָט אים פאַרזיכערט, אַז קיין שענערער מלך ווי שלום אַש קאָן זיך דאָס פאָלק ישראל נישט ווינטשן.

— כאַ, כאַ, כאַ!

אויף מאָרגן האָט מיך אַ מאַטראָס געפרעגט, פאַרוואָס איך האָב נעכטן אַזוי געלאַכט.

דעמאָלט איז דער שטורעם שוין געווען איינגעשטילט און די שיף איז געגאַנגען נאָרמאַל. אָבער גיי דערצייל דעם מאַטראָס פאַרוואָס איך האָב געלאַכט.

# האַלאָ!

אויפ׳ן צווייטן טאָג, נאָכדעם ווי די שיף איז איבערגעקומען דעם שטורעם און זי האָט אָנגעהויבן צו גיין נאָרמאַל, זיינען די מערסטע פון דער חברה געקומען צו זיך, און אַזוי ווי די העכערע ראַנגען האָבן אונז געלאָזט צו רו, האָט מען ווי פאַרגעסן, אַז מען איז סאָלדאַטן און מען איז פלוצלונג שטאַרק פול געוואָרן מיט׳ן באַוואוסטזיין, אַז מען איז אויפ׳ן וועג קיין מצרים און פון דאָרטן גאָר אינגיכן קיין פאַלעסטינע.

עמיצן איז איינגעפאַלן, אַז אָט די טעג, אין וועלכע אונזער שיף רוקט זיך מיט דער לעצטער גרופע לעגיאָנערן קיין מצרים, זיינען היסטאָרישע און אַז זיי דאַרפן פאַראייביגט ווערן.

האָט מען געטראַכט און געטראַכט ביז מען האָט זיך דערטראַכט, אַז אונזער פאַראייביגטקייט זאָל קומען צום אויסדרוק דורך אַ געשריבענעם זאַמלביכל, וואָס מיר זאָלן אַרויסגעבן טאַקע דאָ אויפ׳ן שיף, און אין אָט דעם זאַמלביכל זאָלן באַשריבן ווערן אונזערע חלומות און אונזער בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל.

איך געדענק שוין ניט וועלכע פון די שרייבער, וואָס זיינען געווען אויף דער שיף, זיינען געווען די רעדאַקטאָרס; איך געדענק נאָר, אַז די רעדאַקציע האָט פאַרלאַנגט דורכאויס, אַז איך זאָל זיך באַטייליגן מיט אַ ליד.

— ווייניגער מוז אומבאַדינגט געבן אַ ליד, — איז ער דאָך דער איינציגער פּאָעט אויף דער שיף, — האָט מען דורכאויס פאַרלאַנגט, און מיך האָט דער פאַרלאַנג געשטעלט אין אַ מאָדנער פאַרלעגנהייט.

פלוצלונג האָב איך זיך געכאַפּט, אַז זינט איך האָב פאַרלאָזט ניו יאָרק האָב איך קיין איין ליד נישט אויפגעשריבן, און איך האָב זיך איבערגעשראָקן פון אָט דעם באַוואוסטזיין.

זאָל עס הייסן, אַז עס איז אויסגעטריקנט געוואָרן אין מיר, וואָס איך האָב פאַרמאָגט? פּאָעזיע אין זיך? אפשר האָב איך בכלל אַ טעות געהאַט? אָבער מיינע אָפּגעדרוקטע לידער? און די מיינונגען פון משה לייב האַלפּערן און אויך פון מנחמ׳ען. איך האָב צום ערשטן מאָל פון מיין זיין אויפ׳ן וועג אויפגעפאַקט מיין פעקעלע געדרוקטע לידער און נאָך נישט געדרוקטע לידער און אין זיי געזוכט דערמוטיגונג, אַז מיין נישט שרייבן פאַר די לעצטע פאָר חדשים איז נישט מער ווי צופאַל. דערווייל האָב איך אָפּגעקליבן עטלעכע נישט געדרוקטע זאַכן מיט׳ן געדאַנק זיי צו געבן דער רעדאַקציע אויף אויסצוקלייבן, אָבער איידער איך האָב זיי באַוויזן איבערצוגעבן, האָב איך דערווייל אויפגעשריבן אַ ניי ליד און דאָס ליד האָט אַזוי נושא־חן געווען, אַז דער נאָמען דערפון „צום ברעג" איז געוואָרן דער נאָמען פון דער שריפט.

א שאָד, וואָס איך האָב נישט אויפגעהאַלטן דעם עקזעמפּליאַר פון אָט דער שריפט. עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט פאַר מיר אַ קוק צו טאָן אויף דער „פּאַראייביגטקייט" מיינע אין יענער שריפט.

בשעת מיר האָבן זיך שטאַרק געטומלט מיט'ן איבערשרייבן אָט די שריפט איז זיך דערוויייל אונזער שיף געגאַנגען צו איר אָנגעצייכנטן וועג.

אמת, דער ברעג איז נאָך געווען גאַנץ ווייט, אָבער דער וועטער, וואָס איז ממש פון שעה צו שעה אַלץ לויטערער געוואָרן, האָט געגעבן האָפּענונגען, אַז סוף־כל־סוף וועלן מיר דעם ברעג דערגרייכן.

כאַראַקטעריסטיש איז געווען די שטעלונג פון די עטלעכע העברעאיסטן אויף דער שיף צו אָט דער שריפט, וואָס האָט אונז געדאַרפט פאַראייביגן.

— מיר וועלן נישט נעמען קיין אנטייל אין קיין שריפט אויף זשאַרגאָן! — האָבן זיי אויסדריקלעך דערקלערט.

— נו, און גע'הרג'עט ווערן פאַר פּאַלעסטינע אויף אידיש מעג מען?

— האָבן די אידישיסטן זיך געבייזערט.

איינער האָט אפילו געפרעגט אַזאַ מין שאלה ביי די העברעאיסטן:

— אשטייגער ווען עס טרעפט מיך אַ קול און איך טו דעם לעצטן קרעכץ אויף אידיש, בין איך אַ איד, צי נישט?

עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. די הונדערט פּראָצענטיגע העברעאיסטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט מטמא צו זיין זייערע הענט מיט דער אידישער שפּראַך און מיר האָבן זיך געמוזט לאָזן פאַראייביגן אָן זייער אנטייל.

אויפ'ן דריטן טאָג איז דאָס וועטער געוואָרן אַזוי מילד, אַז נישט נאָר האָבן מיר אויפגעהערט צו טראָגן די אויבער־מונדירן, נאָר אפילו די טוניקס זיינען געוואָרן שווער אויף אונז צוליב דער ליבער וואַרימקייט, וואָס איז אונז אַנטקעגן געקומען.

שטייענדיג אויפ'ן דעק האָט מען ממש געקאָנט זען מיט די אויגן, ווי די שיף גייט וואָס ווייטער אַלץ אין מער ליכטיגקייט אריין. אויך דער ים איז געווען גאָר אַן אַנדערער. שטילע, בלעזלדיגע כוואַליעלעך האָבן זיך מער געשפּילט, ווי געוואָרפן, און שפּילנדיג זיך האָבן זיי געגלאַנצט אונטער דער וואַרימער שיין פון דער זון, ווי מיליאָנען קליינינקע שפּיגעלעך פון האָריזאָנט צו האָריזאָנט.

דעם זעלביגן פאַרנאַכט זיינען מיר אַלע געשטאַנען געפּלעפטע פון אַ וואונדער־שיינעם זון־פאַרגאַנג אויף דער מערב'דיגער זייט פונ'ם האָריזאָנט.

קאָלירן נאָך קיינמאָל פריער נישט געזעענע האָבן זיך געגאָסן איינע אין די אַנדערע און אַ ווינטל, כאָטש אַ פאַרנאַכטיג־קילס, האָט געגלעט אונזערע פּנים'ער.

יענער אָוונט איז בכלל געווען דער ערשטער פון מיין גאַנצער וואַנדערונג זינט אַ פּאָר חדשים, וואָס האָט אַ רעד געטאָן מיט אַ ביסל גענוס און פרייד צו מיר. די שיף האָט געהאַט אַן ערשטן קלאַס, אין וועלכן

עס זיינען געפאָרן אַ צאָל יונגע פרויען צו זייערע מענער, וואָס האָבן באַשלאָסן צו בלייבן לעבן אין אינדיע. ווען די לבנה, אַ גרויסע, און די שטערן, אויך גרעסערע, ווי איך האָב געזען ביז דעמאָלט, האָבן זיך באַוויזן אויפ'ן ריינעם בלויען הימל, בין איך געשטאַנען איינער אַליין ביי דעם פאַרענטש און געקוקט אויף זיי. אויף דעם ים אַליין איז אויך געווען וואָס צו זען. די כוואַליעלעך האָבן זיך שטיל געוויגט און געוואָרפן איבער זיך מיט דינע, זילבערנע שוימעלעך, וואָס האָבן מיך דערמאָנט אָן די ווייכע, זיידענע קרוזשעוועס אויף די שבת'דיגע קליידער פון דעם רבי'נס טעכטער ביי מיר אין שטעטל. אָבער צום מערסטן האָב איך געקוקט אויף דעם בלויען הימל, אויף דער לבנה און די שטערן און דערביי זיך צוגע־הערט צו דער מוזיק, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דעם ערשטן קלאַס, וואו עס האָבן אודאי געטאַנצט די יונגע, שיינע ענגלישע פרויען, וואָס זיינען געפאָרן צו זייערע מענער קיין אינדיע.

פלוצלונג דערהער איך לעבן זיך אַ ווייך פרויען־קול:

— האַלאָ!

ווען איך האָב דערזען לעבן זיך די יונגע, שיינע בלאָנדע פרוי, בין איך אויף אַ רגע פאַרגליווערט געוואָרן. אָבער ווען איך האָב דערזען, אַז איך בין נישט דער איינציגער, וואָס האָט פלוצלונג געקראָגן אַזאַ אומ־געריכטע מתנה, האָב איך זיך אַ ביסל באַרואיגט.

— האַלאָ, — האָב איך געענטפערט און מסתמא זיך זייער נאַריש צעשמייכלט.

באַלד האָט זי אויף אַ זייער אָפּנהאַרציגן אופן מיר דערקלערט, אַז אינ'ם ערשטן קלאַס איז זייער לאַנגווייליג און אַז זי און עטלעכע אירע פריינדינס האָבן באַשלאָסן זיך ארונטערלאָזן צו אונז אויפ'ן גיציג.

ערשט דעמאָלט בין איך געקומען אינגאַנצן צו זיך און געזאָגט, אַז איך בין צופרידן צו זיין פאַר איר דער געפאַנגענער האָז.

זי האָט זיך שטיל צעלאַכט פון מיין חכמה און נאָכ'ן ערשטן קוש האָט זי זיך פאַרענטפערט פאַר זיך אַליין:

— אַ קוש אין אַזאַ שיינער נאַכט איז דאָך אייגנטלעך נישט קיין גרויסער אומגליק, — האָט זי געזאָגט, אָבער נאָכ'ן צווייטן האָט זי זיך שוין עפּעס ווי זיך געבייזערט:

— ניש'קשה, מיין מאַן דאַרטן אין אינדיע טוט אויך דאָס זעלבע.

הכלל, עס איז געווען גאָרנישט שלעכט צו פילן לעבן זיך אָט די יונגע, שיינע ענגלענדערין, נאָר וואָס זשע דען? די מיליטערישע דיס־ציפּלין, אַז דער רוח זאָל זי נעמען! פלוצלונג אַ פייפערייַ און אַ שטרענ־גער באַפעל, אַז אַלע מוזן פאַרלאָזן דעם דעק. אַ ברירה האָב איך געהאַט? איך האָב זיך געמוזט געזעגענען מיט דער שיינער ענגלענדערין און גיין אין אינגעווייד אריין פון דער שיף אויף מיין האַמאַקל, אויף וועלכן איך האָב סיי ווי שוין אַ לאַנגע צייט נישט געקאָנט איינשלאָפן.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס מאָל האָט נישט געשפּילט אַזוי שטאַרק די

ראָלע פון דער מיליטערישער דיסציפלין, ווי די אייפערזוכט פון די העכערע ראַנגען צו די פּראָסטע סאָלדאַטן, אָבער אַזוי, צי אַזוי, — דעם האָניג פון די ליפּן האָט מען צוגענומען פונקט דעמאָלט, ווען עס האָט זיך אַזוי געשמאַק געטרונקען.

דערפאַר בין איך אויף מאָרגן אינדערפרי פאַרגיטיגט געוואָרן.

אמת, דער טעם איז געווען גאָר אַן אַנדערער ווי דער טעם פון דער שיינער ענגלענדערינ׳ס ליפּן, אָבער אַ געשמאַקער טעם איז דאָס סיי־ווי געווען.

ווען מיר זיינען אויף מאָרגן אין דער פרי אויפגעשטאַנען און אַרויס אויפ׳ן דעק, זיינען אונזערע אויגן פאַרבלענדט געוואָרן פון אַ געוואַלדיגער שיינקייט.

אונזער שיף האָט זיך רואיג און געמיטלעך געגליטשט איבער אַ שמאָלן וואַסער־פּאַס, וואָס איז ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען פון גרין אין בלוי און פוןביידע זייטן ריזיג־הויכע, ווייסע סקאַלע־בערג, וואָס זיינען געווען איינגעטונקען אין בלענדנדיגער זונשיין.

— דער גיבראַלטאַר! — האָט איינער געלאָזט וויסן דעם צווייטן און מער האָט מען שוין גאָרנישט געזאָגט.

די שיינקייט איז געווען צו שטאַרק, אַז מען זאָל ריידן פון איר. מען איז בלויז געשטאַנען אַ לאַנגע צייט, דרייענדיג די קעפּ אַהער און אַהין און נישט געוואוסט אויף וואָס פריער צו קוקן.

— ענגלאַנד׳ס טויער, דורך וועלכן זי באַהערשט דעם אָריענט! — האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אין מוח, אָבער דאָס האַרץ האָט פאַרשווענקט די געדאַנקען פונ׳ם מוח און האָט זיך בלויז געצאַפּלט מיט דער געוואַלדיגער נאַטור־שיינקייט, וואָס האָט זיך געשפּרייט פאַר די אויגן.

און אין אַ פּאָר שעה שפּעטער האָבן די אויגן נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך.

עס האָט זיך געוואָלט קוקן אַהינטער אויף די גיבראַלטאַר־בערג, פון וועלכע אונזער שיף האָט זיך דערווייטערט, און אויף דעם וואונדער־שיינעם בלויען, שפּיגלדיגן מיטללענדישן ים, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אין פאָראויס.

דאָס האַרץ האָט זיך געצאַפּלט צווישן ביידן.

# שיינקייט

וואָס איז געשען אויף דער שיף, אָדער אויפ׳ן ים אין יענע דריי טעג און דריי נעכט?

וויפיל איך זאָל זיך נישט אָנשטרענגען צו דערמאָנען, דערמאָנט זיך מיר נאָר די שיינקייט און ווייטער גאָרנישט.

וועגן וואָס נאָך האָב איך געטראַכט אין אַלע דריי טעג און די דריי אָוונטן? מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב בכלל גאָרנישט געטראַכט דעמאָלט, וואָרים א סימן האָב איך, אַז ווען אַט די דריי טעג און די דריי נעכט קומען אמאָל אויך איצט צו־גאַסט צו מיר, לייזט זיך אויף דער גאַנצער טראַכט־אַפּאַראַט אין מיר און איך ווער בלויז א טייל פון דעם, וואָס מיינע אויגן זעען און וואָס מיינע חושים נעמען אויף.

וואָס מיינע אויגן האָבן דעמאָלט געזען און וואָס זיי זעען אויך איצט, ווען יענע טעג און אָוונטן קומען צו מיר, קאָן מען נאָך פונדעסטוועגן איבערגעבן, אָבער וואָס מיינע חושים האָבן דעמאָלט אויפגענומען און נעמען נאָך אויך איצט אויף, ווען איך לעב נאָכאמאָל און ווידעראמאָל איבער יענע דריי טעג און דריי נעכט, איז שוין נישט אַזוי גרינג איבער־צוגעבן.

א ים, וואָס איז דורך די טעג געווען שטיל, רואיג און בלויער פון דעם פיינסטן בלויען טינט, אין וועלכן די אָפּשפּיגלונג פון דער לויטערער זון איז אויך בלוילעך געווען, און אין די אָוונטן האָט ער זיך גאָר פאַר־וואַנדלט אין פליסיגן זילבער. פאַרטאָג איז דער גאַנצער מזרח געווען פון פּלאַטינום קאָליר מיט לאַנגע פאַסן פון ראָז, וויאָלעט און פּורפּור, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען איבער דער מזרח־זייט פונ׳ם הימל איינע אין די אַנדערע און זיך ווידער פאַנאַנדערגעטיילט, כדי זיך באַלד נאָכאמאָל צונויפצוגיסן. און אַז די זון איז שוין געווען הויך איבער׳ן הימל האָט אַזא מין ליכטיגקייט זיך צעגאָסן און צעבלענדט, אַז מען האָט זיך בלויז געקאָנט אויפנעמען מיט פאַרזשמורעטע אויגן.

אַזא העלע יום־טוב׳דיגקייט האָט געהערשט אין דער גאַנצער אַרו־מיגקייט און אַזא ליכטיגער פרידן האָט זיך געפילט אין דעם גלעט פון דעם ווייכן מילדן ווינט, אַז עס האָט זיך פּשוט נישט געקאָנט לייגן אויפ׳ן שכל, אַז עס קאָן הערשן אויף דער וועלט אַזעלכע אומזיניגע זאַכן, ווי האַס, קנאָה און מלחמות.

די שיף אויף וועלכער מיר האָבן זיך געפונען איז עפּעס אויך גע־וואָרן אַזא ליכטיגע און אַזא גרינגע. אַלץ אויף איר, פון די פאַרענטשעס, דעקן ביז די קוימענס אפילו, האָט געגלאַנצט מיט אויסגעוואַשנקייט און זויבערקייט.

אין יענע דריי טעג און אָוונטן זיינען די סאָלדאַטן און די אָפיצערן

צוריק פארוואנדלט געוואָרן אין מענטשן. און נישט נאָר אין מענטשן, נאָר טאַקע אין גוטע און אין שיינע מענטשן. מען האָט נישט געהערט קיין גראָב לשון. עס איז געווען ווי מען וואָלט זיך געשעמט צו באַנוצן דאָס גראָבע לשון, וואָס מיליטער־לייט באַנוצן געוויינלעך. און אפשר האָט מען אפילו גאָרנישט געטראַכט פון שעמען זיך, ווארום עס האָט זיך אויף אַ נאַטירלעכן אופן גערעדט שטיל און שיין צווישן זיך. די אָפיצערן און די אנדערע העכערע ראַנגען האָבן עפּעס ווי פאַרגעסן, אַז עס איז דאָ אזא מין זאַך ווי דיסציפּלין. און דאָך איז די דיסציפּלין ווי פון זיך אליין געווען א מוסטערהאַפטע. מען איז נאָכגעקומען יעדער רע־גולאַציע, ווי זי וואָלט געווען א שפּיל, וואָס גיט פאַרגעניגן און נישט א באַדערפעניש, וואָס מען מוז איבערקומען.

די אָוונטן זיינען נאָך געווען א סך וואונדערלעכער.

פאַרנאַכט איז די זון געוואָרן ווי אַן אויסטערלעשער, ריזיגער מאַראַנץ און אַז זי האָט זיך אָנגעהויבן צו דערנעענטערן צום האָריזאָנט אויף מערב־זייט, איז דער גאַנצער האָריזאָנט, — דער הימל צוזאַמען מיט דעם ים געוואָרן איינגעטונקען אין שאַרפן מאַראַנצן־קאָליר. יעדע רגע איז געווען פאַר אונז אַלעמען א שטאַרקע איבערלעבונג און מיר זיינען מיטגעגאַנגען מיט דעם אויסטערלעשן, ריזיגן מאַראַנץ, ווען ער האָט אָנ־געהויבן זיך שטיקלעכווייז זיך פאַרלירן צווישן הימל און ים ביים האָרי־זאָנט. און ווען ער האָט זיך שוין אינגאַנצן פאַרלוירן זיינען מיר נאָך אַלץ געשטאַנען געפּלעפטע און נישט געקאָנט קומען צו זיך.

די אָרומיגקייט האָט נישט געגעבן קיין געלעגנהייט צו קומען צו זיך.

באַלד איז די טונקלקייט פונ׳ם אָוונט באַזילבערט געוואָרן פון א גרויסער זילבערנער לבנה און אזוי פיל שטערן און יעדער שטערן א בלענדענדיגער דימענט, די גרויס פון א וועלשענער נוס. און דער ים,— איין גרויסער שטח פון פליסיגן זילבער. און אונזער שיף שניידט זיך ווי א שטילע, גראַציעזע שוואַן איבער א טייך פון פליסיגן זילבער און מיר איבער איר פילן זיך געגלעט און געצערטלט ווי פון ווייסע שוואַנען־פעדערן.

ווען איך דערמאָן זיך איצט אין יענע דריי טעג און אָוונטן פאַלט מיר איין, אַז עס איז גוט, וואָס עס האָט געדויערט נישט מער ווי דריי טעג און דריי אָוונטן; ווארום וואָלט דאָס געווען געדויערט מער, וואָלט אפשר אָט די געוואַלדיגע שיינקייט געוואָרן אויס שיין. זי וואָלט געוואָרן מאָנאָטאָן און לאַנגווייליג, וואָרים איין פרימאָרגן איז געווען ענלעך אויפ׳ן צווייטן, איין נאָכמיטאָג אויפ׳ן צווייטן און אזוי מיט די פאַרנאַכטן און אויך מיט די אָוונטן.

פונדעסטוועגן געדענקט זיך מיר אויך צוויי באַזונדערקייטן אין לויף פון אָט דעם פאַר׳כשופ׳טן שטיקל צייט.

איין באַזונדערקייט איז געווען די בלאָנדע, שיינע ענגלישע דאַמע, וועלכע האָט מיך איינמאָל אין א נאָכמיטאָג צוגערופן צום פאָרענטש,

וואָס האָט אָפּגעטיילט אונזער דעק פון דער דעק אינ'ם ערשטן קלאַס.

— איר דאַרפט נישט נעמען שלעכט דאָס, וואָס איז געשען צווישן אונז אָט אין יענעם אָוונט,—האָט זי געזאָגט.

— שלעכט?—האָב איך געפרעגט און דערביי מסתמא געמאַכט א מינע אויף מיין פּנים, ווי איך וואָלט נישט פאַרשטאַנען וועגן וואָס זי רעדט צו מיר.

— איך מיין דאָס קושעניש, וואָס מיר האָבן זיך געקושט,—האָט זי מיר געפּרובירט דערמאָנען און דערביי האָט זי אין א פאַרשולדיגטן טאָן זיך גענומען פאַרענטפערן:

— איך האָב אין דער אמת'ן זייער שטאַרק ליב מיין מאַן. ער איז א שיינער און זייער א וואוילער,—האָט זי מיר פאַרזיכערט און כדי מיר צו באווייזן, אז איר מאַן איז באמת טאַקע א שיינער און א וואוילער, האָט זי צעעפנט א מעדאַליאָן, וואָס זי האָט געטראָגן אויף איר האַלז און מיר באוויזן דאָס בילד פון איר מאַן.

איך געדענק נישט אקוראַט, וואָס פאַר א פּנים איר מאַן האָט באמת געהאַט אויפ'ן בילד, אָבער איך געדענק זייער גוט, אז איך האָב זיך באַ־מיט זייער שטאַרק צו באַרואיגן דער פרוי, פאַר וואָס זי האָט מיך זייער שטאַרק געדאַנקט און אפילו מיך פאַרזיכערט, אז זי האַלט מיך פאַר זייער א פיינעם מענטשן.

— מיט א פיינעם מענטשן א קוש איז דאָך אן אומשולדיגע זאַך,—האָט זי געזאָגט מער צו זיך ווי צו מיר.

די צווייטע באַזונדערקייט, וואָס מיר געדענקט זיך פון יענע דריי טעג און די די דריי אָוונטן, איז דאָס דורכפאָרן דעם ברעג פון מאַלטאַ און דאָס אָפּשטעלן זיך אויף א קורצער ווייל ביי דעם האַפן.

דער עיקר'שט געדענקט זיך מיר טאַקע דאָס אָפּשטעלן זיך ביים האַפן איבער וועלכן עס האָט זיך געזען א שטאָט מיט א סך מויערן, וועלכע האָבן פון דערווייטנס גיכער אויסגעקוקט ווי קלויסטערס איידער ווי הייזער אין וועלכע מענטשן וואוינען.

קיין סך מענטשן, ווי מען טרעפט געוויינלעך אויף האַפנס, האָבן זיך אויף דעם מאַלטער האַפן נישט געזען, און די וואָס האָבן זיך יאָ געזען, זיינען עפּעס געווען אזעלכע שווייגנדיגע און פאַרטראַכטע.

פאַרוואָס זיי זיינען אזעלכע שווייגנדיגע און פאַרטראַכטע האָב איך זיך נישט געוואונדערט, וואָרים אויך מיר אויף דער שיף זיינען אין יענע טעג געווען מערסטנס שווייגנדיגע און פאַרטראַכטע.

די פרויען, וואָס האָבן זיך געזען סיי אויפ'ן האַפן און סיי אויף דער ברייטער גאַס, וואָס האָט זיך אַרויסגעזען אויף יענער זייט פונ'ם האַפן, האָבן אלע אויסגעקוקט ווי נאָנעס.

און אפשר זיינען טאַקע יענע פרויען, וואָס מיר האָבן געזען, געווען

נאָנעס, ווארים זייערע קליידער זיינען געווען שווארצע און זייער ברייטע, און די היטעלעך איבער זייערע קעפּ זיינען געווען אין דער פאָרמע פון האלבע קרייזן, שווארץ אין קאָליר מיט ווייסע פּאסיקלעך ביי די ראנדן.

קאָן זיין, אז דאָס, וואָס מיר האָבן געזען פון אונזער דעק אויף דעם מאלטער האפן אויף דער גאס, אויף יענער זייט פונ׳ם האפן, איז גאָרנישט כאראקטעריסטיש פאר דעם דאָרטיגן לעבן, אָבער דאָס בילד שטייט מיר איצט פאר די אויגן, איז זאָל דאָס פארצייכנט ווערן ווי אַן איבערשלאָג אין דער זעלבער שיינקייט, וואוהין אונזער שיף איז ווידער אריינגעפאָרן.

ווידער דער זעלבער וואונדער־שיינער פארנאכט, ווי נעכטן אין דער צייט. דער אָוונט אויך דער זעלבער.

א שיינקייט, וואָס סטימולירט דיך נישט צו טראכטן, נאָר לייזט דיך אויף און נעמט דיך אריין אין זיך אריין, אזוי אז דו ווערסט אליין א טייל פון איר און עס הויבט זיך דיר אָן צו דאכטן, אז אויך דו ביסט געוואלדיג שיין און ווייטער גאָרנישט.

ווען איך טראכט איצט פון יענער שיינקייט קומט מיר אויפ׳ן זין די לויטערקייט פון דער שכונה איבער די קעפּ פון די צדיקים אין גן־עדן.

איז וואָס־זשע טוען זיי, די צדיקים, מיט אָט דער לויטערקייט? גאָרנישט. זיי זיצן, ווי איך דעמאָלט, אין א געפענגעניש פון שיינקייט.



עזרא הררי

# לא תרצח

פלוצלונג, אָבער טאַקע גאָר פלוצלונג, האָט זיך אָנגעהויבן אויסצושניידן אינ׳ם העלן ליכט פונ׳ם פרימאָרגן ביים האָריזאָנט, א ישוב.

צוערשט איז געווען שווער אונטערצושיידן פון א מאַסטבוים ביז א טורעם פון א מעטשעט. אַלץ האָט אויסגעקוקט דין און הויך, אָבער ביסלעכווייז האָבן זיך גענומען אויספאָרמירן מאַסטבוימער פון אומצאָליגע שיפן און קיילעכדיגע טורעמס פון מעטשעטן. באַלד האָבן זיך אויך גענומען זען די שיפן גופא און הורבעס פון ווייסע און גרויע שאַלאַשן, וואָס זיינען געלעגן איינע הארט לעבן די צווייטע און איינע איבער די אנדערע, און ווען נישט די שמאָלע פענצטערלעך, וואָס האָבן פון דערווייטנס אויסגעקוקט, ווי טונקעלע פאַסיקלעך, וואָלט מען געקאַנט האָבן דעם איינדרוק, אז דאָס זיינען נידעריגע בערג־פאָרמאַציעס און נישט קיין הייזער, אין וועלכע עס לעבן מענטשן.

— פאָרט־סאַאיד!

וואָס נעענטער די שיף האָט זיך דערנעענטערט צום האַפן, אַלץ כשופ׳דיגער האָט אָנגעהויבן אויסצוקוקן דאָס, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט פאַר די אויגן.

אָט איז ער, דער אָריענט—אַ באָרוועסער, אַ נאַקעטער און דאָך אזא פאַרשלייערטער!

קוקסט מיט די אויגן און דו זעסט, אָבער דו האָסט אַלץ דאָס געפיל, אז דאָס געזעענע איז נישט דער עיקר, נאָר אַז עפּעס איז דאָ פאַראַן, וואָס באַהאַלט זיך פון דיר און וועלכן דו וועסט דאַרפן נאָכגיין זייער עקשנות׳דיג, כדי ערשט דאָס צו דערזען.

מענער אין אַבאַיעס, צעריסענע און קאָליריגע, פרויען אין טונקעלע קליידער מיט איבערגעדעקטע פנים׳ער, יונגע קינדער, שווימענדיגע, אין זייער נאַקעטקייט, אינ׳ם וואַסער־ברעג וואָס לאָזן זיך קונציג אַרונטער צום גרונט, ווען עמיצער פון אונזער שיף וואַרפט אַרונטער א מטבע, און איבער אַלץ און אַלעמען א ליכטיגקייט, וואָס בלענדט ממש די אויגן.

עס האָט גענומען א לענגערע צייט ביז מען האָט אונז אין מיליטערישער אָרדענונג אַרונטערגעלאָזט. יעדן איינעם האָט זיך געבענקט, אַז מען זאָל געבן א געלעגנהייט צו פאַרברענגען כאָטש א קורצע ווייל אין שטאָט, כדי מקבל פנים זיין און אַליין מקבל פנים צו ווערן פון דער ערשטער סטאַנציע אינ׳ם אָריענט. אָבער נישט נאָר האָט מען אזא געלעגנהייט נישט געגעבן, נאָר מען איז טאָפּלט שטרענג געווען צו יעדן איינעם, וואָס האָט פרובירט אויף איין רגע אַרויסצופאַלן פון די רייען.

באַלד איז געקומען דאָס אוי־סרופעניש פון אַלע נעמען און גלייך

נאָכדעם אין אָפּענע וואַגאָנעס אריין, אין וועלכע מען האָט זיך אויסגע־צויגן אויף שטרוי און זיך געלאָזט אין וועג אריין.

וואוהין?

קיינער האָט נישט געוואוסט וואוהין, און לויט דער שטימונג אין די וואַגאָנעס, האָט קיינעם באמת נישט געאַרט, וואוהין מען פירט אונז.

מען האָט געוואוסט איין זאַך, אַז מען איז אין מצרים, — אינ׳ם לאַנד פון די אַמאָליגע פּרעה׳ס, — אינ׳ם לאַנד, וואו יוסף איז געווען אַ שני־למלך, צו וועלכן עס זיינען דערנאָך געקומען זיינע ברידער, וואָס האָבן אים אַהין פאַר אַ קנעכט פאַרקויפט.

דער האַפן צוזאַמען מיט דער שטאָט פּאָרט־סאַאיד זיינען שוין געלעגן ווייט הינטער אונז, און די באַן האָט זיך לאַנגזאַם געצויגן איבער אַ ווייסן זאַמדיגן מדבר אונטער אַ ברענענדיגער זון. קיין גרעזל, קיין בוימל, און אודאי נישט קיין מענטש האָבן זיך געזען אויף מיילן. בלויז זאַמד און הימל, און הימל און זאַמד, און אונזער באַן, ווי אַ קריכנדיגע שלאַנג אין דער מיט צו אַן אומבאַשטימטן פּאַראַוויס.

— אָט דאָס איז די מדבר, וואו די אידן האָבן פערציג יאָר געוואַנ־דערט, — האָט עמיצער אין וואַגאָן באַמערקט פאַר זיך אַליין.

— און געשפּייזט זיך מיט מן, וואָס גאָט האָט אַהערצו אַרונטער־געוואָרפן, — האָט אַ צווייטער צוגעלייגט.

— און וואו איז דאָ דער באַרג סיני? — האָט אַ דריטער געוואָלט וויסן.

אָבער קיינער האָט נישט געענטפערט נישט אויף די באַמערקונגען פון די ערשטע צוויי און נישט אויף דער פראַגע פונ׳ם דריטן וועגן דעם באַרג סיני.

די מערסטע זיינען געלעגן אָדער געזעסן אויפ׳ן דיל פונ׳ם אָפּענעם וואַגאָן, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ לויפנדיגע שטייג פאַר פי, און גע־גלאָצט מיט די אויגן אַרום זיך.

איך צווישן אַלעמען אויך אַזוי. און איך געדענק, אַז כאָטש עס איז אין דער אמת׳ן נישט געווען קיין שום אויסטערלישעס צו זען, האָט זיך דאָך געזען עפּעס אַזוינס, וואָס איז געווען פיל מער, ווי אויסטערליש: עס האָט זיך געזען דאָס, וואָס איז געלעגן באַהאַלטן טיף, טיף אין די קעמערלעך פונ׳ם אייגענעם געמיט. עס האָט זיך געזען דער חדר אינ׳ם היים־שטעטל, דער רבי אַן איינגעבויגענער איבער דעם חומש בשעת׳ן לערנען מיט די קינדער די פּרשה פון די אידן אין דער מדבר. עס האָט זיך געהערט זיין קול, בשעת ער האָט מיט אונז געלערנט דעם פּשט פונ׳ם ברענענדיגן דאָרן, ביי וועלכע משה רבנו האָט אויסגעטאָן די שיך, ווייל ער האָט אין זיך דערפילט דאָס ליכט פון גאָט.

די באַן האָט זיך געצויגן אין דער מיט פון אַ ברייטן שטח ווייסן, געבערגלטן זאַמד, און פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען משה אויף זיינע

קני ביי דעם ברענענדיגן דאָרן און געפילט, ווי יעדער נערוו אין אים גיסט זיך אָן מיט אַ געוואַלדיגן באַגער צו באַפרייען זיין אונטערדריקט פאָלק פון פרעה׳ס שווערע לאַפעס.

פרעה!

אזוי פיל יאָרן זיינען שוין אַוועק און פרעה איז נאָך אַלץ דאָ.

נישט נאָר אין מצרים איז ער דאָ. ער איז דאָ אומעטום אין פאַרשיידענע געשטאַלטן. און משה איז אויך דאָ אומעטום אין פאַרשיידענע געשטאַלטן, און דער ברענענדיגער דאָרן ברענט נאָך אויך ביז איצט, און ער וועט זיך נישט פאַרלעשן ביז די משה׳ס וועלן סוף־כּל־סוף נישט באַזיגן די פרעה׳ס.

עס איז שוין געווען פאַרנאַכט, ווען די באַן אונזערע האָט זיך אָנגעהויבן דערנעענטערן צו א ישוב, וואָס האָט אויסגעקוקט אזוי אנדערש פון די אַלע ישובים, וואָס איך האָב ביז דעמאָלט געזען.

די זון האָט זיך געזעצט אין מערב־זייט און האָט געפאַרבט מיט מאַראַנצן־קאָליר טויזנטער און טויזנטער קיילעכדיגע לייוונטענע ביידלעך, וואָס זיינען געווען ווי צוגעקלעפּט צו דעם זאַמדיגן שטח.

דאָ און דאָרטן האָבן שטיל געוויט די פאָנען פון גרויס־בריטאַניע צווישן אַנדערע פאַרשיידנפאַרביגע פענדלעך. פון ערגעץ האָט זיך דערטראָגן צו אונז אַן אָפּקלאַנג פון אַ טרומייטער, וואָס האָט עפּעס אָנגעזאָגט, אָדער צו עפּעס גערופן, און אויף אַן אימפּראָוויזירטןברייטן וועג צווישן די זאַמדן האָט זיך דורכגעטראָגן אַ גרופּע טונקעלע רייטער מיט ברייטע, גרויע טורבאַנען אויף די קעפּ.

שפּעטער, ווען מיר זיינען אויסגעשטיגן פון די אָפענע וואַגאָנעס און זיינען געבליבן שטיין אין דער מיליטערישער אָרדענונג אויף אַ שטיק זאַמדיגן שטח, זיינען מיר געוואויר געוואָרן, אַז מיר געפינען זיך איצט אין דער הויפּט מיליטערישער באַזע פון אפריקע און אַזיע.

— איר זענט איצט אין קאַנטאַראַ, — האָט אונז אַ שפּאָגל־נייער אָפיצער מיט קורצע, דינענקע הויזעלעך און אַ שווערן העלמעט אויף זיין קאָפּ געלאָזט וויסן.

באַלד האָט ער אונז איבערגעגעבן צו אַ שפּאָגל־נייעם סערזשאַנט, וועמענס הילוך איז געווען ענלעך צו דעם אָפיצער׳ס און אָט דער סערזשאַנט האָט אונז אַדרעסירט מיט די פאָלגנדיגע ווערטער:

— איך ווייס נישט ווי לאַנג איר וועט שטיין דאָ אונטער מיין קאָמאַנדע, ווייל דאָ שטייט מען נישט, נאָר מען ווערט פון דאַנען פאַנאַנדערגעשיקט אין פאַרשיידענע באַטאַליאָנען פון זיין מאַיעסטעט, אָבער ווי לאַנג איר וועט שטיין דאָ, וועט איר נעמען באַפעלן פון מיר, און מיין קול צו אייך טאָר נישט גענומען ווערן ווי אַ קול אין דער מדבר. פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען, — האָבן מיר געענטפערט אין כאָר.

יעדער פון אונז האָט צו זיין געפּעק צוגעקראָגן אַ גומענעם ליילעך, און באַלד האָבן מיר זיך געפונען צו צען אין אַביידל. דער גומענער ליילעך האָט געמיינט פאַר יעדן איינעם זיין בעט. אויסגעשפּרייט אויפ'ן זאַמד אינ'ם ביידל, האָט מען געלייגט דאָס געפּעק צוקאָפּנס און דאָס איז געווען די סאָלדאַטסקע מקום־מנוחה.

יענעם אָוונט האָט מען אונז געבראַכט עסן אין די ביידלעך אַריין. יעדן איינעם אַ בלעכן קעסטעלע מיט קאָנסערווירטן, געקנאָבלטן פלייש און עטלעכע דאַרע קאָרזשעס.

ווען מיר האָבן אָפּגעגעסן, זיינען מיר אַ צייט געזעסן אין די ביידלעך און געוואַרט אויף באַפעלן, אָבער אַזוי ווי קיין באַפעלן זיינען ניט געקומען, האָבן מיר זיך ביסלעכווייז אַרויסגערוקט פון די ביידלעך און זיך באַגעגנט מיט די איבעריגע אין דרויסן. עס האָט זיך געוואָלט ריידן, זיך דורכשמועסן און אפשר עפּעס אויסצוגעפינען, אָבער עפּעס האָט זיך נישט גערעדט און נישט געשמועסט, און אויסצוגעפינען איז אויך נישט געווען ביי וועמען. אפילו דער שתדלן אונזערער איז דאָס מאָל געשטאַנען אַ געפּלעפּטער און קיין וואָרט נישט גערעדט.

און ווירקלעך איז געווען פון וואָס געפּלעפּט צו זיין.

איצט איז שוין געווען היפּש אָוונטדיג. אַ גרויסע לבנה, וואָס האָט נאָך פיל מער געגלאַנצט, ווי מיט אַן אָוונט פריער איבער'ן ים, און די שטער־ן אויך גרעסערע ווי דעמאָלט.

אָבער עס איז נישט אַזוי געווען די לבנה און די שטערן, ווי די טויזנטער און טויזנטער לייוונטענע ביידלעך איבער דעם ווייסן זאַמדיגן שטח און דאָס מאָדנע שטילשווייגן, וואָס האָט געהערשט אין דער גאַנ־צער אַרומיגקייט.

אַ שטילשווייגן, וואָס האָט געשריגן מיט געוואַלדיגע קולות אין די אויערן אַריין.

וואָס זיינען דאָס געווען פאַר אַ קולות? ווער ווייסט? דער עלטע־רער אוורונין האָט געוואָלט האָבן, אַז דאָס זיינען נאָך אַלץ די קולות, דורך וועלכע עס זיינען געקומען צו אונז די עשרת הדברות פונ'ם באַרג סיני:

— לא תרצח! — האָט אוורונין אַ מורמל געטאָן צו זיך, און עס איז געווען אַזוי מאָדנע צו טראַכטן פון דעם, וואָס סיי ער און סיי איך זיינען געקומען אַהער מיט ביקסן און באַיאָנעטן.

#ביים סועץ

ווען מיר זיינען אויפגעשטאַנען אויף מאָרגן אין דער פרי האָבן מיר ערשט דערזען וואָס עס מיינט די בריטישע מיליטערישע באַזע אין דעם נאָענטן מזרח.

לאַגערן און לאַגערן און לאַגערן!

דער גאַנצער שטח זאַמדיגער מדבר איז געווען באַזעצט פון די פאַר־שידנסטע רעגימענטן און יעדער רעגימענט איז געווען פון אַן אַנדער נאַציע. ניט נאָר זיינען דאָ געווען פאַרטראָטן פאַרשיידענע לענדער, נאָר אַפילו פאַרשיידענע קאָנטינענטן.

אָבער דער עיקר האָבן זיך אָנגעזען די אויסטראַליער און די הינדוסן. זיי האָבן אויסגעקוקט אַזוי אַנדערש פון די איבעריגע, אַז זיי האָבן זיך פשוט געוואָרפן אין די אויגן מיט זייער אַנדערשקייט.

בשעת אַלע אַנדערע האָבן זיך אונטערשיידט איינע פון די אַנדערע בלויז מיט די עמבלעמען און צייכנס אויף זייערע אוניפאָרמס, האָבן די אויסטראַליער געטראָגן קורצינקע פעלערינעס און ברייטע אויסגעבויגענע קאַפעליושן. און וועגן די הינדוסן איז דאָך שוין אָפגערעדט: זייערע גרויע, ברייטע טורבאַנען, פון אונטער וועלכע עס האָבן אַרויסגעקוקט ברוי־נע, כמעט מיידלשע פנים'ער, האָבן ממש צוגעשמידט מיינע אויגן צו זיי.

עס האָט זיך אויך אַ וואָרף געטאָן אין די אויגן עפּעס גאָר אַ באַ־זונדער מין מענטשן, וואָס זיינען געווען אי יאָ סאָלדאַטן, אי ניט קיין סאָלדאַטן.

דאָס זיינען געווען די אַרבעטער־באַטאַליאָנען, וואָס ענגלאַנד האָט ווערבירט פון מצרים און זיי פאַרוואַנדלט אין אמת'ע שקלאַפן.

מיט זייער אָפּגעריסנקייט און באָרוועסדיגקייט האָבן זיי דערמאָנט די אידן, ווען זיי האָבן אַמאָל געשקלאַפט אין מצרים. אַפילו דער אויפזעער מיט דער בייטש איבער זיי פון זייערע אייגענע ברידער האָט דאָ ניט געפעלט.

אין דער ליכטיגקייט פון דעם גאַנצן ווייסן זאַמדיגן שטח האָבן אָט די עגיפּטישע אַרבעטער באַטאַליאָנען אויסגעקוקט ווי מורא'דיגע, שוואַרצע, וואונדיגע פלעקן.

יענער ערשטער פרימאָרגן איז אָט דער בריטישער מיליטערישער באַזע אינם נאָענטן מזרח איז פאַר אונז נאָר־וואָס אָריבערגעקומענע אידישע לעגיאָנערן אַריבער זייער גרינג.

מען האָט אונז אַרויסגערופן אויפן „פּאַראַד" און נאָך דעם ווי דער סערזשאַנט האָט זיך מיט אונז אַ שפּיל געטאָן אין מיליטערישן צערעמאָ־ניאַל, האָט'ער אונז געהייסן אויסטאָן פון זיך דאָס כלי־זין און מאַרשירן נאָך אים. דער מאַרש איז געווען אַ שווערער, ווייל די שווערע מיליטערישע שיך האָבן זיך געגראָבן אינם זאַמד אריין, וואָס איז געווען ווייך, ווי שניי.

מיר זײַנען געװען ביז גאָר צופרידן, װאָס צו לאַנג האָט עס ניט אָנגעהאַלטן.
ער האָט אונז אָפּגעשטעלט פאַר דעם מיליטערישן שפּיטאָל, װאָס איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן, ברוינעם, לײװנטענעם ביידל, און געגעבן אַ באַפעל:

— אײנצל אין דער רײ!

יעדער אײנער פון אונז, װאָס איז פאַרבײגעגאַנגען די עפענונג פון אָט דעם ביידל, האָט געקראָגן אַ באַפעל צו אַנטבלויזן זײַן אונטערשטן טייל, און אַ דאָקטאָר, מיט אַ גלעזל אויף אַן אויג, האָט זיך ארונטערגעבויגן און אים אונטערזוכט.

— ענדלעך האָב איך זיך דערלעבט, אַז אַ גאַנצער קאַפּיטאַן זאָל זיך פאַר מיר פאַרנויגן, — האָט שפּעטער דער „קאָמיקער" זיך געװויצלט.

נאָך דער איבערקומעניש זײַנען מיר באַפרײט געװאָרן פאַרן גאַנצן טאָג.

אַ טאָג אין מדבר איז גאָר אַן אַנדער מין טאָג, װי אַ טאָג אין אַ ישוב.

אמת, אויך דאָ איז געװען אַ ישוב, און נאָך װאָס פאַר אַ ישוב! צענדליגער טויזנטער סאָלדאַטן מכל המינים, אָבער סאָלדאַטן אָן פּליכטן, זײַנען זיי געלעגן אָדער אין די ביידלעך, אָדער אין דרויסן אויפן זאַמד און געגענעצט אין דעם ריינעם בלויען הימל אַריין.

עס איז דערפאַר ניט געװען קיין ישוב אין דער מדבר, נאָר עפּעס אַ מדבר'דיגער ישוב, װאָס איז אַליין געװען אַ שטיק מדבר.

עס האָבן אונז אויפגעזוכט עטלעכע לעגיאָנערן פון די דריי באַטאַליאָנען, װאָס זײַנען געשטאַנען אין פּאַלעסטינע. דאָס זײַנען געװען אונזעריגע, װאָס זײַנען אַריבערגעקומען אַהער קיין קאַנטאַרע, — װער צו קריגן אַ געזונט־אונטערזוכונג אין דעם גרויסן שפּיטאָל, װאָס דאָ איז געװען, װער מיט עפּעס אַ שליחות פונם באַטאַליאָן אין דער הויפּט באַזע אַריין און װער מיט עפּעס אַן אַנדער ענין.

פאַר אונז זײַנען אָט די לעגיאָנערן געװען אַ געװאַלדיגע געשעעניש. מען האָט זיי אַרומגערינגלט און געװאָלט װיסן פון יעדער קלייניגקייט, װאָס גייט אָן דאָרטן, װאוהין מען װעט אונז היינט־מאָרגן אַריבערפירן.

די הויפּט־זאַך, װאָס אונז האָט זיך זייער שטאַרק געװאָלט װיסן איז געװען, װאָס די דריי באַטאַליאָנען טוען איצט און װי לאַנג טראַכט מען אונז בכלל צו האַלטן. און אויב יאָ האַלטן אין שלום־צייט, האָט זיך געװאָלט װיסן, צי מיר, די ניי־געקומענע, װעלן צונויפשטעלן אַ פערטן באַטאַליאָן און אַזוי אַרום דעם לעגיאָן פאַרװאַנדלען אין אַ בריגאַדע מיט אַן אייגענעם אידישן גענעראַל איבער זיך, אָדער מיר װעלן צעװאָרפן װערן אין די דריי עקזיסטירנדיגע באַטאַליאָנען. אויף אָט די אַלע פראַגן האָבן מיר קיין גענויע ענטפערס ניט געקראָגן. די אַלטע לעגיאָנערן האָבן אונז ניט געקאָנט אינפאָרמירן װאָס זייערע באַטאַליאָנען טוען אייגנטלעך.

— װאָס מען טוט? מען היט דעם אייגענעם לאַגער!

— צו װאָס דאַרף מען היטן דעם לאַגער?

— אָט גלאַט אַזוי. מען היט!

וועגן דעם וואָס מען טראַכט אין די הויכע פענצטער צו טאָן מיט אונז, די נײַ־אַריבערגעקומענע, האָבן זיי אודאי קיין שום אָנונג ניט געהאַט.

אָבער עפּעס האָבן מיר דאָך יאָ אויסגעפונען און געוווּסט איז דאָס, אַז אויב מען וועט אונז צעוואַרפן אין די עקזיסטירנדיגע באַטאַליאָנען, וועלן די וואָס וועלן אַרײַנפאַלן אין דעם אַכט און דרײַסיגסטן באַטאַליאָן ניט זײַן פון די גאָר גליקלעכע האָזן.

— וואָס איז דער מער מיט דעם אַכט און דרײַסיגסטן?

— ער שטייט אין אַזאַ מדבר, ווי עס איז דאָ.

— און די אַנדערע צוויי?

— יענע צוויי שטייען אין יהודה, — אינם סאַמע האַרץ פון די אידישע קאָלאָניעס.

איז שוין געקומען אַ שטיקל אומרו אין אונזערע רייען, וואָרים אויב שוין יאָ אַ סאָלדאַט, זאָל דאָס שוין כאָטש זײַן צווישן אידישע ישובים און ניט אין קיין מדבר.

עס האָט שוין ניט געהאָלפן, וואָס די אַלטע לעגיאָנערן האָבן אָנגע־הויבן אַביסל צוריקצוכאַפּן. אַפילו די דערקלערונגען פון די פּאָר „אַכט און דרײַסיגסטער", אַז אינגאַנצן קיין מדבר איז ניט די געגנט פון ראַפּע וואו זיי שטייען. זיי האָבן אונז פּרובירט טרייסטן, אַז ניט ווייט פון זייער לאַגער איז די שטאָט עזה, וואו שמשון הגבור האָט באַוויזן זײַנע גוואַל־דיגע גבורות און אַז אינם אַכט און דרײַסיגסטן געפינען זיך אַפילו אַזעלכע אָנגעזעענע לעגיאָנערן, ווי בן־צבי, בן־גוריון און אַז זשאַבאָטינסקי אַליין איז אויך אַן אַכט און דרײַסיגסטער. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. מיר זײַנען געוואָרן זייער אומרואיג און קיינעם פון אונז האָט זיך ניט גע־גלוסט אַרײַנצופאַלן אין דעם אַכט און דרײַסיגסטן. אין אונזער אומרו זײַנען אַפילו די קליגסטע צווישן אונז געוואָרן זייער נאַאיוו און מען האָט זיך געווענדט צו אונזער שתדלן, אַז ער זאָל זען וואָס ער קען עפּעס אויפ־טאָן אויף אָט דעם געביט.

און דער טאָג האָט זיך געצויגן און געצויגן און גאָרניט געוואָלט אויפהערן טאָג צו זײַן.

מיר האָבן שוין אַזוי פיל זאַכן אָפּגעטאָן. אַפילו מיטאָג שוין געגעסן און געפּילט צווישן די ציין די זעמדעלעך, וואָס דער ווינט האָט אַרײַנגע־מישט אין אונזער זופּ אַרײַן און דער טאָג איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין זײַן גאַנצער ליכטיגקייט און טאַקע היפּשער וואַרעמקייט אַרום אונז. עס האָט זיך שוין אויסגעדאַכט, אַז דאָס איז ניט דער ערשטער טאָג, וואָס מיר געפינען זיך דאָ און אַז אָט דעם ליכטיגן האָריזאָנט מיט דעם זאַמדיגן שטח, איבער וועלכן די לײַוונטענע ביידלעך האָבן אויסגעקוקט, ווי קנעפּלעך אויף אַ מלבוש, האָבן מיר שוין געזען זינט וואָכן און וואָכן.

ווער עס האָט פאָרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן אַריבערגיין זיך אויסבאָדן אינם סועץ־קאַנאַל, געדענק איך ניט אַקוראַט. מסתמא איז דאָס געווען איינער פון די אַלטע לעגיאָנערן, וואָרום די נײַע האָבן דאָך אַפילו ניט

אָנגעהויבן צו וויסן, אַז מיר געפֿינען זיך ניט ווײַט פֿון אָט דעם באַרימטן קאַנאַל. עמיצער פֿון אונדז האָט אַפֿילו געמאַכט אַ פֿאָרשלאָג, אַז אָנשטאָט צום סועץ־קאַנאַל, זאָלן מיר גאָר מאַרשירן צום באַרג סיני, וואָס מוז אויך ליגן ניט ווײַט פֿון דאַנען. אָבער מיר האָבן באַלד אויסגעפֿונען, אַז ווײַטקייט צו ניט־ווײַטקייט איז ניט גלײַך. בשעת די ניט־ווײַטקייט צום באַרג סיני איז איבער הונדערט מײַל, איז דער סועץ־קאַנאַל טאַקע דאָ האַרט בײַ דער נאָז. האָבן מיר דערווײַל געבעטן מחילה בײַם באַרג סיני, וואוהין אונדז האָט שטאַרק געצויגן, און מיר זײַנען דערווײַל געגאַנגען צום סועץ־קאַנאַל.

אויפֿן וועג אַהין האָבן זיך אונדזערע טריט אָפּגעמאָלן פֿאַרטשעפּעט אין דראָט־נעצן, וואָס זײַנען געווען האַלב פֿאַרזונקען אינם זאַמד, — אַ סימן, אַז דאָ זײַנען שלאַכטן אָנגעגאַנגען און ביקסן־קוילן האָבן זיך געוואַלגערט אין די טויזנטער.

ווען דער קאַנאַל האָט געטאָן אַ וואַקס אויס פֿאַר אונדזערע אויגן זײַנען מיר אַלע געבליבן שטיין אויף אַ ווײַל געפּלעפֿטע.

אַ נישט זייער ברייטער וואַסער־פּאַס צווישן גוט צעמענטירטע ווענט, וואָס האָט זיך בלויִלעך געקנייטשט אַנטקעגן דער זון און דאָ און דאָרט פֿון ביידע זייטן באָדן זיך נאַקעטע מענער אין אים, מאַכנדיק אַלערליי קונציקע קאָזשעלקעס.

מיר האָבן אַלע דערפֿילט אַ שטאַרקן באַגער אין וואַסער אַרײַן, מיר האָבן מיט אַ פֿיבערהאַפֿטער גיכקייט זיך באַפֿרײַט פֿון אונדזערע קליידער און איינער נאָכ׳ן אַנדערן אָנגעהויבן שפּרינגען אין קאַנאַל אַרײַן.

שווימענדיק מיט גרויס הנאה בײַם ברעג אין דער זייט, וואו איך בין אַרײַנגעשפּרונגען, האָט עמיצער מיר פֿאָרגעשלאָגן איבערצושווימען אויף דער צווייטער זייט. וואָלט איך אפֿשר זײַן פֿאָרשלאָג נישט געווען אָנגענומען, ווארום איך האָב זיך געפֿילט גוט, וואו איך בין געווען, איז אָבער זײַן אײַנלאַדונג געווען אויף אַזאַ אופֿן:

— העי דו, ווילסט מיט מיר אַ שווים טאָן קיין אַזיע?

— קיין אַזיע? — האָב איך אים געפֿרעגט מסתמא מיט פֿאַרוואונ־דערונג אין מײַן קול.

דאָ האָט יענער זיך פֿריילעך צעלאַכט און מיר דערקלערט, אַז די זייט, וואו מיר זײַנען, איז אַפֿריקע, און יענע זייט איז אַזיע.

דערהערט אַזוינס, בין איך גאָר אַנטציקט געוואָרן. דער געדאַנק, אַז איך קאָן אַריבערשווימען פֿון איין קאָנטינענט צום צווייטן, האָט מיך אָנגע־פֿילט מיט אינגלישער בראַוואַדע.

אין אַ מינוט צוואַנציק שפּעטער האָבן מיר ביידע צוויי נאַקעטע גערוט אונטער דער זון אויף דער ערד פֿון דעם אַזיאַטישן קאָנטינענט.

# אין דער מדבר

וויפיל טעג זיינען מיר געשטאַנען אין דער מיליטערישער באַזע פון קאַנטאַרע קאָן איך זיך נישט דערמאָנען, אָבער די צייט האָט זיך געצויגן אַזוי פּאַמעלעכדיג, אַז ווען איך טראַכט איצט פון איר, דאַכט זיך מיר אויס, אַז מיר זיינען דאָרט געשטאַנען חדשים.

יעדער טאָג איז געווען ממש ווי אַ חודש, און אַזוי אויך מיט׳ן אָוונט, כאָטש מען האָט זיך געמוזט לייגן שלאָפן נישט שפּעטער פון צען אַזייגער.

אַ סך האָט מיט דער לאַנגזאַמקייט פון דער צייט געהאַט צו טאָן דאָס, וואָס זייענדיג אַזוי נאָענט פון פּאַלעסטינע, האָט זיך שוין זייער שטאַרק געוואָלט אַריינגיין אַהין, און דאָ האַלט מען אונז אָן אַ פּאַרוואָס. וואָלט מען מיט אונז כאָטש עפּעס געטאָן, איז דאָס אויך נישט.

דורך די טעג אין קאַנטאַרע האָט מען אָן אונז עפּעס ווי פּאַרגעסן. נישט נאָר די העכערע ראַנגען, נאָר אפילו דער סערזשאַנט האָט אונז אינ־גאַנצן צורו געלאָזט.

זעלטן ווער עס האָט זיך צווישן אונז באַוויזן און לויט זיין האַלטונג איז געווען קלאָר, אַז ער ווייסט אַליין נישט וואָס צו טאָן מיט אונז.

איז אויסגעקומען אַזוי, אַז יעדן אינדערפרי נאָך פרישטיק האָבן מיר אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די זאַמדן און געוואַרט אויף מיטאָג און נאָך מיטאָג האָבן מיר געוואַרט אויף׳ן אָוונט־ברויט.

די איבעריגע לאַגערן זיינען געווען ענלעך אויף אונזערן.

די זעלביגע לייווענטענעביידלעך, די זעלביגע סאָלדאַטן, וואָס האָבן פּונקט אַזוי אַרומגעבלאָנדזשעט ווי מיר, אָדער געזעסן גרופּעס־וויַיז און געשפּילט אין קאָרטן.

דער איינציגער לאַגער, וואָס איז געווען אַ ביסל אַנדערש, איז געווען דער הינדוסישער.

די ביידלעך זיינען געווען די זעלביגע, אָבער די מענטשן זיינען געווען אַזעלכע אַנדערע.

שלאַנקע, דינע, ברוינע יונגען, וואָס האָבן אין זייערע אוניפאָרמס אויסגעזען ווי מיידלעך אין מאַנסבילשע קליידער. די ברייטע, גרויע טורבאַנען אויף זייערע קליינע קעפּ האָבן מיר דערמאָנט אָן די טשיפּעקעס אויף יונגע, נאָר־וואָס חתונה־געהאַטע ווייבלעך אין מיין היים־שטעטל.

אַריינגיין אין זייער לאַגער איז געווען פאַרבאָטן, אָבער פון דרויסן האָט מען געקאָנט זען, ווי זיי קוילענען אַליין שעפּעלעך פאַר זייער קיך און דערביי פלעגן זיי דורכפירן אַזעלכע צערעמאָניעס, וואָס האָבן דערמאָנט אָן דער אידישער שחיטה און בדיקה.

אין מיין אומבלאָנדזשען דורך די טעג איבער די זאַמדן פלעג איך זייער אָפט אָפּשטיין שעה׳ען לאַנג און אַריבערקוקן אין זייער לאַגער אַריין.

אָבער אויסגעפילט די צייט האָט דאָס אויך נישט, און עס איז געווען לאַנגווייליג ביז גאָר.

פון צייט צו צייט זיינען מיר געגאַנגען אין גרופּעס זיך באָדן אין סועץ־קאַנאַל און געשוואוּמען פון אַפריקע קיין אַזיע און צוריק. אָבער נאָך די אַלע זאַכן זיינען נאָך אַלץ געבליבן לאַנגע שעה'ען, אין וועלכע מען האָט פשוט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך.

די אָוונטן זיינען אויך געווען ביז גאָר לאַנגע און עפּעס צו טאָן אין זיי איז אויך ניט געווען, כאָטש נעם און זעץ זיך אויפ'ן זאַמד און קוק צום הימל, אויף דער לבנה און די שטערן.

אמת, טאַקע זייער אַ שיינער הימל. די לבנה אַזאַ גרויסע און אַזאַ גלאַנציגע, און די שטערן, כאָטש שלעפּ אַרונטער איינעם פון זיי און שפּיל זיך מיט אים, ווי מיט אַ שיינענדיגער פּילקע.

פלעג איך טאַקע נישט איינמאָל אַזוי זיצן און קוקן און טראַכטן דערביי אַזוינע מאָדנע אויסטערלישע טראַכטענישן.

אַ מאָדנע זאַך אָט די בענקעניש אין דעם מענטשנ'ס געמיט. זי איז, זעט אויס, אַ זעלבסטשטענדיגע זאַך און איר פונקציע איז, זעט אויס, צו בענקען שטענדיג נאָך דעם, וואָס עס איז נישטאָ.

אָט אַזוי האָב איך דעמאָלט געטראַכט. איצט פאַלט מיר איין, אַז די בענקשאַפט איז נאָך האַרמאָניע. אַ לויטערער הימל מיט אַ גרויסער לבנה און שטערן בענקט נאָך ישוב, פּונקט ווי אַ ישוב בענקט נאָכ'ן לויטערן הימל און דער לבנה און די שטערן.

מען דאַרף זיי אויסמישן צוזאַמען, וועלן זיי ווערן איינס און גאַנץ.

עס איז אָבער נישט געווען בלויז דער הימל, וואָס האָט געפינקלט אין די אָוונטן.

עס האָט אויך געפינקלט די זאַמדיגע ערד.

אמת, נישט מיט קיין שטערן האָט די זאַמדיגע ערד געפינקלט, אָבער געפינקלט האָט זי סיי־ווי.

מיט טויזנטער ברענענדיגע ליכטלעך האָט די זאַמדיגע ערד געפינקלט יעדן אָוונט אין דער מיליטערישער באַזע פון קאַנטאַרע.

מען איז געזעסן אַרום אָט די ברענענדיגע ליכטלעך און געשפּילט.

הונדערטער גרופּן האָבן געשפּילט אין קאָרטן און נאָך מערער גרופּן האָבן געשפּילט אין „סערזשאַנט־מאַיאָר".

די שפּיל אין „סערזשאַנט־מאַיאָר" איז אַ קינד פון דער בריטישער אַרמיי און זי איז טאַקע געבוירן געוואָרן אין דער לעצטער וועלט־מלחמה.

זי באַשטייט פון אַ קליין שטיקל סעראַטע, וואָס האָט דעם אויסזען פון אַ שאַך־ברעטל, נאָר אָנשטאָט קעסטעלעך, איבער וועלכע עס באַוועגן זיך פיגורן, ווי אינ'ם שאַך־שפּיל, זיינען די פיגורן אויסגעפּאַרבט אויפ'ן סעראַטקעלע, און די ענגלישע קרוין, וואָס איז די עמבלעמע פונ'ם סאָר־

זשענט־מאַיאָר, איז די געווינערין. אײנער איז דער באַנקיר, און דער באַנקיר האָט אַ פּושקעלע מיט צוויי קלעצלעך, אויף וועלכע עס זײנען אויסגעמאָלן די זעלביקע פיגורן וואָס אויף דעם סעראַטקעלע.

וואַרפן סאָלדאַטן געלט אויף סעראַטקעלע, און דער באַנקיר וואַרפט מיט די קלעצלעך אין זײן קלײן פּושקעלע.

טויזנטער און טויזנטער סאָלדאַטן זײנען אַזוי געזעסן אין די אָוונטן אויפ'ן זאַמד אין דער מדבר אַרום אָט דער „סערזשאַנט־מאַיאָר" שפּיל און די ברענענדיקע ליכטלעך אויף דעם זאַמד האָבן קאָנקורירט מיט די שטערן אין הימל. נישט מער, בשעת די לעצטע האָבן געווײקט אַלערלײ בענקענישן, האָבן די ערשטע געוועקט אַן אַזאַרטישן באַגער נאָך געלט.

אין לויף פון די טעג אין אָט דער מדבר איז אַרײנגעטראָטן אין די געמיטער פון די אידישע לעגיאָנערן עפּעס אַזוינס, אויף וואָס מען האָט זיך אַלײן געוואונדערט און דאָס נישט געקאַנט פאַרשטײן.

עס איז אַרײנגעטראָטן אַ פולקייט און אַ גלײכגילטיקײט.

מען האָט נישט געפירט קײן מיטינגען צווישן זיך און מען האָט נישט געמאַכט קײן שום פּלענער.

יעדער אײנער האָט עפּעס ווי אָפּגעלאָזט די לייצעס און געגעבן דעם אײנדרוק, אַז אים אַרט שוין גאָרנישט. עס האָט געהײסן, אַז זאָל דאָס גײן ווי עס גײט. מען האָט אפילו אויפגעהערט רײדן וועגן דעם, צי מען וועט ווערן אַ פערטער באַטאַליאָן מיט אַן אײגענעם גענעראַל, און קײנעם האָט שוין נישט געאַרט אין וועלכן באַטאַליאָן ער וועט אַרײנפאַלן. וואָס אַזוינס עס קומט פאַר אויף דער ברײטער וועלט האָט קײנער נישט גע־וואוסט און נישט געהאַט דעם באַגער צו וויסן. קײן צײטונגען זײנען נישט געווען און קײנער האָט נישט געבענקט נאָך זײ.

די גאַנצע וועלט האָט זיך אָנגעהויבן בײ אײן זײט פון'ם האָריזאָנט און זיך געענדיקט בײ דער אַנדערער זײט, און די וועלט אין דער מיט איז געווען פון זאַמד, מיט בײדלעך אײנע ענלעך צו דער צווײטער, און די מענטשן אויך אײנער ענלעך צו דעם צווײטן.

אײנמאָל איז פון ערגעץ אָנגעקומען אַ גרופּע אָפיצערן, צווישן וועלכע עס זײנען אויך געריטן צוויי יונגע פרויען. איז דאָס געווען אַ געשעעניש אין אַלע לאַגערן.

מען איז געשטאַנען און געקוקט מיט הונגעריקע אויגן, און די ווער־טער, וואָס זײנען געשיקט געוואָרן אין דער לופטן, האָבן אויסגעדריקט מיט זיך נישט קײן איבערגעוואַשענע באַגערן און קנאה צו די אָפיצערן.

יענעם גאַנצן טאָג האָט מען געהערט פליען באַמערקונגען פון אומ־באַקאַנטע צו אומבאַקאַנטע?

— האָסט געזען די צוויי ליאַלקעס?

— פון וואַנען האָבן זײ זיך גענומען אַהער?

— מען זאָגט, אַז מען שיקט אונז אַ מתנה אַ גאַנצע באַן פון אָט דעם מין סחורה.

און אַז עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט האָט אפילו דער קאָרטן־שפּיל און די שפּיל פון „סערזשאַנט־מאַיאָר" נישט געקאַנט אָפּווישן די איבער־לעבונג, וואָס מען האָט געהאַט, דערזעענדיג די צוויי פרויען.

פון אויבן האָבן געפינקלט די שטערן און ביי דעם אָדער יענעם געוועקט בענקשאַפט נאָך עפּעס אויסטערלישעס, און אויפ'ן זאַמד האָבן געפינקלט די ברענענדיגע ליכטלעך, אַרום וועלכע עס זיינען אויפגע־גאַנגען נישט קיין געוואַשענע ווערטער וועגן נאַטירלעכע באַגערן.

# דער ערשטער טראָט

ווען מיין טראָט האָט צום ערשטן מאָל דערפילט אונטער זיך די פּאַלעסטינער ערד, האָב איך זיך שטאַרק געוואונדערט, וואָס ער האָט נישט קיין ציטער געטאָן, אָדער כאָטש נישט געבליבן אויף אַ ווייל קיין צוגע־שמידטער, אָט אַזוי ווי עס טרעפט זיך אַמאָל מיט אַ בליק, וואָס דערזעט ענדלעך אַ זייער שטאַרק באַגערטע זאַך און ער ווערט אויף אַ ווייל אַזוי געפּלעפט, אַז אויף אַ מאָמענט זעט ער גאָרנישט.

אודאי האָט אַ סך צו טאָן געהאַט די רואיגקייט, מיט וועלכער איך האָב אויפגענומען די ערד אונטער זיך, דאָס, וואָס אַרום איז געווען געוואַלדיג פינצטער, ווען אונזער באַן האָט דערגרייכט די סטאַנציע לוד.

— לוד!

דער נאָמען האָט מיר אַ קלונג געטאָן אין די אויערן מיט די „תגרי־לוד”, וועגן וועלכע עס רעדט זיך ערגעץ־וואו אין דער גמרא. אָבער איצט איז לוד אַזוי פינצטער, אַז מען קאָן זי נישט זען, און אַנשטאָט זי זע איך פאַר זיך די גמרות אינ׳ם בית־מדרש פון מיין שטעטל, אין וועלכע איך האָב צוריק מיט יאָרן אָט דעם נאָמען באַגעגנט. איז וואָס זשע איז דאָ צו ציטערן? פון וואָס ווערן געפּלעפט? פון די גמרות אין מיין שטעטל־יגן בית־מדרש? נו, זיי זיינען דאָך פאַר מיר אייגענע און היימישע זאַכן.

אָבער דעם גאַנצן טאָג, איידער עס איז צוגעפאַלן די פינצטערע נאַכט, בין איך דאָך געווען אין אַ שטאַרקער אויפרעשרויפטקייט.

און נישט נאָר דעם גאַנצן טאָג, נאָר אויך דעם פריערדיגן אָוונט.

פּלוצלונג האָט אונזער סערזשאַנט אין קאַנטאַרע אונז אַרויסגערופן אויפ׳ן „פּאַראַד” און קורץ און שאַרף געלאָזט וויסן, אַז אויף מאָרגן ווערן מיר איבערגעשיקט אין די באַטאַליאָנען אַכט און דרייסיג און ניין און דרייסיג.

אונזער אויפרעגונג איז גלייך געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז מיר האָבן אפילו נישט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט דער זון, וואָס איז אין פלאַמענדיגע מאַראַנצן־קאָלירן פאַרגאַנגען אין מערב־זייט צווישן הימל און זאַמד.

די אויפרעגונג איז נאָך שטאַרקער געוואָרן, ווען דער זעלביגער סער־זשאַנט האָט גענומען אויסרופן די נעמען, — ווער אין דעם אַכט און דרייסיגסטן און ווער אין דעם ניין און דרייסיגסטן.

אין דער אויסרופעניש איז געווען אַ מין „מי לחיים ומי למות”. וואָרום אין דעם אַכט און דרייסיגסטן האָט געמיינט די געגנט פון ראַפע—מדבר, ווייט פון ישובים, און אין דעם ניין און דרייסיגסטן האָט געמיינט צו שטיין אין דעם סאַמע האַרץ פון די אידישע קאָלאָניעס אין יהודה.

ווען איך האָב דערהערט אויסרופן מיין נאָמען אין דעם ניין און

דרייסיגסטן, האָט מיך אי געפרייט און אי אַ ביסל פאַרקלעמט דאָס האַרץ. וואָרום דאָס פּנים פון מיין שכן, וועמען מען האָט אויסגערופן אין דעם אַכט און דרייסיגסטן, האָט זיך פאַרקרימט פון צער.

אין יענעם אָוונט האָט אויך ניט געפעלט קיין בייז בלוט.

עטלעכע פון די „אַכט און דרייסיגטע״ האָבן באַשולדיגט, אַז עמיצער פון די „פּאָליטיקער״ האָט זיי אונטערגעשטעלט אַ „פיסל״, און אויף מאָרגן אינדערפרי, ווען מען האָט זיך אַלע אַריינגעזעצט אין די אָפענע וואַגאָנעס אָפּגעפירט צו ווערן קיין פּאַלעסטינע, איז די שטימונג געווען אַ שווערע און אַן אָנגעצויגענע.

און ווידער האָט די באַן זיך געשלענגלט דורך אַ זאַמדיגער מדבר.

דאָס מאָל איז דער מדבר נאָך געווען פיל מער מדבר׳דיג, ווי ווען מען האָט אונז געפירט פון פּאָרט־סאַאיד קיין קאַנטאַרע.

אַ ווייטער שטח פון זאַמדיגע בערג און בערגלעך, איבער וועלכע מען האָט דאָ און דאָרט געזען די צייכנס פון קעמל־קלאָען און אויך פון מענטש־לעכע טריט און איבער דעם אַלץ עפּעס אַזאַ שווייגנדיגע ליכטיגקייט, וואָס האָט אָפּטמאָל געגעבן דעם איינדרוק פון בייזקייט.

עס האָט גענומען אַ לענגערע צייט ביז איך האָב זיך געקאַנט באַפרייען פון דער אַרומיגקייט און דערפילן זיך אַליין.

עס איז געווען ווי איך וואָלט זיך פּלוצלונג אויפגעכאַפּט פון אַ הינער־פּלעט און צוריקגעקראָגן מיין באַוואוסטזיין, אַז איך געפין זיך איצט אין דעם מדבר, וואו די אידן האָבן אַמאָל און אַמאָל געוואַנדערט גאַנצע פערציג יאָר, געגעסן מן, וואָס האָט געהאַט אַלע טעמים, און דערביי געהאַט שאַרפע טענות צו משה׳ן, זייער פירער.

לעבן מיר איז געלעגן אויפ׳ן שטרוי דאָס יונגע בחור׳ל, וועמען איך האָב געהאָלפן אין ניו יאָרק זיך אָנשליסן. איצט איז זיין פּנים געווען פאַר־ברוינט און אַ סך מענלעכער. מיט דער ביקס לעבן זיך האָט ער באמת אויסגעקוקט ווי אַ מאַן מיט אַ סך דערפאַרונג הינטער זיך. ווען אָבער ער האָט עפּעס געזאָגט, איז פון זיין מויל אַרויסגעקומען אַזאַ קינדערשע נאַאיוויטעט.

— פאַרוואָס פאַרזעצט מען דאָ נישט קיין ביימער?

— מען וואָלט אַלע אידן פון דער וועלט געקאַנט אַריינפּאַקן אָט דאָ און עס וואָלט נאָך געבליבן גענוג ליידיג פּלאַץ.

אָט אַזעלכע געדאַנקען האָט ער געוואָרפן פון זיך און צו מיר האָט ער זיך געווענדט מיט אַזאַ מין באַמערקונג:

— אַ גרויס לאַנד, דיין ירושלים.

מיט דעם נאָמען „ירושלים״ האָט ער באַצייכנט גאַנץ פּאַלעסטינע און מיט דעם וואָרט „דיין״ האָט ער מיר געוואָלט געבן אַנערקענונג, אַז איך בין אַ שטיקל באַלעבאָס איבער דער מדינה.

דער טאָג איז אויך דאָ געווען זייער אַן אויסגעצויגענער. די באַן

האָט זיך געשניטן פון האָריזאָנט צו האָריזאָנט, אָבער קיין נייער האָריזאָנט האָט נישט געבראַכט קיין שום ענדערונג אין דער אַרומיגקייט.

ווייסער, געבערגלטער זאַמד און שווייגנדיג, בלענדנדיג ליכט איבער אים און מער גאָרנישט מיט גאָרנישט.

אָבער טיף אין געמיט איז דאָך געווען אַ שטאַרקע אויפרעגונג.

דער באַוואוסטזיין, אַז מען ווערט געפירט קיין פּאַלעסטינע, האָט דאָך געמישט דאָס בלוט און די אויגן האָבן געקוקט צום פאָראויס מיט געוואַלדיגער און אָנגעשטרענגטער דערוואַרטונג.

סוף־כּל־סוף איז דאָך פאָרגעקומען אַ שטיקל ענדערונג.

עס האָט זיך אָנגעהויבן צו זעצן די זון אין מערב־זייט און פון׳ם פאָראויס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסצושניידן פלעקעלעך גרינס, וואָס האָבן זיך גענומען קאָלירן פאַר די בליקן. דאָ און דאָרטן האָבן זיך דערזען פון דער ווייטנס אַ פּאָר הויכע פּאַלמען, און אָט שיילט זיך אַרויס אַן אַראַבישער ישוב מיט צונויפגעהורבעטע ברוינע און גרויע שטיבעלעך, און באַלד נאָך דעם ישוב, טאַקע האַרט לעבן אונז, אַ ווייס טורעמדיג הויז אין דער מיט פון אַ גרויסן גאָרטן, איבער וועלכן עס שפּאַצירט זיך געמיטלעך אַ שלאַנקער טונקעלער מענטש מיט נאָך אַ טינקעלערער באָרד אַרום זיין ברוינעם פּנים.

לויט דער שיינער פאַרביגער אַבאַיע אויף זיין פיגור, נאָך מער לויט דעם שיינעם פאַרפלאָכטענעם טורבאַן איבער זיין קאָפּ, איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז דיר נישט אַבי־ווער, נאָר עפּעס גאָר אַ געהויבענער מענטש,— אַן עפענדי.

ביי עפּעס אַן אימפּראָוויזירטער סטאַנציע האָט די באַן זיך אָפּגעשטעלט און די אַכט און דרייסיגער זיינען אַרויסגעשטיגן האַלב־ברוגז׳ע מיט אונז, וואָס האָבן געדאַרפט געפירט ווערן ווייטער.

עפּעס האָבן חברים זיך יאָ געזעגנט און נישט געזעגנט און ווען די באַן האָט זיך געלאָזט ווייטער אין וועג אַריין, האָט זי שוין אָנגעהויבן אַריינצופאָרן אין אָוונט אַריין. אַ ווייל האָט זיך נאָך געזען די לבנה, אָבער גאָר אינגיכן איז זי ווי אויסגערונען געוואָרן, און די שטערן איבער אונז האָבן דוקא יאָ געגלאַנצט און געפינקלט, אָבער די פינצטערניש אַרום איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ געדיכטער און אונז, צוזאַמען מיט די וואַגאָנעס, אין וועלכע מיר זיינען געווען, איינגאַנצן איינגעשלונגען.

איצט האָבן מיר שוין אַרום זיך גאָרנישט געקאַנט זען.

האָט מען געקוקט דערפאַר צום הימל אויף די גלאַנציגע און פינקלדיגע שטערן און מען האָט אויך געקוקט אין זיך אַריין.

די גלאַנציגע, פינקלדיגע שטערן זיינען געווען שיין, אָבער ווי האָט אויסגעזען דאָס, וואָס מען האָט געזען דעמאָלט אין זיך גופא?

מיר איז געווען ביז גאָר מאָדנע פון דעם, וואָס איך האָב דערזען אין זיך גופא.

אַן אָפּגעריסן צווייגל פון אַ שטאַם, וואָס ווערט געטריבן פון ווינטן איבער לענדער און קאָנטינענטן. בענקט נאָכ׳ן שטאַם אָט דאָס צווייגל, אָבער וואו איז דער שטאַם?

איז ער דאָרטן אינ׳ם לאַנד, וואוהין די באַן פירט מיך איצט? איז דער שטאַם אברהם אָבינו? אָבער עס איז ביז גאָר מאָדנע אָט דאָס, וואָס יעדעס מאָל, ווען איך שטעל זיך פאָר פאַר די אויגן אברהם אָבינו׳ן, זע איך פאַר זיך דאָס אויסזען פון מיין זיידן, הערשעלע גבאי.

ליגט זיך דאָס געביין פון אברהם אָבינו אין אָט דעם לאַנד, וואוהין איך ווער איצט געפירט, און מיין זיידע ליגט גאָר אין דעם שטעטל קאַמין־קאַשירסק, ערגעץ־וואו אין וואָלין, און מיין טאַטע ליגט אין טריסק, אויך אין וואָלין. און אַז עס בענקט זיך מיר אַזוי שטאַרק צום שטאַם, איז וואוהין־זשע בענק איך עס איצט אַזוי? בענק איך צו דער ערד, וואו עס ליגט דאָס געביין פון אברהם׳ען, יצחק׳ן און יעקב׳ן, אָדער איז די בענק־שאַפט גאָר נאָך דער ערד פון וואָלין, וואו עס ליגט מיין זיידע הערשעלע גבאי און מיין טאַטע יצחק לייב, דער טריסקער חזן?

פון ערגעץ־וואו האָט זיך גענומען צעטראָגן אין דער פינצטערער אַרומיגקייט אַ שאַרף ציטערדיג געוואָי,—ווער־זשע וויינט עס אַזוי אָט־דאָ אין דער נאַכט? גייט דאָס געוויין אויף פון מיין געמיט? ניין, דאָס געוויין איז פון דער פינצטערניש אַרום!

— מיר זיינען שוין אין ארץ־ישראל, — זאָגט מיר מיט אַ ציטערדיג קול אַוורונין.

— אין ארץ־ישראל? — פרעג איך איבער.

— וואָס־זשע, דו הערסט נישט דאָס געוויין פון די שאַקאַלן? — פרעגט ער מיך און וואונדערט זיך הלמאי איך באַנעם דאָס נישט אַליין.

— זינט דעם חורבן וויינען דאָ אַלע נעכט די שאַקאַלן, — דערקלערט ער מיר, און לייגט דערביי צו:

— די פרומע אידן זאָגן, אַז דאָס איז דאָס געוויין פון אונזער מוטער רחל.

ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין לוד און מיר זיינען אַרונטער־געשטיגן, האָב איך זיך געוואונדערט פאַרוואָס מיין טראָט ציטערט נישט.

ווען מיר האָבן שפּעטער אין דער פינצטערניש געשפּאַנט אין טראָט צום לאַגער, האָט זיך געפילט אין דער לופט אַ שאַרפער ריח פון געפּרעסטע ווייַנטרויבן.

# די בערג פון יהודה

ווי לאַנג מיר האָבן מאַרשירט יענע ערשטע נאַכט אין דער פינצטער־ניש, געדענק איך נישט. איך געדענק נאָר, אַז ווען עס איז געקומען דער באַפעל זיך אָפּצושטעלן, זיינען מיר אַלע אַנידערגעפאַלן מיט אונזער געפּעק צו דער ערד און אויסגעצויגן אונזערע פאַרמאַטערטע פיס איבער דעם ווייכן זאַמד.

פון דער נאָענט האָט צו אונז געוואונקען אַן עלעקטריש לעמפּל, ווי אַן אָפּן פריינטלעך אויג, און מיר האָבן גאָר קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז אָט דאָס לעמפּל איז איבער'ן וואַך־הויז פונ'ם ניין און דרייסיגסטן באַטאַליאָן, וואוהין מיר זיינען באַשטימט געוואָרן.

די פינצטערניש אַרום אונז איז אַלע ווייל אויפגעציטערט געוואָרן פון אַן אַנדער אויסגעשריי.

— אַלאַהאַהאַ ! — האָט זיך פון צייט צו צייט אַ צי געטאָן אין דער לופט און באַלד איז געקומען אַ שאַקאַל־געוואָי, וואָס האָט דערמאָנט אין דעם געוויין פון אַ קינד פאַר אַן ענטפער.

קיינער האָט אונז שוין יענע נאַכט נישט באַלעסטיגט ביז אין דער פרי. מען האָט אונז איבערגעלאָזן אויפ'ן זאַמד, ווי מיר זיינען אַנידערגעפאַלן, און מען האָט אונז געלאָזט אַזוי ליגן ביז אין דער פרי.

ווען איך האָב אויפגעעפנט די אויגן איז דער גאַנצער מזרח'דיגער האָריזאָנט געווען אייננגעטונקען אין גאָלד און די בערג האָבן זיך געוויקלט אין דינע דורכזיכטיגע ליילעכער פון אַלערליי קאָלירן.

— די בערג פון יהודה, — האָב איך דערהערט דאָס קול פון מיין שכן.

ווען איך בין געקומען אינגאַנצן צו זיך, האָב איך דערזען פאַר זיך אַ בילד פון עטלעכע הונדערט יונגעלייט, זיצנדיגע אויף זייער געפּעק מיט געפּלעפטע פּנים'ער.

הינטער אונז גאָר נאָענט איז געלעגן דער לאַגער פונ'ם ניין און דרייסיגסטן באַטאַליאָן. אַ ברייטער שטח מיט קיילעכדיגע ווייסע לייוונטע־נע ביידלעך. דאָ און דאָרט האָט אויפגעגלאַנצט דער שטאָל פון אַ באַיאָנעט איבער אַ ביקס, וואָס עפּעס אַ פיגור האָט געטראָגן אויף אַן אַקסל.

— די וואַך, — האָט עמיצער באַמערקט, אָבער קיינער פון אונז האָט אויף דער באַמערקונג נישט געענטפערט, וואָרום כאָטש דער לאַגער פונ'ם באַטאַליאָן, צו וועלכן מיר זיינען באַשטימט געוואָרן, האָט אונז אינטע־רעסירט, איז אָבער דאָס גאָלד אויף דעם מזרח'דיגן האָריזאָנט און די דינע, דורכזיכטיגע שלייערן איבער די יהודה־בערג געווען פיל שטאַרקער, ווי דער אינטערעס צום לאַגער.

— זאָלן דאָס טאַקע זיין די אמת'ע בערג פון יהודה? — האָט עמיצער שטיל זיך צוגערוקט צו מיר מיט דער פראַגע נישט נאָר פון זיין מויל, נאָר די פראַגע איז געווען אויפגעשריבן איבער זיין גאַנצן פּנים.

איך האָב אים אויף זיין פראַגע נישט געענטפערט, וואָרום איך אַליין בין געזעסן אויף מיין געפּעק אַ געפּלעפּטער נישט אַזוי פון דעם פּליסיגן גאָלד ביים האָריזאָנט און די שלייערן איבער די בערג, ווי פון דעם באַוואוסטזיין, אַז דאָס זיינען די בערג יהודה.

וועגן וואָס איך האָב דעמאָלט געטראַכט, געדענקט זיך מיר נישט אַקוראַט, אָבער אַז מיינע טראַכטעננישן האָבן געהאַט צו טאָן מיט יהודה המכבי מיט זיינע מאַקאַבעיער, וואָס פּלעגן אָנפאַלן אויף די גריכן פון אָט די בערג, געדענק איך זייער גוט.

איך שטעל זיך איצט פאָר, אַז איך האָב דעמאָלט געמוזט באַטראַכטן מיינע חברים אַרום זיך, ווי די אור־אייניקלעך פון יענע מאַקאַבעיער, און אויך די ווייסע לייווענטענע ביידלעך, אונטער וועלכע עס זיינען רואיג געשלאָפן די פריער געקומענע אור־אייניקלעך פון די מאַקאַבעיער, און אָט זיינען מיר דאָ אַלע צוזאַמען גרייט אָפּצושלאָגן דעם אידישן שונא.

דער אידישער שונא!

ווער איז ער? וואו איז ער? איז ער טאַקע בלויז דאָ, וואוהין מיר זיינען אַריבערגעקומען מיט די בריטישע ביקסן און באַיאָנעטן? איצט, אַז דער טערק איז שוין באַזיגט און פאַרטריבן פון דאַנען, איז וואָס ווייטער? וועלן די היגע אַראַבישע איינוואוינער זיך צערוקן און אונז אַריינגעמען צווישן זיך, ווי ברידער, אָדער זיי וועלן אונז באַטראַכטן ווי אַ נייעם אומגליק נאָך דעם טערקישן יאָך? און גרויס־בריטאַניע אַליין? ווי וועט זי אונז באַהאַנדלען?

אין מוח האָט אַ שלאָג געטאָן דאָס אונטערריאָכטע אינדיע, וועמענס זין איך האָב ערשט געזען אונטער בריטישן וואָפן איבער די זאַמדן פון קאַנטאַרע.

אָבער צו לאַנג זיך אָפּגעבן מיט די אייגענע מחשבות האָט מען נישט געקאָנט. באַלד האָט אויפגעשאַלט אַ פרייליך טרומייטערן פונ'ם לאַגער, וואָס האָט זיך צעטראָגן אין דער לופט, ווי אַ רוף צו עפּעס, און אַז דער רוף האָט געקראָגן אַן אָפּרוף, האָט זיך דערזען פונ'ם גערודער און באַוועגונג אַרום די ווייסע, קיילעכדיגע ביידלעך אינ'ם לאַגער.

דאָס טרומייטערן האָט אויך אונז ווי אויפגעוועקט.

מיר האָבן זיך אַלע אַ הויב געטאָן פון אונזער געפּעק און זיך געלאָזט צום לאַגער, פון וואַנען מען איז שוין אונז אַנטקעגן געלאָפן.

די לופט איז פול געוואָרן מיט סורפּריז. אויסרופן און געוואַלדן:

— זע נאָר, חיים!

— וואָס מאַכסטו, מאָריס?

— איז נייטן אויך דאָ?

— ער איז אין אַכט און דרייסיגסטן.

— אוי, א צרה!

עס האָט נישט גענומען לאַנג און מיר זיינען שוין געווען צו גאַסט ביי חברים אין די ביידלעך. די פריערדיגע האָבן אויפגענומען די נייע, ווי אמת'ע מכנים אורחים. מען האָט מכבד געווען מיט וואַסער פון די מיליטערישע פלעשער און אויך מיט א שטיקל מאַראַנץ, אָדער קאַוועגע, אויב אַזוינס האָט זיך אין א ביידל פאַרוואַלגערט.

די צייט איז געפלויגן צווישן פרעגענישן און ענטפערס, ווי א רייטער אויפ'ן רוקן פון א ווינט. אָט רופן שוין די סערזשאַנטן מיט זייערע פייפלעך אויפ'ן „פאַראַד". דער באַפעל איז, אַז אַלע נייע זאָלן זיך אויס־שטעלן באַזונדער און די אַלטע זאָלן אריינפאַלן לויט זייערע פּלאַטונען און קאָמפּאַניעס.

ערשט איצט האָבן מיר, די נייע, דערזען פאַר זיך, ווי אונזערער א באַטאַליאָן קוקט אין דער אמת'ן אויס.

פיר קאָמפּאַניעס איינגעטיילט אין זעכצן פּלאַטונען, וואָס זיינען צונויפגעשטעלט פון אַרום טויזנט פאַרברוינטע און קנאַכיגע יונגען, וואָס באַוועגן זיך אַזוי פּינקטלעך, ווי זיי וואָלטן צוזאַמען צונויפגעשטעלט אין באַוועגלעכע מאַשין.

אונז, די נייע, האָט איבערגענומען דער סערזשאַנט־מאַיאָר. א קאָ־מאַנדעווע געטאָן מיט אונז, ווי ער וואָלט זיך וועלן איבערצייגן, אַז מיר זיינען טאַקע עפּעס ווערט, און זענענדיג אונזער פירן זיך אין פירען און אונזער טראָטנדיגן מאַרש, האָט ער אונז קאָמפּלימענטירט און אונז אָפּ־געמאַרשירט צום פרישטיק.

פרישטיק איז סערווירט געוואָרן אין דרויסן, נישט ווייט פון די ביידלעך. יעדער האָט געקראָגן א ווייס ברויטל און אין זיין צעעפנטן קענדל הייסע טיי, עטלעכע געקאָכטע טיטלען און א קאַשקע.

מיר האָבן געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט צוזאַמען מיט די אַלטע אין דרויסן פון די ביידלעך און דאָס עסן איז אויסגעמישט געוואָרן מיט פרעג־גענישן און ענטפערס צווישן די נייע און די אַלטע.

אומבאַמערקט פאַר מיינע אויגן איז דאָס גאָלד אויף דעם מזרח־דיגן האָריזאָנט צערונען געוואָרן. אויך די שלייערן פון די בערג זיינען פאַרשוואונדן. איצט האָט די זון א שאַרפע זיך גערוקט אַלץ העכער אין הימל אריין איבער די בערג, וואָס האָבן איצט אויסגעקוקט, ווי ריזיגע הורבעס בעטנגעוואַנט, פון וועלכע עס זיינען אַרונטערגעצויגן געוואָרן די ציכן. עס האָט א שלאָג געטאָן פון זיי מיט נאַקעטקייט און פאַר־וואָרלאָזינקייט, אַז עס איז אַזש געוואָרן א רחמנות צו קוקן אויף זיי.

עס האָט זיך דערהערט א פייפעריי און דאָס קול פונ'ם סערזשאַנט־מאַיאָר:

— אַלע נייע אַרויס אויפ'ן פאַראַד!

מיר האָבן זיך א וואָרף געטאָן פון אַלע זייטן צום פאַראַד־פּלאַץ, און ווי מיר וואָלטן געוואָלט באַווייזן די אַלטע, אַז מיר זיינען שוין עכטע

סאָלדאַטן און נישט קיין רעקרוטן, האָבן מיר זיך זייער גיך אויסגעפּאַר־מירט אין צוויי גלייכע רייען.

דער סערזשאַנט־מאַיאָר האָט פונדעסטוועגן זיך נישט באַגנוגנט מיט אונזער גוטן ווילן און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן אויף זיין קול:

— אויסגלייכן זיך!

און אַז מיר זיינען שוין באמת טאַקע געשטאַנען אָנגעצויגענע, ווי סטרונעס אויפן אַ פידל, האָט ער אונז באַטראַכט און אַ געשריי געטאָן:

— נומערירן!

באַלד איז די לופט אָנגעפילט געוואָרן מיט דעם אויסשרייען פון אונ־זערע נומערן, ווי מיט קוילן פון שיסנדיגע ביקסן.

אין דער זעלביגער צייט האָט זיך פון אַ ברייטן פיר־עקיגןביידל באַוויזן אונזער קוירנעל און זיך גענומען דערנעענטערן צו אונז.

— אַכטונג! — האָט דער סערזשאַנט־מאַיאָר אַ דונער געטאָן און סאַלוטירנדיג דעם קוירנעל מיט אַ קנאַק, האָט ער רעפּאָרטירט צו אים:

— די נייע, אַלע אין דער בעסטער אָרדענונג, מיין הער!

דער קוירנעל, וועמענס נאָמען מיר האָבן געוואוסט איז לייזער מאַר־גאָלין, האָט עפּעס גאָרנישט אויסגעקוקט ווי דער נאָמען זיינער האָט אונז פריער דעם איינדרוק געגעבן.

פאַר אונז איז געשטאַנען אַ הויכער, אַטלעטישער מענטש אין גע־פּאַסטע, ברוינע באַשפּאָרנטע שטיוול, און זיין פּנים, ווי עס וואָלט נישט פון לייב געווען, נאָר פון בראָנז.

אָבער ווען ער האָט זיך געטאָן אַ ווענד צו אונז, איז אונז געוואָרן לייכטער אויף די געמיטער.

— לייכט שטיין, — האָט ער געזאָגט גיכער אין אַ טאָן פון אַ גוטן ברודער, ווי אינ'ם טאָן פון אַ קאָמאַנדיר.

אין איין רגע איז די אָנגעצויגנקייט פאַרשוואונדן און מיר האָבן שוין געקוקט אויף אים ווי אויף אַן אייגענעם מענטשן.

— עס פרייט מיך אייך צו באַגעגענען, — האָט ער אָנגעהויבן, און דורכפירנדיג איבער אונז זיינע בליקן, וועלכע האָבן ווי אונז אַ גלעט געטאָן, האָט ער צוגעלייגט:

— קיין מלחמה איז טאַקע נישטאָ, אָבער סאָלדאַטן זענט איר, און איר טאָרט דאָס נישט פאַרגעסן.

פון ערגעץ־וואו האָט זיך באַוויזן אַ סאָלדאַט מיט אַ ברוין אויסגע־כאָליעט פערדל, וואָס האָט אַ צי געטאָן די שיינע, שפּיציגע מאָרדע צום קוירנעל.

דער קוירנעל האָט אַ גלעט געטאָן דעם פערדל איבער דער מאָרדע און פריילעך אַ זאָג געטאָן:

— צום ווידערזען, חברה.

ער איז פלינק אַרויף אינ'ם זאָטל און אַפּגעריטן אויפ'ן וועג צו די נאַקעטע בערג פון יהודה.

# פאַרביטערניש

גלייך אינ'ם ערשטן טאָג האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אין אַ גרוים פאַרביטערניש אינ'ם באַטאַליאָן.

די פאַרביטערניש איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיגע און זי האָט געהאַט אַ גאַנצע רייע סיבות.

אָבער אַלע אָן אויסנאַם זיינען געווען פאַרביטערט.

די אידישע אָפיצערן זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרכמורעטע, ווייל אין דעם הויפּט־שטאַב האָט מען געקוקט אויף זיי ווי אויף צוטשעפּעניש און קעגן זיי דיסקרימינירט. אפילו אַזאַ, ווי דער קוירנעל לייזער מאַרגאָלין, וועלכער איז אַריבערגעקומען אינ'ם אידישן לעגיאָן אַריין מיט אַ סך פאַר־דינסטן פון דער אויסטראַלישער אַרמיי אונטער דעם גענעראַל מאָנאַש, איז אויך דיסקרימינירט געוואָרן.

אָבער אויך צווישן די סאָלדאַטן איז די שטימונג געווען אַ פאַרבי־טערטע.

ערשטנס איז דער לעגיאָן געווען גאַנץ ווייט פון דעם, וואָס זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט אין דער היים, ווען זיי האָבן אויסגעהערט די פייער־דיגע פּראָפּאַגאַנדע־דרשות. די גאַנצע ראָמאַנטיק איז ווי אויסגערונען געוואָרן אין דעם טאָג־טעגלעכן האַרטן סאָלדאַטסקן לעבן. דער עיקר האָט זיך געפילט געקריוודעט יענער טייל פונ'ם באַטאַליאָן, וואָס האָט אַנטייל גענומען אין די שלאַכטן. עפּעס האָט מען פון אָט די סאָלדאַטן גאָר קיין „צימעס" נישט געמאַכט אין פּאַלעסטינע. נישט די ענגלישע רעגירונג און אויך אפילו נישט די אידישע איינוואוינער האָבן געמאַכט אַ „צימעס" פון זיי.

נישט וואָס מען האָט געקאַנט אָנווייזן אויף שלעכטע באַהאַנדלונג מצד די איינוואוינער. ניין. אַזוינס האָט מען נישט געקענט, אָבער קיין וואַרימקייט האָט זיך נישט געפילט.

פון די רייכע קאָלאָניסטן אָדער די פונקציאָנערן אין דער ציוניסטי־שער פּאַרטיי איז דאָך אָפּגערעדט.

אין זייערע הייזער האָט מען אויפגענומען בלויז אָפיצערן. עפּעס קלענערס פון אַ צווייטן ליוטענאַנט איז בלויז אין זעלטענע פאַלן איינגע־לאַדן געוואָרן אין אַזאַ שטוב אַריין. די טעכטערלעך פון די רייכע קאָלאָ־ניסטן, אָדער פון די אָנגעשטעלטע אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָבן געזען אין יעדן אָפיצער אַ זינדל פון אַ רייכן ענגלישן אידן, וועלכן מען האָט געוואָלט אַריינקריגן אויפ'ן שטייגער, ווי עס איז געלונגען איינער פון די שיינע מיידלעך אין לאַנד חתונה צו האָבן מיט אַ זינדל פון אַ גאָר רייכער משפּחה אין לאָנדאָן.

וואָס שייך דער נישט־רייכער שיכט אינ'ם לאַנד, האָט ער קודם־כל

געקוקט אויף דער אַרמיי ווי אויף אַ קוואַל פון אַ ביסל פּרנסה.

מען האָט געקאָכט און געבאַקן און סערווירט די סאָלדאַטן, און אַזוי ווי די אויסטראַלישע סאָלדאַטן זיינען געווען די פּאַרמעגלעכסטע לגבי אַלע אַנדערע, זיינען זיי געווען אומעטום די מיוחסים, און אונזערע אידישע סאָלדאַטן האָבן זיך געפילט שטאַרק געקרענקט.

— העי, גרויסער העלד מיינער, וואוהין לאָזטו זיך היינטיגן אָוונט?

— איך וועל אַריבערגיין קיין רחובות.

— צו וואָס רחובות?

— וואוהין דען זאָל איך גיין?

— קום מיט מיר קיין רמלה.

— וואָס וועט זיין אין רמלה?

— די אַראַבערינס אין רמלה זיינען בעסער צו אַן אונזעריגן, ווי די אידישע מיידלעך אין רחובות.

אָט אַזאַ דורכשמועסן זיך האָב איך אויפגעכאַפּט גלייך ביים ערשטן טאָג, וואָס איך בין אַריינגעפאַלן אינ׳ם ניין און דרייסיגסטן און איך האָב צעעפנט די אויגן פון גרויס פאַרוואונדערונג.

— וואָס טוט זיך דאָ? — האָב איך געפרעגט אין מיין נאַאיוויטעט.

פאַרשטייט זיך, אַז די בייסיגע איראָניע ביי די אידישע סאָלדאַטן; אויפ׳ן חשבון פון די אידישע מיידלעך אין פּאַלעסטינע איז געווען נישט שטענדיג קיין באַרעכטיגטע, אָבער אַ גרונט האָט זי פונדעסטוועגן יאָ געהאַט, ווארום דאָס רוב אידישע מיידלעך האָט אַ סך גערנער פאַרבראַכט אין דער געזעלשאַפט פון אַן אויסטראַלישן סאָלדאַט, וועלכער האָט גע־טראָגן אַ סך אַ שענערע אוניפאָרם פונ׳ם אידישן לעגיאָנער און דערצו פשוט געהאַט מער מזומן אויסצוגעבן.

אָבער אַנטקעגן דער וואַנט, וואָס איז געשטאַנען צווישן דעם רוב פון די לעגיאָנערן און די איינוואוינער פון פּאַלעסטינע, איז די וואַנט, וואָס איז געשטאַנען צווישן די לעגיאָנערן פון אַמעריקע און די לעגיאָנערן פון ענגלאַנד, געווען אַ גאַנצע פעסטונג.

גלייך דעם ערשטן טאָג אינ׳ם באַטאַליאָן האָב איך זיך באַגעגנט מיט אָט דער פעסטונג, וואָס האָט געשלאָגן מיט רשעות פון זיך.

— פאַרוואָס איז דער סערזשאַנט אַזאַ בייזער? — האָב איך גע־פרעגט ביי אַ פריער אַריבערגעקומענעם, און יענער האָט בייסיג געענט־פערט:

— ער איז אַן ענגלענדער!

— אַן ענגלענדער?

— אַ אידישער ענגלענדער.

— נו, איז וואָס? — האָב איך געפרעגט מיט פאַרוואונדערונג.

— וואַרט צו אַ ביסל און דו וועסט אויסגעפינען פאַר זיך אַליין.

און עס האָט ווירקלעך נישט גענומען לאַנג און איך האָב אויסגעפו־נען, אַז צווישן די אַמעריקאַנער און די ענגלענדער הערשט אַ געוואַלדיגע

פרעמדקייט, וואָס שלאָגט פון זיך מיט אַ טיפער שנאה.

די ערשטע טעג איז דאָס מיר געווען גוואַלדיג קשה.

— סטייטש ? היתכן ? — האָב איך נישט אויפגעהערט צו פרעגן, אָבער ווען איך האָב מיט דער צייט זיך דערגרונטעוועט צום וואָרצל פון אָט דער שנאה, האָב איך אויפגעהערט צו פרעגן קשיות און רעזיגנירט צו איר.

דער וואָרצל פון אָט דער שנאה איז געווען אין דעם, וואָס בשעת דער רוב פון די אַמעריקאַנער איז געקומען מיט דעם פרייען ווילן, באַזעלט פון דעם ציוניסטישן אידעאַל, זיינען כמעט אַלע פון ענגלאַנד געקומען געצוואונגענע און דער גאַנצער ענין ציוניזם האָט מיט זיי קיין שום שייכות נישט געהאַט.

אין דעם הינזיכט זיינען די לעגיאָנערן פון ענגלאַנד געווען אין אַ בעסערער לאַגע פון די אַמעריקאַנער. זיי זיינען נישט ארומגעגאַנגען קיין אַנטוישטע, ווייל זיי זיינען נישט געקומען מיט קיין דערוואַרטונגען. אין יעדן לעגיאָנער פון אַמעריקע האָבן זיי געזען אַן אָנהענגער פון זשאַבאָ־טינסקי׳ן, וועמען זיי האָבן שרעקלעך פיינט געהאַט הלמאי ער האָט, לויט זייער מיינונג, באַאיינפלוסט אין ענגלאַנד די רעגירונג זיי צו נעמען אין דער אַרמיי אריין.

— העי דו, זשאַבאָטינסקי ! — פלעגט געוויינלעך אַ לעגיאָנער פון ענגלאַנד זיך ווענדן צו אַן אַמעריקאַנער און נישט איינמאָל איז געקומען צו קלעפּ צווישן אַזעלכע צוויי.

און עס איז געווען ביז גאָר מאָדנע אָט דאָס, וואָס כאָטש די לעגיאָנערן פון ענגלאַנד זיינען געווען אין דער מינאָריטעט לגבי די לעגיאָנערן פון אַמעריקע, האָבן אָבער די פון ענגלאַנד דאָמינירט דעם גאַנצן באַטאַליאָן. זייער כח איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן זייער סאָלדאַטשינע אויפגענומען ווי אַן אומגליק, וועלכן זיי קאָנען בלויז גרינגער מאַכן פאַר זיך דערמיט, וואָס זיי וועלן זיין גוטע סאָלדאַטן. זיינען זיי טאַקע געווען אַ סך בעסערע סאָלדאַטן, ווי מיר, די אַמעריקאַנער, און דערפאַר זיינען אַלע סערזשאַנטן, קאָרפּאָראַלן און לאַנס־קאָרפּאָראַלן געווען זייערע און ממילא האָבן שוין אפילו די פּראָסטע סאָלדאַטן פון ענגלאַנד זיך געפילט אין זאָטל לגבי די אַמעריקאַנער.

איך האָב נישט דערקענט די יונגעליט, וואָס איך האָב געקענט אין ניו יאָרק. מען האָט זיך אַזוי איבערגעאַנדערשט. די סאָלדאַטשינע האָט ארויפגעלייגט אויף יעדן איינעם איר חתימה. מען איז געוואָרן פאַר־הארטעוועט און גאַנץ היפּש ציניש.

אַ גרויס רחמנות איז מיר געווען אויף דעם שוין גרוילעכן אוורונין. איך האָב אים געזען ארומדרייען זיך צווישן די ביידלעך אַ פאַרלוירענעם און אַזא שווייגנדיגן. וואָלט ער געהאַט אַ ליולקע אין זיין מויל, וואָלט ער אויסגעקוקט ווי אַן עלטערער ברודער פון׳ם טרוימער, וואָס איז ארייג־

געפאַלן מיט אים צוזאַמען אין דער דריטער קאָמפּאַניע פון׳ם באַטאַליאָן.

אַ שאָד איז מיר געווען, וואָס אונזער קאָמיקער איז נישט געווען מיט אונז. ער האָט געהאַט דעם אומגליק אַריינצופאַלן אין דעם אַכט און דרייסיגסטן, אָבער אויך אינ׳ם ניין און דרייסיגסטן האָבן קיין קאָמיקער נישט געפעלט.

איך האָב אינ׳ם ערשטן טאָג באַזוכט אַ גרויסע צאָל ביידלעך און כמעט אין יעדן פון זיי איז געווען איינער, וואָס האָט געשאָסן מיט ענלעכע פיילן, ווי עס פלעגט שיסן דער קאָמיקער, מיט וועלכן איך בין דורכגע־גאַנגען דעם גאַנצן וועג ביז׳ן לאַגער אַריין.

יענעם פאַרנאַכט האָב איך לאַנג געקוקט אויפ׳ן זון־פאַרגאַנג אין מערב־זייט פון אונזער לאַגער.

אַן ענלעכער זון־פאַרגאַנג, ווי איך האָב געזען פריער אין קאַנטאַרע, נאָר דאָ האָט ער זיך געלייגט אַ סך שווערער אויף מיין געמיט.

# אַ לעקציע

איך בין אַריינגעפאַלן אין דער „די" קאָמפּאַניע, דאָס הייסט אין דער פערטער קאָמפּאַניע פונ׳ם באַטאַליאָן און פאַר מיר איז געמאַכט געוואָרן פּלאַץ אין איינעם פון די ביידלעך צווישן אַלטע און שוין אויסגעפּרובירטע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן שוין געהאַט צו דערציילן וועגן שלאַכטן, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט ביי די אַטאַקעס אויף סאָלד און יריחו.

הערנדיג זייערע מעשיות האָב איך זיך איינמאָל צעוויצלט וועגן זייערע איבערלעבענישן אַרום דער שטאָט יריחו. איך האָב געוואָלט וויסן, צי זיי האָבן איינגענומען די שטאָט מיט שופר־בלאָזן, ווי עס האָבן דאָס געטאָן אין אַמאָליגע צייטן די אידן אונטער דער פירערשאַפט פון יהושע בן נון, ווי עס שטייט באַשריבן אין תנ״ך, אָדער זיי האָבן טאַקע גענוצט קוילן פון ביקסן און קאַנאָנען.

— כאַ, כאַ, — האָב איך זיך צעלאַכט פון מיין אייגענער חכמה. אָבער באַלד האָב איך אויפגעהערט צו לאַכן, וואָרום די פּנים׳ער פון מיינע שכנים זיינען פאַרכמורעט געוואָרן פון מיין חכמה׳ען זיך.

עס איז געווען ווי זייערע פּנים׳ער וואָלטן געזאָגט צו מיר:

— קוקט אים נאָר אָן, אַריבערגעקומען נאָך אַלעמען, און ער חכמה׳ט זיך!

— איך וועט זיך מיט דיר, אַז דו ווייסט נאָך נישט, ווי אַזוי אַ קויל אַרויסצושיסן פון דיין ביקס! — האָט איינער פון זיי מיך אַ שטאָך געטאָן.

און דאָס איז דאָך געווען דער אמת. כאָטש מיר, די נייע, האָבן שוין געהאַט ביקסן אַ לענגערע צייט און טעאָרעטיש געוואוסט, ווי אַזוי זיך מיט זיי צו באַנוצן, האָבן מיר אָבער ערשט דאָ אינ׳ם באַטאַליאָן געדאַרפט דורכמאַכן דעם קורס פון פּראַקטישן שיסן, און דאָס האָט געהייסן, אַז מיר זיינען לגבי די אַלטע נאָך אַלץ רעקרוטן.

פונדעסטוועגן האָט מען אָבער מיט אונז, די נייע, קיין אונטערשייד נישט געמאַכט אין דער טאָג־טעגלעכער רוטינע־אַרבעט פונ׳ם באַטאַליאָן. איינמאָל אויסגעמישט, זיינען מיר געוואָרן סאָלדאַטן מיט אַלעמען צוגלייך.

מיר האָבן אָנטייל גענומען אין באַוואַכן דעם לאַגער מיט אונזערע ביקסן אויף די שולטערן, אַזוי ווי די אַלטע, און אפילו די געפאַנגענע טערקן האָט מען אונז אָנפאַרטרויט צו היטן. נישט מער, היינט־מאָרגן וועלן מיר דאַרפן דורכגיין דעם קורס אין שיסן, כדי אויף אונזערע ביקלעך זאָל קאָנען אַרויפגיין אַ צייכן, וואָס די אַלטע האָבן שוין אין זייערע ביקלעך געהאַט.

די אַלטע אין מיין ביידל פלעגן מיך נישט איינמאָל וועגן דעם דער־מאָנען. אַז עס איז געקומען אויפצוראַמען דאָס ביידל און מיר איז איבער־געגעבן געוואָרן די שווערסטע אַרבעט, פלעגט מען מיר דאָס דערמאָנען:

— העי דו, דו דאַרפסט נאָך דורכגיין אַ חדר, וואָס מיר זיינען שוין דורכגעגאַנגען!

דערפאַר האָב איך נישט איינמאָל געגומען נקמה אין מיינעם אַ שכן בשעת'ן מושטירן יעדן אינדערפרי. וואָרום מושטירן זיך האָבן געמוזט יעדן אינדערפרי די אַלטע צוזאַמען מיט די נייע.

— העי דו, קום זיך לערנען ווי צו שטעלן אַ טראָט! — פלעג איך האָבן אַ טבע אַריינצוקיבעצן אַ שכן מיינעם, וואָס איז שוין געווען דורכאויס אַ דערפאַרענער סאַלדאַט.

דאָס מושטירן זיך יעדן אינדערפרי עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד איז פאַר אונז געווען אַן אמת'ע אַפּקומעניש.

דער פרימאָרגן איז אַ שיינער, אַ ליכטיגער. די בערג שפּילן זיך אין פאַרשיידענע קאָלירן, אין די נאָענטע קאָלאָניעס שניידט מען איצט די מאַראַנצן פון די בוימלעך, די לופט איז אָנגעפילט מיט דעם שאַרפן ריח פון געפּרעסטע וויינטרויבן, און מיר מאַרשירן אַהין און צוריק, אָט אין צווייען, אָט אין פירן, אַרונטער די ביקסן פון די אַקסלען, כדי זיי באַלד צוריק אַרויפצולייגן, טשעפּען אָפּ די באַיאָנעטן, כדי זיי באַלד צוריק צוצוטשעפּען, פּרעזענטירן אונזער געווער, סאַלוטירן דערמיט, און נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס זיינען אומזיניג.

איך האָב זיך דערפאַר איינמאָל אין אַ פרימאָרגן זייער שטאַרק דערפרייט, ווען איך האָב דערהערט, אַז היינט וועלן מיר אָנשטאָט מושטירן זיך אויסהערן אַ לעקציע.

— אַ לעקציע וועגן וואָס? — האָט ביי מיר געפרעגט אייגער פון די נייע.

— אַ דאגה וועגן וואָס! — האָב איך אים געענטפערט און פאַר זיך האָב איך געטראַכט, אַז עס איז זייער גוט אַ שטיקל איבערבייט.

יענעם פרימאָרגן זיינען געשטאַנען אונזערע פיר קאָמפּאַניעס אָן דעם געווער אויף דעם פּאַראַד. פאַר אונז זיינען געשטאַנען אין מיליטערישער פאָרמאַציע אונזערע קאַפּיטאַנען, ליוטענאַנטן, סערזשאַנטן און קאָרפּאָראַלן. אפילו דער מאַיאָר פונ'ם באַטאַליאָן, וועמען מען האָט געזען בלויז אין זעלטענע פאַלן, איז דאָ אויך געווען. די זון איז שוין געווען הויך איבער די בערג און אונזערע גילדערנע קנעפּלעך האָבן זיך געשפּיגלט אין איר. דער גאַנצער אַרום איז געווען אָנגעפילט מיט דערוואַרטונג אויפ'ן לעקטאָר, וועלכער איז געשיקט געוואָרן צו אונז פון דעם אינטעליגענץ־דעפּאַרטמענט ביי דעם הויפּט־שטאַב פון די בריטישע קרעפטן אויפ'ן מזרח־פראָנט.

איך ווייס נישט, ווי די איבעריגע אין די רייען, נאָר איך האָב געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד, אַז דער לעקטאָר זאָל זיך שוין באַווייזן. איך האָב געוואָלט זען זיין פּנים, וואָרום איך בין געווען זיכער, אַז דאָס מוז זיין אַם ווייניגסטנס אַ פּראָפעסאָר פון דעם באַרימטן ענגלישן אָקספאָרד

אוניווערזיטעט, וועלכער וועט צו אונז דאַ א רייד טאָן וועגן עפּעס גאָר הויכע און מענטשלעכע ענינים.

ענדלעך האָט זיך דערהערט דאָס קול פוּנ׳ם מאַיאָר:

— אכטונג!

מיר האָבן זיך געטאָן א ציִ אויס, ווי די סטרונעס, און דערזען אָנקור־מען אונזער קוירנעל לייזער מארגאָלין מיט אים א מיטל־יאָריגן אָפיצער, אָנגעטאָן אין סקאָטישע קליידער. דער קוירנעל האָט דאָס מאָל אין א יום־טוב׳דיגן טאָן אונז געהייסן לייכט שטיין און אונז פאָרגעשטעלט דעם לעקטאָר:

— קאַפּיטאַן שיאַן פון דעם אינטעליגענץ־דעפּאַרטמענט ביי דעם הויפּט־שטאַב פון זיין מאַיעסטעט׳ס קרעפטן אויפ׳ן מזרח־פראָנט האָט אונז באַערט מיט א וויזיט און ער וועט פאַר אייך היינט האַלטן א לעקציע.

אָפּגעזאָגט אָט דעם פּסוק האָט דער קוירנעל און מיט אים צוזאַמע־אַלע העכערע ראַנגען סאַלוטירט דעם קאַפּיטאַן אין דעם סקאָטישן קליידל און פאַרלאָזט דאָס פּלאַץ.

איצט זיינען מיר, הייסט עס, געבליבן אינגאַנצן אונטער דער יוריס־דיקציע פון אָט דעם קאַפּיטאַן, און ער איז אונזער באַלעבאָס. אָבער ער נעמט זיך צייט, ער איילט זיך נישט. אָנשטאָט אָנהויבן זיין לעקציע שפּאַצירט ער זיך פּאַמעלעכדיג אַהין און צוריק, ציִענדיג בהרחבה זיין ליולקע אין מויל. די צייט ציט זיך א מינוט א יאָר און ער האָט ווי אינ־גאַנצן פאַרגעסן אין אונז.

ענדלעך האָט ער זיך דערמאָנט, אַז מיר גייען ממש אויס נאָך זיין וואָרט און איז געבליבן שטיין פאַר אונז.

— אכככטונג! — האָט זיך געטאָן א ציִ ארויס פון זיין מויל דאָס וואָרט צוזאַמען מיט א קנויל רויך פון זיין ליולקע, וואָס ער האָט ארויס־געצויגן פון צווישן די ליפּן.

— איך וועל ריידן צו אייך וועגן דעם, פאַרוואָס א סאָלדאַט דאַרף סאַלוטירן אַן אָפיצער.

— דאָס גאָר? — איז מיר דורכגעלאָפן אין געדאַנק, און איך האָב זיך דערפילט אנטוישט וואָרום איך האָב זיך געריכט אויף עפּעס א סך וויכטיגערס.

— רעכטער און לינקער פלאַנק ארויסמארשירן אין א האַלב־קרייז! — האָט ער ווייטער קאָמאַנדירט און גלייך דערביי צוגעלייגט:

— אַלע זיך זעצן אויפ׳ן זאַמד און זיך האַלטן שטיל.

אין א מינוט זיינען מיר שוין אַלע געזעסן מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס אין א גוט־פאַרמירטן האַלב־קרייז, אָבער אונזער סקאָט האָט שוין ווידער געשפּאַצירט אַהין און צוריק, ציִענדיג דעם רויך פון זיין ליולקע, ווי ער וואָלט אָן אונז אינגאַנצן פאַרגעסן.

— נו? — האָב איך שטילערהייט א פרעג געטאָן ביי מיין שכן, אַן אַלטער סאָלדאַט, אָבער יענער האָט מיר געגעבן א צייכן מיט א פינגער

איבער זיין מויל, אַז איך זאָל נישט ריידן, און לויט דער מינע אויף זיין פּנים איז געוואָרן פאַר מיר קלאָר, אַז פאַר אַן אָפיצער פון דעם אינטעליגענץ־דעפּאַרטמענט ביי דעם הויפּט־שטאַב פון זיין מאַיעסטעט׳ס כחות מוז מען האָבן אַ באַזונדער דרך־ארץ.

עס האָט גענומען אַ גוטע האַלבע שעה ביז אונזער לעקטאָר האָט זיך דערמאָנט אָן אונז און ענדלעך אָנגעהויבן:

— איר זענט סאָלדאַטן, און ווי אַזעלכע ווייסט איר, אַז איר מוזט סאַלוטירן אָפיצערן. איר טוט דאָס, ווייל איר זענט נישט מער ווי סאָלדאַטן און זיי זיינען אָפיצערן.

אָפּגעזאָגט אָט די פּאָר פּסוקים, האָט ער, זעט אויס, געפילט, אַז ער האָט אונז שוין געגעבן עפּעס, וואָס מיר דאַרפן האָבן אַ ביסל צייט, כדי דאָס צו פאַרדייען און ער איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן.

מיר האָבן געוואַרט, און אַז מען וואַרט, דערוואַרט מען זיך פאָרט.

— איז ווי איך האָב פריער געזאָגט, איר זענט נישט מער ווי סאָלדאַטן. ווער איר זאָלט נישט זיין, זענט איר נישט מער ווי סאָלדאַטן, און אַן אָפיצער איז אַן אָפיצער, ווער ער זאָל נישט זיין. אויב ער איז אַן אָפיצער, מוז אים יעדער סאָלדאַט באַגריסן.

איצט האָט דער קאַפּיטאַן לאַנג געקוקט אויף די בערג און דאָס איז געווען גוט, וואָרום אויך איך האָב געקוקט אויף די בערג. איך האָב אפילו געפּרואווט קוקן אויף זיין פּנים, כדי אויסצוגעפינען, צי ער איז אַ ליץ, אָדער פּשוט אַ שטיק טעמפּקייט, אָבער אַזוי ווי זיין פּנים איז געווען אַ פאַרשלאָסנס און איך האָב גאָרנישט געקאָנט דערפון אויסגעפינען, האָב איך שוין בעסער מיט אים צוזאַמען געקוקט אויף די בערג.

אָבער ענדלעך האָב איך ווידער דערהערט זיין קול:

— איז ווי איך האָב פריער געזאָגט, אַן אָפיצער איז אַן אָפיצער און אַ סאָלדאַט איז אַ סאָלדאַט, און דער סאָלדאַט מוז שטענדיג געדענקען, אַז ער איז נישט מער ווי אַ סאָלדאַט און דער אָפיצער איז אַן אָפיצער און דערפאַר קומט דעם אָפיצער אָפּצוגעבן כבוד דורך אַ סאַלוט.

די צייט האָט זיך געצויגן ווי פּעך, און איך ווייס נישט ווי די איבעריגע, נאָר איך האָב שוין זייער שטאַרק זיך פאַרבענקט נאָכ׳ן מושטירן זיך, וואָס איז געווען אומזיניג.

די זון האָט זיך געלויכטן איבער אַ האָריזאָנט פון לאַנגווייל.

# פֿאַרבלאָנדזשעט

פֿון מיין ערשטן באַזוך אין ראשון־לציון האָב איך גאָרנישט אַרויס־געקראָגן. עס איז געווען אָוונט, ווען איך האָב אַהין אַריינגעשפּאַנט און דערצו נאָך אַן אָוונט אָן אַ לבֿנה. די פֿענצטער פֿון איין הויז זיינען געווען העל־באַלויכטענע און עס האָבן זיך געטראָגן פֿון דאָרט פֿריילעכע קולות און צימבלעריי פֿון אַ פּיאַנאָ.

— די קראָכמאַליעטע! — האָט מיין מיטגייער אַ ברום געטאָן צווישן די ציין.

— די וואָס? — האָב איך איבערגעפֿרעגט.

— די פּוסטאָקראַטן! — האָט ער מיר דערקלערט און דערביי אָנגערופֿן דעם נאָמען פֿון אַן אַלטן, אָנגעזעענעם קאָלאָניסט, וועמענס הויז דאָס איז געווען.

— האָט צוויי שיינע טעכטערלעך, וואָס האָבן פֿאַר דער מלחמה גע־שטודירט אין פּאַריז און עס שטייען זיי נישט אָן קיין פּראָסטע סאָלדאַטן!

מיר האָבן זיך פֿאַרקירעוועט אין אַ געסל און אַריבערשפּרינגענדיק אין דער פֿינצטער אַ נידעריקן פּלויט, האָב איך דערזען אַ טונקל ליכט אַרויס־שיינען דורך אַ קליין פֿענצטערל.

אין אַ פּאָר מינוט זיינען מיר געזעסן אין אַ קליינעם צימער, וואו אַ אידישער אַרבעטער האָט געוואוינט מיט זיין פֿרוי און קינד. דאָרטן האָב איך געטראָפֿן נאָך איינעם פֿון אונזער באַטאַליאָן. זיין נאָמען איז געווען מיטשל און געקומען איז ער פֿון נוארק. אָט דער מיטשל האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפֿרייט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ ליבהאָבער פֿון דער יונגער אידישער ליטעראַטור און אַז ער האָט שוין אַפֿילו געהאַט געלייענט מיינע אַ פּאָר לידער.

— דאָס איז אַ יונגער דיכטער פֿון ניו יאָרק, — האָט מיטשל מיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַר אַ יונגער פֿרוי מיט אַ טונקל, אינטעליגענט און זייער אויסגעהאָרעוועט פּנים.

די פֿרוי האָט מיך וואַרים די האַנט געדריקט און אָנווייזנדיק אויף אַ שלאָפֿנדיק קינד אין בעט, וואָס איז געשטאַנען אינ׳ם זעלביקן צימער, האָט זי געבעטן, אַז מיר זאָלן נישט מאַכן קיין צו שטאַרקן טומל.

שפּעטער זיינען מיר געזעסן אַרום דעם קליינעם, קיילעכדיקן טיש, וואָס איז געווען באַלויכטן מיט אַ נאַפֿט־לעמפּל. מיר האָבן געטרונקען טיי, וואָס די פֿרוי האָט אויפֿגעקאָכט אין קאָרידאָרל, און צוגעביסן מיט ברויט און קנאָבל־פֿלייש, וואָס מיטשל האָט מיטגעבראַכט פֿונ׳ם לאַגער. אינ׳ם שמועס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָט־די משפּחה, וואָס איז שוין היפּשע יאָרן אין פּאַלעסטינע, האָט זיך צו גאָרנישט ביז דעמאָלט צוגעשלאָגן. איצט אַרבעט דער מאַן ביי עפּעס אַ רעגירונגס־אַרבעט, אָבער ער פֿאַרדינט זייער ווייניק.

— אַט איז שוין אַזוי שפּעט און ער איז נאָך נישטאָ, — האָט זי געזאָגט זייער אַ באַזאָרגטע און אָפּגעלייגט אין אַ זייט אַ טייל פון׳ם קנאַבל־פלייש פאַר זיינעט־וועגן.

דורכגייענדיג די קאָלאָניע אויפ׳ן וועג צוריק אין לאַגער אריין, האָבן זיך נאָך אַלץ געהערט די פריילעכע קולות דורך די פענצטער פון דעם פאַרמעגלעכן קאָלאָניסטן־הויז, וואָס זיינען אויסגעמישט געוואָרן מיט דעם שאַקאַלן־געוואָי.

דאָס זעלביגע שאַקאַלן־געוואָי האָט זיך נאָך שטאַרקער געהערט, ווען מיר האָבן מיט אונזערע שווערע שיך געקנאַטן דעם זאַמדיגן וועג, וואָס איז געלעגן צווישן ראשון־לציון און אונזער לאַגער.

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע, כאָטש די שטערן אין דער הויך האָבן געפינקלט און מיר זיינען געגאַנגען אונטער אָט די פינקלדיגע שטערן און די גאַנצע צייט עקשנות׳דיג געשוויגן.

ערשט ביים אריינגאַנג אין לאַגער אריין האָט מיך מיטשל שטיל אַ פרעג געטאָן:

— שרייבט זיך עפּעס דאָ, האַ?

— איך געדענק נישט אַקוראַט, וואָס איך האָב מיטשל׳ען געענטפערט, אָבער איך געדענק זייער גוט, אַז יענע נאַכט בין איך זייער שלעכט געשלאָפן. דאָס קליינע, אָרימע צימער, דאָס שלאָפנדיגע קינד, די אויסגעהאָרעוועטע פרוי, איר מאַן, וואָס אַרבעט ביי דער רעגירונג און פאַרדינט אַזוי ווייניג, אַז אַ שטיקל קנאַבל־פלייש פון אונזער לאַגער איז פאַר אים אַ גאַנצער כיבוד, און דאָס הויז פון דעם רייכן קאָלאָניסט, וואָס נעמט אויף בלויז אָפיצערן. אָט דאָס אַלץ איז געווען פאַר מיר עפּעס אַזוי מאָדנע לגבי דעם, וואָס איך האָב געהאָפט צו טרעפן אין דעם לאַנד, וואָס איך בין געקומען העלפן באַפרייען מיין פאָלק.

אויף מאָרגן אינדערפרי בין איך געווען ביז נאָר צופרידן, וואָס מיין סערזשאַנט האָט מיך אריינגעשטעלט אין דער גרופּע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויפצוקלייבן דעם שמוץ איבער׳ן זאַמד פון אונזער לאַגער. די מלאכה איז נישט געווען קיין אַנגענעמע, אָבער דערפאַר האָט זי געדויערט נישט מער ווי אַ שעה און מען איז שוין נאָך איר פריי געווען פון מושטירן זיך. דאָס האָט פּשוט געהייסן, אַז מען האָט דעם טאָג פאַר זיך. אמת, אַז ערגעץ גיין האָט מען געדאַרפט אַ דערלויבעניש, אָבער איך האָב ביי זיך באַשלאָסן סיי־ווי איבערצולאָזן דעם לאַגער אויפ׳ן טאָג אפילו, ווען איך זאָל געבראַכט ווערן צוריק אַן אַרעסטירטער פון אַ מיליטערישן פּאָליסמאַן.

איך האָב געפילט אין זיך אַ געוואַלדיגע באַדערפעניש צו זען אין טאָג־ליכט אַ אידישע קאָלאָניע. מיר האָט זיך געוואָלט זען, ווי אידן לעבן.

אַם שטאַרקסטן האָט מיך געצויגן קיין תל־אָביב. איך האָב וועגן אָט־דער שטאָט אַ סך געהערט און אַ סך געלייענט און מיך האָט געצויגן אַ קוק צו טאָן אויף איר.

איך האָב פּרובירט פאַראינטערעסירן איינעם און דעם אַנדערן פון

דער גרופּע, מיט וועלכער איך האָב צוזאַמען געריייניגט דעם זאַמד פון'ם לאַגער, אַז מען זאָל כאַפּן אַ שפּאַציר קיין תּל־אָביב, אָבער קיינער פון זיי איז קיין בעלן נישט געווען דאָס צו טאָן.

— צו ווייט, — האָט איינער געענטפערט און דער צווייטער האָט געצויגן די אַקסלען:

— וואָס וועל איך דאָרטן טאָן?

איך האָב שוין געוואוסט, אַז דער האַלב־געפּלאַסטערטער וועג, וואָס איז נישט ווייט פון אונזער לאַגער, ציט זיך אויף דער רעכטער זייט קיין ירושלים און פון דער לינקער זייט גלייך קיין תּל־אָביב. איז מילא, קיין ירושלים קאָן איך איינער אַליין קיין גאַנג נישט אונטערנעמען. עס איז צו ווייט און טאַקע צו געפערלעך אויך, אָבער תּל־אָביב איז דאָך נישט מער ווי בלויז אַ פּאָר שעה גאַנג און אַז מען גייט גיך קאָן מען דאָס מאַכן נאָך אין פיל וויניגער. איז וואָס זשע האַלט מיך אָפּ דאָס צו טאָן?

— אודאי וועל איך דאָס טאָן, — האָב איך ביי זיך באַשלאָסן, און גלייך נאָך דער אַרבעט האָב איך זיך אַ לאָז געטאָן מיט'ן וועג אויף לינקס אין דער ריכטונג צו תּל־אָביב.

עס האָט געמוזט זיין אַרום צען אינדערפרי. די זון איז שוין געשטאַנען הויך אין הימל און פון גיכן גאַנג האָב איך זיך דערפילט אַ נאַסער פון שוויס. פון צייט איז צייט איז דורכגעריטן אַן ענגלישער אָפיצער, אָבער פאַר זיי האָב איך זיך נישט געשראָקן. איך האָב שוין געוואוסט, אַז אָפיצערן שטעלן געוויינטלעך נישט אָפּ. אַזוינעם גיב נאָר דעם קנאַקעדיגן סאַלוט, און ער איז מיט דיר צופרידן. פאַר ווער מען איך האָב זיך יאָ געשראָקן, איז געווען אַ מיליטערישער פּאַליסמאַן, אָבער איך האָב שוין אויך געוואוסט, אַז דאָ אויפ'ן וועג וועל איך אַזוינעם נישט אָנטרעפן. סיידן אפשר ביים אַריינגאַנג קיין תּל־אָביב, אָבער דעמאָלט וועט שוין כדאי זיין, וואָרום ביז וואָס־ווען, וועל איך כאָטש קאָנען אַ קוק טאָן אויף דער שטאָט.

אין מיין גיכן גאַנג האָב איך געשענקט זייער וויניג אויפמערקזאַמקייט אויף די זייטן פונם וועג. בפרט אַז עס איז גאָרנישט געווען קיין אויסערגעוויינלעכע זאַכן אויף וואָס צו קוקן סיי־ווי. דאָ און דאָרט אַ מיליטערישער לאַגער, וואָס איז געווען ענלעך צו מיינעם. פון ווייטנס האָט זיך געהורבעט אַן אַראַבישער ישוב, וואָס האָט אויסגעקוקט מער, ווי אַ חורבה, ווי אַ ישוב, און אַז עס איז מיר אָנגעקומען אַן אַראַבער אַנטקעגן צופוס, האָט ער זיך אָפּגעקערט אָן אַ זייט אויס מורא פאַר מיין באַיאָנעט, וואָס האָט זיך מיר געבאָמבלט פון מיין פּאַסיק אַרונטער.

אָט אַזוי בין איך געגאַנגען ביז איך האָב זיך פּלוצלונג געכאַפּט, אַז דער געפּלאַסטערטער וועג איז פון מיר פאַרשוואונדן געוואָרן. בין איך פון אים אַרונטער, ווייל איך האָב זיך פאַרטראַכט? אָדער עפּעס אַ מין אַריענטאַלישער כשוף האָט פון אונטער מיינע טריט דעם וועג איינגעשלונגען? איך האָב גענומען זוכן דעם וועג מיט מיינע בליקן, אָבער דער וועג איז

נישטאָ. איינגעשלונגען געוואָרן און פאַרטיק. איך האָב זיך דערפילט גאָרנישט דאָסיק. און דאָ ברענט די זון ממש מיט פייער און מיינע טריט טרעטן שווער איבער׳ן טיפן זאַמד, אָבער וואוהין טרעטן זיי? איך האָב פּלוצלונג דערפילט אַ שטאַרקן דורשט און דער טרוקענער זאַמד אַרום האָט נאָך שטאַרקער געמאַכט דעם דורשט. איז וואָס זשע טוט מען מיט זיך? איך בין געוואָרן פאַרצווייפלט.

נאָר שאַ, עס הערט זיך אַ פייף און אַ היסען פון אַ לאָקאָמאָטיוו. און אָט איז ער טאַקע. אַ קליין, אַלט לאָקאָמאָטיוול שלעפּט נאָך זיך עטלעכע אָפענע וואַגאָנעס. איך לאָז זיך אין דער ריכטונג צו דעם פאַר־ביישלעפנדיגן באַנדל און אָט שפּאַן איך שוין איבער שפּאַלן פון אַ באַן־ליניע, אָבער וואוהין פירט אָט־די באַן־ליניע?

איך זוך ווייטער מיט די אויגן און מער ווי די נאַקעטע יהודה־בערג אינ׳ם ליכט פון דער זון איז נישט צו זען. דער דורשט שטאַרקט זיך אין מיר און אין מיין דורשטיגקייט דוכט זיך מיר אויס, אַז אַלץ אַרום מיר איז דורשטיג. עס בענקען נאָך אַ טרונק די נאַקעטע בערג און נאָך מער דאָס טרוקענע זאַמד.

פּלוצלונג האָט זיך עפּעס צעגלאַנצט פון דער ווייטנס אַנטקעגן מיר אויף דער ליניע. איך האָב זיך איינגעגעסן מיט די אויגן אין דער וויט־קייט און זיך ביז גאָר דערפרייט, וואָס פונ׳ם גלאַנץ האָבן זיך גענומען אַרויסשיילן אָפּגעשייערטע מעשענע קנעפּלעך אויף אַ מיליטערישן טוניק.

אויף אַ רגע איז מיר דורכגעלאָפן אַ ביסל שרעק, אַז דאָס קאָן נאָך זיין אַ מיליטערישער פּאָליסמאַן, אָבער די שרעק איז באַלד פאַר־שוואונדן, וואָרום אין דער לאַגע, אין וועלכער איך האָב זיך געפונען, איז אפילו אַ מיליטערישער פּאָליסמאַן פאַר מיר געווען ביז גאָר ווילקאָמען.

דערווייל שפּאַן איך פּאַראויס און די גלאַנציגע קנעפּלעך קומען אַלץ נעענטער מיר אַנטקעגן. איצט זע איך שוין קלאָר, אַז דאָס איז אַ סאָלדאַט און דאַנקען גאָט, קיין אַרעם־באַנד פון אַ מיליטערישן פּאָליסמאַן טראָגט ער אויך נישט, איז דאָך אודאי גאָט אַ האַרציגער און געטרייער פאָטער, אָבער שטעלט זיך פאָר, אַז ווען אָט דער סאָלדאַט קומט שוין היפּש נאָענט, דערזע איך פאַר זיך דעם אידישן דיכטער משה שיפרים׳ן.

— געוואַלד, שיפרים!

— געוואַלד, ווינפער!

מיר זיינען אַרויפגעפאַלן איינער אויף דעם אַנדערן פאַר׳חלש׳טע פון פרייד און מיין פרייד איז דאָך נאָך געווען אַ גרעסערע פון זיינער, וואָרום בשעת ער איז שוין געווען אַן אַלטער סאָלדאַט און גוט געקאַנט די געגנט, בין איך דאָך נאָך געווען אַ נייער און אַ פאַרבלאָנדזשעטער.

באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין מיין בלאָנדזשעניש ביז איך פאַרקראָכן נאָענט צום פערציגסטן באַטאַליאָן, וואו משה שיפרים האָט געדינט, און דערהערנדיג, וואָס מיט מיר איז געשען און ווי דורשטיג איך בין, האָט ער איבערגעלאָזט דעם ראַנדעוואו, וואָס ער האָט געהאַט מיט אַ מיידל אין רחובות, און מיך נעפירט צו זיך אין באַטאַליאָן אַריין.

אַט אַזוי בין איך פון מײן גאַנג קײן תל־אָביב נאָר אַרײנגעפאַלן אין דעם פערציגסטן באַטאַליאָן, וואָס איז געשטאַנען אויף דער אַנדערער זײט פון ראשון־לציון.

און אַזוי ווי משה שיפּרים איז נישט געווען גלאַט אַזוי אַ סאָלדאַט, נאָר אײנער פון די קובער אינ׳ם באַטאַליאָן, האָט ער געהאַט אַ צוטריט צו די געטראַנקען און צו די מאכלים.

הכלל, איך האָב זיך אָנגעטרונקען און אָנגעגעסן און דערנאָך האָט מיך משה שיפּרים באַקאַנט מיט די פערציגער, וואָס זײנען געווען מערסטנס יונגעלײט טאַקע פון פּאַלעסטינע גופא, און האָבן דערפאַר געקוקט אויף זיך ווי אויפ׳ן זעמל־מעל פונ׳ם אידישן לעגיאָן.

פאַרנאַכט האָט מיך שיפּרים געפירט צוריק אין מײן ניין און דרײַ־סיגסטן און מיר בײדע, צװײ פּאַטישע גראַנאַדירערן, האָבן דעם גאַנצן וועג גערעדט און געלאַכט.



משה שיפּריס

# באַטאַליאָן, גוט־שבת

אין דער ענגלישער אַרמיי האַלט מען אין איין פּאַראַדירן.

דאָס פעלד, וואו מען מושטירט זיך, הייסט „פּאַראַד־פעלד". און ווען דער סערזשאַנט רופט אין דער פרי מושטירן זיך, שרייט ער מיט באַנו־מענע קולות:

— אויף פּאַראַד! פוילע יונגען, רירט זיך שנעלער, אויף פּאַראַד!

וויל אַ סאָלדאַט זיך זען מיט׳ן קאַפּיטאַן פון זיין קאָמפּאַניע, האָט ער נישט קיין רעכט צו גיין אַליין, נאָר ער דאַרף בעטן דעם סערזשאַנט, אַז ער זאָל אים „פּאַראַדירן" פאַר׳ן קאַפּיטאַן.

צום עסן פּאַראַדירט מען, אין באָד אריין — פּאַראַדירט מען, אַז מען פילט עפּעס נישט מיט אַלעמען — לאָזט מען זיך פּאַראַדירן דורכ׳ן סער־זשאַנט צום דאָקטאָר.

הכלל, מען האַלט אין איין פּאַראַדירן!

אָבער דער פּאַראַד שבת אין דער פרי צום דאַווענען איז גאָר אַ באַזונדערער פּאַראַד.

שבת אין דער פרי וועקט דער טרומייטערער פונ׳ם באַטאַליאָן מיט גאָר אַ באַזונדערן טאָן.

אַ אידישער בחור, דער טרומייטערער, ווייסט ער ווי אַזוי דעם זעלביגן מאָטיוו פון די וואָכנדיגע פּרימאָרגנס צו פאַרוואַנדלען אין שבת.

איך ווייס נישט ווי אַזוי די נישט־אידישע קוירנעלס האָבן זיך באַ־צויגן אין די זונטאַגדיגע פרימאָרגנס צו זייערע באַטאַליאָנען, אָבער אונזער קוירנעל לייזער מרגאַלין האָט יעדן שבת אין דער פרי גאַנץ באַזונדער מקפּיד געווען, אַז זיינע סאָלדאַטן זאָלן זיין ריינע, נעט־אָנגעטאָנענע, און אַז די קנעפּלעך און די באַיאָנעטן זאָלן זיין געשייערטע מיט אַן אמת שבת׳דיגן גלאַנץ.

— באַטאַליאָן, גוט־שבת, — פלעגט ער אונז באַגריסן נאָכ׳ן איבער־קוקן אונזערע אויסזעענס פון די היטלען ביז די שיך אַרונטער, און דעמאָלט געבן אַ צייכן דעם חזן, אַז ער קאָן שוין אָנהויבן דאָס דאַווענען.

איך געדענק, אַז דער ערשטער שול־פּאַראַד האָט אויף מיר געמאַכט אַ גאָר באַזונדערן איינדרוק.

צי עס איז געווען די אויסגעפּוצטקייט פון די סאָלדאַטן, און דאָס וואָס אפילו די שטרענגע סערזשאַנטן זיינען עפּעס געווען אַ ביסל מילדער, נישט גערופן מיט קיין באַנומענע קולות, נאָר ווייך?

— שול־פּאַראַד, חברה, שול־פּאַאאַראַאאַד!

עס איז געווען, ווי דאָס שבת׳דיגע טרומייטערן פונ׳ם טרומייטערער האָט זיך איבערגעגאָסן אויך אין די געמיטער פון די פאַרהאַרטעוועטע סערזשאַנטן און זיי אַ ביסל ווייכער געמאַכט.



קאָלאָנעל לייזער מאַרגאָלין

עס קאָן אָבער אויך זיין, אַז מיט מיין געהויבענער שטימונג האָט גאָר געהאַט צו טאָן אונזער קוירנעל לייזער מאַרגאָלין מיט זיין זאָגן אונז „גוט־שבת" אויף אידיש.

אין יענער צייט בין איך געווען ביז גאָר קראַנק אויף „אידישיזם" און איך געדענק, אַז ווען איך האָב דערהערט אַ אידישן „גוט־שבת" פון אַ גאַנצן קוירנעל, איז מיין האַרץ אָנגעפילט געוואָרן מיט אַזוי פיל נחת, אַז איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן ווער איך בין און וואָס איך בין, און איך האָב געמיטלעך אים געענטפערט:

— גוט־שבת, גוט־יאָר.

— שטיל זאָל זיין! — האָט דער סערזשאַנט אויף מיר אַ דונער געטאָן מיט אַ קול, וואָס האָט זיך אַ ריס געטאָן, ווי אַ וואָכנדיגער דאָנערש־טאָג אינ'ם האַרץ פונ'ם שבת אַריין.

דער קוירנעל האָט זיך אָבער נישט הערנדיג געמאַכט און אַ צייכן געגעבן דעם חזן אָנצוהויבן.

מילא, דער חזן ווי דער חזן. און אַזוי אויך מיט זיינע משוררים.

דאָס זיינען געווען עטלעכע פון אונזערע סאָלדאַטן, וואָס זיינען אויס־געקליבן געוואָרן פאַר אָט דער פונקציע. דער חזן האָט זיך געגאָרגלט און די משוררים האָבן אים מיטגעהאָלפן. אָבער די שול איז געווען ביז גאָר אַן אינטערעסאַנטע. אין די וואָכנדיגע טעג איז דאָס געווען אַן אַרענע פאַר באָקסן און ראַנגלען זיך און לכבוד שבת איז די אַרענע דערהויבן געוואָרן צו אַ שול. קיין סך אַנדערש האָט זי נישט אויסגעקוקט אום שבת, ווי אין די וואָכענדיגע טעג. נישט, מער, איצט איז געשטאַנען אַ שולחן אויף איר. דער שולחן איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ גרויסער בלוי־ווייסער פאָן און איבער איר איז געלעגן אַן איבערגעדעקט ספר־תורה'לע.

ווען דאָס ספר־תורה'לע איז געעפנט געוואָרן צום לייענען, האָט דער מאַיאָר, וואָס איז אגב געווען דער איינציגער נישט־איד אינ'ם באַטאַליאָן, זיך געטאָן אַ דריי אוים צו אונז און אַ רעווע געטאָן:

—אכטונג!

מיר האָבן זיך געטאָן אַ צי, אַ זעץ געטאָן די אָפּצאַסן איינע צו די אַנדערע און סאַלוטירט דעם ספר־תורה'לע.

אַלע העכערע ראַנגען, פונ'ם קוירנעל ביז די צווייטע ליוטענאַנטן, האָבן אויך אָפּגעגעבן כבוד דעם ספר־תורה'לע מיט אַ סאַלוט. דער נישט־אידישער מאַיאָר אויך בתוכם. און די מינע אויף זיין רויטן, קיילעכ־דיגן פּנים איז געווען אַזאַ ערנסטע, ווי זי וואָלט דערמיט געוואָלט זאָגן:

— אָט זעט, ווי מיר ענגלענדער זיינען טאָלעראַנט צו די רעליגיעס פון אונזערע פאַרבינדעטע.

ווען דער חזן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בעל־קורא און גע־לייענט די סדרה מיט אַ ציקלדיגן קול, האָב איך אויפגעכאַפּט דעם קוק פון דער זון אין דער הויך.

עס דערמאָנט זיך מיר איצט, אַז דעמאָלט האָט די זון אַרונטערגע־קוקט אויף אונז, ווי דאָס פּנים פון אַ קלוגן, לאַכנדיגן ייִדן, און איך האָב שטיל, אין זיך מיטגעלאַכט מיט איר.

דער עיקר׳שט האָט זיך מיר געגלוסט לאַכן פון דעם נישט־אידישן מאַיאָר, וואָס האָט זיך באַמיט איבערצושטייגן מיט שבת׳דיגן ערנסט דעם קוירנעל. בשעת דעם קוירנעל׳ס בליקן האָבן כסדר געקוקט איבער דעם בעל־קורא׳ס קאָפּ אין דעם בלויען האָריזאָנט אַריין, איז דער מאַיאָר געשטאַנען אַן איינגעגעסענער מיט זיינע בליקן צום שולחן, ווי אַט דער טיש מיט דער בלוי־ווייסער פאָן איבער זיך וואָלט געווען דאָס פּנים פון זיין מאַיעסטעט, דער קעניג דזשאָרדזש דער פינפטער פון ענגלאַנד.

ווען מען איז פאַרטיג געוואָרן מיט׳ן לייענען און דאָס מענטעלע האָט אָנגעהויבן צוריק אַרויפגעצויגן צו ווערן אויפ׳ן ספר־תורה׳לע, האָט זיך ווידער איבערגע׳חזר׳ט דאָס אייגענע ווי פריער.

נישט מער, איצט האָט זיך שוין אַ דריי געטאָן צו אונז דער אַדיוטאַנט. עס זעט אויס, אַז דער כבוד אַ רעווע צו טאָן אויף אונז איז באַטראַכט געוואָרן מצד דעם קוירנעל, ווי אַ מין געבן אַן עליה דעם מאַיאָר און דעם אַדיוטאַנט.

זיך אַליין האָט דער קוירנעל גענומען דעם כבוד אונז צו זאָגן „גוט־שבת" אויף אידיש פאַר׳ן דאַווענען און נאָכ׳ן דאַווענען.

אָבער ווען ער האָט יענעם שבת נאָכ׳ן דאַווענען אונז ווידער אַמאָל געזאָגט „גוט־שבת", האָב איך אים שוין מער קיין „גוט־יאָר" נישט באַוויליגט.

איך האָב זייער גוט געדענקט דעם סאַרדזשענט׳ס דונערדיג קול אויף מיר, און איך האָב נישט געוואָלט גורם זיין, אַז די וואַכ־דיגקייט זאָל זיך אַ רים טאָן און צעשטערן די הייליגקייט פונ׳ם שבת אין אונזער לאַגער.

שפּעטער האָב איך זיך אַליין אַרויפגעאַרבעט אויף אַ שטיקל שבת־דיגן פונקציאָנער און אַליין צוגעהאָלפן די שבת׳דיגע שטימונג אין אונזער באַטאַליאָן.

מיין סערזשאַנט האָט מיך איינמאָל געהערט זינגען און באַשלאָסן ביי זיך, אַז עס זאָל צוקומען נאָך אַ משורר אינ׳ם שבת׳דיגן כאָר.

— ניש׳קשה, די נייע דאַרפן אויך האָבן אַ פאַרטרעטער אינ׳ם שבת־דיגן כאָר, — האָט ער מיר דערקלערט.

און אַז דעם סערזשאַנט׳ס אַ דערקלערונג האָט געמיינט אַ באַפעל, איז דאָך קלאָר.

דערויף איז ער דאָך עפּעס אַ סערזשאַנט, אַז זיינע אַ דערקלערונג זאָל שוין ממילא פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ באַפעל.

אַ שטיקל טובה איז מיר דאָך אַרויסגעקומען דערפון, וואָס מיין קול האָט נושא־חן געווען ביי מיין סערזשאַנט. וואָרום אַריינפאַלנדיג ווי אַ זינגער אין דעם שבת׳דיגן כאָר, האָט דאָס געמיינט, אַז יעדן שבת נאָכ׳ן דאַווענען בין איך שוין פריי געוואָרן פון אַלע אַנדערע באַטאַליאָנישע

פּליכטן, און אַז איך קען שוין טאָן מיט'ן גאַנצן טאָג, וואָס מיין האַרץ גלוסט.

איז טאַקע דער שבת'דיגער טאָג שפּעטער געוואָרן פאַר מיר ממש אַן אוצר.

אָפּגעזונגען און אָפּגעגעסן, איז געווען „היידא" אַרויס פונ'ם לאַגער אַמאָל אין דער און אַמאָל אין אַן אַנדער קאָלאָניע אַריין. און אַזוי ווי צוריקקערן זיך האָב איך ערשט געדאַרפט אויף מאָרגן אין דער פרי צו דער צייט פונ'ם מושטיר־פּאַראַד, האָב איך כמעט קיינמאָל שבת־צו־נאַכטס נישט גענעכטיגט אין לאַגער.

שלעכט איז נאָר געווען, ווען עס האָט זיך אַמאָל געטראָפן, אַז איך האָב פאַרשפּעטיגט די צייט פונ'ם פּאַראַד.

אָבער דעמאָלט האָב איך סיי ווי פּאַראַדירט.

נישט מער, אַנשטאָט צום מושטיר־פּאַראַד, האָט דער סערזשאַנט מיך פּאַראַדירט אין אַרעסט־ביידל אַריין אָפּצוקומען די שטראָף פאַר מיין גרויסער זינד קעגן זיין מאַיעסטעט, קעניג דזשאָרדזש דעם פינפטן פון ענגלאַנד.

# אין תל־אביב

— ווען דו וואָלסט איצט געזען, ווי תל־אביב זעט אויס!

נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו הערן אָט דעם אויסרוף פון מענטשן, וואָס האָבן געזען תל־אביב אין די לעצטע יאָרן. אָבער ווען איך האָב צום ערשטן מאָל אַריינגעשפּאַנט קיין תל־אביב האָט מיך באַגעגנט אַ ליכטיקע שטילקייט, וואָס האָט געקוקט אויף מיר דורך ווייס, גרין און בלוי.

ווייסע הייזקעלעך, — איינשטאָקיקע און צוויי־שטאָקיקע ביי די זייטן פון געפלאַסטערטע און נישט געפלאַסטערטע געסלעך, אַרומגערינגלט פון צעצווייגטע און באַבלעטערטע אַקאַליפּטעס ביימער. דאָ און דאָרט האָט זיך אויך געזען אַ שלאַנקע ציפּרעס־בוים, אָדער אַ פּאַלמע.

די אימפּאָזאַנטסטע געביידע איז געווען די ווייסע געביידע פון דער העברייאישער גימנאַזיע מיט דעם פּאַרקן אַרום איר.

עס איז געווען אַ שבת אינדערפרי נאָכ'ן דאַווענען, ווען איך בין אַוועק קיין תל אביב. אויפ'ן וועג אַהין האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין דער אַגראָנאָם־שול: „מקוה - ישראל", וואָס ליגט האַרט ביים וועג נישט ווייט פון יאַפע און תל־אביב. אָפּגעשטויבט מיינע קליידער, אַרומגעווישט די שיך מיט די לאַנגע גראָזן און פייכטע בלעטער, וואָס זיינען געווען לרוב לעבן דער לאַנגער און שמאָלער קאָרעטע פריש וואַסער, וואָס איך האָב געטראָפן אויפ'ן הויף פון דער שול. עס איז אויך געווען ביז גאָר גוט צו פילן דאָס וואַסער פון דער קאָרעטע אויף מיין פּנים, האַלז און מיינע הענט.

אָט אַזוי, אַן אַרומגעשטויבטער און אָפּגעפרישטער, האָב איך אין אַ האַלבער שעה שפּעטער געשפּאַנט איבער די געסלעך פון תל־אביב מיט ברייט־צעעפנטע אויגן און יעדע קלייניגקייט האָט אויסגעקוקט אין מיינע אויגן ווי אַ נס, כאָטש ווען מען פרעגט ביי מיר אין וואָס דער נס באַשטייט, וואָלט איך מסתמא נישט געקאָנט אָנווייזן מיט קיין פינגער אויף אים.

איך האָב לאַנג געשפּאַצירט איבער די געסלעך. געקוקט אויף יעדער שוועל, אויף יעדן בוים, דורכגעדרייט זיך אַ מאָל צען אַרום דער גרויסער ווייסער גימנאַזיע געביידע און איך האָב נאָכגעקוקט מיט וואַרעמער נייגעריגקייט יעדן מענטשן, וואָס איז מיר אַנטקעגן געקומען, אָדער מיך פאַרבייגעגאַנגען.

— אָט דאָס איז תל־אביב, — האָב איך צו זיך געמורמלט און ווען מיינע בליקן האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן שטיינערדיקע פונדאַמענטן אויף פאַרשיידענע ערטער איבער דעם ליידיגן זאַמדיגן שטח, וואָס איז געלעגן

צווישן איין געסל און דעם אַנדערן, האָב איך געזען אין די פונדאַמענטן אַן אָנזאָג פון געבורט און זיך געפרייט מיט אָט דעם געבורט.

— אָבער פאַרוואָס זיינען די מענטשן, וואָס איך באַגעגן, אַזעלכע אויסגעאיידלטע? און פאַרוואָס שפּאַנען זיי מיט אַזעלכע פּאַמעלעכדיגע און געמאָסטענע טריט?

איך האָב זיך געפרעגט אָט־די פראַגע, ווייל לויט מיין גאַנצן באַנעם, איז ביי מיר אויסגעקומען, אַז יעדער איינער דאַרף דאָ ארומגיין מיט פאַרקאַשערטע אַרבל און די טריט דאַרפן זיין איילנדיגע.

דאָס געסל, וואָס פירט צו דער העברייאישער גימנאַזיע האָט פון ביידע זייטן צוויי שמאָלע פּאַרקלעך. ביי די אַריינגאַנגען פון ביידע זיינען גאָסן?

— אידישע באַלמעלאָכעס, — פּאַרוואָס זעט מען זיי נישט אין די געוועזן אויפשריפטן, אַז דאָס זיינען די „פעלדער פון רויטשילד'ן". איז מילא, קיין פעלדער זיינען זיי נישט. נישט מער ווי שמאָלע פּאַרקלעך, אָבער גרינס איז דאָ און בענקלעך אויך. האָב איך געשפּאַצירט אין זיי און איצט האָב איך שוין שאַרף נאָכגעקוקט יעדן איינעם אַרום זיך און זיך געוואונדערט הלמאי אַלעמענס אויסזעענס זיינען פון דעם סאָרט, וואָס גיבן דעם איינדרוק פון „ווייסע קעלנער" פּראָפעסיעס.

פּלוצלונג האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך האָב די גאַנצע צייט נישט באַמערקט קיין איין געביידע, וואָס זאָל געבן דעם איינדרוק פון אַ פאַבריק, אָדער בכלל פון אַ פּלאַץ, וואו מענטשן אַרבעטן מיט זייערע הענט.

אפילו קיין געשעפטן האָב איך אויך נישט באַמערקט. בלויז דאָ און דאָרטן אַ שפּייז־געוועלבל און אַ סך סאָדע־וואַסער בודקעס.

— אַ שטאָט אָן אַרבעטער? — האָב איך זיך געוואונדערט.

שפּעטער האָב איך לאַנג געשפּאַנט איבער'ן זאַמד ביים ברעג פונ'ם ים.

דער ים איז נאָך געווען בלויער פונ'ם הימל איבער אים, און דינע, איידעלע כוואַליעלעך האָבן געוואָרפן זילבערנע טשופּרינעלעך פון זיך. פון יענער זייט האָט זיך געהורבעט די שטאָט יאַפע מיט אירע העל־גרויע און טונקל־ראָזעווע געביידן פון צווישן וועלכע עס האָבן זיך אַרויסגעהויבן אַ רייע קיילעכדיגע און דינע מעטשעט־קופּאָלן אין דער בלויער הויך אריין.

איך האָב דערפילט אַ שטאַרקן באַגער צו זיין אין געזעלשאַפט פון מענטשן. דער נס, וואָס איז אויפגעגאַנגען פאַר מיר, ווען איך האָב אַריינגעטראָטן אהער, האָט עפּעס אָנגעהויבן איינגעשרומפּען ווערן און מיר האָט זיך געוואָלט דאַכטן, אַז בלויז די מענטשן, וואָס לעבן דאָ, זיינען ביכולת אים פאַר מיר צו ראַטעווען און איך האָב זיך אומגעקערט צוריק צו די געסלעך.

נישט ווייט פון דער גימנאַזיע האָב איך דערזען אַ באַקאַנטן לעגיאָנער, וואָס איז אין ניו יאָרק געווען אַ תלמוד־תורה לערער. ער האָט געשפּאַנט מיר אַנטקעגן און געפירט ביים אָרעם אַ חנ'עוודיג מיידל מיט אַ

טונקעלן פנים און מיין הארץ האט ממש א טאנץ געטאן פון פרייד ווען ער האט מיך באגריסט און זיך אפגעשטעלט:

— שלום, — האט ער מיך באגריסט און פארגעשטעלט פאר'ן מיידל: — אדון וויינפער, משורר מהמעריקע.

— משורר? — האבן די טונקעלע אויגן ביים מיידל א גלענצל געטאן, אבער ווען ער האט איר באלד אויפ'ן ארט דערקלערט, אז איך שרייב אויף אידיש, איז דאס גלענצל פון אירע אויגן פארשוואונדן און איר פנים האט זיך א קרים געטאן:

— כותב בזשארגאנית?

אין דעם אופן, ווי אזוי זי האט ארויסגערעדט אט די ווערטער, איז געלעגן אזוי פיל גרינגשעצונג, אז איך האב אן א ווארט אוועקגעשפאנט.

פלוצלונג האט דאס גאנצע תל־אביב געטראגן אין מיינע אויגן אן אנדער אויסזען. איך בין געווען באליידיגט און בייז. לעבן איינעם פון די פארקלעך איז געשטאנען אן איטאליענישער אפיצער אין א פאר גלאנצנדיגע שטיוועלעך און א פעדערל אויף זיין באגילדט היטעלע און זיך גע'חנ'דלט צו א אידיש מיידל, וואס האט בשעת מעשה נישט אויפגעהערט צו שפילן זיך מיט איר געדיכט פארפלאכטענעם צאפ. אויף דער אנדערער זייט פונ'ם געסל האט געשפאנט אן אנדער אידיש מיידל מיט אן אויסטראלישן סאלדאט, וואס האט אויסגעקוקט אונטער זיין קורצער פאלעריגע און דעם ברייטן, פארבויגענעם קאפעליוש, ווי א יינגל פון א אידישער אפערעטע. איך האב זיך דערמאנט אין די טענות פון די מערסטע אידישע לעגיאנערן אין די לאגערן צו די אידישע איינוואוינער פון פאלעסטינע. ערשט איצט האבן אט די טענות אנגעהויבן אויף אן אמת צו האבן א זין.

איך האב שוין בדעה געהאט ארויסצושפאנען פון תל־אביב און אריבערגיין קיין יאפע. דארטן, האב איך געוואוסט, וועל איך נישט האבן קיין הארצווייטאג. דארטן וואוינען אראבער און די אידן, וואס וואוינען אין יאפע, האב איך געהערט, זיינען אויך בעסערע. זיי זיינען ארבעטער און קליינע ארימע קרעמער, וואס האלטן זיך פשוט. איך האב זיך דערמאנט, אז א סך פון די לעגיאנערן פארברענגען אין יאפע פיל גערנער ווי אין תל־אביב.

— די תל־אביב'ער פוסטאקראטן!

אט אזוי פלעגן די מערסטע לעגיאנערן באטיטלען די תל־אביב'ער איינוואוינער.

איך האב שוין געהאלטן ביים ארויסגאנג פון תל־אביב מיט א אינגלשען באשלום מער זיך נישט אומצוקערן אהין, ווען איך האב זיך פלוצלונג דערמאנט אן א שליחות, וואס מיר האט איבערגעגעבן אברהם רייזען, ווען איך האב זיך מיט אים געזעגנט אין ניו יארק.

— אזוי ווי איר וועט קומען קיין תל־אביב, זאלט איר אריינגיין צו י. ח. ברענער'ן און אים גריסן פון מיר.

איך בין געבליבן שטיין אין א פאַרלעגנהייט. בלייבן לענגער האָב איך קיין חשק נישט געהאַט, אָבער די שליחות!

באַלד איז מיך אָבער באַפאַלן די נייגעריגקייט זיך צו באַקאָנען מיט י. ח. ברענער'ן, וועמענס שרייבן איז שוין צו יענער צייט מיר געווען א ביסל באַקאַנט און איך האָב באַשלאָסן טאַקע גלייך אויספירן דאָס שליחות.

אָבער אין וועלכן פון אַט די ווייסע הייזקעלעך וואוינט דער העברייאישער שריפטשטעלער י. ח. ברענער? און פון וואַנען האָט רייזן גענומען די זיכערקייט, אַז ער וואוינט אין תל־אביב?

איך האָב אָפּגעשטעלט א אינגעלע פון א יאָר צוועלף.

— וואו וואוינט ברענער?

— מה? — האָט דאָס אינגעלע מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

איך האָב שוין דערפילט א בייזקייט הלמאי דאָס אינגעלע פאַרשטייט נישט קיין אידיש, אָבער דערזעענדיג דאָס אומשולדיגע פנימ'ל פונ'ם אינגעלע, האָב איך זיך פאַרשעמט פאַר מיין בייזקייט און שוין געפרעגט אויף העברייאיש.

— אדון ברענער? הסופר?—האָט דאָס אינגעלע מיך איבערגעפרעגט און אָנגעוויזן מיט א פינגערל איבער א לידיגן זאמד־שטח אויף א קליין, שוין היבשלעך פאַרעלטערט הויז, וואָס איז געשטאַנען גאַנץ באַזונדער פון די שוין פאַרטיגע געסלעך.

איך האָב דערפילט א דאַנקבאַרקייט צו דעם חנ'עוודיגן אינגעלע ניט אזוי דערפאַר, וואָס ער האָט מיר אַרויסגעהאָלפן מיט'ן אָנווייזן אויף ברענער'ס שטוב, ווי פאַר דעם וואָס מיין בייזקייט האָט אָנגעהויבן אויסגערונען צו ווערן אין מיר און איך האָב דעם אינגעלע באַדאַנקט אויף העברייאיש:

— תודה רבה, — האָב איך געזאָגט און אים א גלעט געטאָן איבער'ן קעפּל.

די זון האָט געבלענדט אין פולן גלי איבער'ן זאמד, ווען איך האָב אָנגעקלאַפּט אויף דער טיר פון י. ח. ברענער'ס הויז.

# י. ח. ברענער

אויף מיין קלאַפּ אין דער טיר איז געקומען אַן ענטפער אויף העב־רייאיש, אַז איך זאָל אַריינקומען.

עס האָט מיר אַנטקעגנגעשלאָגן אַ האַלבטונקלקייט, ווייל איבער דער היץ אין דרויסן זיינען די לאָדנס איבער די פענצטער געווען האַלב־צוגעמאַכט.

ביי אַ טישל לעבן דער וואַנט איז געזעסן אַ באַבערדלטער איד אין די פערציגער מיט אַ צעבוּיִנעגעם קאַפּעלוש אויפ׳ן קאָפּ און מיט אַ בליי־פעדער געהאַלטן אין מיטן שרייבן ציפערן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר.

— קאָן איך זען ברענער׳ן? — האָב איך געפרעגט נאָכדעם ווי איך האָב איך זיך באַגריסט מיט אָט דעם אידן אויף אידיש.

— איר קאָנט, — האָט דער איד מיר שוין אויך געענטפערט אויף אידיש.

— וואו זשע איז ער? — בין איך שוין געוואָרן אומגעדולדיג.

— אָט איז ער, — האָט דער איד אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אויף זיך אַליין און זיך אפילו נישט צעשמייכלט.

—איר? — האָב איך נאָכאַמאָל געפרעגט און עס זעט אויס, אַז אין מיין פראַגע איז געווען אַ היפשע פאַרוואונדערונג, וואָרום באַלד איז שוין געקומען זיין אומגעדולדיגע פאַרזיכערונג:

— יאָ, איך, איז וואָס זשע?

איך בין אויף אַ ווייל געשטאַנען אַן אמת צעמישטער, ווייל מיין פאָרשטעלונג וועגן דעם טאַלאַנטירטן שריפטשטעלער און די פערזענלעכקייט י. ח. ברענער איז געווען אַזוי אַנדערש, ווי אָט דער באַבערדלטער איד מיט דעם צעבויגענעם קאַפּעלוש, וואָס איז געזעסן פאַר מיר.

ווען איך בין דאָך געקומען צו זיך, האָב איך עפּעס אָנגעהויבן צו פּלאָנטערן מיט דער צונג. אָנשטאָט אים אונטערצוטראָגן דעם גרוס, וואָס אברהם רייזען האָט דורך מיר געשיקט צו אים, האָב איך גלאַט אַזוי גע־פּלאָנטערט מיט דער צונג און אַליין נישט געוואוסט וואָס איך רייד.

ברענער׳ס חוש האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז איך בין אין אַ פאַר־לעגנהייט און ער האָט גענומען זוכן מיך אַרויסצופירן פון איר.

— פון די נייע? — האָט ער געפרעגט און מיר אויסגעצויגן די האַנט.

— שלום עליכם.

— עליכם שלום, — האָב איך געענטפערט.

— זיצט, — האָט ער שוין פריינטלעך געבעטן.

איך האָב זיך געזעצט אויפ׳ן ערשטן בענקל, וואָס איז געשטאַנען לעבן מיר, און ווען איך בין ענדלעך געקומען צו זיך, האָב איך אַרויס־געשטאַמלט:

— איך האָב אַ גרוס צו אייך.
— אַ גרוס? פון וועמען?
— פון אברהם רייזען, — האָב איך געלאָזט וויסן.
דאָ האָט ער זיך געטאָן אַ הויב אויף פונ׳ם בענקל, אַ גלעט געטאָן דאָס צעקאָשמעטע בערדל און די אויגן האָבן זיך ביי אים צעפינקלט.
— פון רייזען? פון אברהם רייזען?
— יאָ, פון אברהם רייזען, — האָב איך געזאָגט און נאָכגעפאָלגט מיט גרויס צופרידנקייט, ווי יענער איד הויבט זיך פאַר מיינע אויגן אָן צו פאַרוואַנדלען אין עמיצן, וואָס הויבט שוין אָן צו דערמאָנען אין דער פאָרשטעלונג, וואָס איך האָב געהאַט וועגן ברענער׳ן.
איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, ווען ברענער איז שוין טויט, שטייט ער אויף פאַר מיינע אויגן ווי אַ פיגור נישט פון אונזער וועלט.
זיין גאַנץ לעבן איז נישט געווען פון אונזער וועלט. ער האָט שטאַרק ליב געהאַט די פשוט׳ע פאָלקס־מענטשן און די אידישע שפּראַך פון די אידישע פאָלקס־מענטשן און געשריבן האָט ער דורכאויס אויף העברעאיש. ווען ער האָט געלעבט אין זיינע פריע יאָרן אין לאָנדאָן, האָט ער מיט זיינע אייגענע הענט געזעצט זיין העברעאישן זשורנאַל און אים אַליין פאַר־שפּרייט, נישט באַנוצנדיג זיך מיט קיין הילף פון מעצענאַטן, וואָס זיינען דאָ לרוב פאַר העברעאיש. קיין פּאַלעסטינע איז ער געפאָרן אונטער אַן אַנדער נאָמען כדי אויסצומיידן אַ קבלת־פּנים. שפּעטער, ווען ער האָט געאַרבעט אין איינער פון די קאָלאָניעס ווי אַ מאַראַנצן־שניידער אונטער דעם נאָמען, מיט וועלכן ער איז אַריבערגעקומען, האָט ער געקראָגן אויס־געפּאַטשט פון די אַרבעטער הלמאי ער האָט געזוכט צו מינימיזירן ברע־נער׳ן, וועגן וועמען זיי האָבן גערעדט מיט גרויס יראת־הכבוד. אפילו זיין טויט איז אויך געווען עפּעס אַזאַ מאָדנער. נישט דער טויט איז צו אים געקומען, נאָר ברענער איז אים אַנטקעגן געגאַנגען.
מען דערציילט, אַז אין דער צייט פון דער גרויסער בהלה צווישן די אַראַבער און די אידן, האָט זיך ברענער געפונען אין דער אַגראָנאָם־שול מקוה ישראל. אַלע זיינען זיך צעלאָפן, ווייל מקוה ישראל איז געווען אַן אָפענע און נישט־באַשיצטע פּאָזיציע, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אַנטלויפן.
— קיינער וועט מיר קיין שלעכטס נישט טאָן, ווייל איך טו קיינעם קיין שלעכטס נישט, — האָט ער געזאָגט און דאָרט האָט ער דעם טויט באַגעגנט.
און איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, ווען איך שרייב וועגן מיין ערשטער באַגעגעניש מיט אים, שטעלט זיך מאָמענטנווייז אָפּ מיין פּען אויפ׳ן פּאַפּיר און איך פרעג זיך, צי איך האָב אים טאַקע געזען און גערעדט מיט אים.
מאָמענטנווייז דאַכט זיך מיר גאָר אויס, אַז דאָס איז געווען נישט מער ווי אַ חלום און אַז איצט באַשרייב איך אָט דעם חלום.

— אַזוי, אַזוי, אַ גרוס צו מיר, — האָט ער געשטאַמלט. צעשפּאַ־נענדיק זיך איבער׳ן צימער, און פּלוצלונג האָט ער אַ כאַפּ געטאָן אַ ברייטן פּאָטעל, אים צוגערוקט צו מיר און גענומען בעטן:

— זיצט, זיצט, פאַרוואָס זיצט איר נישט?

— אָבער, אַדון ברענער, אָט זיץ איך דאָך און מיר איז גוט.

— ניין, ניין, — האָט ער זיך גענומען דינגען מיט מיר, און אָנ־ווייזנדיק אויפ׳ן ווייכן פּאָטעל, האָט ער זיך גענומען בעטן:

— אָט דאָ, אָט דאָ.

— אין דער טונקלקייט פונ׳ם צימער האָט ער איצט געהאַלטן זיך אין איין נאָכפרעגן.

— וואָס מאַכט דער און וואָס מאַכט יענער? וואָס מאַכן בכלל אידן אין אַמעריקע? אידן אַרבעטן, האַ? זיצן אין די פאַבריקן און אַרבעטן, האַ?

דאָ האָט ער גענומען רייבן איין האַנט איבער דער אַנדערער און גע־רעדט מיט אומרו און בענקשאַפט:

— אַ אידישע שטאָט ניו יאָרק. אידישע שרייבער, אידיש טעאַטער און אידן אַרבעטן אין די פאַבריקן!

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און גערעדט מער צו זיך, ווי צו מיר:

— תל־אָביב איז אויך אַ אידישע שטאָט, אָבער דאָ אַרבעטן נישט קיין אידן אין די פאַבריקן. אין די קאָלאָניעס אַרבעטן שוין יאָ אידן, אָבער דאָ אין תל־אָביב אַרבעט מען נישט.

פּלוצלונג האָט ער זיך געכאַפּט, אַז איך מוז אודאי זיין דורשטיג און ער איז פאַרשוואונדן אויף אַ מינוט. ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט, האָט ער געטראָגן אַ קריגל וואַסער און אַ קריגל ווײַן.

— מיין משפּחה איז צו־גאַסט אין אַ קאָלאָניע. האָט נישט קיין פּאַראיבל, וואָס איך נעם אייך אַזוי שלעכט אויף, — האָט ער זיך אַנט־שולדיגט און ביי מיר געפרעגט, ווי אַזוי איך וויל מיין טרונק:

— ריינעם ווײַן, צי געמישט מיט קילע וואַסער?

אין יענער צייט האָט ער געהאַט אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל אין דעם „הפּועל הצעיר" וועגן יוסף אָפּאַטאָשו׳ס אַ בוך. נישט קיין פריינטלעך אַרטיקל געווען. האָט ער געפרעגט, צי איך האָב געלייענט און צי האַלט איך, אַז ער איז געווען אומגערעכט.

די שעה׳ן צווישן אונז האָבן זיך אַוועקגערוקט אומבאַמערקט, ווייל אין דער האַלב־טונקלקייט פון שטוב האָט זיך נישט געזען דער איבער־גאַנג פון דעם טאָג אין דעם אָוונט אַריין.

ערשט ווען איך האָב זיך אויפגעהויבן אַוועקצוגיין, האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— מאָדנע, מאָדנע, אָט זיצן מיר און מיר שמועסן שוין שעה׳ן און איך ווייס אפילו נישט אייער נאָמען.

— מיין נאָמען איז וויינפּער, — האָב איך שוין שטייענדיג אויף די פּיס געזאָגט.

— וויינפּער, וויינפּער, — האָט ער איבערגעזאָגט,, און קוקנדיג אויף מיר האָט ער אין אַ זייער וואַרימען טאָן מיך גענומען אינטערוויואירן:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, איר זענט אַ שרייבער?

— אַ שרייבער, — האָב איך באַשטעטיגט אָן דעם מינדסטן פאַר־דרוס, הלמאי ער ווייסט גאָרנישט וועגן מיר, וואָרום סוף־כל־סוף בין איך דאָך געווען דעמאָלט נישט מער ווי אַן אָנהויבער.

— אַ שאָד, אַ שאָד, אין ניו יאָרק שווימלט און גריבלט מיט נייעם טאַלאַנט און צו אונז דערגייט וועגן דעם אַזוי ווייניג.

איך האָב אים אויסגעשטרעקט מיין האַנט, וואָס ער האָט גענומען אין זיינע ביידע הענט און פון צווישן זיין בלאָנדלעך, צעקאָשמערט בערדל און דעם צעבוויגענעם קאַפּעלוש האָבן צו מיר געשמייכלט מיט וואַרימקייט זיינע אויגן:

— איז וואָס־זשע שרייבט איר, ספּורים אָדער שירים? — האָט ער אומבאַדינגט געוואָלט וויסן.

— שירים, — האָב איך געזאָגט, און איך בין געווען צופרידן, וואָס אַרום איז טונקל און ער זעט נישט מיין פאַררויטלט פּנים.

— און אַ בוך האָט איר שוין? — האָט ער געוואָלט וויסן.

— ניין, — האָב איך געענטפערט.

איך האָב זיך געלאָזט צו דער טיר, אָבער איידער איך האָב זי געעפנט, האָט ער זיך געווענדט צו מיר:

— איך האָב צו אייך אַ בקשה.

— יאָ? — בין איך געבליבן שטיין און אַ קוק געטאָן אויף אים.

— שרייבט איבער עטלעכע פון אייערע שירים און שיקט זיי מיר צו, — האָט ער זיך ממש געבעטן.

— איך וועל דאָס טאָן, — האָב איך אים פאַרזיכערט.

— און אַז איר וועט זיין אין תל־אָביב וועט איר קומען נאָכאַמאָל צו מיר?

— אויב איר ווילט דאָס.

— מיט פאַרגעניגן, — האָט ער מיר פאַרזיכערט.

ער האָט געעפנט פאַר מיר די טיר. אויפ'ן שוועל האָט זיך באַוויזן אַ בלויער הימל איבער אַ צאָל ווייסע הייזקעלעך, עס האָט געזילבערט אַ גרויסע לבנה.

— ניו יאָרק, אַ אידישע שטאָט, — האָט ער געמורמלט, און דריקנדיג נאָכאַמאָל מיין האַנט, האָט ער צוגעלייגט:

— אַ דאַנק וואָס איר זענט געקומען צו מיר.

מיינע טריט האָבן זיך געגראָבן אין וויכן זאַמד אַריין און אין מיין געמיט האָט געבלענדט י. ח. ברענער.

# אַ געפֿאַנגענער צווישן געפֿאַנגענע

געהייסן האָט דאָס אַ שטיקל אַנערקענונג פֿאַר מיר, וואָס מיין סער־זשאַנט האָט איינמאָל אין אַ פּרימאָרגן מיך אַריינגענומען אין דער אָפּטיילונג, וואָס האָט געדאַרפֿט באַוואַכן געפֿאַנגענע טערקן ביי דער אַרבעט.

— נו, אָט ביזטו שוין אַן אמת'ער סאָלדאַט, — האָט איינער פֿון דער גרופּע צו מיר באַמערקט און דערביי צוגעלייגט:

— עס זאָל דיר נאָר נישט אויסקומען חלילה אַ שאָס צו טאָן.

די צווייטע העלפֿט פֿון דער באַמערקונג האָט געדאַרפֿט זיין אַ קיבעץ אויף מיין חשבון, ווייל איך בין דאָך נאָך נישט דורכגעגאַנגען דעם קורס פֿון פּראַקטישן שיסן.

איך האָב שוין ביז דעמאָלט געהאַט געזען עטלעכע מאָל די געפֿאַנגענע טערקן דורך די צאַמען פֿון די שטעכיקע דראָטן, מיט וועלכע זייערעביידלעך זיינען געווען אַרומגערינגלט. צו גיין זייער נאָענט האָט מען נישט געקאָנט. דאָס האָט די וואַך נישט דערלויבט אפילו אַן ענגלישן סאָלדאַט. אָבער אין דעם העלן שיין פֿון די פּאַלעסטינער טעג האָט מען זיי אויך געקאָנט זען געגנוי פֿון דער ווייטנס. ברוינע, אַטלעטישע יונגען אין אָפּגעריסענע בלויליכע קליידער האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט, ווי אומרואיגע חיות אין שטייגן, אָדער געזעסן אויף זייערע טריט מיט די קניען אין פּאַראַנים און האַלב צוגעמאַכטע אויגן, ווי רעזיגנירטע צדיקים, וואָס האָבן זיך איינגאַנצן איבערגעגעבן צום ווילן פֿון זייער אַלאַ.

פֿון ציט צו ציט האָט זיך טאַקע אַ טראָג געטאָן אין דער דורכזיכטיגער לופֿט אַריין אַ שטיל געברומעריי.

— אַלאַהאַהאַ! — האָט זיך דורכגעצויגן דאָס געברומעריי און עס איז געווען, ווי אָט דאָס געברומעריי האָט זיך דורכגעטראָגן דורך דער לופֿט אויפֿ'ן וועג קיין מעקאַ, כדי אָנצוקומען צו אַלאַ'ן פּערזענלעך און אים לאָזן וויסן וועגן דער געפֿאַנגענשאַפֿט פֿון זיינע געטרייע און גלויביגע קינדער.

פֿון די אַלטע סאָלדאַטן אינ'ם לאַגער האָב איך געהערט, אַז אָט די טערקן האָבן אין די שלאַכטן דווקא נישט אַרויסגעוויזן קיין צו שטאַרקן ווילן צו קעמפֿן פֿאַר דעם כבוד פֿון זייער אַלאַ.

— זיי האָבן זיך איבערגעגעבן, ווי הילפֿלאָזע קינדער, — האָט מיר דערציילט דער עלטערער לעגיאָנער צוקער פֿון קליוולאַנד, וועלכער האָט אָנטייל גענומען ביים שטורעמען יריחו.

— העק־מעק! העק־מעק! — האָט צוקער פֿאַר מיר נאָכגעמאַכט זייערע אויסרופֿן און דערביי זייער שטאַרק באַדויערט הלמאי ער האָט דעמאָלט נישט פֿאַרשטאַנען, אַז „העק־מעק" מיינט ברויט.

— וואָלט איך דעמאָלט דאָס געוואוסט, וואָלט איך דאָך געווען אוועק־

געגעבן צו זיי דעם לעצטן ביסן פון מויל, — האָט צוקער נישט אויפגע־הערט איבערצו׳חזר׳ן.

איצט בין איך אויפ׳ן וועג צו נעמען די זעלביגע טערקן אויף דער ארבעט און עס איז ביז גאָר מאָדנע צו פילן אויף זיך דאָס געווער און דעם שנור מיט די אמת׳ע קוילן.

די זון איז שוין געווען הויך אין הימל, ווען אונזער אָפּטיילונג פון פיר און צוואַנציג לעגיאָנערן מיט א קאָרפּאָראַל, א סערזשאַנט און אַן אָפיצער אויף א פערד האָט דערגרייכט דעם לאַגער פון די געפאַנגענע. די וואַך האָט אונז סאַלוטירט מיט דעם געווער אין פאָראויס און לויט דעם באַפעל פון אונזער אָפיצער האָבן מיר געענטפערט אויפ׳ן סאַלוט מיט א קלאַפּ פון אונזערע רעכטע הענט איבער אונזערע ביקסן. באַלד זיינען מיר אויסגעשטעלט געוואָרן צו צוועלף אין א רייע פנים אל פנים איינע קעגן די אַנדערע און עס איז געקומען דעם אָפיצער׳ס באַפעל:

— צען טריט צוריק־וועגס! און צען טריט איינער פון דעם אַנדערן!

עס האָט זיך געעפנט דער דראָטענער טויער און עס האָבן ארויסגע־מאַרשירט ארום זעכציג ברוינע, אַטלעטישע טערקן צו פיר אין א ריי מיט די הענט פאַרלייגט הינטער זיך.

— אַנלאָדן! — איז געקומען א שאַרפער, דונערדיגער באַפעל.

מיר האָבן אויף שנעל אָנגעפילט אונזערע ביקסן מיט קוילן פון די לעדערנע קעשענעס.

— באַיאָנעטן! — איז געקומען א צווייטער באַפעל און מיר האָבן בליציג געטאָן א זעץ ארויף די באַיאָנעטן אויף אונזערע ביקסן.

— רעכטס, מאַאַארררששש!!! — האָט דער אָפיצער א געשריי געטאָן מיט אַן אויסגעצויגן קול און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אריין.

דער אָפיצער אויף זיין ברוינעם, גלאַנציגן פערד פאָראויס, מיר ביי די זייטן, דער סערזשאַנט מיט דעם קאָרפּאָראַל פון הינטן און די זעכציג שווייגנדיגע טערקן מיט זייערע הענט הינטער זיך אין דער מיט.

די זון האָט געגליט איבער דעם אראַבישן דערפל סאַראַפּענד, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַרשירט, און איך געדענק גענוי, ווי איך האָב זיך געוואונדערט הלמאי מען זעט בלויז די ברוינע צונויפגעהורבעטע שטיבלעך און קיין לעבעדיגער נפש איז נישטאָ.

— אודאי זיך באַהאַלטן פון שרעק פאַר אונזער אָנקומען, — איז מיר דורכגעלאָפן אין קאָפּ און איך האָב זיך דערפילט פאַרשעמט פאַר דער שרעק, וואָס מיר האָבן אָנגעוואָרפן אויף זיי.

בלויז אַן איינזאמער, באַבערדלטער צאַפּ מיט מיט א הילצערן גלעקל ארום זיין האַלז איז געשטאַנען און געוויגט מיט זיינע פאַרבויגענע הערנער און עטלעכע מאָל א מעקע געטאָן.

— מעהעעע! — האָט זיך געצויגן אין דער פרימאָרגנדיגער לופט אריין זיין ציקלנדיג קול׳כל.

איך געדענק, ווי אַט דאָס מעקן פון דעם צאַפּ איז ביי מיר אויסגע־קומען ווי אַ חוזק׳דיק רייצעניש מיט אונז.

— מעהעעע ! איך איינער שרעק זיך נישט איבער פאַר אייך ! מעהעע !

אַט אַזוינס האָב איך געהערט אין זיין מעקן און מיר איז אַזוי גוט געוואָרן דערפון, אַז וואָלט איך נאָר געוועז געקאַנט, וואָלט איך געוועז צוגעגאַנגען צו אים און אַ גלעט געטאָן מיט דאַנקבאַרקייט און ליבשאַפט זיין בערדל.

אין אַ שעה אַרום זיינען מיר אָנגעקומען צו אַ באַן־ליניע אויף יענער זייט פון דער סטאַנציע לוד, וואו עס זיינען געשטאַנען עטלעכע פראַכט־וואַגאָנעס אויסגעלאָדן צו ווערן. דער אָפיצער מיט דער הילף פון דעם סערשאַנט און קאָרפּאָראַל האָט גלייך אויפ׳ן אָרט איינגעטיילט אונזער אָפּטיילונג פון פיר און צוואַנציג סאָלדאַטן אויף דריי גרופּעס. בשעת איין גרופּע פון אַכט איז געשטאַנען אויף דער וואַך מיט די גע־לאָדענע ביקסן און אַנטבלויזטע באַיאָנעטן, האָבן די איבעריגע זעכצן גערוט אונטער דעם שאָטן פון אַ פייגנבוים, וואָס איז געשטאַנען נאָענט דערביי. אָבער דאָס רוען האָט אויך געמוזט זיין אַ וואַכנדיגס. די קוילן אין די לעדערנער קעשענעס און אויפ׳ן שנור און די ביקסן לעבן זיך, ווייל טאָמער אַ קשיא אויף אַ מעשה און עס פאַרגלוסט זיך איינעם פון די טערקן איבערצולאָזן זיין פּלאַץ און מאַכן פּליטה, זאָלן די איבעריגע זיין גרייט אין איין רגע אַרויסצוהעלפן די אַכט פון דער וואַך.

די זון האָט אומ׳רחמנות׳דיג געברענט אַזוי שטאַרק איבער אונז, אַז דאָס זאַמד האָט געגליט די זוילן פון אונזערע שווערע שיך. ווען איך בין געזעסן אונטער׳ן פייגנבוים צווישן די רוענדיגע, איז נאָך נישט געווען אַזוי שלעכט. מען האָט געקאָנט רויכערן, באַטראַכטן און אפילו אַ טראַכט טאָן וועגן עפּעס אַנדערש. באַטראַכטן איז נישט געווען וואָס. אויסער די טערקן, וואָס האָבן שטאַרק געשוויצט אונטער די פּעק און קאַסטנס, איז נישט געווען אויף וואָס צו קוקן. דער האָריזאָנט אַרום איז געווען נישט מער ווי זאַמד און הימל, און דאָ און דאָרט אַן איינזאַמער בוים, וואָס האָט אויסגעקוקט אַ פאַרגעסענער. איך האָב אַ צייט געקוקט אויף די אַרבעטנדיגע טערקן. געזוכט אַרויסצושיילן איין פּנים, וואָס זאָל מיר עפּעס דערציילן, אָבער אין דער שווערער אַרבעט האָבן זיי אַלע געהאַט איין פּנים, אַ שוויטיגס, אַ גלאַנצנדיג־ברוינס און אַזאַ שוויינגנדיגס.

פיל ערגער איז מיר געווען, ווען איך בין געשטאַנען אויף דער וואַך.

דעמאָלט האָב איך שוין וועגן עפּעס אַנדערש זיך נישט געקאַנט פאַרגינען צו טראַכטן, כאָטש אַן „עפּעס אַנדערש" האָט זיך דווקא גערייצט מיט מיר און מיך נישט געוואָלט אָפּלאָזן.

— איצט האָט שוין י. ח. ברענער אודאי מיינע לידער, וואָס איך האָב אים נעכטן אָפּגעשיקט, — האָט זיך געבאָמבלט אין מיין מוח.

— ווער ברענער ! וואָס לידער ! — האָב איך זיך געבייזערט אויף זיך אַליין און דאָך האָט זיך אַלץ נישט אויפגעהערט צו באָמבלען :

— געפעלן זיי אים? וועט ער מיר אָנשרייבן א בריוול?

די זון האָט זיך געשפּיגלט אין דעם גלאַנץ פון מיין באַיאָנעט אויפ'ן ביקס, וואָס איז געווען אויסגעשטרעקט צום פאָראויס און איך האָב זיך באַמיט מיט אַלע מיינע כחות זיך צו קאָנצענטרירן אויף די אַרבעטנדיגע טערקן.

— עס זאָל זיך כאָטש נישט פאַרגלוסטן איינעם פון זיי צו מאַכן פּליטה!

איך האָב אומיסטן דאָס איבערגעזאָגט צו זיך אויפ'ן קול, כדי אויפ־צוואַוועקן אין זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר מיין פליכט.

— עס קאָן נאָך אַמאָל אויסקומען א שאָס צו טאָן, — האָב איך געגעבן זיך אַליין א וואָרנונג.

— א שאָס טאָן?

אין דער מורא'דיגער היץ אַרום זיך האָב איך דערפילט א קעלט אין זיך פון אָט דער פראַגע.

פּלוצלונג האָב איך דערפילט א טיפע דאַנקבאַרקייט צו אָט די טערקן, וואָס טוען זייער אַרבעט שטיל און געהאָרכזאַם.

— וואוילע יונגען, האָב איך זיי שטילערהייט קאָמפּלימענטירט.

אָבער ווען עס האָט אָנגעהויבן אויפצוגיין אין מיר א מיטגעפיל צו זיי דערפאַר, וואָס זיי זיינען אין געפאַנגענשאַפט, האָב איך זיך שטיל צעלאַכט פון דעם מיטגעפיל אין זיך צו זיי.

עס איז פאַר מיר פּלוצלונג זייער שטאַרק קלאָר געוואָרן, אַז לויט דער מורא אין מיר, טאָמער וועט חלילה קומען צו שיסן אויף זיי, בין איך אייגנטלעך געווען דער געפאַנגענער ביי זיי, און נישט זיי ביי מיר.

# אין בן־שמן

דער שריפטשטעלער ז. ברכות, וואָס איז געווען אין אַן אַנדער קאָמ־פּאַניע פון באַטאַליאָן, האָט אין איינעם אַ פאַרנאַכט מיר אַ זעץ געטאָן אויפ'ן פּלייצע.

— וואָס אַזוי פאַרטראַכט?

איך האָב אים אָנגעוויזן אויפ'ן מערב־האָריזאָנט, וואוהין די זון איז שוין געווען פאַרשוואונדן, און געזאָגט:

— דער האָריזאָנט לעשט זיך דאָ, ווי אַ גוסס פאַר'ן שטאַרבן.

ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ געזונטן געלעכטער און מיך איינגעלאַדן צו גיין מיט אים קיין בן־שמן.

— איינגאַנצן דריי פערטל שעה גאַנג, — האָט ער געזאָגט, און מיר האָבן זיך געלאָזט איבער'ן זאַמד צום וועג, פון וועלכן מיר האָבן זיך זייער גיך פאַרדרייט אויף אַ זייטיגער סטעזשקע.

דער בלייכער פאַרנאַכט איז אומבאַמערקטערהייט איבערגעגאַנגען אין אַ בלויען אָוונט. אויפ'ן הימל האָט זיך געזילבערט אַ לבנה, די גרויס פון אַ טאַץ, וואָס מען האָט אָפּגעשייערט לכבוד יום־טוב, און מיר איז יום־טוב'דיג געוואָרן פון די רייד, וואָס ז. ברכות האָט צו מיר גערעדט וועגן בן־שמן.

— וואוילע יונגען און מיידלעך, וואָס אַרבעטן שווער און אָרנטלעך אויף דער ערד און די ערד צאָלט זיי אָפּ פאַר זייער פּראַצע מיט פרישן גרינס און געשמאַקע מילך פון די קי.

אָט אַזוי האָט ער מיר דערציילט און דערביי צוגעלייגט:

— נאָר קיין שיך האָבן זיי נישט. זיי גייען באָרוועס.

ווען מיר זיינען פון דער שמאָלער סטעזשקע אַרויף אויף אַ ברייטערן וועג, וואָס האָט געפירט באַרג־אַרויף, איז אונז אַנטקעגנגעקומען אַזאַ בלויע זילבערנע שטילקייט, ווי דער אָוונט אַרום אונז וואָלט דעם אָטעם איינגעהאַלטן, כדי זיך איינצוהערן צו עפּעס, וואָס באַדאַרף דאָ באַלד אָנ־געזאָגט ווערן.

מיר זיינען ביידע געגאַנגען שווייגנדיגע, ווי אויך מיר וואָלטן מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס געוואַרט אויפ'ן אָנזאָג. אָבער ווען ער איז ענדלעך געקומען, איז ער געווען נישט מער, ווי דאָס געוויין פון שאַקאַלן, וואָס האָט געגעבן דעם איינדרוק פון קינדער־געוויין, הלמאי די מאַמעס האָבן זיי איבערגעלאָזט אויף הפקר.

— אָט דאָ אין דער געגנט בין איך אַמאָל אַ שומר געווען, — האָט ער מיר גענומען דערציילן און דערציילנדיג אַזוי, זיינען אויפגעשוואומען בילדער און איבערלעבונגען, וואָס ער האָט שוין איצט דערציילט מער פאַר זיך אַליין, ווי פאַר מיר.

איך ווייס נישט, ווי בן־שמן קוקט איצט אויס און וואָס עס איז פון אָט דעם פּלאַץ געוואָרן, נאָר ווען מיר האָבן יענעם אָוונט אַריינגעשפּאַנט אין איר גדר, זיינען אונז צוזאַמען מיט די צעלויכטענע שויבן פון אַ ברייטער ווייסער שטוב אויך אַנטקעגנגעקומען עטלעכע פּשוט'ע און צעלויכטענע מענטשן.

— אָ, ברכות! — האָט אַ געזונטער קנאַכיגער בחור אויסגערופן דערפריים אויף העברייאיש, און ווען איך בין פאַרגעשטעלט געוואָרן ווי אַ יונגער דיכטער פון ניו יאָרק, וואָס שרייבט אויף אידיש, האָב איך זיך אויף אַ רגע איבערגעשראָקן, אַז טאָמער קומט אַ קרום אויפ'ן פּנים פון אָט דעם אַרבעטער־מענטשן, ווי ער איז געקומען אויפ'ן פּנים פון יענער אינטעליגענטישער מיידל אין תל־אָביב, ווען זי האָט דערהערט, אַז איך שרייב נעבעך אויף אידיש.

אָבער נישט נאָר איז נישט געקומען קיין קרום אויף זיין פּנים, נאָר אדרבה, איך האָב דערפילט אַ וואַרימע האַנט און נאָך אַ וואַרימערע באַגריסונג אויף אידיש:

— זייער אַנגענעם, איר זייט זייער ווילקאָמען!

עס האָט זיך באַוויזן אַ באָרוועס מיידל מיט אַן עמער פרישע מילך און ווידער דאָס אייגענע:

— אַזוי, אַזוי, אַ אידישער דיכטער פון ניו יאָרק!

אין עטלעכע מינוט שפּעטער זיינען מיר געזעסן אַרום אַ לאַנגן פּראָסטן טיש, וואָס איז געווען באַלויכטן פון אַ נאַפט־לאָמפּ, און כאָטש ברכות און איך זיינען געווען אָפּגעגעסענע, האָבן מיר געמוזט מיטעסן דעם אָוונט־ברויט, וואָס איז באַשטאַנען פון ברויט מיט געקאָכטע צעריי־בענע פּאָמאַדאָרן.

— אפשר אַ פּאָר אייער? — האָט זיך געווענדט צו ברכות'ן און צו מיר דאָס מיידל, וואָס האָט דאָס עסן סערווירט.

ווען מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט, איז זי אָבער באַשטאַנען, אַז מילך זאָלן מיר טרינקען:

— פרישע מילך, נאָר וואָס אויסגעמאָלקן.

שפּעטער זיינען מיר געזעסן מיט דער גרופּע יונגען און מיידלעך אין דרויסן אויף אַ באַנק און איך געדענק נישט, צי דאָס איז געווען צוליב מיר, אָדער עס איז געווען ביי די מערסטע פון דער גרופּע אַ געוויינלעכע זאַך צו ריידן אידיש.

איינער פון דער גרופּע האָט אפילו פאַרצויגן אַ פאָלקס־לידל אויף אידיש:

„אונטער אַ קליין בוימעלע,
זיצן אינגעלעך צוויי,—

איך געדענק גענוי, ווי איצט, אַז אַלע האָבן מיר גרויס פאַרגעניגן אויפגעכאַפּט אָט דאָס לידל און דאָס איבערגעזונגען עטלעכע מאָל.

דערנאָך איז אוועקגעגאַנגען אַ היציגער שמועס וועגן דער לאַגע פון׳ם אידישן ישוב אין פּאַלעסטינע.

אַ שאָד, וואָס איך געדענק נישט גענוי די אײנצלהײטן פון יענעם געשפּרעך, אָבער איך געדענק זײער גוט, אַז עס זײַנען געווען אַ סך שאַרפֿקײטן אַנטקעגן דער ציוניסטישער לײטונג פון לאַנד, הלמאַי זי איז פּאַראינטערעסירט פיל מער אין דעם צופלוס פון קאַפּיטאַל, ווי אין מענטשן־מאַטעריאַל אין לאַנד אַרײַן.

— אָט טאַקע וועגן די טויזנטער לעגיאָנערן, וואָס געפינען זיך איצט דאָ! — האָט אויסגעשריגן דער זעלביגער קנאַקיגער בחור, וואָס האָט דער ערשטער מיך אַזוי וואַרים אויפגענומען.

— טוט מען עפּעס, אַז די לעגיאָנערן זאָלן װעלן דאָ פאַרבלײַבן? — האָט ער שאַרף געפרעגט.

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז דאָ אַרום בן־שמן דאַרף זיך געפינען דער הרצל־וואַלד און איך האָב זיך געבעטן, אַז מען זאָל אים מיר װײַזן.

חברה האָט זיך שטיל צעלאַכט און אײנער האָט בײַ מיר געפרעגט, צי איך האָב מיטגענומען מײַן ביקס מיט זיך.

— די ביקס?

— נו, יאָ, טאָמער טוט זיך אַ וואָרף אויף אײַך אַ חיה, — האָט זיך אײנע פון די מײדלעך צעװיצלט און דערבײַ צוגעלײגט:

— אַ געדיכטער וואַלד, אַ מורא!

אַ ביסל שפּעטער האָט דאָס זעלביגע מײדל מיך דאָך געפירט צום וואַלד, אָבער געווען איז דאָס אַ וואַלד אײנגאַנצן אָן בוימער.

— איר שפּאַסט? — האָב איך געפרעגט, קוקנדיג אויף דעם לבנה־באַגאָסענעם שטח, וואו קײן סימן פון קײן בוים איז נײַט געווען צו זען.

— געווען אַ ביסל בוימער, האָבן די פאַרבײַמאַרשירנדיגע טערקישע סאָלדאַטן זײ אויסגעריסן, — האָט דאָס מײדל מיר דערקלערט, און ווי זי וואָלט נישט קײן חשק געהאַט מער צי רײדן דערפון, האָט זי אַ נעם געטאָן מײַן אָרעם און געבעטן:

— דערצײלט מיר עפּעס וועגן ניו יאָרק.

— וועגן ניו יאָרק? — האָב איך געפרעגט אין אַזאַ טאָן, ווי איך אַלײן וואָלט זיך געוואונדערט הלמאַי זי איז פאַראינטערעסירט אין ניו יאָרק.

מיר האָבן זיך געזעצט אויף אַ ברײטן שטײן, וואָס איז ווי עפּעס צוגעגרײט געוואָרן ספּעציעל פאַר אונזערטוועגן בײַ דער זײַט פון׳ם וועג, און אַ ווײַל שווײַגנדיגע געקוקט אין דער בלויער נאַכט אַרײַן.

דאָס שאַקאַלן־געווײן איז איצט אויפגעגאַנגען אין דער לופט אַרײַן פיל אָפּטער און פיל שטאַרקער ווי פריער, און איך האָב געפילט, ווי אַן ענלעך געווײן רײַסט זיך אויך פון מיר.

— אין ניו יאָרק, זאָגט מען מיר, טראָגן די אידישע פאַבריק־מײדלעך זײַדענע זאָקן, — האָט דאָס מײדל לעבן מיר איבערגעריסן מײַנע מחשבות

און דערביי אויסגעשטרעקט אירע באָרוועסע פיס פאָראויס.

— ווי מיינט איר, אָדון וויינפער, אויף מיינע פיס וואָלטן זיך גע־פּאַסט זיידענע זאָקן?

פון דער נאָענטער שטאָל האָט זיך דערהערט דאָס מרוקן פון אַ קו און דאָס מיידל לעבן מיר האָט אויף אַ רגע געהאַלטן אָנגעשטרענגט אירע אויערן אַהין, פון וואַנען דאָס מרוקען איז געקומען.

אָבער אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי ווייטער גערעדט מער צו זיך, ווי צו מיר:

— מיידלעך אין ניו יאָרק אַרבעטן און לעבן. איך האָב אַ קוזינע אין ניו יאָרק, שרייבט זי מיר וועגן דעם. זי האָט מיר אויך אַ בילד געשיקט פון זיך. אַ גראַפיניע ממש. אויסגעפּוצט אין אַ זיידן קליידל און אַ הוט אויפ׳ן קאָפּ.

— וואָס־זשע, איר וואָלט געוואָלט פאָרן קיין ניו יאָרק? — האָב איך זי געפרעגט.

זי האָט אויפגעהויבן אויף מיר אירע אויגן און אַ ווײַל געקוקט אויף מיר אַ שווייגנדיגע און אַ נאָכטראַכטנדיגע. עס איז געוועזן קלאָר, אַז זי וויל עפּעס זאָגן און געפינט נישט דאָס פּאַסיגע וואָרט דערפאַר.

פון דער נאָענטער שטאָל האָט זיך ווידער דערהערט דאָס ברומען פון דער קו און דאָס מיידל האָט ווידער אָנגעשטרענגט די אויערן:

— וואָס טוט זיך עס היינט דאָרטן מיט דער געלער קו, האַ? — האָט זי געזאָגט און זיך אויפגעהויבן און איך נאָך איר.

די לבנה איז נאָך זילבערדיגער געוואָרן איבער איר טונקעלן קאָפּ.

ביים אַריינגאַנג האָט מיך באַגעגנט ז. ברכות און אויסגערופן:

— העי, וואו ביזטו דאָס פאַרשוואונדן? עס איז צייט זיך אומקערן אין לאַגער אַריין.

אויפ׳ן וועג צוריק האָבן מיר די גאַנצע צייט געשוויגן. איבער אונז האָט אויך געשוויגן די גרויסע זילבערנע לבנה. בלויז די שאַקאַלן אַרום האָבן נישט געוואָלט שווייגן און אַלע ווײַל אַ ריס געטאָן די לופט מיט זייער האַרצרייסנדיג געוויין.

# קוירנעל מאַרגאָלין

אין אונזער באַטאַליאָן האָט זיך דורכגעטראָגן אַ קלאַנג, אַז אונזער קוירנעל לייזער מאַרגאָלין וועט באַלד איבערלאָזן זיין אַמט און וועט אָפּגעשיקט ווערן קיין סיביר, אָדער ערגעץ אַנדערש־וואו, אין דער שפּיץ פון אַ בריטישער עקספּעדיציע קעגן די באָלשעוויקעס.

— ער קריגט דעם טיטול גענעראַל, — האָט מען זיך געשושקעט.

מיך האָט די נייעס שווער געטראָפן, ווייל פאַר דער קורצער צייט, וואָס איך האָב אים אָבזערווירט, איז ער מיר געוואָרן ביז גאָר סימפּאַטיש.

עס קאָן זיין, אַז עס איז געווען דער ראָמאַנטיזם פון זיין לעבן, וואָס האָט אַזוי געווירקט אויף מיר, אָדער זיין אויסערלעכע שיינקייט האָט געהאַט צו טאָן דערמיט.

אַז איך פלעג אים זען אויף זיין פיינעם ברוינעם פערד, צו וועלכן ער איז ממש געווען צוגעשמידט, פלעג איך דערציטערט ווערן פון דער געוואַלדיגער שיינקייט און קראַפט, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אָט דעם בילד.

באַזונדערס פלעג איך אים נאָכקוקן, ווען לעבן אים פלעגט אויך רייטן דאָס יונגע אידישע מיידל פון אַ דערבייאיגער אידישער קאָלאָניע, צו וועלכער ער האָט זיך באַצויגן מיט דער האַרציגקייט פון אַ פאָטער צו אַ טאָכטער.

אין באַטאַליאָן האָט מען דערציילט, אַז דאָס איז אַ טעכטערל פון אַ פאַרמעגלעכער קאָלאָניסטין, וואָס איז מיט יאָרן צוריק, מיידלוויז, געווען שטאַרק פאַרליבט אין אונזער איצטיגן קוירנעל און האָט אָבער געמוזט, אונטער דעם דרוק פון אירע עלטערן, חתונה האָבן מיט אַ זינדל פון אַ פאַריזער אידישן באַנקיר.

עס איז געווען אין יענער צייט, ווען ראשון־לציון און רחובות האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן צו בויען מיט דער הילף פון ראָטשילד'ס געלט. צווישן די אַראַבישע און אידישע האַרעפּאַשניקעס, וואָס האָבן מיט טאַטשקעס צעפירט דאָס זאַמד פון די בערגלעך, כדי אויסצוגלייכן דעם שטח פאַר ישובים, איז אויך געווען אַ שיין, אָפּגעריסן אידיש בחור'ל פון רוסלאַנד. נישט נאָר איז אָט דאָס בחור'ל געווען איינער פון די פלייסיגסטע און בעסטע אַרבעטער, נאָר ער איז אויך געווען איינער פון די בעסטע רייטער. אפילו די אַראַבישע עפענדים, וואָס זיינען געוואַלדיגע בריה'ס אויף די פערדלעך, פלעגן אים באַוואונדערן און זיי פלעגן אים איינלאַדן אנטייל צו נעמען אין זייערע פערד־געיעגן, אויף וועלכע ער האָט געקראָגן אַ סך אויסצייכענונגען.

נו, האָט זיך געטראָפן, אַז אַ שיינע און גראָטענע טאָכטער פון אַ פאַרמעגלעכן קאָלאָניסט האָט זיך פאַרליבט אין אָט דעם בחור'ל, אָבער די עלטערן זיינען געווען געגן אים, און כדי איבערצורייסן דעם ראָמאַנס,

האָבן זיי אוועקגעשיקט די טאָכטער קיין פּאַריז און זי דאָרטן חתונה גע־מאַכט מיט אַ זינדל פון אַ ציוניסטישן באַנקיר.

אָט די מעשה האָב איך געהערט פון אַן עלטערער פרוי אין ראשון־לציון און אַ ברודער פון דעם קוירנעל, וואָס איז געווען בלינד אויף בײדע אויגן און איז געווען אַן אַריינגייער אין שטוב פון אָט דער עלטערער פרוי, האָט פאַר מיר פאַרטגעזעצט אָט־די מעשה וועגן יענעם אָפּגעריסענעם שיינעם בחור׳ל.

— דאָס האַרץ איז ביי אים צעבראָכן געוואָרן און ער איז אוועק קיין דרום־אַפריקע. אין דער צייט פון דעם בורישן קריג האָט מיין ברודער געקעמפט צוזאַמען מיט די בורן קעגן ענגלאַנד. חתונה געהאַט האָט ער קיינמאָל נישט, אָבער געבילדעט און פאַרמעגלעך איז ער דורך די יאָרן געוואָרן. ווען עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה, איז ער געווען אין אויסטראַליע. דאָרטן האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אונטער גענעראַל מאָנאַש און איז גלייך געוואָרן אַן אָפיצער. אויסצייכנענדיג זיך אין אַ ריי שלאַכטן, איז ער געוואַקסן ביז דעם טיטול מאַיאָר. דעמאָלט קריגט מיין ברודער אור־לויב קיין ענגלאַנד, און אונטער דער שטימונג, וואָס ער טרעפט דאָרטן פאַר דער פאָרמירונג פון דעם אידישן לעגיאָן, נעמט ער איבער דעם ניין און דרייסיגסטן באַטאַליאָן, מיט וועלכן ער האָט געהאָלפן גענעראַל אַלענבי׳ן אָפּצונעמען פּאַלעסטינע פון די טערקן.

איך געדענק, אַז עס איז געווען אַ שבת פאַרנאַכט, ווען דער בלינדער ברודער האָט מיר דערציילט אָט די מעשה.

די שטוב איז געווען איינגעטונקען אין ראָזעווען קאָליר פון דער אונ־טערגייענדיגער זון און מיט אויסגעשטאַרטע אויגן האָט דער ברודער צוגע־לייגט:

— איצט איז מיין לייזער אַן אָפטער גאַסט ביי זיין אַמאָליגער גע־ליבטער אין שטוב און איר טאָכטער איז אַן אָפטע באַגלייטערין אויף זיינע רייט־שפּאַצירן.

ווען דער בלינדער האָט געענדיגט זיין ראָמאַנטישע דערציילונג, האָט זיך דערהערט דער אָפּהילך פון פערדישע טריט ביי די אָפענע פענצטער פון דער שטוב.

— און אָט איז ער טאַקע! — האָט דער בלינדער אויסגערופן מיט אַ פריידיגן שטאָלץ אין זיין קול.

עס האָט זיך געעפנט די טיר און מיין קוירנעל לייזער מאַרגאָלין איז אַריין מיט זיין פערד־בייטשל אין דער רעכטער האַנט.

— גוט־שבת, — האָט ער געזאָגט מיט אַ וואויל־יונגערישער פריינט־לעכקייט אין זיין קול און איך האָב זיך געטאָן אַ ציִ אויס, ווי אַ סטרונע פאַר אים.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און שמייכלענדיג געזאָגט:

— זיץ, זיץ, דאָ בין איך דיר נישט קיין קוירנעל!

אָט די סצענע האָט אויף מיין יונג און עמפּינדלעך געמיט געמאַכט

א שטאַרקן איינדרוק, און עס איז אויסגעוואַקסן אַ זייער וואַרים געפיל אין מיר צו אים.

— אַן אמת'ער פאָלקס־מענטש, — פלעג איך וועגן אים טראַכטן, און דאָ הער איך פלוצלונג, אַז ער פאַרלאָזט אונז צוליב אַ גענעראַלסקע היטל.

מילא, די גענעראַלסקע היטל האָב איך אים פאַרגעבן. ווען עס וואָלט זיך געווען געווענדט אין מיר, וואָלט איך זי אים שוין לאַנג געגעבן, אָבער אַנפירן אַן עקספּעדיציע קעגן דער רוסישער רעוואָלוציע? אָט די נייעס האָט מיך אַזוי שטאַרק באַאומרואיגט און ווי געטאָן, אַז איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט זיך אַריבערצוכאַפּן קיין ראשון־לציון, אויפזוכן זיין בלינדן ברודער און אים אַגיטירן, אַז ער זאָל נישט לאָזן.

— ווען איך אַליין וואָלט מיט אים געקאָנט אַ שמועס טאָן! אָבער דאָס איז דאָך פשוט אוממעגלעך! ווי קאָן איך, אַ פּשוט'ער סאָלדאַט, צו אים צוטרעטן!

אָבער אָט טרעפט עפּעס אַזוינס, אויף וואָס איך האָב זיך גאָרנישט געקאָנט ריכטן.

אין דעם זעלביקן פאַרנאַכט, ווען איך האָב זיך געגרייט צו גיין קיין ראשון־לציון אויפצוזוכן דעם בלינדן, דערהער איך פלוצלונג, ווי דער סערזשאַנט פון מיין קאָמפּאַניע רופט מיין נאָמען.

— וויינפער, דער קוירנעל דאַרף דיך!

— דער קוירנעל? מיך?

דאָ דערציילט מיר דער סערזשאַנט אין אַן איריטירטן קול, אַז ער זוכט מיך שוין אַרום אַ גאַנצן נאָכמיטאָג.

— וואו ביזטו געווען? — האָט ער אין אַ שטרענגן קול געוואָלט וויסן.

— מיין וועש געוואַשן, — האָב איך געפונען אַ תירוץ.

— קום מיט מיר, — האָט ער באַפוילן.

— איצט? — האָב איך געפרעגט פאַרוואונדערט, וואָרום עס איז שוין געווען נאָך דער צייט, ווען דער קוירנעל נעמט אויף.

— איצט, אין זיין פּריוואַטןביידל, — האָט דער סערזשאַנט געענט־פערט.

איך געדענק, אַז איך בין געוואָרן אַ ביסל איבערגעשראָקן, אָבער צו לאַנג זיך שרעקן האָב איך קיין צייט נישט געהאַט, וואָרום עס האָט נישט לאַנג געדויערט און דער סערזשאַנט האָט ביים אַריינגאַנג פון דעם קוירנעל'ס פיר־עקיג ברוינעם ביידל מיך אַנאָנסירט.

ווען דער קוירנעל האָט זיך באַוויזן און שמייכלענדיג געענטפערט אויף מיין סאַלוט, איז די שרעק אין מיר באַלד אינגאַנצן צערונען גע־וואָרן. ער האָט געגעבן אַ צייכן דעם סערזשאַנט, אַז ער קאָן גיין, און קוקנדיג מיר אין פּנים, האָט ער געפרעגט:

— ביזטו דער פּאָעט וויינפער?

איך האָב דערפילט, ווי מיין בלוט גיסט זיך מיר אין פּנים אריין.

— יאָ, — האָב איך געענטפערט.

דאָ האָט ער מיר דערלאַנגט אַ צעטעלע און געזאָגט:

— דער העברעאישער שרייבער ש. בן־ציון לאַדט דיך איין צו זיך אויף מאָרגן אָוונט צו דער פּורים׳דיגער סעודה.

איך האָב צעעפנט דאָס צעטעלע און דערזען, אַז דאָס איז אַ דער־לויבעניש אויף פיר און צוואַנציג שעה.

— קאָן איך בעטן אַכט און פערציג? — האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און געפרעגט ביי אים.

דאָ האָט זיין פּנים זיך צעשמייכלט און ער האָט זיך גענומען וויצלען מיט מיר:

— אַזוי לאַנג דאַרף ביי דיר נעמען פאַרטיג ווערן מיט דער פּורים־דיגער סעודה?

דעמאָלט האָב איך זיך אויך צעלאַכט, און אַ מאָדנע זאַך, ווי מענטש־לעך געלעכטער קאָן אָפּווישן די גרעניץ צווישן אַ פּראָסטן סאָלדאַט און אַ קוירנעל.

ער האָט פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— מיין ברודער האָט צו מיר אַ פּאָר מאָל גערעדט וועגן דיר.

— אַ פיינער מענטש אייער ברודער, — האָב איך געענטפערט און צוגעלייגט:

— איך קלייב זיך אים היינט צו זען.

— היינט?

— יאָ, היינט, איך האָב צו אים אַ זייער וויכטיגע בקשה.

— אַ בקשה צו מיין ברודער? — האָט ער איבערגעפרעגט און זיין מויל האָט אַ קלונג געטאָן מיט נייגעריגקייט.

איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און ארויסגעשאָסן:

— עס האָט אַ שייכות מיט אייך!

— מיט מיר?

— יאָ, איך וויל ביי אים בעטן, אַז ער זאָל אייך בעטן נישט איבער־צולאָזן אונזער באַטאַליאָן.

— איבערלאָזן דעם באַטאַליאָן? — האָט ער איבערגעפרעגט און קוקנדיג אָן ערנסטער אויף מיר, האָט ער געוואָלט וויסן פון וועמען איך האָב דאָס געהערט.

— מען רעדט דערפון אין באַטאַליאָן, — האָב איך געזאָגט.

ער איז אַ רגע געשטאַנען אַ שווייגנדיגער און דערנאָך זיך צע־מורמלט:

— מאָדנע, ווי דאָס זאמד דאָ האָט אויער־ן.

פּלוצלונג איז זיין שמייכל צוריק געקומען אויף זיין פּנים און וועגדנ־דיג זיך צו מיר אין אַ באַפעלערישן טאָן, האָט ער געזאָגט:

— זאָג אַלעמען, אַז דאָס זײנען נאַרישקײטן. איך פאַרלאָז נישט דעם באַטאַליאָן!

ער האָט אַ נעם געטאָן דאָס צעטעלע פון מײן האַנט און מיך געהײסן װאַרטן.

פאַר דער צײט, װאָס ער האָט זיך געזאָמט אינעװײניג, האָב איך זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי איך זאָל בײ אים פרעגן װעגן דער עקספּעדיציע קעגן די באָלשעװיקעס, אָבער װען ער איז צוריק אַרױס און מיר איבער־געגעבן מײן צעטעלע מיט אַכט און פערציג שעה אָנשטאָט פיר און צװאַנ־ציג, האָט ער מיר אײנגעשפּאָרט מײן פראַגע.

עס איז געװען, װי ער װאָלט גיכער גערעדט צו זיך אַלײן, װי צו מיר:

— צאַר ניקאָלאַי האָט אונז אידן נישט באַהאַנדלט אַזױ, אַז מיר זאָלן זיך גײן שלאָגן מיט די רעװאָלוציאָנערן קעגן זײן הערשאַפט.

װען איך האָב אים סאַלוטירט און באַדאַנקט, האָט ער מיר צוגע־שמײכלט:

— עס זיך נישט איבער בײ די בן־ציונס, און גריס זײ פון מיר.

יענעם אָװנט האָב איך אָנשטאָט קײן ראשון־לציון אװעקגעשפּאַנט קײן תל־אָביב און מיר איז געװען זײער גוט אויפ׳ן האַרצן.

ערשטנס די אַכט און פערציג שעה צו טאָן מיט זיך, װאָס איך װעל באַגערן, און צװײטנס דעם קוירנעל׳ס װערטער, װאָס איך האָב אױפ׳ן װעג געהאַלטן אין אײן איבער׳חזר׳ן.

— צאַר ניקאָלאַי האָט אונז אידן נישט באַהאַנדלט אַזױ, אַז מיר זאָלן זיך גײן שלאָגן מיט די רעװאָלוציאָנערן קעגן זײן הערשאַפט.

# שריפטשטעלער

די איינלאַדונג צו דער פּורים׳דיגער סעודה ביי די בן־ציונס אין שטוב איז מיר געווען זייער אַנגענעם, אָבער איבערראַשט פון איר בין איך נישט געוואָרן, וואָרים איך האָב זי דערוואַרט.

ז. ברכות, וואָס איז געווען זייער נאָענט צו ש. בן־ציונ׳ען, האָט מיר געבראַכט עטלעכע מאָל גרוסן און מיר איבערגעגעבן, אַז ער וויל מיך זען.

איך האָב געהאַט גרוסן דורך פאַרשיידענע עלטערע לעגיאָנערן, אַז אויך אַנדערע תל־אביב׳ער שריפטשטעלער ווילן מיך זען.

די עטלעכע לידער מיינע, וואָס איך האָב געשיקט י. ח. ברענער׳ן, זיינען געגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן אין דער ליטעראַרישער סביבה פון תל־אביב.

ביז גאָר טשיקאַווע איז געווען דער אופן, ווי אַזוי מען האָט מיר איבערגעגעבן י. ח. ברענער׳ס ענטפער אויף מיינע צוגעשיקטע זאַכן צו אים.

איך בין געווען אויפ׳ן מושטיר־פּאַראַד צוזאַמען מיט׳ן באַטאַליאָן. מען האָט מאַרשירט קאָמפּאַניעסווייז אַהין און צוריק און געאַרבעט מיט׳ן געווער אויף אַלערליי אופנים.

יענעם נאָכמיטאָג איז דעם טרענירער, א ספּעציעל באַשטימטער אָפיצער, געגאַנגען אין לעבן, אַז מיר זאָלן אַרויסברענגען אין אונזערע באַוועגונגען כאָטש אַזוי פיל גראַציע און פלינקייט, ווי מען טרעפט דאָס ביי טענצער און אַקראָבאַטן. די זון האָט געברענט דאָס לייב אונטער אונזערע דינע טוניקס, אָבער יעדער איינער איז געווען אינגאַנצן אויער צו די באַפעלן פון דעם טרענירער.

פלוצלונג קומט אָן אויסגעצויגענער באַפעל צו אונז:

— באַטאַליאָן, האַלט!

איז מילא, אַזאַ באַפעל פלעגן מיר קריגן פון צייט צו צייט אויף אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, אָבער דאָס מאָל דערזע איך לעבן אָפיצער שטיין אין סאַלוט מיין פריינט דעם מוזיק־קריטיקער באַראָן, וואָס איז דעמאָלט געווען א קאָרפּאָראַל אין אונזער באַטאַליאָן. „מסתמא דאַרף מען האָבן פון אונז א פּאָר טאַלאַנטן", האָב איך זיך געטראַכט, וואָרים באַראָן איז געווען דער קאָרפּאָראַל איבער די קאָנצערטיסטן פון אונזער באַטאַליאָן. און ווען דער אָפיצער האָט א באַפעל געגעבן, אַז איך זאָל אַרויסמאַרשירן דריי טריט פאַראויס פון מיין ריי און איך האָב דערזען, ווי באַראָנ׳ס טריט מאַרשירן ריטמיש גלייך צו מיר, איז מיר איינגעפאַלן, אַז איך בין שוין אודאי באַשטימט געוואָרן צו זיין עפּעס א קאָנצערטיסט און באַראָן איז דאָס מיך איצט געקומען צונעמען פון דעם מושטיר־פּלאַץ.

אָבער ווען ער איז געבליבן שטיין מיט א קנאַק פאַר מיר, האָט ער שטיל געזאָגט:

— איך קום ערשט פון תל־אביב. איך האָב זייער גוטע גרוסן צו דיר פון ברענער'ן. אים געפעלן שטאַרק דיינע שירים. געטראַכט, איך וועל עס דיר גלייך דערציילן, וועט דיר זיין גרינגער דאָס מושטירן זיך. זע מיך שפּעטער אין מיין ביידל.

אָפּגעזאָגט אָט דאָס אַלץ צו מיר אין איין אָטעם, האָט ער מיר באַפוילן צוריק אין מיין ריי, זיך א דריי געטאָן, ווי אויף א שרויף, סאַלוטירט דעם אָפיצער און איז אַוועק.

ביז היינט, אַז בארָאן און איך באַגעגענען זיך אין ניו יאָרק, לאַכן מיר זיך פּאַנאַנדער פון יענער סצענע.

— אָפּגעשטעלט א גאַנצן באַטאַליאָן, כדי דיר איבערצוגעבן ברע־נער'ס גרוס, — לאַכט נאָך ביז איצט בארָאן, ווען מיר באַגעגענען זיך אין ניו יאָרק.

הכלל, קריגנדיג פונ'ם קוירנעל דאָס צעטעלע אויף אַכט און פערציג שעה, האָב איך אפילו נישט באַוויזן צו באַמערקן, אַז די צייט הויבט זיך אָן ערשט פון מאָרגן אין דער פּרי און איך בין גלייך אַוועק קיין תל־אביב. א נס קיין מיליטערישער פּאָליסמאַן האָט מיך נישט אָפּגעשטעלט ביים אריינקומען קיין תל־אביב און איך האָב נישט געדאַרפט צוריק מאַרשירן, כדי אויף מאָרגן אין דער פּרי נאָכאַמאָל דורכמאַכן א גאַנג פון א פּאָר שעה.

עס איז שוין געווען אָוונט, ווען איך בין אריינגעפאַלן אין דער אכסניה פון דער משפחה ספּעקטאָר. די ערשטע כונה איז ביי מיר געווען זיך אויס צובאָדן און זיך לייגן פּרי שלאָפן, וואָרים איך האָב געפילט אין זיך א היבשע מידקייט פונ'ם גאַנצן טאָג אינ'ם לאַגער און דערנאָך נאָך אַזא גאַנג צופוס! אָבער דערביי פונ'ם האָטעל האָט געוואוינט דער דיכטער יעקב שטיינבערג, וועלכער איז געוואָר געוואָרן, אַז איך בין דאָ און גלייך נאָכ'ן אויסבאָדן זיך מיך שוין גענומען צו זיך אין צימער.

דער קבלת־פּנים, וואָס יעקב שטיינבערג האָט מיר געגעבן, איז געווען סיי א זייער פריינטלעכער און סיי א ביסל א פּאַרדראָסיגער.

— איך האָב געלייענט אייערע לידער, הנאה געהאַט. איר שרייבט דאָך, ווי אַן אמת'ער וואָלינער פּויער, — האָט ער געזאָגט, דריקנדיג שטאַרק מיין האַנט, אָבער באַלד האָט ער צוגעלייגט מיט פּאַרדרוס אינ'ם קול:

— וואָס האָט איר אויסגעקליבן גראַדע ברענער'ן? דער מענטש האָט דאָך קיין שום באַציאונג נישט צו אידיש, בשעת איך האָב געשריבן א סך לידער און אויך פּראָזע אויף אידיש, ווייסט איר דערפון?

— איך ווייס, איך ווייס, — האָב איך אים באַרואיגט און ווען איך האָב פּאַר אים איבערגעלייענט עטלעכע שורות פון זיינער א לענגערער פּאָעמע, וואָס איך האָב געלייענט אויף אידיש, איז זיין מאַט־קנאָכיג פּנים געוואָרן אינגלדיג־פריילעך און ער האָט זיך גאָר געפּרובירט מיט מיר א ראַנגל צו טאָן אויסצוגעפינען, ווער פון אונז ביידע איז שטאַרקער.

פון לייגן זיך שלאָפן האָט שוין גאָר קיין פראַגע נישט געקאָנט זיין. איך האָב געמוזט מיט אים גיין אין עפּעס א מין קאַוויאַרנע, וואו ער האָט

מיך פאַרגעשטעלט פאַר א צאָל העברייאישע זשורנאַליסטן און שריפט־שטעלער. די קאַוויאַרנע איז געווען אין א קליינעם צימער אויף אַן ערשטן שטאָק און צו מיין חרפה זיינען די נעמען פון די מערסטע זשורנאַליסטן מיר געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט, אָבער אַזוי ווי מיין נאָמען איז צו זיי אויך געווען נישט קיין באַקאַנטער, זיינען מיר געווען קוויט.

— קומט אַהער אויך אַריין ברענער? — האָב איך געפרעגט.

— זע נאָר, זע, ווי עס בענקט זיך אים נאָך ברענער'ן! — האָט שטיינבערג זיך צעקאָכט.

איך האָב אָנגעהויבן חושד צו זיין, אַז צווישן שטיינבערג'ן און ברע־נער'ן איז נישטאָ קיין גרויסע ליבע, אָבער ווען איך האָב אויך געפרעגט אויף ש. בן־ציון'ען, און האָב געקראָגן דעם ענטפער.

— וואָס זשע, איך בין פאַר אייך וויייניג, איר מוזט אויך האָבן בן־ציון'ען? — האָב איך אָנגעהויבן צו באַנעמען, אַז יעקב שטיינבערג'ן מוז אודאי נישט זיין זייער גוט אין דער גאַנצער סביבה און אַז עפּעס עסט זיין האַרץ.

שפּעטער האָט זיך באַוויזן א יונגער בחור מיט א קיילעכדיג פּרויען־פּנים און שטיינבערג האָט מיך פאָרגעשטעלט:

— משורר יעקב קאַפּילעוויטש און אידישער פּאָעט ז. וויינפּער.

— אַ, וויינפּער, — האָט יעקב קאַפּילעוויטש זיך דערפרייט און דריי־קענדיג מיין האַנט געזאָגט:

— געלייענט אייערע לידער ביי ברענער'ן.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פּאָר לידער מיינע, וואָס איך האָב געשיקט צו ברענער'ן, זיינען געלייענט געוואָרן פון אַלע שעפערישע שריפט־שטעלער אין תל־אביב און אַז דאָס האָט מיר געשמייכלט און געפרייט איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדלעך.

ווער מיר זיינען שפּעטער אין דרייען אַרונטער אין גאַס, איז אונז אַנטקעגנגעקומען משה סטאַווסקי.

די באַגעגעניש מיט סטאַווסקי'ן איז געווען גאָר אַן אַנדערע, ווי מיט די אַלע איבעריגע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז דער איינציגער, וואָס האָט שוין עפּעס געלייענט פון מיר נאָך פון פריער.

—אוי, וויינפּער! — האָט ער אויסגערופן און זיך צוקושט מיט מיר.

יענעם אָוונט האָב איך שוין פאַרבראַכט מיט משה סטאַווסקי'ן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

פאַר מיר איז די באַגעגעניש מיט אָט דעם אידישן שריפטשטעלער אויף דער פּאַלעסטינער ערד געווען אַן אמת'ע איבערלעבונג. זיינע וואונ־דערבאַרע אידישע דערציילונגען וועגן אידישע הינער און בהמות זיינען דאָך שוין דעמאָלט געווען איינגעבאַקן אין מיין האַרצן צוזאַמען מיט די בעסטע ווערק פון אונזער דעמאָלטיגער אידישער ליטעראַטור. און דאָ זיצט ער מיט מיר, — אַזאַ פּשוט'ער און אַזאַ פּאָלקסטימלעכער. די פיגור

א ביינערדיגע און א ביסל איינגעבויגן און דאָס פּנים אזא געליניעטס, אָן אָפּגעבערענטס פון דער זון און דאָך אזא אָפּנס.

ווי פילט איר זיך אין פּאַלעסטינע? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— איך האָב א שטיקל פּאַרם, אַ אייגענעם קעמל און א וואונדערבאַר איינגעלע, — האָט ער געענטפערט און דערביי צוגעלייגט:

— אָבער מיט׳ן שרייבן איז א ביסל שווערלעך.

— שווערלעך?

— נו, יאָ, אַז די שפּראַך און דיין געמיט איז אידיש און דאָ איז העברייאיש.

— דאָס אינגאַנצן? — האָב איך געפּרובירט לייכטער מאַכן די שווערקייט, וואָס האָט זיך פּלוצלונג א טראָג געטאָן פון אים.

ער האָט מיך אָנגעקוקט און שטיל געשמייכלט:

— ניין, נישט דאָס אינגאַנצן, — עס איז נאָך דאָ נאָך עפּעס.

מיר האָבן לאַנג געשפּאַצירט איבער די געסלעך, וואָס האָבן זיך גע־וויסלט צווישן די באַבלעטערטע אקוליפּטוס־בוימער. מיר האָבן פאַר־בלאָנדזשעט צום ים־ברעג און זיך צוגעהערט צום שטילן גערויש פון די כוואַליעס, וואָס האָבן זיך געזילבערט. פון דער זייט האָבן זיך געשאָטנט, ווי לאַנגע, אויסגעצויגענע העלזער אין דער הויך אריין, די מעטשעט קופּאָ־לען פון יאַפּע.

פּלוצלונג האָט זיך א ציקל געטאָן אין דער לופט אריין אַן אַראַביש אויסגעצויגן געזאַנג, וואָס איז געווען מער געוויין, ווי געזאַנג.

מיר האָבן זיך ביידע איינגעהערט און ער האָט דערנאָך באַמערקט:

— דאָס געזאַנג פון א פּויערשן שניטער אין אוקראַינע איז נאָך אַלץ אייגענער פון אָט־אָ דעם.

עס איז שוין געווען היבשלעך שפּעט אין דער נאַכט, ווען ער האָט מיך צוגעפירט צו דער טיר פון מיין אכסניה.

— איר טראַכט בלייבן אין פּאַלעסטינע?—האָט ער געפרעגט.

איך האָב אים אויף אָט דער פראַגע ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן, וואָרים איך האָב זי נאָך צו זיך אַליין נישט געהאַט געשטעלט.

ער האָט קיין ענטפער אָבער פון מיר, זעט אויס, נישט דערוואַרט, וואָרים אין א רגע האָט ער צוגעלייגט:

— איך האָב אויך א שטיקל חלק אין ניו יאָרק.

— איר?

—נו, יאָ. די מוטער פון מיין אינגעלע איז אין ניו יאָרק.

איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער נישט געזאָגט. דער טרויער פון זיינע ווערטער האָט מיך אַרומגענומען און איך האָב זיך שטיל מיט אים געזעגנט, זיך טרייסטנדיג דערמיט, וואָס מאָרגן אָוונט וועל איך זיך מיט אים ווידער טרעפן ביי דער פּורים׳דיגער סעודה אין הויז פון ש. בן־ציון.

# ביי ש. בן־ציון׳ען אין הויז

יענע צוויי טעג זיינען געווען מיינע ערשטע צוויי טעג פון פרייען אויסלעבן זיך זינט איך בין אריבערגעפאָרן פון ניו יאָרק קיין ווינדזאָר. כסדר צווישן מענטשן אין ציווילע קליידער, האָב איך שוין אפילו אָנגעהויבן צו פאַרגעסן, אַז איך טראָג אַ אוניפאָרם און נישט איינמאָל האָט דער מיט־שפּאַצירער מיך געדאַרפט דערמאָנען:

— ווינפער, אַן אָפיצער גייט.

איבער די שמאָלע געסלעך פון יאפע זיינען מיינע שעה׳ען איינגעשלונגען געוואָרן צווישן אַראַבישע קרעמלעך, קעמלען און אייזעלעך. און שווערע ריחות, וואָס האָבן אין דער היץ פון דער ברענענדיגער זון זיך געשמאָלצן, ווי וואקס איבער׳ן געמיט, האָבן מיך געמאַטערט.

פרויען טאַטואירטע, מיט האַלב־אָפענע און איינגאַנצן פאַרשלייערטע פנים׳ער האָבן געוועקט דעם נייגיר און זקנים און זקנות האָבן געהאַלטן אין איין שטרעקן די הענט און בעטן נדבות:

— באַקשיש, האוואַדזשי, באַקשיש!

דעם ערשטן טאָג האָב איך נאָך אָט אַזאַ לאַנגן שפּאַציר איבער די געסלעך פון יאפע זיך אויסגעבאָדן אין ים ביים ברעג פון תל אביב און שוין אין איין ווענס אויסגעוואַשן מיינע בגדים און זיי אויסגעטריקנט און אפילו אויסגעפּרעסט אויף דעם אָנגעגליטן ריינעם זאַמד.

פאַרנאַכט האָב איך אַרויסגעשפּאַנט איבער די געסלעך פון תל־אָביב אַן אָפּגעפרישטער. אָבער די בגדים אויף מיר זיינען געווען ווי בלעך, פונ׳ם ים־וואַסער, אין וועלכן איך האָב זיי געוואַשן. דערפאַר האָבן די אויסגעשייערטע מעשענע קנעפּלעך אויף זיי געשאָסן מיט גלאַנציגקייט פון זיך.

איך האָב אָנגעקלאַפּט עטלעכע מאָל אָן דער טיר פון י. ח. ברענער׳ס הויז, אָבער קיינער האָט נישט געענטפערט, און אַזוי ווי צו ש. בן־ציון׳ען איז נאָך געווען פרי אריבערצוגיין, האָב איך זיך געלאָזט אין פּאַרקל אריין, וואָס איז נישט ווייט פון דער גימנאַזיע.

אין תל־אָביב האָט זיך געפילט אַ יום־טוב׳דיגקייט.

דאָס מאָל האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן אריין גאָר אַנדערע מינים מענטשן, ווי יענע, וואָס איך האָב באַגעגנט אויף מיין ערשטן באַזוך. יונגען אין אויסגעוואַשענע העמדלעך און מיידלעך אין העלע פשוט׳ע קליידלעך מיט טיכלעך איבער די קעפּ האָבן זיך געאיילט, און לויט די ווערטער, וואָס איך האָב אויפגעכאַפּט פון זיי, איז פאַר מיר געוואָרן קלאָר אַז דאָס זיינען אַרבעטער, וואָס זיינען אריבערגעקומען פון די קאָלאָניעס קיין תל־אָביב אויף פּורים׳דיגע סעודות, וואָס זיינען יענעם אָוונט געווען צוגעגרייט אין אַ היפּשער צאָל.

עמיצער האָט אַ רוף געטאָן מײַן נאָמען דורך אַן אָפענעם פענצטער און איך האָב דערקענט אַ ניו יאָרקער יונגע דאָקטאָרשע, וואָס איז אָפּ־געפאָרן מיט אַ רויטער מגן־דוד אָפּטײלונג פון אַמעריקע קיין פּאַלעסטינע. אין אַ מינוט אַרום בין איך שוין געווען אין אַ הויז צווישן אַמעריקאַנע־רינס און אַמעריקאַנער, וואָס האָבן דורכאויס געוואָלט, אַז איך זאָל פאַרברײַנגען מיט זיי אויף דער סעודה, וואָס אויך זיי האָבן צוגעגרייט לכבוד פּורים, און ווען איך האָב זיי דערציילט, אַז איך בין געלאַדן צו ש. בן־ציון׳ען, האָט אַ יונגערמאַן אין אַ רויטער מגן־דוד אוניפאָרם אַ זאָג געטאָן:

— אָ, איר וועט פאַרברײַנגען צווישן דעם זעמל־מעל פון תל־אָביב!

און אין אָוונט איז טאַקע דאָס גאַנצע זעמל־מעל געווען פאַרזאַמלט ביי די בן־ציון׳ס.

די פרוי בן־ציון, אַן אָנגעזעענע דאָקטאָרשע אין שטאָט, האָט מיך אויפגענומען מיט׳ן חסד פון אַ קולטורעלער סאַלאָן־דאַמע צו אַ יונגן קינסטלער, וועמען מען דאַרף אַרויספירן אין דער עפנטלעכקייט. זי האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר די דאַמען און הערן, וואָס זײַנען שוין געווען פאַרזאַמלט, און פאַר יעדן איינעם דערציילט, אַז איך בין גאָר אַזוינס און אַזעלכס. איך האָב זיך געררוויטלט און געזוכט מיט די אויגן ש. בן־ציון׳ען, אָדער עמיצן אַנדערש פון די שריפטשטעלער, וואָס איך האָב שוין גע־קענט, וואָרום די דאַמען און הערן, פאַר וועלכע די פרוי בן־ציון האָט מיך פאָרגעשטעלט, האָבן געשלאָגן אויף מיר מיט פרעמדקייט און בשום אופן נישט מיט׳ן אָטעם פון ליטעראַרישקייט, וואָס איך האָב דערוואַרט צו באַגעגענען.

נאָר אָט האָט זיך געעפנט אַ זייטיגע טיר און עס האָט זיך באַוויזן אַן עלטערער, זייער שיינער איד, פון וועמענס פּנים עס האָט זיך אויף מיר אַ טראָג געטאָן מיט יענער גייסטיגער אַריסטאָקראַטישקייט, וועגן וועלכער איך האָב ביז דעמאָלט בלויז געלייענט אין די ביכלעך, אָבער אין לעבן נאָך נישט געהאַט באַגעגנט.

— אָט דאָס איז ער, — האָט די פרוי בן־ציון אַ זאָג געטאָן אויף מיר צו דעם שיינעם עלטערן אידן, און ער האָט אַ צי געטאָן צו מיר ביידע הענט:

— זייער, זייער אַנגענעם אייך צו זען ביי מיר אין הויז, — האָט ער געזאָגט און מיך באַלד אַרויסגעראַטעוועט פון אַלעמען צו זיך אין צימער אַרײַן.

פיר ווענט מיט ביכער, אַ ברייטער שרייב־טיש און ש. בן־ציון זיצט קעגן מיר און צו מײַן געוואַלדיגער איבערראַשונג לייענט ער פאַר מיר פאַר פיר פון מײַנע לידער, וואָס ער האָט איבערגעזעצט אויף העברייאיש פאַר זײַן זשורנאַל „האזרח״, און גלייך נאָך דעם לייענען קומען פון אים פראַגן נאָך פראַגן וועגן מײַנע עלטערן, וועגן מײַן שטעטל און נאָך און נאָך זאַכן.

קוקנדיג אויף דעם באַביכערטן צימער און אויף דעם שיינעם בן־ציונ'ען האָט אויף מיר אַ בלאָז געטאָן מיט די מעשיות, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט צווישן די יונגע שרייבער אין ניו יאָרק וועגן י. ל. פּרצ'עס באַציאונגען צו יונגע שרייבער אין וואַרשע, און פאַר מיר איז ש. בן־ציון אין יענעם מאָמענט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין פּרץ.

—אָט ווי מען נעמט אויף יונגע שרייבער ביי לייטן, — האָב איך געטראַכט, דערמאָנענדיג זיך אין דער איינזאַמקייט פון יונגע שרייבער דעמאָלט אין ניו יאָרק.

יענער אָוונט ביים טיש האָט זיך אָנגעהויבן אַביסל אָנגעצויגן.

די עטלעכע העברייאישע שריפטשטעלער, וואָס זיינען דאָרטן געווען, האָבן זיך ווי פאַרלוירן אין דער געזעלשאַפט פון די אויסגעפּרעסטע דאַמען און הערן. דאָס געשפּרעך, אין העברייאיש, פאַרשטייט זיך, איז געווען וועגן אַן עליה פון חלוצים און וועגן עפּעס עטלעכע מיליאָן מענשען, וואָס מוזן גאָר אין גיכן אַריינפּליסן אין ישוב אַריין.

אַ נס, וואָס אין מיין לינקער זייט איז געזעסן משה סטאַווסקי, האָב איך זיך געקאָנט דורכוואַרפן מיט אים פון צייט צו צייט מיט עטלעכע ווערטער אויף אידיש וועגן די ביז גאָר געשמאַקע פישן און דעם נאָך געשמאַקערן וויין, וואָס איז סערווירט געוואָרן לרוב פון זייער שיינע קאָלירינע פלעשלעך.

שפּעטער אָבער, מיט'ן גאַנג פון דער פיינער סעודה און מיט דעם אויסליידיגן פלעשל נאָך פלעשל, האָט די אָנגעצויגנקייט אָנגעהויבן צו ביסלעך אויסרינען.

עמיצער האָט זיך דערלויבט אַ וויץ זאָגן, פון וועלכן די דאַמען האָבן שוין פריילעך געלאַכט און ווען מען האָט געהאַלטן ביי די לעצטע מאכלים, איז אַרום דעם לאַנגן טיש שוין געווען היפּש טומלדיג און נישט נאָר סטאַווסקי און איך, נאָר אויך אפילו ז. ברכות, וואָס איז געזעסן קעגנאיבער האָבן זיך שוין דורכגעוואָרפן מיט ווערטלעך און באַמערקונגען אומגעשטערט און גאַנץ הויך אויף אידיש.

ווען מען האָט שפּעטער צענומען דעם טיש און די תימנ'ער באַדינערין האָט סערווירט שוואַרצע קאַווע, האָט דער עולם אויפגעזונגען העברייאישע לידלעך און אַ צאָל מענטשן האָבן זיך אָוועקגעלאָזט אין אַ טענצל.

מיט דער גאַנצער ליבער פריינטלעכקייט צו מיר, האָב איך זיך פונדעסטוועגן שוין דערפילט היפּש מידלעך פון דער סביבה און איך האָב שוין אָנגעהויבן פּלאַנעווען זיך אַרויסצוכאַפּן צוזאַמען מיט סטאַווסקי'ן צו עפּעס אַ חגיגה'לע, וואו עס זיינען דאָ אַרבעטער פון די קאָלאָניעס און וואו מען טראָגט נישט אַזעלכע געפּרעסטע העמדער מיט אַזעלכע קאָרעקט־אויסגעבונדענע שניפּסן.

אָבער פּלוצלונג איז געקומען אַ פאָרשלאָג פון דעם העברייאישן

משורר אָשר בּאַראַש, אַז אַרון ווײַנפּער זאָל פאָרלייענען אַ פּאָר פון זיינע שירים.

דער פאָרשלאָג איז געשטיצט געוואָרן, אָבער איידער איך האָב נאָך באַוויזן צו באַשטימען צי איך זאָל יאָ לייענען, אָדער נישט לייענען, האָב איך דערפילט, אַז צווישן עולם גייט עפּעס פאָר.

פּלוצלונג האָט זיך אויפגעשטעלט ש. בן־ציון און אָנאָנסירט, אַז ער וועט לייענען מיינע שירים אויף העברייאיש, און דאָ איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז צווישן עולם האָט זיך געפונען עמיצער, וואָס האָט שטילער־היט פּראָטעסטירט קעגן דעם, אַז איך זאָל לייענען אויף אידיש.

און ביז היינט ווייס איך נישט, צי עס איז געווען דער גוטער ווילן אין מיר, אָדער דער פּראָטעסט, וואָס האָט זיך אַ הויב געטאָן אין מיר אַנטקעגן דער דיסקרימינאַציע.

איך האָב זיך אויפגעשטעלט און אויסגערופן:

— אויב אידיש האָט די ווערט, אַז מען זאָל איבערזעצן פון איר, האָט זי די ווערט, אַז מען זאָל זי הערן.

דאָס האָט, זעט אויס, געטראָפן אין פּינטל אַריין און דער עולם האָט מיך אַרויסגערופן לייענען.

איך האָב איבערגעלייענט מיין ערשט ליד, וואָס איך האָב ביז דע־מאָלט אויפגעשריבן וועגן פּאַלעסטינע, אַ ליד וועגן דעם דאָרף „נס־ציונה", און דאָס ליד האָט אַזוי שטאַרק נושא־חן געווען, אַז נישט נאָר האָט מען אָנגעהויבן צו ריידן פריי און אָפן אידיש, נאָר מען האָט זיך אפילו צעזונגען אויף אידיש, און ווער עס האָט געקאַנט מער אידישע פאָלקס־לידלעך, איז געווען „הרי זה משובח"!

דער משורר אָשר בּאַראַש האָט דאָס ליד איבערגעזעצט אויף העב־רייאיש און נישט נאָר האָט דאָס ש. בן־ציון אָפּגעדרוקט אין „האזרח", נאָר יעקב פיכמאַן האָט דאָס שפּעטער אַריינגענומען אין זיין אַנטאָלאָגיע „הארץ".

נישט מער, אַז דאָס ליד איז איבערזעצט פון אידיש איז נישט באַ־מערקט געוואָרן. אָבער אויף יענער פּורים'דיגער סעודה האָט אידיש פּאָרט באַזיגט העברייאיש.

# אויף דער וואַך אין רמלה

קומענדיק צוריק פון מיינע ערשטע צוויי טעג אורלויב אין תל־אביב און אין יאפע, האָב איך דערפילט, ווי די טאָג־טעגלעכע רוטין אינם לאַגער הויבט זיך אָן צו לייגן שווער אויף מיין געמיט און איך האָב געבעטן דעם סערזשאַנט, אַז ער זאָל מיך געברויכן אויף אַזוינע פליכטן, וואָס זיינען געווען אויסער די גרעניצן פונ׳ם לאַגער.

דער סערזשאַנט, אַ טעמפּער יונג פון לידז, ענגלאַנד, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אָפענער שנאה צו די אידישע לעגיאָנערן פון אַמעריקע, האָט זיך אָבער, זעט אויס, אַ ביסל איבערגעשראָקן פאַר דער פריינטלעכער באַציאונג מצד דעם קוירנעל צו מיר, וואָס ער האָט צוגעזען מיט זיינע אייגענע אויגן, און ער האָט דערפאַר צוגעלייגט אַן אויער צו מיין בקשה.

— דו מוזט זיין אַ גרויסער קנאַקער, — האָט ער אַ ברום געטאָן און קוקנדיק מיר אין די אויגן, האָט ער געפרעגט:

— קיין רמלה אויף דער וואַך ווילסטו גיין?

רמלה, וואָס איז געלעגן אַ דריי־פערטל שעה גאַנג פונ׳ם לאַגער איז אפילו נישט געווען פאַר מיר קיין זייער צוציענדיק פלאַץ און קיין גרויסער איבערבייט אויך נישט, אָבער איך האָב פונדעסטוועגן מסכים געווען.

— זאָל זיין רמלה.

אין דעם זעלבן פאַרנאַכט האָב איך אין פולער אַמוניציע אָפּגעשפּאַנט אין דער גרופּע פון זעכצן קיין רמלה אונטער דער פירערשאַפט טאַקע פון דעם זעלבן סערזשאַנט.

דער וועג אַהין איז מיר געווען גוט באַקאַנט. איך האָב שוין נישט איינמאָל געשפּאַנט איבער אים. די שטאָט אַליין האָב איך שוין אויך גע־האַט געזען עטלעכע מאָל. זי האָט זיך אונטערשיידט פון די אַרומיגע אַראַ־בישע דערפלעך, וואָס אירע הייזער זיינען געווען אַנשטאָט פון ברוינעם ליים, ווי אין די דערפלעך, פון העלע, אַלטע, צעקרישלטע שטיינער מיט אַ צוגאָב פון אַ פּאָר שמוציגע קאַפע־הייזלעך און עטלעכע שפּייז־קראָמען.

די סאָלדאַטן פון די באַטאַליאָנען, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער סביבה, פלעגן אַהין זיך אַריבערכאַפּן אין די אָוונטן אויפצוכאַפּן יונגע אַראַבערינס, וואָס האָבן אין די טונקעלע געסלעך אויסגעקוקט אויף אַזעל־כע געסט.

נישט איינמאָל פלעגט מען הערן פון געשלעגן, וואָס פלעגן דאָרטן פאָרקומען צווישן סאָלדאַטן מיט סאָלדאַטן און אויך אַמאָל צווישן סאָל־דאַטן און אַראַבער.

האָב איך דערפאַר געמיינט, אַז די מיסיע פון אונזער וואַך איז אויף צו האַלטן אָרדענונג אין שטאָט און די מיסיע איז מיר דוקא געווען שטאַרק צום האַרצן.

מאַרשירנדיק אַהין האָב איך זיך געזען אין דער ראָלע פון אַ מיליטע־רישן פּאָליסמאַן פאַר וועמען אַלע טירן זײַנען אָפן און איך האָב זיך שוין געריכט אויף אַ סך ביז גאָר אינטערעסאַנטע דערפאַרונגען. אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער, אַז אונזער מיסיע איז געווען זייער אַ לאַנגווײַליקע.

נישט אַרומצודרייען זיך איבער די געסלעך האָט מען אונז געבראַכט, נאָר אַכטונג צו געבן אויף די וואַסער־פּלומפּן פון דער שטאָט.

דעם איבערנעמען די וואַך פון דער פריערדיקער גרופּע, וואָס איז ניט געווען קיין אידישע, האָט דער סערזשאַנט, וועמען איך בין געוואוינט גע־ווען אַזוי אָפט צו הערן שעלטן זשאַבאָטינסקי'ן און די ציוניסטן, מיך גאָר איבערראַשט מיט זײַן שטאַרקן אידישן נאַציאָנאַליזם.

— איר בייט איצט איבער אַן אמת'ע ענגלישע גרופּע, איז האַלט זיך אַזוי, אַז מען זאָל האָבן רעספּעקט.

געזאָגט האָט ער דאָס צו אונז אין דער שטיל, ווײַל די אַלטע וואַך איז שוין געשטאַנען מיט די פּנים'ער צו אונז און גלייך נאָכדעם האָט ער זיך צעדונערט מיט אַ קנאַלנדיקן קול:

— וואַך, אַכטונג!

— וואַך, געווער פאָראויס!

— וואַך, סאַלוט!

דערווײַל האָב איך אויסגעפונען, אַז די באַוואָפענונג פון די וואַסער־פּלומפּן אין רמלה איז געגעבן געוואָרן נאָך דער ריי צו אַלע בריטישע באַ־טאַליאָנען אין דער סביבה.

איצט איז דער כבוד בײַ מײַן ניין און דרײַסיגסטן און איך, הייסט עס, האָב דעם כבוד צו טראָגן דעם כבוד פון מײַן באַטאַליאָן בײַ איינעם פון די וואַסער־פּלומפּן אין רמלה.

— דאָס וואַסער איז דאָ פון די סאַמע וויכטיגסטע זאַכן און דו באַ־וואַכסט איצט זייער אַ וויכטיגע זאַך, — האָט מײַן סערזשאַנט מיר דער־קלערט מיט גרויס ערנסט אויף זײַן קאַנטיגן פּנים, ווען ער האָט מיך אוועק־געשטעלט אויף מײַן פּאָסטן.

עס איז געווען איינע פון יענע פינצטערע נעכט אין יהודה, ווען מען קאָן נישט זען דעם אייגענעם פינגער פאַר די אויגן.

אָפּשטייענדיק אַ שטיקל צײַט אויף מײַן אָרט מיט דער ביקס אויפ'ן אַקסל, האָב איך צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן צו באַנעמען דעם אויסדרוק אינ'ם חומש „וימש חושך", — אַ פינצטערניש, כאָטש נעם און טאַפּ זי אָן מיט די הענט.

נישט נאָר האָב איך נישט געזען דעם וואַסער־פּלומפּ, וואָס איך האָב געדאַרפט באַוואַכן, נאָר איך האָב בכלל גאָרנישט געזען אַרום זיך.

און עס איז מיר געווען ביז גאָר מאָדנע אָט דאָס, וואָס אויבן אין דער הויך איז דווקא געווען אַ ריינער הימל און שטערן האָבן געפינקלט, אָבער זייער פינקלדיגער שײַן איז אויפ'ן וועג צו דער ערד אַרום מיר, ווי אויס־גערונען געוואָרן.

עס איז אָנגעפאַלן א מורא איבער מיר און מיך האָט שוין געגומען פּאַרדריסן הלמאַי איך האָב זיך אַליין געבעטן אַהער.

— וואָס טו איך, ווען אימיצער דערנענטערט זיך צו מיר?

איך האָב גענומען אָנשטרענגען מיינע אויערן צו דער אַרומיגקייט און ווי להכעיס האָט זיך אפילו קיין געוויין פון קיין שאַקאַל יענע נאַכט נישט געהערט. אַלץ איז געווען שטיל, טויט שטיל, און מיר זיינען ווידער געקומען אין מוח די אויסדרוקן אין תנ"ך: „אויגן, וואָס זעען נישט" און „אויערן, וואָס הערן נישט" און מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז אָט די אויס־דרוקן האָבן געקאָנט געבוירן ווערן נאָר אין א לאַנד מיט אַזעלכע נעכט, ווי די איצטיגע אַרום מיר.

פּלוצלונג בין איך געבליבן שטיין אינגאַנצן א פאַרגליווערטער. א קול האָט זיך געטאָן א צי אויס איבער מיר און אויף א רגע דאָס גאַנצע בלוט אין מיינע אָדערן פאַרקילט.

— אַלאַהאַ־האַי!!! — האָט דאָס קול פון זיך געצויגן און זיך גע־ציקלט.

ווען איך האָב ענדלעך באַנומען דעם זין פון דעם צעצויגענעם און צעציקלט קול, האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס וועקט אַזוי א פריסט פון א נאָענטן מעטשעט די פרומע מאַכמעדאַנער צו עבודת־הבורא און איך בין געקומען צוביסלעך צו זיך פון דער שרעק.

אָבער די פינצטערניש האָט דערנאָך זיך נאָך מער געשטאַרקט אַרום מיר, אַז ביסלעכוויִז בין איך אַליין אין א שטיק פינצטערניש פאַרוואַנדלט געוואָרן.

כדי נישט אַנטשלאָפן צו ווערן, האָב איך אַרונטערגענומען מיין ביקס פון שולטער און אָנגעשפּאַרט מיין קין אויפ'ן שפּיץ פונ'ם באַיאָנעט, — א זאַך, וואָס איך האָב שוין געהאַט אויסגעלערנט פון די אַלטע סאָלדאַטן.

אָט אַזוי בין איך געשטאַנען א פאַרגליווערטער און אין מיין פאַר־גליווערטקייט זיך אַריבערגעטראָגן אין די צייטן, ווען אידן האָבן געלעבט אין פאַלעסטינע.

אין וואָס פאַר א סיטואַציעס און ראָלן האָב איך זיך דען דעמאָלט נישט געזען?

אָט האָב איך געאַקערט די ערד צוזאַמען מיט א פּאָר אָקסן אויף עפּעס א בערגל אין גליל, אָט בין איך אויפגעגאַנגען קיין ירושלים מיט מיינע בכורים און אָט בין איך גאָר געווען א גענעראַל אין דוד'ס אַרמייען און באַוויזן גוואַלדאָוונע גבורות. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב די נביאים אויך נישט איגנאָרירט. איך האָב זיך געזען צווישן די נביאים, וואָס שטראָפן, באַווייזן מופסים און דער עיקר צווישן יענע, וואָס רעדן אַזוי שיין און אַזוי אויפריכטיג און טיף.

ווער ווייסט אין וואָס נאָך פאַר א סיטואַציעס און ראָלן איך וואָלט זיך געוועזן געזען, ווען עס הויבט נישט פּלוצלונג טאַקע מיט איין מאָל אָן ליכטיג צו ווערן.

אָט זײַנען די בערג. א לאַנגער, דינער גאָלדענער פּאַס איבער זײ, וואָס ציטערט און ווערט העלער ממש יעדע רגע.

און אָט איז רמלה מיט אירע שטײנערנע געבײדעס, וואָס הױבן זיך אײנע איבער די אַנדערע, ווי א כאָפּטע קבצנים אין צעריסענע בגדים.

און אָט איז דער וואַסער־פּלומפּ גלײַך הינטער מיר. די מעשענע קראַנען זײַנען פאַרדרײט און זײ גלאַנצן, ווי פּאַרטריקנטע ליפּן פון פאַר־שמאַכטע מענטשן.

מיט וואָס פאַר א פרײד איך האָב דאָס באַגעגנט דעם ערשטן, אַלטן און האַלב־בלינדן אַראַבער מיט זײַן פּעלענעם לאָגל אויף די פּלײצעס.

דערנאָך זײַנען געקומען נאָך און נאָך.

אַראַבערינס און אַראַבער, באָרוועסע, אָפּגעריסענע, מיט פליגן אַרום זײערע קאַליע אויגן, וואָס האָבן זיך געלײגט אין דעם ליכט פון דעם אויפ־גײענדיגן פרימאָרגן, ווי אָפענע וואונדן אויף א ווײסן לײַב.

איצט זײַנען די קראַנען געווען אויפגעדרײטע. דאָס וואַסער האָט זיך געגאָסן אין לאָגלען פון לעדער און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָס האָב איך פאַר זײ אַלעמען אָפּגעהיט דורך דער שווערער, פינצטערער נאַכט.

# איך ווער אַן אָנגעזעענער מענש

נאָך איידער עס איז דערשינען ש. בן־ציונ׳ס זשורנאַל „האזרח" מיט מיינע איבערזעצטע לידער אויף העברייאיש, בין איך איבערראַשט געוואָרן צו זען מיינס א ליד אין דעם וועכנטלעכן „הפועל הצעיר", וואָס האָט פאַר־טראָטן דעם אַרבעטער טייל פונ׳ם ישוב.

שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן דורך שפּרינצאַק׳ן, איינער פון די רעדאַקטאָרן, אַז עס איז געווען ברענער, וואָס האָט רעקאָמענדירט איבער־צוזעצן און צו דרוקן מיינע לידער אינ׳ם „הפועל הצעיר" און דאָס האָט מיר נאָך מער הנאה געטאָן, ווי די איבערזעצונגען גופא.

ברענער׳ן אַליין האָב איך אויף יענע באַזוכן מיינע אין תל־אביב ניט געזען. ער איז געווען אָפּגעפאָרן פון תל־אביב מיט זיין משפחה אין עפּעס א קאָלאָניע, נאָר זיין השגחה אויף מיר האָב איך דערפילט נישט נאָר אין דעם קרייז פונ׳ם „הפועל הצעיר", נאָר אויך אין א היבשער צאָל הייזער, וואוהין מען האָט מיך פלוצלונג אָנגעהויבן צו פאַרבעטן.

קומענדיג אָפּטער קיין תל־אביב, האָב איך ביסלעכווייז אויסגעפונען, אַז דאָרטן דאָמינירן צוויי נעמען, וואָס פאַרטרעטן צוויי געגנגעזעצטע ריכ־טונגען.

ש. בן־ציון ביים פאַרמעגלעכן, באַלעבאַטישן קלאַס און י. ח. ברענער ביי די אָרימערע און אַרבעטער מענטשן פונ׳ם ישוב אין לאַנד.

קיין ריס איז אָבער צווישן אָט־די צוויי ריכטונגען נישט געווען און קיין שנאה צווישן זיי האָבן איך נישט געפילט. כאָטש א ביסל איינפאַר־זיכט ביי בן־ציונ׳ען צו ברענער׳ן האָב איך יאָ באַמערקט, אָבער די איי־פערזיכט איז גיכער געווען א גוטמוטיגע איידער א שנאה׳דיגע.

— און אייער ברענער איז אַלץ נישטאָ, — פלעגט בן־ציון האָבן א טבע מיך א שפּיזל צו טאָן און דערביי אַזוי באַלעבאַטיש א גלעט טאָן זיין פיין אַרומגעשוירן שוואַרץ־גרוי בערדל אַרום זיין אינטעליגענטיש פנים.

מיט מיינע לידער סיי אין דעם בירגערלעכן „האזרח" און סיי אין דעם אַרבעטער „הפועל הצעיר", האָבן זיך פאַר מיר געעפנט די טירן פון ביידע ריכטונגען, און איך געדענק, אַז אין יענער צייט פלעג איך זייער א סך טראַכטן פון די יונגע, זייער טאַלאַנטירטע שריפטשטעלער אין ניו יאָרק, וועלכע האָבן זיך אין יענער צייט אַרומגעדרייט, ווי יתומים מיט וועלכע קיינער האָט זיך נישט אינטערעסירט, און וועלכע קיינער האָט ניט געדאַרפט.

אין איינעם א זונטאָג בין איך געווען דער גאַסט ביים מחבר פון דעם העברייאישן ווערטער־בוך „מלון של כיס" גריזאַוווסקי. און ווען איך טראַכט איצט וועגן יענער רחבות׳דיגער און פאַרמעגלעכער הויז, קומט מיר אויפ׳ן זין דער מחבר פון די אידישע ווערטער־ביכער אַלעקסאַנדער האַרקאַווי אין

ניו יאָרק, וועלכער האָט אָפּגעלעבט א לעבן אין אָרימקייט און איז אויף דער עלטער געשטאָרבן אין איינזאַמקייט אין א קליין צימערל פונ׳ם בראָדוועי סענטראַל האָטעל.

דאָס גריזאָוווסקי הויז אין תל־אביב איז אין יענער צייט געווען איינס פון די שענסטע און אָנגעזעענסטע. אויפגענומען צו ווערן ביי די גריזאָוו־סקיס האָט געמיינט אויפגענומען צו ווערן ביי דער אַריסטאָקראַטיע פון תל־אביב.

עס שטייט מיר ביז איצט פאַר די אויגן דער ביז גאָר שיין געדעקטער טיש אינ׳ם רחבות׳דיגן עס־צימער. אדון גריזאָוווסקי, א שלאַנקער איד מיט א פיינער, צעקעמטער באָרד, וואָס כאָטש זי איז שוין געווען גרוילעך, האָט זי דאָך געשלאָגן מיט יוגנטלעכקייט. די גברת גריזאָוווסקי — אַן אַריסטאָ־קראַטישע סאַלאָן־דאַמע, וואָס האָט אכטונג געגעבן, אַז איך זאָל נישט פאַרנאַכלעסיגן די געשמאַקע מאכלים אין מיין טעלער און דערביי מיך גע־האַלטן אין איין דערמוטיגן צו רעדן העברייאיש:

— אתה מדבר עברית מצוין, — האָט זי געהאַלטן אין איין באַמערקן צו מיר און דערביי געוואָרפן בעטנדיגע בליקן צו דעם זינדל, א סערזשאַנט אינם פערציגסטן באַטאַליאָן, אַז ער זאָל מיט איר מסכים זיין, וואָס איז אים זעט אוים געווען שווער:

— בודאי, בודאי, — האָט ער פונדעסטוועגן צוליב געטאָן דער מאַ־מען און זיך מיט מיר וואויל־יונגעריש איבערגעוואונקען.

ביים טיש איז אויך געזעסן די יונגע חנ׳עוודיגע טאָכטער, אָבער זי האָט פאַר קיינעם דעמאָלט קיין צייט נישט געהאַט, וואָרים איר גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און געווען פאַרנומען מיט דעם כמעט שווייגנדיגן אָפּי־צער, דעם זון פון דעם לאַנדאַנער סער סעמועלס, וואָס איז דעמאָלט געווען איר חתן און זי האָט דעמאָלט געהאַט צו זיך די קנאה פון אַלע באַלעבאַ־טישע מיידלעך אין לאַנד.

די גאַנצע צייט פונ׳ם עסן איז געווען א ליבע און א פריינטלעכע, אָבער שפּעטער, ווען מען האָט שוין געהאַלטן ביי דער טיי, איז פּלוצלונג געקומען צו א שטיקל צוזאַמענשטויס צווישן מיר און אדון גריזאָוווסקי. פאַרשטייט זיך, אַז דער צוזאַמענשטויס איז געקומען איבער דער פראַגע פון אידיש און העברייאיש. אים האָט פאַרדראָסן הלמאי ש. בן־ציון האָט אונטער מיינע לידער אָנגעצייכנט אין זיין „האזרח״ אַז זיי זיינען איבער־זעצט פון אידיש.

— וואָס פאַר א אידיש! דאָס איז דאָך נישט מער, ווי זשאַרגאָן!

ווען איך האָב זיך צעהיצט, האָט די גברת גריזאָוווסקי מיך באַרואיגט מיט א גלעט איבער מיין קאָפּ און ווענדנדיג זיך צו איר מאַן, האָט זי גע־פּרוּווט נביאות זאָגן:

— לאָז אים אָפּ. ער וועט זיך איינלעבן אין ישוב, וועט ער אַליין איינזען זיין טעות.

און עס איז אינטערעסאַנט, אַז אין דער פראַגע פון אידיש און העב־

רייאיש זיינען די צוויי ריכטונגען אין לאַנד זיך לחלוטין נישט צעגאַנגען.

פּונקט, ווי אין הויז פון די גריזאַוווסקיס,—דאָס הויז פון דעם באַלע־באַטישן קלאַס, איז אויך געווען דאָס אייגענע אין די אָרימע שטיבלעך פון די פּועלים.

— איצט זעצט מען אייך איבער, אָבער איר מוזט אַרבעטן אויף זיך, כדי וואָס שנעלער אָנצוהויבן שרייבן אָריגינעל אין העברייאיש,—האָט מען מיר געהאַלטן אין איין דערמאָנען.

אָבער אויפגענומען האָט מען מיך ממש בשמחה־רבה און עס זיינען געווען הייזער, אין וועלכע מען האָט געמיינט, אַדאַנק מיינע לידער אין די אויסגאַבן פון תל־אביב, אַז איך בין אַזאַ „פּערסאָנאַ גראַטאַ”, אַז מען האָט זיך אַזש געווענדט צו מיר נאָך טובות.

— שרייבט צו די אידן אין אַמעריקע, אַז מען זאָל שיקן וואָס מער הילף פאַר אונזער ישוב, — האָט מען זיך געווענדט צו מיר.

ביי אַזוינע ווענדונגען צו מיר פלעג איך זיך סיי רויטלען און סיי ווערן פּשוט אויפגערעגט.

גערויטלט האָב איך זיך פאַר דער נאַאיוויטעט, אַז מיין שרייבן צום אַמעריקאַנישן אידנטום קאָן עפּעס ברענגען און אויפגערעגט האָב איך זיך פאַר זייער כסדר׳דיגן מאָנען און מאָנען, גלייך ווי נאָר זיי וואָלטן געווען דאָס זעמל־מעל פון דעם אידישן פאָלק, וואָס מען דאַרף צערטלען און פלעגן.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ גאַנץ באַלעבאַטישע שטוב אין פּתח תקוה.

דער באַלעבאָס, אַ הויכער, אַ געזונטער און לויט דער באַלעבאַטישקייט אין שטוב, אַ גאַנץ פאַרמעגלעכער.

איך בין געזעסן ביים טיש, וואָס איז געווען געדעקט מיט אַלדאָס־גוטס און די אויסזעענס פון דער ווייב און די קינדער זיינען געווען אַזעלכע, אַז עס איז געווען קלאָר, אַז עס פעלט קיינעם חלילה נישט וואָס צו עסן און צו טרינקען. שפּעטער בין איך פון די שמועסן ביים טיש געוואָר געוואָרן, אַז די משפּחה איז באַלאָדן מיט אַ באַיאַרע און אַ נים־פּלאַנטאַציע, וואָס מען האָט באַוויזן זיך צו דערוועדבן פאַר די יאָרן, וואָס מען לעבט אין פּאַלעסטינע, אָבער פון די קלאָגענישן מיט וועלכע דער איד האָט זיך געהאַלטן אין איין באַקלאָגן, איז געווען קלאָר, אַז ער איז פול מיט טענות צום אידישן פאָלק הלמאי מען גיט אויף אים נישט אַכטונג.

— אָט איז דאָ אַ לאָך אין׳ם דאַך פון מיין שטוב און מען פאַרריכט נישט!

— פאַרוואָס זשע פאַרריכט איר נישט? — האָב איך געפרעגט אַ דערשטוינטער.

דאָ האָט ער אַ קוק געטאָן אויף מיר נאָך אין גרעסערער דערשטוינונג, ווי איך אויף אים, און ער האָט געפרעגט:

— ווער? איך זאָל פאַרריכטן?

— עס איז דאָך אײַער שטוב, איז ווער זשע זאָל פֿאַרריכטן דעם דאָך פֿון אײַער שטוב?

— יאָ, יאָ, אָבער די לאָך איז דאָך פֿון א טערקישער באָמבע!

אויף א רגע האָב איך נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט מיט דער טערקישער באָמבע. איך האָב שוין אפילו אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז אָט דער איד וואַרט, אַז די בריטישע רעגירונג זאָל אויפֿמאָנען פֿאַר אים ביי דער טערקישער מלוכה א נייעם דאָך פֿאַר זיין שטוב. אָבער באַלד איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז ער איז גאָר נישט אַזוי קינדיש און נאאיוו, נאָר פּשוט פֿאַרוויגט, אַז ער איז די סאַמע סמעטענע ביי דעם אידישן פֿאָלק.

ער האָט זיך פּלוצלונג געטאָן א הויב אויף פֿון טיש און שפּאַנענדיג מיט ברייטע טריט איבער דעם צימער, האָט ער געקלאַפּט איין האַנט אין דער אַנדערער:

— דער גלות וויל א ישוב אין ארץ ישראל, צי ער וויל נישט?

אָט די פֿראַגע האָט ער מיר געשטעלט אין אַזא שאַרפֿן טאָן, ווי איך וואָלט געווען א ספּעציעלער שליח פֿונ'ם גלות-אידנטום און מוז אים גלייך דאָ אויפֿ'ן אָרט געבן אַן ענטפֿער.

ער האָט אָבער אויף מיין ענטפֿער נישט געוואַרט, וואָרים אַז דער גלות וויל אומבאַדינגט האָבן א ישוב אין ארץ ישראל, איז ביי אים געווען א זיכערע זאַך און ער האָט דערפֿאַר ווייטער געשפּאַנט איבער'ן צימער, קלאַפּנדיג א האַנט אָן א האַנט און געשריען:

— זאָל ער באַצאָלן, דער גלות! זאָל ער באַצאָלן!

ביים געזעגענען זיך האָט ער מיך פֿריינטלעך געבעטן צו זיין אָן אָפּ־טער גאַסט ביי אים, אָבער ער איז אומבאַדינגט באַשטאַנען, אַז איך זאָל שרייבן צום אַמעריקאַנער אידנטום:

— שרייבט, שרייבט, זאָגט זיי, וואָס מען דאַרף, איך דאַרף אייך נישט לערנען.

און טשיקאַווע, אַז ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן געלט, האָט אַזא איד גערעדט צו מיר דווקא אויף אידיש.

# חיפה

מיין סערזשאַנט האָט מיך צוגעשטעלט צו דער וואַך, וואָס האָט באַגלייט א באַן א פּאָר מאָל א וואָך פון לוד קיין חיפה און אויף צוריק.

די באַן איז באַשטאַנען פון עטלעכע וואַגאָנעס אָנגעפילט מיט שפּייז און אַנדערע מאַטעריאַלן פאַר דער אַרמיי און איין קליין וואַגאָנדל פון הינטען פאַר דער וואַך, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע באַוואָפנטע סאָלדאַטן מיט א קאָרפּאָראַל.

די רייזעס אַהין און צוריק זיינען שטענדיג געמאַכט געוואָרן דורך די נעכט און זיי האָבן מיר דערפאַר כמעט גאָרנישט געוויזן פון דער געגנט, וואָס מען איז פאַרביי געפאָרן.

געהייסן האָט עס, אַז איך דאַרף זיין א וואַכנדיגער א פּאָר שעה דורך דער נאַכט, אָבער אַזוי ווי די איבעריגע פון דער וואַך, צוזאַמען מיט'ן קאָרפּאָראַל האָבן דורך דער גאַנצער נאַכט געשפּילט אין קאָרטן, האָט דער קאָרפּאָראַל מיר דערלויבט צו שלאָפן.

— מיר וועלן שוין וואַכן פאַר דיר אויך, — פלעגט ער זאָגן און פון צייט צו צייט זיך אפילו א ווינצל געטאָן אויף מיין חשבון.

— אָט א יאָלד.

מיין יאָלדישקייט איז נישט געווען אַזוי אין דעם, וואָס איך האָב אין קיין קאָרטן נישט געשפּילט, ווי אין דעם, וואָס איך פלעג נישט אַנטייל נעמען אין זייערע אונטערהאַלטונגען מיט די אַראַבערינס, וואָס פלעגן אָפּווארטן די באַן ביי די סטאַנציעס און זיך פאַרשלאָגן פאַר א ביסל צוקער, אָדער פאַר א פּאָר פּיאַסטער.

איינמאָל האָט איינער פון דער חברה מיך אויפגעוועקט פון שלאָף:

— העי, מלך שלמה, שטיי אויף, עס וואַרט אויף דיר די מלכה שבא!

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט א צעטומלטער און זיך צעמורמלט:

— האַ? וואָס? וועלכע מלכה?—האָב איך אין מיין שלעפּערדיגער צעטומלטקייט געבעלעבעטשעט, אָבער דאָס געלעכטער פון דער חברה האָט מיך זייער גיך אויפגעוועקט.

די באַן איז געשטאַנען ביי עפּעס א סטאַנציע און אַרום דער צעעפנטקייט פון דעם וואַך־וואַגאָנדל האָבן זיך געשאַטנט עטלעכע אַראַבערינס.

איך האָב ליב באַקומען אָט די רייזעס קיין חיפה און צוריק און אין לויף פון עטלעכע וואָכן איז דאָס געווען מיין פליכט צו זיין מאַיעסטעט דעם קעניג פון גרויס־בריטאַניע.

די איבעריגע פון דער וואַך זיינען געשטאַנען אין א מיליטערישן לאַגער, ווי געסט, אָבער איך האָב געבעטן א דערלויבעניש צו שטיין אין א האָטעל און זי געקראָגן. בלויז פון צייט צו צייט האָב איך זיך אַריבערגעכאַפּט צו דער חברה אינ'ם לאַגער אַריין און מיט זיי אָפּגעגעסן א מיליי־

טערישן מיטאָג. געטאָן האָב איך דאָס נישט אַזוי צוליב דעם מיטאָג, ווי צוליב גוטער חבר'שאַפֿט. אַ ביסל געלט האָב איך כסדר געהאַט, ווײַל אויסער דעם פּונט יעדע וואָך פֿון זײַן מאַיעסטעט פֿאַר מײַן דינסט, האָב איך געקראָגן באַצאָלט פֿאַר מײַנע לידער סײַ אינ'ם „האזרח" און סײַ אינ'ם „הפּועל הצעיר" און איך האָב זיך דערפֿאַר געקאָנט פֿאַרגינען עטלעכע פּיאַסטער אויף אַ האָטעל.

אין די טעג, וואָס איך פֿלעג פֿאַרברענגען אין חיפה, האָב איך זיך אָפּטמאָל געפֿילט גיכער, ווי אַ טוריסט איידער אַ סאָלדאַט. ווען נישט דאָס שטענדיקע דאַרפֿן זײַן אויפֿמערקזאַם צו סאַלוטירן אָפֿיצערן איבער די גאַסן, וואָלט איך באמת געוווען זיך געפֿילט ווי אַ ציווילער מענטש.

חיפה איז מיר געפֿעלן געוווען ממש ביז גאָר.

פֿון איין זייט דער ריזיגער כרמל באַרג גלײַך צום הימל אַרויף און פֿון דער צווייטער זייט דער ים, וואָס איז עפּעס דאָרטן נאָך געווען בלויער ווי בײַם ברעג פֿון תל־אביב.

היינט די הײַזער, וואָס זײַנען צעוואָרפֿן פּונ'ם טאָל באַרג אַרויף און וואָס מאַכן דעם אײַנדרוק, ווי זיי וואָלטן געהאַלטן אין מיטן קלעטערן, נאָר מחמת מידקייט האָבן זיי זיך צוגעזעצט אויף אָפּצורוען אַ ביסעלע.

פֿון איין זייט אַ היבש ברייטער פּאַס פֿון שיינע הײַזער מיט גרינס, בלומען און אַ סך קיפּאַריסן בוימער איבער וועלכע עס זײַנען געווען באַזעצט יוסטע דײַטשע משפּחות און אויף דער אַנדערער זייט נאָך אַ פּיל ברייטערער פּאַס מיט נײַע געבײַדעס פֿון אַ נײַער אידישער קאָלאָניע, וואָס האָט זיך דאָרטן געהאַלטן אין בויען. דאָרטן האָט זיך דעמאָלט געריסן אין דער הויך די נאָך נישט אינגאַנצן פֿאַרענדיקטע טעכנישע שול מיט וועלכער די דאָרטיקע ציוניסטן האָבן זיך זייער שטאַרק געגרויסט.

היינט אין דער מיט פֿון אָט די צוויי ברייטע פּאַסן, די אַלטע שטאָט מיט די לאַבירינטישע געלע און בלוילעכע הײַזער און ווײַסע מעטשעטן. דער מאַרק מיט די קראָמען און קרעמלעך איבער וועלכן עס האָבן געשווירבעלט און געגריבעלט מיט אַראַבער און אויך אידן.

איך האָב ליב געהאַט שעה'נווייז אַרומצושפּאַנען איינער אַליין איבער די גאַסן און געסלעך פֿון חיפה. איך האָב ליב געהאַט זיך צו פֿילן צווישן דעם כרמל־באַרג און דעם ים. ביידע האָבן געשלאָגן מיט שיינקייט און גבורה, אָבער אַם שטאַרקסטן האָב איך ליב געהאַט דעם מאַרק, וואָס האָט געשלאָגן מיט אַ לעבן, וואָס איז געווען אי שטאַרק, אויסטערליש און אי ביז גאָר רעאַל.

קוויטיגקייט און עלעגאַנצן האָבן זיך געהאַלטן אין איין מישן און דאָך, זיך קיינמאָל נישט פֿאַרמישט.

אויף אַ נידעריג בענקעלע לעבן אַן אָפֿן קאַפֿע־הײַזל בין איך געזעסן שעה'נווייז בײַ אַ קליין טעפּעלע קאַווע, און געלאָזט די אויגן זיך וואַויל גיין איבער שמוציגע פּים פֿון אַראַבערינס און אַראַבער און איבער קאָלירטע, אָדער שוואַרץ־גלאַנצנדיגע שיכלעך און שיך פֿון גאָר אַנדערע מינים אַראַ־

בערינס און אַראַבער. די קליידער אויף זייערע פיגורן זיינען געווען אָדער ביז גאָר פאַרביגע, אָדער אינגאַנצן פון איין קאָליר און געווען איז דער איין קאָליר מערסטנס שוואַרץ אויף די פרויען און ווייס אויף די מענר. אָט איז א פרוי מיט א גאַנץ רעדל שנירלעך פון אַלערליי מטבעות אַרום איר האַלז מיט א צוגאָב פון א רינג אין דער נאָז און אָט איז א פרוי שלאַנק, ווי א יונג בוימל, בויגיג, ווי א דראָט אינגאַנצן פאַרשלייערט פון א שוואַרץ, זייער ווייך קלייד, וואָס ברענגט נאָך שטאַרקער אַרויס די שלאַנקייט און בויגעוודיגקייט פון די גלידער. א באָרוועסער אַראַבער מיט א שווערן גרויען טורבאַן זיצט אין א פאַרגליווערטער פּאָזע און לאָזט אַרויס קלאַנגען פון מויל, וואָס דו קאָנסט בשום אופן ביי זיך נישט באַשטימען צי דאָס זינגט ער, אָדער ער קרעכצט. א בכבוד׳יגער אַראַבער אין טונקעלן כאַלאַט און א גרינער לענטע אַרום זיין רויט היטל וואַרפט צו דעם פאַרגליווערטן א מטבעה און גייט זיך ווייטער זייער בכבוד׳יג זיין וועג. א איד מיט א באַוואָקסן פנים שלעפּט נאָך זיך א ציג, און אַלטע אַראַבערין טראָגט א קוישן אויפ׳ן קאָפּ און דו וואונדערסט זיך זייער שטאַרק הלמאַי עס פאַלט נישט אַרונטער. פלוצלונג לאָזט זיך א קנאַכיגער קעמל אַרונטער אויף זיינע פאָדערשטע לאַנגע, דראָנקעוואַטע פיס און פאַרשטעלט מיט זיך די באַוועגונג אַרום און אויבן איבער דיר שטייט א פאַררינסענער דער גרינער כרמל־באַרג, ווי אים וואָלט דער גאַנצער טומל אָט דאָ פון אונטן נישט אָנגעגאַנגען.

צום מאַרק אַרונטער קוקט דער כרמל־באַרג, ווי אן אָנגע׳ברוגז׳טער מחותן, וואָס האָט איבער זיין ירידה זיך געמוזט מתחתן זיין מיט עפּעס און אימיצן, וואָס איז נישט לפי כבודו. אָבער די זון איבער אים רעכנט זיך נישט מיט זיין פאַרכמורעטקייט און זיין ברוגז׳ן זיך און זי וואַרפט פרייגיביז אָן א שיעור מיט ליכט, וואָס בלינדט אין די אויגן און גליט דאָס לייב.

אין אַזעלכע מאָמענטן פלעג איך אַריבערגיין צו א פּלאַץ פון וועלכן מען האָט געקאָנט זען דעם ים. בלויז פון קוקן אויף זיין זילבערנער בלויקייט פלעגט קילער און ליבער ווערן דאָס צעהיצטע געמיט.

אָט אַזוי פלעגן איבערלויפן די צוויי טעג אין חיפה ביז מען איז געפאָרן צוריק קיין לוד און געשטאַנען צוויי טעג אינ׳ם אייגענעם לאַגער און זיך קוים דערוואַרט גערופן צו ווערן פונ׳ם סערזשאַנט ווידער זיך לאָזן מיט דער זעלביגער באַן קיין חיפה.

בלויז איין מאָל אויף אָט דער באַן, האָב איך איבערגעלעבט א ביסל שרעק און אויפרעגונג און אפילו באַוויזן א שאָס צו טאָן פון מיין ביקס.

חברה האָט, ווי איר שטייגער איז געווען, געשפּילט אין קאָרטן און איך האָב זיך שוין געקליבן מאַכן מיין געלעגער אויפ׳ן דיל אין א ווינקל פונ׳ם וואַגאָנדל.

פלוצלונג איז די באַן געבליבן שטיין מיט א שטאַרקן טרייסל און פונ׳ם לאָקאָמאָטיוו האָט זיך דערהערט א געשריי. אונזער קאָרפּאָראַל איז

געוועזן זיכער, אַז דאָס איז אַן איבערפֿאַל און ער האָט אַ געשריי געטאָן אָן אָן אָטעם:

— געוועוער!

מיר האָבן אַ כאַפּ געטאָן די ביקסן און אַרונטערשפּרינגענדיק צום דרויסן, אָנגעהויבן שיסן אין דער לופֿט אַריין. אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער איבערפֿאַל איז געווען פֿון אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער ציג אויף די ליניעס, און מיר האָבן געהאַט אַן אַרבעט אַרונטערצופֿירן די ציג.

— נישט באַשערט קיין שלאַכט, — האָט דער קאַרפּאָראַל, מעשה גרויסער העלד, זייער שטאַרק באַדויערט.



ז. וויינפער, ז. ברכות, א. באַראָן

# אויפֿן כּרמל

איין באַזוך מיינעם אין חיפה האָב איך אויסגענוצט אויף אַ שפּאַציר צום שפּיץ פֿונ'ם באַרג כּרמל, און דער שפּאַציר האָט ביי מיר געדויערט פֿון אינדערפֿרי ביז אין אָוונט אַריין.

ווען איך האָב דורכגעשניטן די שטאָט, וואָס ליגט סאַמע באַרג אַרויף, האָט ביסלעכווייז זיך אָנגעהויבן אָפּצוזונדערן פֿאַר מיינע אויגן דער וועג, וואָס האָט זיך געדרייט אַרום דעם ריזיגן באַרג, ווי אַ גרויסער שאַליק איבער די לענדן פֿון אַ גבור, אַלץ העכער און העכער אַרויף, ביז ער האָט זיך פֿאַרלוירן אין דער הויכקייט.

רעכטס האָט זיך אַלץ ברייטער און קלאָרער גענומען אויסשפּרייטן דער ים, וואָס האָט געגלאַנצט ווי ביז גאָר פֿיינע בלויע טינט.

דערווייל האָב איך נאָך געשפּאַנט צווישן רעשטלעך פֿון דער שטאָט, וואָס האָבן זיך געמישט מיט וואוינונגען און קרעמלעך. מערסטנס זיינען זיי געווען אַראַבישע, אָבער דאָ און דאָרטן האָבן זיך דורכגעוואָרפֿן אויך מענטשן פֿון אַנדערע פֿעלקער, וואָס האָבן אין לויף פֿון יאָרן זיך איינגעלעבט און אַקלימאַטיזירט מיט דער אַרומיגקייט.

ביי אַ פֿענצטער פֿון אַ זייגער־מאַכער האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויפֿצוכאַפּן די צייט, כּדי צו זיין זיכער, אַז מיין זייגער איז אין אָרדענונג, און דורך דער היפּש פֿאַרשטויבטער שויב האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן אַ אידיש פּנים און זיך צעשמייכלט:

— קומט אַריין, — האָט ער צו מיר צוגעוואונקען מיט אַ פֿינגער.

בין איך אַריין און פֿאַרבראַכט מיט אָט דעם אידישן זייגער־מאַכער אַ ביסל צייט.

— פֿון די אַמעריקאַנער? — האָט ער געוואָלט וויסן.

— פֿון די אַמעריקאַנער, — האָב איך באַשטעטיגט.

— אַ טייערע מדינה אַמעריקע, — האָט ער קאָמפּלימענטירט מיין לאַנד.

— איר זייט אַמאָל דאָרטן געווען? — האָב איך געפֿרעגט.

— ניין, — האָט ער געשאָקלט מיט'ן קאָפּ, און אַרונטערציענדיג דאָס פֿאַרגרעסער־גלעזל פֿון זיין רעכטן אויג האָט ער זיך צערעדט אויף אַ גאָר ברייטן אופֿן פֿאַרוואָס אַמעריקע איז אַ טייערע מדינה:

— וואָס וואָלט אַשטייגער דער ישוב דאָ אין ארץ־ישראל געטאָן אָן אַמעריקע? עס וואָלט טאַקע געווען נישט גוט. געלט איז דאָ ביי אייך אַ סך, און גוטע אידישע הערצער האָט איר אויך.

פֿון אַזעלכע רייד האָב איך זיך דערפֿילט גאָר געהויבן און איך האָב שפּאַסיג אַ זאָג געטאָן:

— נו, און דאָס, וואָס דאָס אידישע אַמעריקע האָט אייך צוגעשיקט עטלעכע טויזנט קעמפּער?

דאָ האָט דער זייגער־מאַכער א קנייטש געטאָן דאָס פּנים און א מורמל געטאָן:

— מע.

און איידער איך האָב ביי אים געפרעגט פאַרוואָס ער מעקעט אזוי, האָט ער זיך אליין קלאָר געמאַכט.

— פאַר דער מלחמה מיט די טערקן זיינען זיי אפשר געווען נישט קיין שלעכטער ענין, אָבער פאַר'ן ישוב האָבן זיי קיין שום ווערט נישט. די מערסטע פון זיי זיינען לחלוטין קיין ציוניסטן נישט.

פּלוצלונג האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אפשר האָט ער מיך באַליידיגט, און ער האָט זיך געווענדט צו מיר:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, איר זענט א... א... ווי איז אייער נאָמען, הא?

— ווײנפער איז מיין נאָמען.

דערהערנדיג מיין נאָמען האָט זיין פּנים זיך אויסגעלייטערט:

— אָט, איר זענט דאָס פון די שירים אין די היגע אויסגאַבן, זענט איר דאָך...

און זייענדיג, זעט אויס, זיכער, אַז איך בין טאַקע א ציוניסט, איז ער איבערגעגאַנגען פון זיין ציוניזם צו אַן אנדער פראַגע:

— איר קערט אודאי קאָנען מיינעם א נאָענטן פריינט אין ניו יאָרק.

— ווער איז ער?

— משה כץ, — האָט ער געזאָגט.

— משה כץ, — האָב איך זיך געוואונדערט, און ער האָט מיין פאַרוואונדערונג אָנגענומען אזוי, אַז ער האָט הפּנים דערפילט, ווי ער דאַרף זיך פאַרענטפערן פאַר מיר:

— דאָס הייסט, אידייאיש זיינען מיר ווייט, זייער ווייט, איינער פון דעם אַנדערן. איך בין ציוניסט, דורכאויס ציוניסט, און ער! אי, אי, אי, א מענטש מיט גרויסער באַגאַבונג אָט דער משה כץ, אָבער דער מוח זיינער אַרבעט ביי אים גאָר, גאָר אין אַן אנדער דירעקציע, רחמנא לצלן.

דאָ האָב איך זיך ענדלעך דערמאָנט, אַז מיין דירעקציע איז היינט צום שפּיץ פון'ם כרמל און נישט אוועקצו'הרג'ענען צייט אָט דאָ ביים זייגער־מאַכער, און איך האָב זיך אויף שנעל אָפּגעזעגנט.

איצט האָבן מיינע טריט זיך געיאָגט מיט א טאָפּלטער שנעלקייט, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אָפּמאַכן די צייט, וואָס איך האָב פאַרלאָרן ביים זייגער־מאַכער. אָבער וואָס ווייטער איך האָב געשפּאַנט, איז עפּעס דער באַרג ווי העכער געוואָרן, און עס האָט אָנגעהויבן אויסצוזעען אין מיינע אויגן, אַז איך וועל שוין קיינמאָל נישט דערגרייכן צו זיין שפּיץ.

פון צייט צו צייט האָב איך זיך צוגעזעצט ביים זייט פון וועג אויף א שטיין, אָדער אונטער'ן שאָטן פון אַן אַלט בוימל, און געלאָזט הענגען די בליקן צום אַרונטער פון'ם באַרג, וואָס האָט זיך גענידערט ביז צום ים צו. איצט האָבן די הייזער פון חיפה אויסגעקוקט, ווי קאָלירטע קליינע

קעסטלעך, וואָס עפּעס אַ ריזיגע האַנט האָט נאָכלעסיק פון זיך אַ וואָרף געטאָן און זיי, די קעסטעלעך, האָבן זיך צונויפגעקוליעט ערטערווייז אין געדיכטע גרופּן און ערטערווייז אַ ביסל שיטערער צווישן די געדיכטע גראָזן, וואָרום פון אונטן אַרויף האָבן אפילו די שלאַנקע קיפּאַריסן און די פּאַלמעס אויסגעקוקט נישט מער ווי גראָז.

רעכטס פון יענער זייט ים־אויסגוס האָט זיך געגרויט די שטאָט עכו, וואָס איז שוין צו יענער צייט געווען דער קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר אַלע מורדים אַנטקעגן דער בריטישער אימפּעריע.

דעמאָלט ווען איך בין אַזוי געזעסן און געקוקט אויף אָט דער שטאָט עכו, איז מיר נאָך אויפ'ן זין נישט געקומען, אַז אינגאַנצן מיט איין יאָר שפּעטער וועט אין דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער פון אָט דער שטאָט זיצן פאַר־שפּאַרט אויך וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, אָבער געגנוג מורדים, אַראַבישע און אידישע, זיינען שוין אויך דעמאָלט געווען פאַרשפּאַרט אין איר.

און איך געדענק, אַז קוקנדיק פון מיין אָפּרו־אָרט אויף עכו, זיינען אויפגעגאַנגען פאַר מיינע אויגן די רוימישע לעגיאָנען, וואָס האָבן אַמאָל, אַמאָל דורך אָט דער שטאָט אָנגעהויבן זייער מאַרש אויף יהודה צו דער באַלאַגערונג פון ירושלים און דערנאָך איז אויפגעשטאַנען פאַר מיר דאָס בילד פון'ם קאַמף צווישן אליהו הנביא מיט די נביא־הבעל און מיר איז געוואָרן ביז גאָר מאָדנע צו טראַכטן, אַז אפשר האָט זיך דאָס גאַנצע ספּעקטאַקל צווישן אליהו הנביא'ן און די פאַלשע נביאים אָפּגעשפּיגלט טאַקע אָט־דאָ אויפ'ן אָרט, וואו איך זיץ.

איך האָב געהערט, ווי אליהו רייצט זיך מיט די פאַלשע נביאים, מאַכט חוזק פון זיי און הייסט זיי שרייען העכער צו זייערע געטער, כדי זיי זאָלן דערהערן.

ווען איך האָב זיך ענדלעך אויפגעהויבן פון מיין אָרט און בין גע־גאַנגען ווייטער, זיך הויבנדיג אַלץ העכער צום שפּיץ, איז שוין אליהו הנביא מיט מיר מיטגעגאַנגען אַ היפּשע צייט. אַמניבוסן האָבן זיך פאַרביי־געיאָגט דורך מיר אַהין און צוריק, אויפהויבנדיג הינטער זיך גאַנצע וואָל־קענס מיט געדיכטן שטויב, אָבער דורכ'ן שטויב איז דאָס פּנים פון'ם נביא נאָך עפּעס ווי קלאָרער געוואָרן פאַר מיר.

אַ דאַרם און אַ קנאָכיגס איז זיין פּנים געשטאַנען פאַר מיר און דאָס העלע בלענדנדיגע ליכט אַרום מיר איז נישט געווען מער פון דער ברענענ־דיגער זון פון אויבן, נאָר פון זיינע גלאַנציגע אויגן האָט דאָס ליכט גע־בלענדט, און געהערט האָב איך זיינע צאָרנדיגע רייד צום קעניג אחאָב, וואָס האָט נישט נאָר צוגענומען דעם גאָרטן פון דעם אָרבעטנדיגן נבות'ן, נאָר ער האָט אפילו נישט געפּרואווט אָפּשטעלן זיין קעניגן איזבל'ן, וועל־כע האָט סצענירט אויף דעם אָרימען נבות'ן אַ בלוט־בלבול און אַזוי אַרום אים דערפירט צום טויט.

— ליבער אליהו, וואָס טוט מען צו די היינטיגע אחאָב'ס און איזבל'ס,

וואָס פייניגן אזוי די היינטיגע נבות׳עס? — האָב איך ביי אים געפרעגט און ער האָט מיך דורכגעשטאָכן מיט זיינע בריענדיגע אויגן און געפרעגט:
— און וואָס טוסטו?
— איך? — האָב איך געפרעגט א דערשראָקענער.
— יאָ, דו און נאָך אזעלכע ווי דו ביזט! — האָט ער זיך אויף מיר צעצאָרנט.
פלוצלונג האָב איך דערהערט א קול לעבן זיך, וואָס האָט מיך אויפגעוועקט ווי פון א האַלוצינאַציע.
אַן אָפּיצער אויף א פערד האָט געהאַט טענות צו מיר הלמאי איך האָב אים נישט סאַלוטירט, און כאָטש ניי דערציייל אים, אז איך בין ערשט געווען פארנומען אין אַן אינטימען שמועס מיט אליהו הנביא׳ן.
ווען איך האָב זיך ווי ניט איז ארויסגעדרייט פונ׳ם אָפּיצער מיט אַן אַנטשולדיגונג און א טאָפּלדיגן סאַלוט, האָב איך זיך דערזען לעבן א מאַנאַסטיר און א גלח מיט א שטריק ארום זיין ברוינעם באַלאַכאָן האָט עפּעס גערעדט צו מיר אויף א לשון, וואָס איך האָב נישט פארשטאַנען.
פלוצלונג האָב איך זיך געכאַפּט, אז איך בין אויפ׳ן סאַמע שפּיץ פונ׳ם כרמל, וואָרום א סימן האָב איך געהאַט טאַקע אין דעם זעלביגן מאַנאַסטיר, וועלכן איך האָב א סך מאָל געזען פון אונטן, ווען איך בין געשטאַנען מיט פארריסענע אויגן ארויף.
עס איז מיר געוואָרן זייער אומהיימלעך דאָס אָרט און נאָך אומהיימלעכער איז מיר געוואָרן דער גלח, וועמען איך האָב נישט פארשטאַנען, און איך האָב אָנגעהויבן צו שטעלן פיס אויף צוריקוועגס.
דער טאָג האָט שוין גע׳גוסס׳ט, ווען איך האָב דערגרייכט די ערשטע שטיבלעך און קרעמלעך פון דער שטאָט.
איך האָב דערפילט א שטאַרקן הונגער און דורשט און איך האָב געקויפט ביי א זיצנדיגער, באָרוועסער אראַבערין הארטע אויער און מאַראַנצען, און ווען איך האָב שפּעטער זיך פארבייגעשאַרט דאָס פענצטער פונ׳ם זייגער־מאַכער, האָב איך נישט געוואָלט, אז ער זאָל מיך דערזען, וואָרום מיין מויל איז געווען זייער שטאַרק פארנומען מיט דער אכילה.

# פראַנצויזישער אורלויב

„פראַנצויזישער אורלויב", האָט געהייסן אויפ'ן ענגלישן מיליטערישן לשון, זיך נישט אומצוקערן צוריק אין לאַגער אריין פון אורלויב צו דער באַשטימטער צייט, אָדער גאָר איבערלאָזן דעם לאַגער אָן א דערלויבעניש.

דער „פראַנצויזישער אורלויב" איז פּראַקטיצירט געוואָרן פון די סאָל־דאַטן אין אַלע באַטאַליאָנען, אָבער אין די אידישע איז ער געווען ממש א מגפה.

די סיבה פאַרוואָס די אידישע לעגיאָנערן האָבן גענומען אָפטער דעם פראַנצויזישן אורלויב, ווי די נישט־אידן, האָט זיך זייער לייכט געלייגט אויפ'ן שכל. ווייל ווי בכלל איז געווען א זעלבסט־פאַרשטענדלעכע זאַך, אַז ביי די אידן זאָל זיין א פיל שטאַרקערער באַגער צו זען דאָס לאַנד, ווי ביי די נישט־אידן.

אין די באַטאַליאָנען בכלל און בפרט אין די אידישע זיינען קיין צו שטאַרקע שטראָפן פאַר נעמען „פראַנצויזישן אורלויב" נישט אויסגעטיילט געוואָרן. עס האָט זיך געווענדט, ווי לאַנג מען איז געווען אוועק פונ'ם לאַגער. אויף א טאָג, אָדער צוויי, האָט מען אַרונטערגענומען פאַר א וואָך שכירות, פאַר מערער האָט מען געקראָגן צו דעם אַרונטערנעמען די שכירות אויך א צוגאָב א פּאָר טעג אַרעסט, וואָס האָט פאַקטיש נישט געמיינט צו זיין איזאָלירט, נאָר לויפן פאַרנאַכט ביז צען אין אָוונט אויפ'ן רוף פונ'ם טרומייטער יעדע האַלבע שעה צום סערזשאַנט און באַווייזן, אַז מען איז דאָ אין די גרעניצן פונ'ם לאַגער, וואָס דאָס איז געווען א נודנע אָפּקומע־ניש.

שלעכט איז געווען, אַז מען האָט דעם „פראַנצויזישן אורלויב" פּראַק־טיצירט א ביסל צו אָפט, און נאָך ערגער, ווען מען האָט איבערגעכאַפּט פולע דריי וואָכן. אין לעצטן פאַל פלעגט זיך שוין אַזעלכער נישט אומ־קערן צוריק, ווייל מען איז שוין געווען א דעזערטיר און דאָס האָט געשמעקט מיט גאָר א שווערער שטראָף.

אויף ווי ווייט די אידישע לעגיאָנערן האָבן פּראַקטיצירט דעם „פראַנ־צויזישן אורלויב" איז כאַראַקטעריסטיש אָט די מעשה, וואָס איך האָב געהערט פון א קאָמיקער אויף א מיליטערישן קאָנצערט אין א שכנה'שן באַטאַליאָן, וואָס איז געווען קיין אידישער.

א גענעראַל איז געקומען אויף אינספּעקציע אין א קאָנצענטראַציע לאַגער, וואו עס זיינען געווען איינגעשפּאַרט סאָלדאַטן פון פאַרשיידענע רעגימענטן און פאַרשיידענע פעלקער פאַר אַלערליי פאַרברעכנס. און אַזוי ווי אַלע האָבן געטראָגן די זעלבע תפיסה־אוניפאָרמס און אים האָט זיך דוקא געוואָלט וויסן ווער איז ווער, האָט ער פאַרביי־גייענדיק די אויסגע־

שטעלטע, געפרעגט בײַ יעדן אײנעם פאַרוואָס ער איז אַרײַנגעפאַלן אַהער.

— שיכרות! — האָט געענטפערט דער ערשטער.

— סקאָטיש, — האָט דער גענעראַל אַ מורמל געטאָן צו זיך.

— און דו? — האָט ער זיך געווענדט צו אַ צווייטן.

— באַלײדיגט אַן אָפיצער! — איז געקומען דער ענטפער.

— אויסטראַליער, — האָט דער גענעראַל באַשטימט בײַ זיך.

אָט אַזוי האָט דער גענעראַל באַשטימט פאַר זיך די נאַציאָנאַליטעט לויט דעם כאַראַקטער פון די פאַרברעכנס.

און אָט ווענדט ער זיך צו אַן אַנדערן מיט דער זעלבער פראַגע, ווי צו די פריערדיגע:

— נו און דו?

— פראַנצויזישער אורלויב!—קומט דער ענטפער.

דער גענעראַל ווערט פאַרוואונדערט, וואָרים ער ווייסט, אַז פאַר אַזא פאַרברעכן פאַר׳משפּט מען נישט אַזוי שווער און ער פרעגט זיך נאָך:

— ווי לאַנג אין דער אַרמיי?

— עלף חדשים, — ענטפערט דער אַרעסטירטער.

— און וויפיל מאָל ביזטו אַוועק פון׳ם לאַגער?

— עלף מאָל, — קומט דער ענטפער.

דער גענעראַל טוט אַ שמייכל און אַ שטילן מורמל צו זיך:

— אַהאַ, אַ העברייער!

אונזער אײגענער קוירנעל פלעגט זיך נישט אײנמאָל וויצלען אין דער געזעלשאַפט פון זײַנע ציווילע פרײַנט:

— מיך וואונדערט מער אויף די, וואָס זײַנען אין לאַגער, ווי אויף יענע, וואָס שלעפן זיך אַרום און האָבן אַן אַרבעט זיך אויסצובאַהאַלטן אומעטום פון די מיליטערישע פּאָליסלײַט.

אָט אַזוי פלעגט ער זיך וויצלען און נישט אײנמאָל פלעגט ער אַפּעלירן צו אונז אויפ׳ן פאַראַד בזה הלשון:

— פראַנצויזישער אורלויב איז צו אַ גרויסע מגפה אין באַטאַליאָן. אָבער איך פאַרשטיי אײַך. עס איז גוט וואָס איר קומט צוריק און נעמט אײערע אײגענע שטראָפן, ווי מענער. אײן זאַך וויל איך, אַז איר זאָלט שטענדיג געדענקען:

האַלט זיך אומעטום ריין און מיט ווירדע, — איר זענט אידן!

הכלל, דער „פראַנצויזישער אורלויב" איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשײַנונג און איך האָב בײַ זיך באַשלאָסן נישט אָפּצושטיין פון דעם רבים און אים אויך אַ פּראַקטיציר צו טאָן.

ווען איך בין אײנמאָל אין אַ נאָכמיטאָג אַרײַנגעקומען אין לאַגער

אַרײַן פֿון לוד, וואוהין מײַן אָפּטײלונג האָט צוריקגעבראַכט אַ באַן פֿון חיפֿה, זאָגט צו מיר אַ פֿרײַנט:

— געווען נעכטן אין תּל־אביב, ברענער האָט געפֿרעגט פֿאַ־וואָס מען זעט דיך נישט.

— איז ברענער שוין צוריק אין תּל־אביב?

— יאָ, שוין איבער אַ וואָך.

דעמאָלט האָב איך באַשלאָסן, אַז הײַנט איז דער טאָג און אַז הײַנט מוז דאָס געשען.

— וואָס פֿאַר אַ ווערט ווערט האָבן די שטראָף אָנטקעגן די פּאָר טעג, וואָס איך וועל האָבן אין תּל־אביב, — האָב איך צו זיך געזאָגט און אַזוי ווי דער קאָרפּאָראַל פֿון מײַן אָפּטײלונג האָט מיך באַפֿרײַט, בין איך אַוועק אונטער דעם טוש זיך אָפּצופֿרישן. איך האָב אויף שנעל אויסגעפּוצט מײַנע מעשענע קנעפּלעך, זיך אַרומגעבערשטלט און האַידאַ אַרויס אויפֿ'ן וועג, וואָס פֿירט קיין תּל־אביב.

עס איז נאָך געווען היפּש פֿרי נאָכמיטאָג. די זון איז געווען אין פֿולן גלי און זײַער גיך אַרויסגעשלאָגן אַ שטאַרקן שווייס אויף מײַן פּנים. אָבער מײַנע פֿיס האָבן געשניטן דעם וועג אונטער זיך מיט דער גריזגקייט פֿון אַ שאַרף מעסער, וואָס צעשנײַדט אַ ברויט אויף רײַפֿטלעך. אין מײַן שנעלן גאַנג האָב איך מיט אַ באַזונדער הנאה אויפֿגעכאַפּט, ווי גיך באַקאַנטע קלײניקײטן בלײַבן מיר פֿון הינטן. אָט איז דער בוים אויף לינקס, וואָס מען זאָגט אויף אים, אַז ער איז נאָך פֿון אברהם אבינו'ס צײַטן. אַן אַנדערש מאָל וואָלט איך זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַל לעבן אים, אים אַ טאַפּ געטאָן און דערבײַ געהאַט דאָס געפֿיל, ווי איך וואָלט אָנגעטאַפּט די אײביקייט, וואָרום שוין נישט קיין האַלץ איז ער מיר געווען, נאָר עפּעס ווי ביין פֿון אַ סקעלעט. אָבער איצט האָב איך דאָס נישט געטאָן. איך בין אים פֿאַרבײַ בלויז מיט אַ בליק און אַ געדאַנק וועגן אים, וואָס איך האָב אפֿילו קיין צײַט נישט געהאַט אים קלאָר צו מאַכן פֿאַר זיך.

אַלץ וואָלט געווען אָפּגעגאַנגען זײַער גוט און אין אַ שעה אַרום וואָלט איך שוין געווען אין תּל־אביב מקיים זײַענדיק די מצווה פֿון מײַן ערשטן „פּראַנצוויזישן אורלויב", ווען איך דערהער נישט פּלוצלונג אַן אַנגעלויף הינטער מיר פֿון פֿערדישע קלאָען.

איך האָב זיך אויסגעדרייט און איידער איך האָב באַוויזן קומען צו זיך, האָב איך דערזען מײַן קווירנעל מיט זײַן שטענדיקער מיטרײַטעריין, דאָס טעכטערל פֿון זײַן אַמאָליקער געליבטער.

איך האָב זיך געטאָן אַ צי אויס אין סאַלוט און מסתמה געהאָפֿט, אַז זיי וועלן פֿאַרבײַפֿאָרן און איך וועל ווײַטער פֿאָרזעצן מײַן גאַנג. אָבער דער קווירנעל האָט אַ צי געטאָן דאָס צוימל און דאָס פֿערד איז געבליבן שטיין, וואָס האָט אויך געמאַכט דער מיטרײַטעריין אָפּצושטעלן איר פֿערד:

— נו, וואָס מאַכסטו זינדל? — האָט ער פריינטלעך ביי מיר א פרעג געטאָן, און נישט וואַרטנדיג אויף מיין דאַנק, האָט ער א דריי געטאָן דעם קאָפּ צום מיידל און באַרימעריש באַמערקט:

— דער פּאָעט פון מיין באַטאַליאָן.

דאָס מיידל האָט מיר געשענקט א חנ׳עוודיגן, פריינטלעכן שמייכל און מיר געוויזן דערביי, וואָס פאַר א שיינע, ווייסע ציין זי האָט געהאַט.

— און וואוהין גייסטו? — האָט ער זיך געווענדעט צו מיר.

— קיין תל־אביב, — האָב איך געענטפערט אין א שטילן טאָן, האָפנדיג, אַז ער וועט מיינען, אַז איך האָב א דערלויבעניש און מיך פריי לאָזן.

ערשט ער איז טאַקע צודרינגלעך און ער וויל טאַקע וויסן צי איך האָב א צעטל פונ׳ם קאַפּיטאַן און אויף ווי לאַנג איז דאָס מיר געגעבן געוואָרן.

א רגע בין איך געשטאַנען א צעטומלטער און עפּעס געדרייט מיט׳ן צונג, אָבער זעענדיג, אַז איך בין אריינגעפאַלן, בין איך ארויס מיט׳ן אמת.

— איך האָב באַשלאָסן צו נעמען א פּאָר טעג „פראַנצויזישן אורלויב״, —האָב איך ארויסגעשאָסן און כדי זיך צו באַרעכטיגן, האָב איך צוגעלייגט מיט שטאַרקער באַטאָנונג:

— איך מוז זען דעם נאָוועליסט י. ח. ברענער.

די לופט ארום מיר איז פּלוצלונג נאָך הייסער געוואָרן פונ׳ם קוירנעל׳ס געזונטן געלעכטער און ער האָט עטלעכע מאָל איבערגע׳חזר׳ט צו דער מיידל:

— דו הערסט? מיינער א סאָלדאַט זאָגט מיר אין די אויגן, אַז ער האָט באַשלאָסן זיך אוועקצו׳גנב׳ענען פונ׳ם באַטאַליאָן אויף א פּאָר טעג. איך בין געשטאַנען ווי א גולם און געשוויגן. אָבער פּלוצלונג האָט ער א בויג געטאָן צו מיר דעם קאָפּ און טרוקן א זאָג געטאָן:

— קער זיך אום און טאַקע שוין!

אין א זייער שווער געמיט האָב איך געשפּאַנט צוריק אין לאַגער אריין. עפּעס איז מיר געווען א בזיון פאַר זיך אליין. איך בין זיך אליין אויסגעקומען ווי א שלים־מזל און אין גרוים פאַרדרוס געטראַכט:

— אַזוי פיל נעמען „פראַנצויזישן אורלויב״ און עס גייט זיי אָפּ גלאַטיג און איך?...

— דער רוח האָט אים אָנגעטראָגן! — האָב איך בייז געמורמלט צו זיך.

ווען איך בין אריין אין לאַגער האָב איך זיך מוטלאָז געלאָזט צום ביידל מיט׳ן געדאַנק זיך גאָר אוועקלייגן שלאָפן, אָבער לעבן מיין ביידל האָט מיך באַגעגנט דער סערזשאַנט מיט א בריוו אדרעסירט צו ברענער׳ן און א צעטל אויף אכט און פערציג שעה קיין תל־אביב.

— א שליחות פונ׳ם קוירנעל, — האָט דער סערזשאַנט געזאָגט.

איך האָב יענעם אוונט איבערגעגעבן ברענער׳ן דעם בריוו, האָט ער זיך שטאַרק געוואונדערט, ווארום אינ׳ם קאָנווערטל איז גאָרנישט געווען.

איך האָב דערציילט ברענער'ן די גאַנצע מעשה און מיר האָבן ביידע געשמייכלט.

אָבער „פּראָנציייזישן אורלויב" האָט איך סײַ־ווי גענומען. אַנשטאָט צוויי טעג בין איך געווען דריי. און ווען איך האָב זיך אומגעקערט צוריק אין לאַגער אַריין, גרייט צו נעמען מײַן שטראָף, דאָט מײַן סערזשאַנט שטרענג אַ זאָג געטאָן צו מיר.

— דײַן נס, וואָס דו דאַרפסט היינט אָפּגיין מיט דער אָפּטיילונג אויף דער באַן קיין חיפה, אַנדערש וואָלט איך דיך גענומען צום קאַפּיטאַן און עס וואָלט דיר געקאָסט אַ וואָך שכירות.

איך האָב זיך פריינטלעך צעלאַכט אויף וואָס דער סערזשאַנט האָט איראָניש באַמערקט:

— אַ גאַנצער קנאַקער ביזטו, העי?

# ירושלים

עס האָט זיך אָנגערוקט דער ערב־פּסח און איך האָב געהאַט דאָס מזל אַריינצופאַלן צווישן די געציילטע, וואָס האָבן געקראָגן אורלויב קיין ירושלים.

— ענדלעך ! ענדלעך ! — האָב איך אויסגעשריגן פון באַרוישונג, וואָרום דער ברען־פּונקט פון מיין באַגער איז אין לויף פון דער גאַנצער צייט געווען צו זיין אין אָט דער שטאָט, וואָס איז געווען זינט איך בין געקומען צו מיין שכל און צו מיינע חושים די שטאָט פון אַלע שטעט.

ניין, נישט בלויז קיין שטאָט איז ירושלים געווען פאַר מיר, נאָר א סך, א סך מער. זי איז געווען דאָס געוויין און די פרייד פון אַלצדינג, וואָס האָט אַרומגערינגלט מיין קינדיש לעבן און אויך מיין פריע יוגנט.

אומעטום, אין שטוב, אין בית־המדרש און אין חדר איז ירושלים געווען ניט נאָר א נאָמען פון א שטאָט, וואָס איז אַמאָל געווען אונזערע, נאָר א באַגריף פון אונזער אַמאָליגער השיבות, אַמאָליגן גלאַנץ, אַנטקעגן וועלכע עס האָבן אפילו די שיינקייטן פונ׳ם דעמאָלטיגן אַרום אויסגעקוקט ווי וואָכעדיגע מאָנטאַגס אַנטקעגן שבתים און יום־טובים.

אויף דעם גאַנצן וועג קיין פּאַלעסטינע בין איך אייגנטלעך געפאָרן נאָר קיין ירושלים און יעדע קאָלאָניע און יעדעס שטעטל און שטאָט, וואָס איך האָב ביז איצט געזען און באַטראַכטן, זיינען דאָך אייגנטלעך געווען ביי מיר נישט מער ווי פאָרשפּילן צו דעם, וואָס דאַרף ערשט קומען.

איך האָב דערפאַר דערפילט א גוואַלדיגע אויפרעגונג, ווען איך האָב דעם אורלויב קיין ירושלים באַקומען און שוין ביים לאָזן זיך מיט דער גרופּע צו דער באַן קיין לוד, האָב איך דערפילט ירושלים אונטער מיינע טריט.

— ויעל ירושלימה, — האָט געקלונגען אין מיין געמיט דער אויסדרוק פון חומש, און איך האָב זיך געבעטן ביי דער חברה, אַז אַנשטאָט צו נעמען די באַן, זאָלן מיר זיך אַוועקלאָזן מיט׳ן וועג אַרויף צופוס.

— לאָמיר אויפגיין קיין ירושלים צופוס, — האָב איך זיך געבעטן ביי די איבעריגע און אין אויפריכטיגן עקסטאַז אויסגערופן עטלעכע מאָל אין דער הויך :

— ווי אונזערע אָבות האָבן געטאָן פון אָט די אַלע ערטער אַרום ! ווי אונזערע אָבות האָבן דאָס געטאָן !

— און בכורים פירסטו מיט זיך ? — האָט איינער פון דער חברה זיך געפּרואווט א וויצל צו טאָן מיט מיר, אָבער דער וויץ איז אַרויסגעקומען פון זיין מויל שוין גאָרנישט ווי קיין וויץ.

— בכורים ? — האָב איך איבערגע׳חזר׳ט זיין פראַגע, און שפּאַנענ־דיג לעבן אים האָב איך גערעדט מיינע געדאַנקען שוין אפשר מער צו זיך אַליין ווי צו אים אין דער הויך :

— יאָ, אודאי טראָג איך בכורים. און אפשר נאָך ווערטפֿולערע ווי אונזערע אָבות האָבן געטראָגן צו די כהנים און לוויים ארום דעם בית־המקדש.

— צום בײַשפּיל? — איז שוין אַן אַנדערער פֿון דער גרופּע טאַקע אויף אַן אמת נײַגעריג געוואָרן.

און איך געדענק, אַז שפּאַנענדיק דעמאָלט מיט דער גרופּע צו דער באַן קיין לוד, בין איך פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין מגיד, און דער אינהאַלט פֿון מײַן מגידות איז געווען אומגעפֿער אַזוי:

— מיר אַליין זײַנען די בעסטע בכורים ביים איצטיגן אויפֿגיין קיין ירושלים, נאָך צוויי טויזנט יאָר, אַז מיר זײַנען נאָך דאָ פֿאַרקניפּט און פֿאַרבונדן אויף אַזאַ און אַן אַנדער אופֿן צו אונזער עבר.

— און אפשר טאַקע זיך אַ לאָז טאָן צופֿוס? — איז שוין אײנער פֿון דער גרופּע כמעט ווי גרייט געווען. אָבער דאָ האָט זיך ארײַנגעמישט דער ערשטער און אַ זאָג געטאָן מיט גרויס איבערצייגונג:

— גייט שוין, גייט! — האָט ער זיך אָנגעבייזערט און דערבײַ אונז אַלעמען פֿאַרזיכערט, אַז די סיבה פֿאַרוואָס אונזערע אָבות זײַנען געגאַנגען צופֿוס איז געווען נאָר דערפֿאַר, ווײַל דעמאָלט איז קיין באַן דאָך נישט געווען.

אויסהערנדיק אָט־די קלוגע רייד, זײַנען נישט נאָר די איבעריגע, נאָר אפֿילו איך אַליין בין אויך איבערצייגט געוואָרן, אַז נאָך אַלעמען איז דאָס טאַקע אַזוי, און מיר האָבן מיט פֿאַרשנעלערטע טריט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער סטאַנציע.

עטלעכע שמוציגע, אָפֿענע וואַגאָנעס, אין וועלכע מען פֿירט געוויינטלעך בהמות, זײַנען זיי נאָך דערצו געווען אָנגעפֿילט מיט כל'ערליי סאָלדאַטן און אַראַבער. אונזער חברה איז ארויף און בלויז מיט'ן כח פֿון אונזערע עלנבויגנס האָבן מיר ווי נישט איז געמאַכט שטיקלעך פּלאַץ פֿאַר זיך צווישן אַלעמען.

ווען דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך אַ ריס געטאָן, איז געווען ווי די ערד וואָלט זיך אונטער אים צעשאָקלט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ טרייסלעניש, אַ וויגעניש און אַ וואַרפֿעניש, אַז עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אָנשטאָט קאָנען זען, באַטראַכטן, וועל איך שוין דעם גאַנצן וועג זײַן פֿאַרנומען אײַנצוהאַלטן מײַן אינגעווייד אין זיך.

צום גליק האָט זיך דער לאָקאָמאָטיוו זייער גיך ארויסגעשלאָגן פֿון די כחות און ער האָט אָנגעהויבן צו גיין אַ סך לאַנגזאַמער, ווי ביים אָנהויב.

איצט, אַז דאָס טרייסלעניש, וויגעניש און וואַרפֿעניש האָבן ענדלעך אויפֿגעהערט, האָב איך זיך דערזען אין דעם סאַמע הארץ פֿון די יהודה־בערג, און נישט אומזיסט האָט דער לאָקאָמאָטיוו פֿאַרלאַנגזאַמערט זײַן גאַנג, וואָרום נישט נאָר איז אים איצט אויסגעקומען זיך צו שלעפּן באַרג ארויף, נאָר זיך דרייען ווי אַ שרויף אָט ארום איין באַרג און אָט ארום אַן אַנדערן, אַנטפּלעקנדיק בשעת מעשה פֿאַר די אויגן פֿון די פּאַסאַזשירן

אָט אַ פּאַס פונ'ם הימל, וואָס איז עפּעס ווי געהאַנגען פון אונטן אַרויף, אָט אַ טאָל, וואָס האָט זיך פּאַמעלעכדיג דורכגעקרייזט פאַר די אויגן, ווי אַ גרויע, שטיינערנע שיסל, וואָס מען האָט אַ לאַנגע צייט פאַרנאַכלעסיגט איבערצואוואַשן, און אָט איז גאָר אויסגעוואַקסן פונקט אַנטקעגן אַ סקאַלעדיגער באַרג, וואָס אַ רגע האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער איז טאַקע אָט ערשט אויסגעוואַקסן, כדי צו פאַרשטעלן פאַר'ן קרעכצנדיגן און שווער־אָטעמדיגן לאָקאָמאָטיוו דעם וועג.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי דאָס איז געשען, נאָר ביסלעכווייז האָבן זיך אַלע אינ'ם וואַגאָן אַזוי איינגעזעצט און איינגעשטעלט, אַז עס איז געוואָרן פּלאַץ פאַר יעדן איינעם, און דעמאָלט בין איך שוין געשטאַנען אַנגעשפּאַנט איבער דעם אָפענעם ווענטל און מיינע אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין דעם אַרום.

עס קוקט אויס, אַז נישט נאָר האָב איך דערפילט דעם כח פון דעם אַרום. עס האָבן דאָס אויך דערפילט אַלע איבעריגע, וואָרום אַזאַ שטילשווייגעניש האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט.

אפילו דער אַלטער, האַלב־בלינדער אַראַבער, וואָס האָט פריער פון זיין ווינקל אַרוים אַלע ווילע פאַרצויגן אַ קרעכצנדיג און שלינגענדיג געזאַנגל, איז איצט אויך אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן, און ער האָט איצט אויסגעקוקט אין זיין אַבאַיע ווי ער וואָלט אינגאַנצן אין אַ שטיק ליים פאַרוואַנדלט געוואָרן.

ווי אַנדערש די בערג האָבן דאָס אויסגעזען איצט אין מיינע אויגן, ווי ווען איך פלעג קוקן אויף זיי פונ'ם לאַגער, וואו מיין באַטאַליאָן איז געשטאַנען.

איצט זיינען אַלע שלייערן פון זיי געווען אַרונטערגעצויגן און אין זייער נאַקעטקייט האָבן זיי אויסגעקוקט, ווי הורבעס סקעלעטן, וואָס די צייט האָט זיי צונויפגעוועבט איינע מיט די אַנדערע, און ביסלעכווייז אויספאַרמירט פון זיי ריזיגע סקעלעטן בערג. די קליינע בוימלעך דאָ און דאָרטן זיינען אויך ווי סקעלעטלעך געווען, און דער גרעסטער וואונדער אין מיינע אויגן איז געווען אַ באָק, אָדער אַ ציג, וואָס מען האָט ערטערווייז געזען זיך דורכדראַפּען באַרג אַרויף, אָדער באַרג אַרונטער אין אַ טאָל אַריין.

און פונקט ווי די בערג, זיינען אויך די טאָלן געווען נאַקעטע און ביינערדיגע.

און די באַן האָט זיך געדרייט, געשליינגלט, בייטנדיג גרויקייט אויף גרויקייט, שווערקייט אויף שווערקייט. אפילו ווען דער הימל איז ברייטער געוואָרן צווישן די בערג און די זון האָט אַ גאָס געטאָן מיט גאַנצע טאָנען ליכט און בלענד, איז די גרויקייט אַלץ גרוי געבליבן, און די שווערקייט אַלץ שווער געבליבן.

עמיצער האָט שטיל דערמאָנט יהודה המכבי'ן מיט זיינע מאַקאַבייער, וואָס האָבן פון צווישן אָט די בערג זיך נישט איינמאָל געוואָרפן אויף

אונזערע באַצווינגער, און איך האָב אין דעם אַרום געזוכט די צייכנס פון זייערע טריט, דעם עכאָ פון זייערע גבורות, זייער גרויסן מוט. געזוכט און נישט געפונען. וואָרום וואָלט איך יאָ געוועזן געפונען, וואָלט דאָך די שווערקייט אין מיר זיך געוועזן פאַרוואַנדלט אין אייגענער גבורה, אין אייגענעם מוט.

אַן ענדערונג איז געקומען ווען אונזער באַן האָט זיך גענומען פאַרבייקרייזן דאָס, וואָס אַמאָל און איז געווען די שטאָט ביתר.

דאָ זיינען די בערג געוואָרן אַ ביסל אַנדערש, ווי די פריערדיגע. די זעלביגע סקעלעטנדיגקייט, אָבער סימנים פון אַמאָליגע טעראַסן ביי זייערע זייטן, איבער זייערע שפּיצן.

דאָ האָט יאָ אָנגעהויבן זיך צו וועקן עפּעס אין׳ם געמיט. עס האָבן זיך אַ וויג געטאָן פאַר די אויגן די שלאַכטן, וואָס זיינען דאָ אָנגעגאַנגען, און דאָס חרוב ווערן פון אָט דער שטאָט, ד.ה. אין דעם אידישן פאָלקסזכרון ענג פאַרבונדן מיט דעם חרוב ווערן פון ירושלים.

אָבער עס האָט נישט גענומען לאַנג און די חורבות פון דער שטאָט ביתר זיינען שוין געווען פון הינטן, און פאַראויס האָבן זיך אָנגעהויבן וואָס ווייטער אַלץ מער סימנים פון לעבן.

די באַן האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַרויסצושלייכן פון צווישן די בערג, ווי פון אַ שמאָלן געסל אין אַ ברייטער עוועניו אַריין.. עס איז רחבות׳דיגער געוואָרן אַ ביסל. און די בערג, וואָס זיינען איצט אַנטקעגנגעקומען דעם בליק פון דער ווייטנס, האָבן וואָס ווייטער אַלץ מער גרינלעכע בגדים אָנגעהויבן צו פאַרציען איבער זיך, און די זון איז עפּעס ווי מיט איין מאָל צוריק צו זיך געקומען.

איצט האָט די באַן זיך געשלייכט קרעכצנדיג און הוסטענדיג באַרגאַרויף, און פּלוצלונג, ווי דורך אַ כשוף, האָט זיך אַ שטאָט מיט קופּאָלן און טורעמס אַ וויג געטאָן אין דער בלענדנדיגער זון.

— ירושלים!

האָט עמיצער אַנדערש אויסגעשריגן אָט דאָס וואָרט, אָדער איך אַליין האָב אַ געשריי געטאָן?

# איכה ישבה

האט זי אייך אמאל גע׳חלומ׳ט, אז איר שפאנט אין דער הוילער לופט?

אויב יא, וועט אייך זיין באקאנט דאס געפיל, ווען איך האב איבערגע־לעבט, ווען איך האב מיט׳ן רוק־זאק אויף מיין שולטער ארויסגעשפאנט פון דער באן־סטאנציע מיט די אויגן אויף ירושלים.

די טריט האבן נישט געפילט קיין ערד אונטער זיך. זיי האבן גע־שפאנט אין דער לופט און איך אליין בין אינגאנצן געווען אזא לופטיגער.

— הייסט עס, אז דאס איז ירושלים! — האט עפעס א קול אין מיר געהאלטן אין איין האמערן, און אלץ, וואס איז געווען אין מיר, האט גע־האלטן אין איין באשטעטיגן:

— יא, יא, דאס איז ירושלים!

נישט שייך צו געבן א באשרייבונג פון דער שטאט, ווי אזוי זי האט זיך דעמאלט אנטפלעקט פאר מיינע בליקן. איך האב געזען פיל, פיל מער, ווי מיינע בליקן האבן אויפגעכאפט.

דער גרינער רינג פון די בערג ארום דער שטאט האט דערמאנט אין דער צעפולטער, אפגעקראכענער גרינקייט אויף די זשופיצעס פון צדיקים, וואס זיינען ארימעלייט און קאנען זיך קיין סאטין־דעליאנע קאפאטעס לכבוד שבת נישט פארגינען. די אומצאליגע צלמים און רונדע קופאלן פון אלערליי קלויסטערס און די דינע רונדע טורעמלעך פון די מעטשעטן האבן אויסגעקוקט אין מיינע אויגן, ווי עפעס, וואס איז אויף צו־להכעיס, און איך האב בשום אופן נישט געקאנט באנעמען פארוואס די זון שיינט איבער זיי מיט אזא העלקייט, מיט אזא בלענדנדיגן בלענד, אזש עס זשמורען זיך די אויגן פון גרוים ליכטיגקייט.

איך האב געשפאנט א געפלעפטער, א פארגאפטער, א טיף־געריירטער און א טיף־צעוויטאגטער.

אין די אויערן האט נישט אויפגעהערט צו קלינגען דאס טיפע, דבקות־דיגע געבעט „ולירושלים עירך", וואס איך האב אזוי פיל יארן געהאלטן אין איין הערן און אויך אליין אמאל מיטגעבעטן צוזאמען מיט אזוי פיל אידן אין די בתי־מדרשים און אין די קלויזן.

שפאנענדיג מיט די אויגן אויף ירושלים, האב איך איבער די קלויס־טערס און מעטשעטן דערזען אלע אידן פון מיין שטעטל תשעה־באב אוונט צו די קינות אין דעם גרויסן בית־המדרש. דאס בלענדנדיגע ליכט איבער מיר איז פארטונקלט געווארן און בלויז די חלב־ליכטלעך איבער די צעעפנ־טע קינות האבן זיך געטוקט.

— איכה ישבה בדד העיר, — האט זיך געצויגן דורך מיין געמיט מיט אזא וויינענדיגן ציטער.

האָב איך טאַקע דעמאָלט געוויינט? מײַנע חברים האָבן מיר שפּע־טער געזאָגט, אַז מײַנע באַקן זײַנען געווען פאַרטרערטע.

— שוויַיס, — האָב איך געוואָלט האָבן.

— ניין, טרערן, — זײַנען זיי באַשטאַנען.

איך געדענק, אַז איך האָב זיך נישט שטאַרק געאַמפּערט מיט מײַנע חברים, וואָס זײַנען באַשטאַנען, אַז איך האָב בפירוש געוויינט אויפ׳ן וועג פון דער באַן־סטאַנציע קיין ירושלים, וואָרום עס קאָן זייער זײַן, אַז איך האָב טאַקע געוויינט. איז דאָך ירושלים געווען דאָס גרויסע געוויין פון דער גאַנצער סביבה, אין וועלכער איך האָב זיך אויסגעהאָדעוועט. און ניט נאָר דאָס געוויין, נאָר אויך די שיינקייט, אין וועלכער מען האָט זיך אַרי־בערגעטראָגן פונ׳ם אייגענעם גרויען וואָכעדיקן לעבן. מען האָט געדאַוונט אין דעם אַלטן, גרויען בית־המדרש און מיט פאַרמאַכטע אויגן זיך געזען אין דעם בית־המקדש מיט אַלע זײַנע שיינקייטן, וואָס זײַנען באַשריבן אין תנ״ך. מען האָט געקוקט אויף די וואַקסענע, אָדער חלב׳נע ליכט אין דעם מעשענעם הענגלײַכטער און געזען די גאָלדענע מנורה פאַר זיך. דאָס קול פון בעל־תפילה איז אויפגעגאַנגען פאַר די אויערן אין געזאַנג פון די לוויים און דער צעריסענער טלית מיט דער אָפּגעקראָכענער עטרה האָט נישט איינ־מאָל אויפגעגלאַנצט, ווי דער חושן־ואפוד אויפ׳ן כהן־גדול. היינט די שיינע מעשׂיות וועגן די מלכים, — די פּאָעזיע פון דוד׳ן, די חכמה פון שלמה׳ן, דער אײַפער פון די נביאים, — אָט דאָס אַלץ איז דאָך געווען די לופט, מיט וועלכער איך האָב געאָטעמט אין די יאָרן פון מײַן יוגנט.

— לשנה הבאה בירושלים!

וויפיל האָפענונגען זײַנען עס געווען אין די ווערטער, וואָס מען האָט אַרויסגערעדט!

אמת, אַז ווען כ׳האָב געשפּאַנט דעמאָלט מיט די אויגן אויף ירושלים, זײַנען שוין מײַנע אייגענע האָפענונגען געווען אויף עפּעס אַנדערש, אָבער די האָפענונגען פון יענער סביבה, אין וועלכער כ׳האָב זיך אויפגעהאָדע־וועט, די האָפענונגען פון מײַנע פריע יוגנטלעכע יאָרן, האָבן זיך אויפגע־כאַפּט, אויפגעציטערט.

און ווער ווייסט?

אפשר זײַנען גאָר די טרערן אויף מײַנע באַקן געווען דער אויסדרוק פון די האָפענונגען, וואָס זײַנען אומבאַמערקט פאַר מיר אַליין שוין צערו־נען געוואָרן.

פאַר די אויגן האָט זיך אויסגעשפּרייט דער קדרון־טאָל. רעכטס דער הר־הזיתים, וואָס איז אָנשטאָט מיט אײַלבירט־בוימלעך געווען אינגאַנצן אָפּגעשאָטן מיט אַלטע, אָפּגעריבענע מצבות, און לינקס ביים סאַמע סוף פון דעם ברייטן, אויסגעשפּרייטן טאָל ווידער אַ באַרג אַרויף, איבער וועלכן עס הויערט אַ ברייטע מאַסיווע וואַנט, — די אור־אַלטע וואַנט, וואָס רינגלט אַרום אַלט־ירושלים.

פּלוצלונג איז אינ׳ם ליכטיגן בלענד איבער דעם אַלץ אויפגעשטאַנען פאַר מײַנע אויגן דאָס געשטאַלט פון אונזער גרויסן דיכטער רבי יהודה

הלוי. איך האָב אים געזען אַרונטערנידערן פּונ׳ם באַרג צום טאָל צו אויפ׳ן וועג צו דער וואַנט. ער האָט געשפּאַנט אין דער לופט, ווי מיינע טריט האָבן אין דער לופט געשפּאַנט. די האָר פון זיין שוואַרץ־גרויליכער באָרד האָבן געציטערט נישט פון קיין ווינט, נאָר פון טיפער ציטערניש אין אים גופא און די גרויסע, שוואַרצע אויגן זיינע האָבן געברענט מיט׳ן פייער פונ׳ם צאָרן אין דער מדבר,, ביי וועלכן משה רבינו האָט די שיך אויסגעטאָן און דערנאָך מיט׳ן פּנים צו דער ערד געפאַלן. און אַט פאַלט טאַקע ער, רבי יהודה הלוי אויך צו דער ערד. ער פאַלט פאַר׳ן אייגענעם ליכט, וואָס שיינט און בלענדט פון אים אַרויס.

מיין האַרץ האָט אויפגעציטערט, ווען איך האָב דערזען אַן ענגלישן רייטער גאַלאָפּירן פון דער ווייטנס, וואָרום אויפ׳ן זין איז געקומען די לעגענדע וועגן דעם אַראַבישן רייטער, וואָס איז אַרויפגעריטן אויף דעם קניענדיגן גרויסן דיכטער אונזערן און אים צעטראָטן.

ווי לאַנג דער גאַנג פון דער באַן־סטאַנציע צו דעם בית־הפּועלים האָט גענומען געדענק איך שוין נישט, אָבער איך געדענק זייער גוט, אַז ווען איך צוזאַמען מיט די חברים זיינען אַהין אַריין און אויפגענומען געוואָרן פון דעם קאָמיטעט, וואָס האָט אונז גדאַרפט באַזאָרגן מיט סדרים, האָב איך אַ לאַנגע צייט נישט געקאָנט באַנעמען, וואָס מען רעדט צו מיר.

די גרויע־ פריש־געקיילעכטע ווענט פון דעם הויז האָבן מיך געשטיקט און מיך האָט געצויגן צום דרויסן, אָבער מען האָט דערווייל טיי סערווירט און טרינקען האָט מען געמוזט און אַז מען האָט גערעדט צו דיר, האָט מען געמוזט ענטפערן, כאָטש אַט דאָס, וואָס מען האָט גערעדט צו דיר, איז געווען אַזוי ווייט און פרעמד.

אַ יונגערמאַן מיט אַ בלאָנד בערדל און אַ ברייטן שטרויענעם קאַפּעליוש איז באַשטאַנען, אַז דעם משורר ווייניקער וועט ער נעמען צו זיך.

אַ וואוילער יונגערמאַן געווען, נאָר אַ צו־שטאַרק בערעדעוודיגער פאַר מיין דעמאָלטדיגן געמיט־צושטאַנד. ווען מיר זיינען אַרויס אַ ביסל שפּעטער פונ׳ם בית־הפּועלים, האָט די זון זיך שוין געראַזעוועט אויף מערב־זייט און דער גאַנצער מזרח־האָריזאָנט איז געווען איינגעטונקען אין געשייערטן זילבער.

ער האָט גענומען רופן אַ פּיאַקער, און ווען איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל דאָס נישט טאָן, האָט ער באַלד גענומען ריידן

— אַהאַ, איך פאַרשטיי! איך פאַרשטיי! — האָט ער אויסגעשריען צו מיר, און כדי צו ווייזן באַשיינפּערלעך, אַז ער פאַרשטייט טאַקע פאַר־וואָס איך וויל אומבאַדינגט גיין צופוס, האָט ער מיר גענומען דערקלערן:

— אַ איד צום ערשטן מאָל אין ירושלים איז ווי ער וואָלט אויף אַנגעגליטן זשאַר געשפּאַנט. עס איז הייס, עס ברייט, אָבער...

דאָ האָט אים אויסגעפעלט, ווייזט אויס, דאָס ריכטיגע וואָרט און ער האָט אַ קירעווע געטאָן זיינע רייד אויפ׳ן אייגענעם חשבון.

— ווען איך בין אַהער געקומען צום ערשטן מאָל, בין איך געווען... נו, ווי זאָל איך אייך זאָגן?...

ביז היינט קאָן איך נישט פאַרשטײן פאַרוואָס איך האָב אים דעמאָלט נישט געזאָגט, אַז עס איז נישט נויטיג, אַז ער זאָל דאָס מיר זאָגן, ווייל דער גאַנצער אַרום האָט אין זיין שטילשווייגעניש געהאַלטן אין איין זאָגן צו מיר עפּעס אַזוינס, וואָס ער וועט מיט זיין גאַנץ זאָגעניש סיי־ווי מער בשום אופן נישט דערזאָגן, אָבער איך האָב געשפּאַנט לעבן אים מיט פאַר־פרעסטע ליפּן און ער האָט געהאַלטן אין איין ריידן צו מיר:

—אהא, איך פאַרשטיי! איך פאַרשטיי! איך, וואָס איך בין נישט מער ווי אַ פּשוט'ער פאָטאָגראַפער, האָב צום ערשטן מאָל...

דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע און אַ קוק טוענדיג מיר אין פּנים, האָט ער זייער שטאַרק באַטאָנט:

— דאָס אמת'ע ירושלים וועל איך איך ווייזן אויף די פאָטאָגראַפיעס, וואָס איך האָב גענומען. נישטאָ אַ ווינקל, וואָס איר וועט אין מיין אַלבאָם נישט געפינען. איך וועל אים איך ווייזן. איר זענט אַ משורר, אַ קינסט־לער און איר וועט אָפּשאַצן!

מיינע בליקן האָבן אויפגעכאַפּט אַ צלם, וואָס האָט איצטער אין דעם אונטערגאַנג פון דער זון באַזונדער געגליט און איידער איך האָב נאָך גע־קאָנט אויפכאַפּן דאָס באַשטימטע געפיל, וואָס אָט דער באַזונדער אָנגעגלי־טער צלם האָט אַרויסגערופן אין מיין געמיט, האָט ער שוין ווידער גערעדט:

—מיר וועלן ריידן אין הויז. איך האָב אַ באַשטימטע פּראָפּאָזיציע פאַר אייך. איך טראַכט, אַז איר וועט מיך קאָנען פאַרבינדן מיט אַן אַמע־ריקאַנער פירמע, וואָס זאָל דרוקן און פאַרשפּרייטן מיין אַלבאָם. עס ליגט אַ שלל מיט געלט צו פאַרדינען אין אָט דער אונטערנעמונג.

עס איז מיר פּלוצלונג געוואָרן זייער שלעכט און איך האָב געוואָלט עפּעס אויסשרייען, אָבער אויסגעשריען האָב איך:

— הייסט עס, אַז דאָס איז ירושלים!

— וואַרט, וואַרט, איר וועט ערשט זען אין מיין פאָטאָגראַפישן אַלבאָם, וואָס איז אַזוינס ירושלים!

דעמאָלט איז מיר שוין געוואָרן אַזוי שלעכט, אַז איך אַליין האָב אַ רוף געטאָן אַ פּיאַקער.

# ווייבער

ווען דער פאָטאָגראַפער האָט מיך געבראַכט צו זיך אין שטוב אַריין, האָט מיך באַגעגנט אַ ליבע און פריינטלעכע פרוי.

— איר זענט זייער, זייער אַן אנגעלייגטער גאַסט, — האָט זי מיר געזאָגט און איך בין געווען זייער גערירט פון איר פשוט׳קייט און פון דעם אופן, ווי זי האָט מיך באַגריסט אויף אונזער אידיש, נישט געבנדיג מיר די מינדסטע אָנצוהערעניש, אַז זי טוט מיר צוליב דערמיט.

ווען אַר מאַן האָט מיך גלייך אויפ׳ן אָרט געוואָלט באַווייזן די קאָלעקציע פאָטאָגראַפיעס פון ירושלים, האָט זי זיך אַריינגעמישט:

— לאָז אָפּ מיט דיינע געשעפטן. אַ מענטש איז געקומען פון וועג, איז לאָז אים צו זיך קומען!

אָט אַזוי האָט זי געזאָגט און אָנווייזנדיג מיר אויף מיין צימערל, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר מיין מקום־מנוחה, האָט זי ביי מיר געפרעגט, צי איך וויל היינט גיין צו אַ סדר, אָדער גאָר גיין מיט איר היינט אָוונט צו אַ זייער וויכטיגן מיטינג.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מיטינג? — בין איך אויך געוואָרן נייגעריג.

דאָ האָט דאָס לענגלעכע און אויסגעבלייכטע פּנים פון אָט דער פריינטלעכער פרוי זיך צעשמייכלט און זי האָט מיר דערציילט, אַז די שאַרפסטע פראַגע אין דעם איצטיגן מאָמענט ביי דעם פרומען אידישן עולם אין פּאַלעסטינע, איז דאָס שטים־רעכט פאַר פרויען.

— ספּעציעל איז אָט די פראַגע זייער שטאַרק ביי דער אָרטאָדאָקסיע אין ירושלים, — האָט זי מיר דערקלערט.

— און איר גייט דאָס היינט צו אַ ווייבערשן פּראָטעסט־מיטינג? — האָב איך געפרעגט.

— געטראָפן, — האָט זי זיך צעלאַכט אויפ׳ן קול.

דאָ האָב איך אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ פּעקל צעטעלעך, וואָס מען האָט מיר געגעבן אין דעם „בית־הפועלים" און געזען, אַז איינס פון זיי איז אַ מין איינטריטס־קאַרטל צו אַ רב אין שטוב אַריין צום היינטיגן סדר.

— איך וועל גיין צו אַ סדר, — האָב איך באַשלאָסן און ווען די פרוי האָט אַ קוק געטאָן אויפ׳ן צעטעלע, האָט זי זיך צעלאַכט:

— אַהאַ, אָט דער רב איז דאָך אונזער שטאַרקסטער באַקעמפער!

אין אַ פּאָר שעה שפּעטער האָט מיך די זעלבע פרוי געפירט צום רב און אויפ׳ן וועג מיך געלערנט די געאָגראַפיע פון די גאַסן און געסלעך, כדי איך זאָל וויסן, ווי אַזוי נאָכ׳ן סדר זיך אומצוקערן אין איר הויז אַריין בשלום.

דער אָוונט איז געהאַנגען איבער אונזערע קעפּ אַ בלויער און אַ קילער און דורך די שויבן פון די הייזער האָבן אָנגעצונדענע ליכט קאָנקורירט מיט די פינקלענדיגע שטערן איבער׳ן הימל.

איצט בין איך געוואָר געוואָרן, אַז דאָ, וואו מיר שפּאַנען, איז ניי־ירושלים, וואָס איז אינגאַנצן אין דרויסן פון אונזער אַמאָליגן ירושלים.

— די אַלטע שטאָט איז אויף יענער זייט וואַנט. זי איז מער מוזעאום, ווי שטאָט, כאָטש דאָרטן וואוינען און לעבן אויך מענטשן, אָבער דאָ אין דער נייער שטאָט איז לעבן,—אונזער צוקונפטיג לעבן,—האָט זי מיר דערקלערט.

אין שטוב פונ'ם רב האָט מיך אויפגענומען די רבי'צין... אַן עלטערע אידענע אין אַ געלבלעך זיידן קלייד און אַ ברוינלעכער קאַפּקע אויפ'ן קאָפּ. דער רב, אַ זקן מיט יוגנטלעכן טעמפּעראַמענט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין זיינע זשוואווע באַוועגונגען און אין דער נערוועזער ציטערניש פון זיין ברייטער, גרויליכער באָרד, האָט מיר אַ פריינטלעכן „שלום־עליכם" געגעבן. די שטוב איז געווען נישט קיין רייכע, אָבער אַ רחבות'דיגע און האָט זיך כמעט ווי נישט אונטערשיידעט פון די רב'נישע שטיבער אין די שטעט פון מיין געבורטיגן וואָלין. שאַפעס מיט ספרים, מעשענע און פּראַזשעטענע לייכטער און אַ גרויסער קופּערנער הענגלייכטער פון דער סטעליע אַרונטער. דער טיש איז אַרומגעזעצט געוואָרן פון אַ היפשן עולם, אינגערע אידן, פּאות'דיגע, בערדלדיגע און מיט יאַרמולקעס אויף די קעפּ. די פרויען אין קאָלירנדיגע זיידענע קליידער און שטערנטיכלעך איבער די קעפּ. עס איז געווען אַ סדר, אַט אַזעלכער ווי איך האָב געזען און דורכגעלעבט אין מיינע פריע יוגנט־יאָרן. אפילו די פיר קשיות, וואָס דעם רב'ס מוזיניק, אַ בחור'ל פון אַ יאָר זיבעצן, האָט געפרעגט, זיינען געווען אויף העברעאיש מיט אידישער אויסטייטשונג:

— מה נשתנה הלילה הזה מכל הלילות, — וואָס איז דער חילוק פון דער דאָזיגער נאַכט און די נעכט פון אַ גאַנץ יאָר? — האָט דאָס פּאות־דיגע, בלייכע בחור'ל געפרעגט און דער באַקיטלטער רב האָט דערנאָך אָנגעהויבן זיין ענטפער אָט אַזוי, ווי איך בין געוואוינט געווען צו הערן אין מיין יוגנט.

— דער תירוץ, מיין קינד, איז אַזוי, — האָט דער רב זיך צעברומט און אָנגעהויבן מיט דעם גוט־באַקאַנטן ניגון

— עבדים היינו לפרעה במצרים.

דעם אמת געזאָגט, האָט מיך שוין באַנג געטאָן הלמאי איך בין נישט געגאַנגען מיט דער ליבער פרוי פונ'ם פאָטאָגראַפער צו דעם וויבערשן פּראָטעסט־מיטינג. און נישט דערפאַר, ווייל איך האָב זיך געפילט אין דער פרעמד. אדרבה, געפילט האָב איך גאָר היימיש, אָבער אָט די היימיש־קייט איז דאָך מיר שוין געווען גוט באַקאַנט און איך האָב דערוואַרט, אַז דאָ אין ירושלים וועט אָפּגעריכט ווערן אַ סדר גאָר, גאָר אַנדערש, ווי איך בין געוואוינט געווען צו זען אין מיינע יוגנט־יאָרן.

נאָר, מילא, פאַרפאַלן. איך האָב אָפּגע'סדר'ט, ווי עס באַדאַרף צו זיין גלייך מיט אַלעמען. געטרונקען די פיר כוסות און געגעסן אויך ווי עס באַדאַרף צו זיין, און שוין געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען איך וועל

קאָנען אָפּדאַנקען, זאָגן אַ גוטן יום־טוב און זיך אַרויסלאָזן אין דרויסן אונטער דעם נאַכטיק־אויסגעשטערנטן הימל איבער ירושלים. אָבער נאָכ׳ן בענטשן, איידער מען האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש, האָט זיך פּלוצלונג פאַנאַנדערגעוויקלט דער וויכוח, צי ווייבער זאָלן יאָ האָבן שטים־רעכט, אָדער נישט, און איידער איך בין געקומען צו זיך, האָט מען מיך פאַר־וואַנדלט אין אַ רב, וואָס האָט געדאַרפט פּסק׳ענען אָט די שווערע שאלה.

דער וויכוח איז געפירט געוואָרן צווישן די ווייבערשע שטערנטיכלעך און די רב׳נישע קאַפּעליושלעך, און אַז איך האָב זיך געשטעלט שטאָל און אייזן אויפ׳ן צד פון די שטערנטיכלעך, האָבן די קאַפּעליושלעך מיך גע־נומען באַוואַרפן מיט אַזוי פיל פּסוקים פון דער גמרא, אַז איך בין ממש געבליבן אָן אַנטוואָפנטער.

אָם שטאַרקסטן האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון די פראַגע, וואָס דער אַלטער רב האָט ביים געזעגענען זיך מיט מיר געפרעגט און טאַקע אומבאַדינגט געוואָלט אַן ענטפער:

— ווער איז דאָס מצרף ווייבער צו אַ מנין, ווער?

די פראַגע האָט ער מיר געשטעלט אין אַזאַ טריאומפירנדיגן טאָן, גלייך ער איז געווען ביי זיך זיכער, אַז אויף איר וועל איך שוין קיין שום ענטפער נישט קאָנען געבן.

און ער איז געווען גערעכט, אָט דער אַלטער רב. איך האָב אים טאַקע קיין ענטפער נישט געגעבן, און אָט די פראַגע איז געבליבן הענגען אין דער לופטן.

אפילו ווען איך האָב דערנאָך געשפּאַנט איבער די געסלעך פון ניי־ירושלים אויפ׳ן וועג צו מיין מקום־מנוחה, איז די פראַגע געהאַנגען פאַר מיר אין דער לופטן, און איך האָב אַלע ווײַלע אויפגעהויבן מיינע אויגן צו די גרויסע, ליכטיגע שטערן איבער דעם הימל און אַליין געפרעגט:

— ווער איז דאָס מצרף ווייבער צו אַ מנין, ווער?

פּלוצלונג האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דער גאַנג פון דער צייט איז נאָך אַלעמען זייער און זייער אַ פּאַמעלעכדיגער.

צווישן מיינע פריע יוגנטלעכע יאָרן ביז יענעם אָוונט אין מיין לעגיאָנערן־אוניפאָרם איבער די געסלעך פון ניי־ירושלים איז אייגנטלעך כמעט ווי גאָרנישט געשען. און טאָמער זיינען יאָ געשען עטלעכע געשע־עניש, ווי אַ שטייגער די גרויסע וועלט־מלחמה, די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, דאָס אַנטלויפן פון דעם מעכטיגן קאַיזער ווילהעלם פון דייטשלאַנד, און נאָך און נאָך אַזעלכע זאַכן, זיינען זיי דאָך אַלץ קליינינקייטן אַנטקעגן די אייביגע פראַגן אין דער „מה נשתנה".

מען האָט זיי געפרעגט אין מיין קינדהייט, אין מיין פריער יוגנט, און מען פרעגט זיי נאָך איצט אויך.

סיידן צורעכענען די שפּאָגל־נייע פראַגע, וואָס זאָל זיין אַ סימן, אַז די צייט רוקט זיך דאָך פאָראויס, און אָט די פראַגע איז:

— ווער איז דאָס מצרף ווייבער צו אַ מנין, ווער?

# חללבבב!

אויף צוריקוועגס פון׳ם סדר ביים רב איז מיר געווען שווער צו געפי־נען דעם וועג צום פאטאגראפער, וואו איך בין איינגעשטאנען. די סימנים, וואס דעם פאטאגראפער׳ס פרוי האט מיר געגעבן, ווי אזוי אהיים צו קומען, זיינען אין דער שפעטער אוונט־שעה עפעס, ווי צערונען געווארן, און איך האב געבלאנדזשעט איבער די גאסן און געזלעך אונטער דעם בלויען באַ־שטערנטן הימל, ניט וויסנדיג צי מיינע טריט פירן מיך נעענטער צום הויז, אדער ווייטער אוועק פון דעם.

אומרואיג בין איך נישט געווען. איך האב געוואוסט, אז איך געפין זיך אין א געגנט פון גאלע אידן, כאטש אינ׳ם דרויסן האט מען בלויז זעל־טען געזען א פארבייגייער. נישט אומעטום האט מען זיך שוין אויפגע־הויבן פון די טישן ארום וועלכע מען האט געפראוועט די סדרים. אינ׳ם דרויסן ארויס האט זיך דורכגעריסן פון דאנען א פסוק פון׳ם בענטשן, פון דארטן א געזאנג און פון ערגעץ אנדערש א שטיקל פון אן אפגעריסן גע־לעכטער.

אויך איצט האב איך געשפאנט, ווי אין דער לופט צווישן הימל און ערד. דער באוואוסטזיין האט מיר אונטערגעזאגט, אז איך שפאן איבער די גאסן פון ירושלים, אבער טיף אין זיך בין איך עפעס געווען אויפגע־וועקט פון א געפיל, וואס איז געווען פרעמד און צעשטערנדיג אין דער עק־זאלטירנדיגער שטימונג אין וועלכער איך בין אריינגעפאלן ווען מיינע אויגן האבן צום ערשטן מאל דערזען די שטאט.

דאס וואס דער פאטאגראפער האט מיך איינגעלאדן צו זיך איז אודאי געווען זייער פיין, אבער צו וואס האט ער געדארפט גלייך אנהויבן צו רעדן מיט מיר וועגן א געשעפט אין אמעריקע מיט זיינע פאטאגראפיעס פון ירושלים? און דער סדר ביים רב איז דאך געווען ענלעך צו די סדרים, וואס איך האב דורכגעלעבט אין מיין וואלינער שטעטל. ניין, אויפ׳ן וועג אהיים האט זיך מיר אויסגעדאכט, אז אדרבה, די סדרים אין מיין משפחה אין דעם שטעטל פון וואלין זיינען געווען פיל ציטעריגער און דערהויבע־נער, ווי דא ביים רב אין ירושלים. אפילו דער וכוח צווישן די ווייבערישע שטערנטיכלעך מיט די מענערישע קאפעליושן וועגן דעם, צי מען מעג יא אדער ניט מצרף זיין ווייבער צו א מנין איז מיר אויסגעקומען וואכעדיג און פרעמד אין דער ירושלים־שטימונג אין וועלכער איך האב זיך געפילט.

אזוי פילט א מענטש, וואס איז פארטראגן אין דער מוזיק פון א גור־טער סימפאניע, אדער אין א סיטואציע פון א גוט בוך, וואס ער האלט אין מיטן לייענען און ער ווערט בשעת מעשה געשטערט פון אימיצן, וואס פרעגט אים, ווי דער זייגער האלט, אדער ער בעט ביי אים א שוועבעלע זיין סיגארעטל צו פאררויכערן.

וואָלט געווען ליכטיג אַרום מיר, וואָלט איך מסתמא פון דער צע־שטערנדיגער פּרעמדקייט זיך זייער גיך באַפרייט. די אויגן וואָלטן אויפ־געכאַפּט אויסטערלישקייטן און דאָס געמיט וואָלט איבערפולט געוואָרן מיט זיי. איז אָבער געווען טונקל און אַלץ אַרום מיר האָט זיך צונויפגעגאָ־סען אין איין טונקעלער מאַסע און ווען נישט דער באַוואוסטזיין, אַז איך שפּאַן פּאַרט איבער די גאַסן און געסלעך פון ירושלים, וואָלט איך געקאָנט טראַכטן, אַז איך שפּאַן איבער די גאַסן פון זשיטאָמיר, בערדיטשעוו, אָדער עפּעס אַן אַנדער אידישע שטאָט אויף דער ערד.

פּלוצלונג האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך בין זייער דורשטיג. דאָס געשמאַקע און געווירצטע עסן ביים סדר, וואָס איך האָב פּאַרטרונקען מיט די פיר כוסות ווייַן, האָט איצט געפאָדערט וואַסער און איך האָב גענומען זוכן מיט די בליקן צי אפשר איז ערגעץ וואו דאָ אַרום אָפן אַ קרעמל פון סאָדע־וואַסער, אָבער גיי געפין אָן אָפן סאָדע־וואַסער קרעמל אין דער סדר־נאַכט אויף די גאַסן און געסלעך פון ירושלים!

נישטאָ. אַלץ איז צוגעמאַכט. אַלץ איז בלינד. אפילו די פענצטער פון די הייזער זיינען אָדער מיט צוגעמאַכטע לאָדנס, אָדער באַהאַנגענע מיט אַזעלכע שווערע פאָרהאַנגען, אַז דאָס ביסל שיין, וואָס שלאָגט זיך דורך דורך זיי איז ווי די שיין פון אַ בעלמעוואַטע אויג. בלויז דער הימל אין דער הויך איז בלוי און פינקלט איבער מיר מיט אַ סך, אַ סך גרויסע די־מענטענע שטערן, אָבער קיין וואַסער רינט נישט פון אָט די פינקלענדיגע שטערן און דאָ ווילט זיך אַ טרונק, אַז מען זאָל ממש באַהיט ווערן!

איך האָב שוין אפילו אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז קיין אַנדער אויס־וועג איז נישטאָ, ווי אַ קלאַפּ צו טאָן אין אַ טיר, און בעטן אַ טרונק וואַסער. יעדע טיר איז דאָך דאָ אַ אידישע און היינט אין דער סדר־נאַכט, ווען אַלע האָבן געזאָגט אין דער הגדה „כל דוכפין יתי ויכל", דאָס הייסט, ווער עס איז הונגעריג זאָל אַריינקומען און עסן און אויב עסן, איז דאָך אַ טרונק וואַסער אודאי. דערצו, האָב איך געטראַכט, וועל איך שוין אין איין וועגס טאַקע זיך אויך נאָכפרעגן, ווי אַזוי איך זאָל זיך דאָ אַרויסדרייען צו מיין מקום־מנוחה, וואָס געפינט זיך דאָ ערגעץ אינ'ם הויז פונ'ם פאָטאָגראַפער.

וואָלט איך דאָס טאַקע שוין געווען געטאָן, האָב איך זיך אָבער דער־מאָנט, וואָס פאַר אַ טרונק־וואַסער עס איז דאָ אין ירושלים, און איך האָב זיך שוין אָפּגעהאַלטן.

פאַר דעם ערשטן נאָכמיטאָג, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין שטאָט, האָב איך שוין באַוויזן זיך צו באַקאָנען מיט די ברונעמער.

נישט קיין קוואַלנדיגע ברונעמער זיינען זיי, נאָר טיפע צעמענטירטע גריבער, וואָס ווערן אָנגעפילט מיט וואַסער אין די רעגן־חדשים פון יאָר. אין יענע רעגנדיגע חדשים ווערן אַרונטערגענומען פון זיי די צודעקן און דער רעגן פילט זיי אָן אויף אַלע איבעריגע חדשים פונ'ם יאָר, ווען קיין רעגן גייט נישט. עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, וואָס פאַר אַ טעם אָט דאָס וואַסער האָט. בפרט מיט דעם כעמישן שטאָף, וואָס מען מישט דאָס אונ־

טער, אז דאָס זאָל נישט קאַליע ווערן. איך האָב געפּרואווט א טרונק דער־פון ביים פאָטאָגראַפער אין שטוב, האָב איך געפילט אין מויל דעם טעם פון קעראָסין. אַלטע תושבים פון ירושלים זיינען שוין דערצו צוגעוואוינט און זיי טרינקען דאָס, אָבער די ניי־אַריבערגעקומענע קאָנען דאָס נישט איבערטראָגן און שטילן זייער דורשט מערסטנס מיט טיי, אָדער מיט סאָדע־וואסער.

הכלל, איך האָב זיך דערמאָנט אָן אָט דעם וואסער און איך האָב שוין פארלוירן דעם אפעטיט אָנצוקלאפּן אין א טיר, אָבער ווי אזוי געפינט מען כאָטש דעם וועג צו מיין מקום־מנוחה?

פּלוצלונג האָבן זיך נאָענט ערגעץ אַרום מיר גלעקלעך צעקלונגען און יעדע רגע זיינען די קלאַנגען טאַקע געוואָרן אַלץ נעענטער. אָן אַנגענעמער קלאַנג געווען דערצו אויך. ער האָט דערמאָנט אָן דעם קלאַנג פון די גלעק־לעך אויף נח בעל־עגלה׳ס פערדלעך פון מיין געבורט־שטעטל, אָבער באַלד האָט אָן עקזאַלטירנדיגער קול פון א מענטשן זיך א צי געטאָן אין דער לופט אריין מיט אַזא ציקלדיגער אויסגעצויגנקייט, אַז אויף א רגע האָב איך זיך איבערגעשראָקן.

— חלללבבב!!! — האָט דאָס ציקלדיגע, עקזאַלטירנדיגע קול זיך געצויגן.

דאָ זיינען אויסגעוואָקסן פאַר מיר מעקענדיגע ציגן און אָן אַראבער מיט קלינגענדיגע בלעכענע קווערטלעך.

— חלללבבב!!! — האָט ער געשריען און איך אין מיין דורשטיג־קייט האָב גלייך אָנגעהויבן צו מאַכן צייכנס צו אים, אַז איך בין א בעלן אויף א קווערטל מילך פון זיינע ציגן.

ווען ער האָט ענדלעך געכאַפּט, וואָס איך וויל, האָט ער א כאַפּ געטאָן א ציג ביי א פיסל און פאַר מיר אָנגעמאָלקן מילך.

די מילך איז געווען וואַרעם און זיסלעך, אָבער א געטראַנק איז דאָס פאָרט געווען. נישט מער, אָפּגייענדיג פון אים, האָב איך דערפילט א שטאַרקן איבל.

צום גליק האָב איך באַגעגנט א מענטשן, וואָס האָט מיך צוגעפירט צום טיר, וואוהין איך האָב געדאַרפט און ווי דאַנקבאַר איך בין דאָס דע־מאָלט געווען דער פאָטאָגראַפישער משפחה פאַר דער טיי ביים טיש.

איך האָב שוין אפילו יענעם אָוונט געקוקט אויף דעם אַלבאָם פון ירושלים מיט פאַרגעניגן און צוגעזאָגט עפּעס צו טאָן וועגן דעם.

# קאָלירן

דעם ערשטן פרימאָרגן, ווען איך בין אַרויס ביחידות איבער די גאַסן, געסלעך און הינטער־געסלעך פון ירושלים, זיינען מיינע אויגן גלייך איינגעטונקען געוואָרן אין קאָלירן.

און ווייל עס איז געווען ביז גאָר אַנגענעם צו זיין איינגעטונקען אין זיי, האָבן זיך נישט נאָר מיינע אויגן, נאָר מיין גאַנץ געמיט האָט זיך אַוועקגעלאָזט שווימען אין אָט די קאָלירן און שעה'ען־לאַנג זיך נישט אויפגעהערט צו באָדן אין זיי.

יענעם פרימאָרגן האָב איך צוליב דעם וואַלד די בוימער נישט באַמערקט, אָבער דער וואַלד גופא איז געווען אַזוי קאָלירנדיג, אז מיך האָט נישט אויסגעמאַכט, וואָס איז וואָס.

נישט קיין באַשטימטע זאַכן האָבן מיך דעמאָלט אינטערעסירט, נאָר דאָס גאַנצע מאָלערישע בילד, וואָס האָט זיך פאַרנאַנדערגעוויקלט פאַר מיינע אויגן, האָט מיך פאַרכאַפּט.

די שמאָלע, געדרייטע געסלעך, וואָס זיינען זיך ערטערווייז צונויפ־געקומען איבער מיין קאָפּ אין דער הויך דורך שטיינערנע און ליימיגע קופּאָלן, האָבן מיר געגעבן צייטנווייז דאָס געפיל, אז איך בין אַ שפּין אין אַ געוועב, און וואָס מער איך וועל זיך זוכן אַרויסצופּלאָנטערן, וועל איך אַלץ מער פאַרפּלאָנטערט ווערן.

פון די קלייטלעך ביי די זייטן, וואָס זיינען געווען די גרויס פון צע־עפנטע שאַפעס, האָבן זיך געטראָגן די ריחות פון חלב און וואַקס צוגע־ווירצט מיט דער שאַרפקייט פון נעגעלעך און ווייערויך.

דאָס ביסל זון, וואָס האָט זיך דורכגעריסן צווישן איין קופּאָל און דעם אַנדערן אין אָט די געסלעך, האָט מיר געדינט, ווי אַ לאַמטערן דינט אַ מענטשן אין אַ חושכ'דיגן אָוונט, און עס זיינען געווען אָט די ביסלעך זון, וואָס האָבן אפילו אין אָט די טונקעלע געסלעך אַנטפּלעקט פאַר מיר די בונטסטע קאָלירן, וואָס מיינע אויגן האָבן ביז דעמאָלט געזען.

קאָלירנדיגע קרעלן מיט אַלערליי צלמ'לעך,—באַגילדעטע, באַזיל־בערטע, בלויע און שוואַרצע, זיינען געווען צעהאַנגען איבער די צעעפנטע טירן פון די קלייטלעך. לייכטער פון אַלערליי סטילן און מנורה'לעך,— הילצערנע, מעשענע, קופּערנע און אייזערנע, זיינען געווען אויסגעשטעלט פאַר די שוועלן. עס האָבן געבלענדט די אויגן אַלערליי כלים, חפצים, שטיקערייען און וועבערייען און די פאַרקויפער גופא זיינען אויך געווען אויסטערלישע און קאָלירנדיגע.

בערדיגע אַראַבער אין ווייסע אַבאַיעס, גריכן אין העלע רעקלעך און פאַרשידענע אַנדערע פעלקער אין זייערע טראַכטן. דערצו זיינען אָט די געסלעך געווען אָנגעפילט מיט געשרייען אין פאַרשיידענע לשונות צו־

געמישט מיט דינער גלעקלדיגער קלינגערײַ, וואָס איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט אויסגעפינען פון וואַנען עס קומט.

איך בין פונדעסטוועגן שוין געווען צופרידן ווען מײַנע טריט האָבן מיך אַרויסגעבראַכט פון צווישן אָט די געסלעך אויף אַ ברייטער גאַס.

אַקוראַט אויף וואָס פאַר אַ ברייטער גאַס איך בין אַרויס, האָב איך אַפילו דעמאָלט נישט געוואוסט און גאָרנישט געוואָלט וויסן, ווארום קיין באַשטימטע זאַך האָב איך נישט געזוכט, נאָר געלאָזט די טריט שפּאַנען, וואוהין עס האָט זיך זיי געוואָלט און די אויגן—אויפכאַפּן, וואָס עס איז זיי אַנטקעגן געקומען.

דאָ אויף דער ברייטער גאַס, וואָס האָט געפירט פון דער נידער אויף אַ באַרג און פון דאָרטן זיך פּאַנאַנדערגעשפּרייט אין נאָך אַ ברייטערן שטח אַרום אַ מאַסיוון גרויען שטיינערנעם טויער, האָבן זיך געזען, אויסער אַראַבער אויף אייזעלעך און מעלה־גירה'דיגע קעמלען, אויך אייראָפּייאישע פּיאַקערס און דאָ און דאָרטן אַפילו אויך אַן אויטאָמאָביל.

וואָס העכער איך האָב זיך אויפגעהויבן, אַלץ ברייטער האָבן זיך אַנטפּלעקט פאַר מײַנע אויגן שטיקער פון דער שטאָט.

פון איין זייט, אַריבער יענער זייט וואַנט, הורבעס צונויפגעדריקטע קאַנטיגע הײַזער מיט נידעריגע און העכערע קופּאָלן און טורעמס, און אויף דער זייט וואַנט הײַזער און גאַסן, וואָס האָבן אויסגעקוקט אין יענעם מאָמענט אין מײַנע אויגן ווי שטיקער פון אייראָפּע, וואָס האָבן צופעליג פאַרבלאָנדזשעט אַהער אויף דער ערד פון אַזיע.

פּונקט אַזוי האָבן אויסגעקוקט די אומצייליגע צלמים אין דער לופט און עס איז פאַר מיר געווען ביז גאָר מאָדנע דאָס געפיל, וואָס כאָטש די צלמים זײַנען געווען אַ סך מער, ווי די מעטשעט־טורעמס, האָבן דאָך די ערשטע אויסגעקוקט אַרום די לעצטע, ווי פרעמדע.

— אין אָקופּאַציע־אַרמײַ,—האָט זיך אַ ריס געטאָן פון מײַנע ליפּן און איך געדענק, אַז אויפכאַפּנדיג דעם גלאַנץ פון מײַנע בריטישע קנעפּלעך איבער'ן טוניק, האָב איך זיך אַליין אויך אַ פרעג געטאָן:

— און דו ווער ביסט?

צו לאַנג צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס האָט אַזוי פּלוצלונג אַ שלאָג געטאָן אין מײַן מוח, האָב איך אָבער נישט באַוויזן, וואָרים באַלד זײַנען מײַנע אויגן ווידער פאַרנומען געוואָרן פון די קאָלירן אַרום מיר.

עס זײַנען נישט געווען אַזוי די מענטשן, וואָס זײַנען מיר פאַרבײַגעגאַנגען, ווי די קאָלירן, וואָס זיי האָבן מיט זיך דורכגעטראָגן.

עס איז געווען עפּעס, ווי קיין איין מענטש איז גאָרנישט געווען ענלעך צום אַנדערן.

אַפילו די אַראַבער, וואָס זײַנען דאָ פאַרבײַגעגאַנגען, זײַנען געווען אַנדערש איינע פון די אַנדערע.

אַ באָרוועסע פרוי מיט אַ בינטל צווײַגלעך אויף'ן קאָפּ שפּאַנט, און אירע פיס זײַנען אַזוי ברודיג ווי דער שטיינערנער ברוק אונטער זיי. באַלד

קומט אָן א צוויטע איינגעוויקלט אין ווייכן גלאַנציגן זייד און די פיס זעען זיך נישט איבער דער ברייטקייט און לאַנגקייט פון איר קלייד. פּלוצלונג—א דאַמע פאַרפּוצט לויט דער לעצטער מאָדע אין פּאַריז און לעבן איר א שטאַטלעכער מאַן אין געשטרייפטע הויזן באַפּראַקט און גלאַנציגן צילינדער אויף'ן קאָפּ. אַראַבער אָפּגעריסענע, וואָס האָבן אנשטאָט קליידער, שמאַטעס אויף זיך, אָבער די שמאַטעס זיינען פון פאַרשידענע קאָלירן און אַראַבער, וואָס שפּאַנען אין פאַרביגע נייע אַבאַיעס און אזעלכע בכבוד'יגע טורבאַנען. גלחים פון פאַרשידענע סעקטעס אין דער קריסטלעכער רעליגיע. א ברייטע באָרד און געדיכטע פּאַטלעס פון א רוסישן פּאָפּ מיט א גרויסן ביזאַנטישן צלם פון פאָרנט. א שוואַרצער גלאַנציגער קוימען אויף'ן קאָפּ פון א גריכישן גלח, א ברייטער סאַמעטענער קאַפּעלוש מיט א נידעריגן קאַלפּאַק אין דערמיט איבער א קאָפּ פון א קאַטוילישן פּריסט און צווישן זיי נאָנעס און מאָנאַכן אין שוואַרצע, ברוינע, גרויע און ווייסע באַלדאַכינען, ווער מיט א שטריקל און ווער מיט א קייטל ארום די לענדן.

און זע, אָט זיינען אויך אידן אין דעם קאָלירינגן געווימל!

פון וואַנען האָבן זיך דאָ פּלוצלונג גענומען אזוי פיל אידענעס און אידן? ערשט מיט א פּאָר מינוט פריער האָב איך זיי גאָרנישט געזען.

אָהאָ! גאָר פאַרגעסן! עס איז דאָך היינט פּסח, זיינען זיי אלע געוועזן אין די שולן, קלויזן און בתי־מדרשים!

איצט גייען זיי פון'ם דאַוונען יעדער איינער צו זיך אהיים. און זע נאָר, זע, ווי בהרחבה'דיג זיי שפּאַנען. נישט אזוי די פרויען, ווי די מענער. די פרויען, באַשייטלטע, באַקופּקעטע און באַפּאַטשיילעטע, זיינען חנ'עוודיגע, אָבער זיי זיינען צו איילנדיגע און נערוועזע. נישט קיין וואונדער. קומענדיג אין זייערע שטיבער, וועלן זיי איילנדיגע אוועקלייגן זייערע סדורים און זיך פאַרוואַנדלען אין באַדינערינס ארום די טישן. אָבער די מענער האָבן צייט. זיי שפּאַנען מיט געציילטע און בנעימות'דיגע טריט. א טייל פון זיי זינגען זיך שטיל אונטער נגונים'לעך אויף'ן וועג אהיים און זינגענדיגע, גלעטן זיי זיך אזוי הרחבות'דיג די בערד.

און אך, ס'אַרע שיינע בערד און בערדלעך עס פאַרמאָגן דאָס אָט־די ירושלים'ער אידן!

עס זעען זיך שטאַרק אָן די פוטערנע שטריימלען און די סאַמעטענע קאַפּעלושן. באַזונדער פאַרביג זיינען זיי איבער די ווייס־געוועבטע און געשטיקטע יאַרמולקעס. און די קאַפּאָטעס, — געלע, גרינע, בלויע און אָפּטמאָל אפילו פון מאַראַנץ קאָלירנדיגן זייד, אָדער סאַטין־דע־ליאָן, וואָס זיי טראָגן מערסטנס בלויז אויף איין אַרבל אָנגעטאָן, אָבער צו זייערע בערד קומט דאָס אַלץ נישט.

איינער אָט אזא איד האָט, אפּנים אויפכאַפּנדיג די מגן־דוד'ם אויף מיינע בגדים, זיך אָפּגעשטעלט לעבן מיר.

— גוט־יום־טוב,—האָט ער צו מיר א זאָג געטאָן.

— גוט־יום־טוב,—האָב איך געענטפערט.

— האָט א יונגערמאן וואו צו עסן ?—האָט ער פאַמעלעכדיג גע־פרעגט ביי מיר.

ווען איך האָב אים פארזיכערט, אז איך האָב אוואו צו עסן, האָט ער זיך צעשמייכלט און געזאָגט :

— נו, איז האָט מיר א גוטן יום־טוב.

— א גוט יאָר.—האָב איך אים צוגעוואונטשן און צו דער זעלבער צייט ביי אים א פרעג געטאָן :

— פארוואָס רעדט איר נישט קיין העברעאיש ?

דער איד איז געבליבן שטיין, א קוק געטאָן אויף מיר און געזאָגט :

— רב ישראל סאלאנטער איז געווען אן ערלעכערער איד, ווי איך, און ער האָט אויך גערעדט זשארגאָן.

— רב ישראל סאלאנטער ?

— יאָ, — האָט ער א שאָקל געטאָן מיט'ן קאָפּ און איז זיך געגאנגען זיין וועג.

# קברים

דעם רב'ס זינדל, — אָט דער, וואָס האָט ביים סדר געפרעגט די פיר קשיות אויפ'ן זעלבן שטייגער, ווי מען האָט געפרעגט אין דעם אידיש־לעבעדיגן גלות, איז מיך געקומען זען אויף מיין סטאַנציע און זיך פאַרגעשלאָגן צו זיין מיין וועג־ווייזער.

— וואָס וואָלט איר א בעלן געווען היינט צו זען, אדון וויינפער ? — האָט ער געפרעגט, קרייזלענדיג דערביי איינע פון זיינע גלעקלדיגע פאָה'לעך.

זיצנדיג נעגן מיר אין מיין צימערל, האָט ער זיך צערעדט :

— איך האָב זייער הנאה געהאַט פון דעם אופן, ווי איר האָט אריינגעזאָגט מיינע ברידער און שוואָגערס נאָכ'ן סדר, — האָט ער, רויטלענדיג זיך אויף זיין יונגן פנים, מיר געזאָגט, און דערביי אין היבשער אויפרעגונג כמעט ווי אויסגעשריען :

— אַז ביי זיי זיינען די ווייבער גאָר קיין ברואים נישט !

פלוצלונג איז דאָס אינגל מיר אַזוי שטאַרק געפעלן געוואָרן, אַז מיר איז שוין געוואָרן אַלצאיינס, וואוהין ער זאָל מיך פירן, וואָרים ער אַליין איז מיר געוואָרן אַן ענין, וואָס איך האָב געזוכט צו באַנעמען.

ארונטערגייענדיג אין דרויסן האָט ער צו מיר געזאָגט :

— איך לייען אייערע שירים אין „האזרח" און אין „הפועל הצעיר".

— אַזוי, אַזוי, איר זענט פאַראינטערעסירט אין שירים ? — האָב איך ביי אים געפרעגט.

דאָ האָבן זיינע טונקעלע אויגן זיך צעגליט און ער האָט מיר גענומען אויסרעכענען די משוררים וועמענס שירים ער האָט שוין געלייענט :

— רב יהודה הלוי, אבן גבריאל, ביאַליק, טשערניכאָווסקי, שמענאָוויטש.

אויסרעכענענדיג די נעמען, האָט ער ביי יעדן נאָמען מיט דער רעכטער האנט פאַרבויגן א פינגער אויף דער לינקער, און ווענדענדיג זיך צו מיר, האָט ער אויסגעשריען אין אינגלשן עקסטאַז :

— און די זשאַרגאָניסטן לייען איך אויך !

— אַזוי, די זשאַרגאָניסטן אויך ? — האָב איך אים געפרעגט מיט דעם זעלבן עקסטאַז, ווי ער האָט צו מיר גערעדט, און קוקנדיג אויף אים, האָב איך דערזען זיך אַליין אין זיינע יאָרן.

— איר האָט געלייענט פרצ'עס מאָניש ? — האָט ער זיך געווענדט צו מיר. — אָך ס'אָרא מאָניש ! — האָט ער אויסגעשריען, א שאָר טוענדיג דאָס טונקעלע קאַפּעלושל אַביסל איבער זיין יונג קעפּל.

די זון האָט געשיינט פרימאָרגנדיג און העל, אָבער איך האָב געקוקט אויף אָט דעם צעהעלטן אינגל און געזען פרצ'עס מאָניש אין אים גופא.

מיר האָבן אַזוי שפּאַנענדיק, זיך אויפגעהויבן צום הר־הצופים און דאָס אינגל האָט געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט אויף אַ ברייטן פיר־עקיגן שטיין, אויף וועלכן עס זיינען געווען אויסגעקריצט ווערטער, וואָס האָבן געלאָזט וויסן, אַז דאָס איז דער גרונדשטיין פאַר דעם העברייאישן אוניווערזיטעט, וועלכן מען האָט זיך דעמאָלט ערשט געקליבן אָנצוהויבן בויען.

פון דער הויכקייט אויפ׳ן הר־הצופים האָט אין דעם בלענד פון דעם פרימאָרגן זיך אויסגעשפּרייט ירושלים מיט די בערג אַרום איר, אַזוי קלאָר, און דאָס אויג האָט נישט געוואוסט, וואו פריער זיך אָפּצושטעלן.

— אָט איז דער מגדל־דוד, — האָט דאָס אינגל אַ ווייז געטאָן מיט דער האַנט איבער׳ן טאָל אַריבער אויף אַ שטיינערנעם טורעמל, וואָס האָט זיך געהויבן איבער דער שווערער, גרויער וואַנט.

האָב איך געקוקט אויפ׳ן מגדל־דוד און צו דער זעלבער צייט געפילט די ערד אונטער די טריט, איבער וועלכער שמואל הנביא האָט אין זיין צאָרן אויף שאול המלך׳ן געטראָטן און דערנאָך די מלוכה דעם פּאָעטישן פּאַסטוך דוד׳ן אָפּגעגעבן.

אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין האָבן מיר געניִדערט פון׳ם הר־הצופים און זיך דערנענטערט צום הר־זיתים, איבער וועלכן אַ גאַנצער וואַלד מיט אור־אַלטע קברים האָבן אונז רואיק און שווייגנדיק באַגעגנט.

יעדער קבר — אַ קאַפּיטל פון אונזער אור־אַלטער געשיכטע, — אַ מעשה׳לע, וואָס געהערט און איבערגעהערט פונ׳ם רבי׳ן אין חדר, אין שטוב פון עלטערע מענטשן און אין קלויז ביי דעם אָנגעהייצטן אויוון אין ווינטערדיגע נעכט, ווען אין דרויסן האָט געשנייט, אָדער דער פראָסט איז געלעגן אָן אָנגעגליטער.

אין איינעם פון די היילן האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אין אַ ברייטן, האַרטן, טונקעלן פעלץ. האָט אָט די הייל געדאַרפט זיין דער קבר פון זכריה הנביא, וועמענס אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט עס האָט נישט אויפגעהערט פּראָטעסטירנדיק צו זידן, ביז מען האָט נישט צוגעמישט צו דעם דאָס ריינע, יונגע בלוט פון טויזנטער אומשולדיגע קינדער.

פאַרוואָס האָט זיך זכריה׳ס בלוט דווקא באַרואיגט, ווען מען האָט איבער דעם געגאָסן מיט פריש בלוט פון יונגע, אומשולדיגע קינדער?

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז ווען איך האָב קינדווייז אָט די מעשה געלייענט און געהערט, האָב איך אָט־די קשיא נישט געפרעגט. דעמאָלט האָב איך אויפגענומען אָט די מורא׳דיגע מעשה אָן שום אָפּפרעגענישן, און איך האָב זיך געוואונדערט הלמאי איצט שטייענדיק פּנים אל פּנים מיט דעם טונקעלן, פייכטן פעלץ איבער דער וואַנט פון דער הייל בין איך געוואָרן פּלוצלונג אַזוי פאַרשעריש.

אָט שטיי איך און באַריר אַלע ווײַלע דעם פעלץ און עפּעס גלויבט זיך מיר נישט, אַז דאָס זאָל טאַקע זיין דאָס פאַרטריקנטע בלוט פונ׳ם נביא, וועלכער האָט געלעבט אַזוי לאַנג צוריק.

איך טייל מיין צווייפל מיט דעם וועגווייזער מיינעם, אָבער דאָס אינגל

נעמט דעם ענין גוטמוטיגער, ווי איך, און ער זאָגט:

— ווייס איך וואָס, א שיינע מעשה!

אָט אַזוי טוט זיך א זאָג אָט דאָס אינגל און א צוק־טועננדיג מיט זיינע שמאָלע אַקסל, לייגט ער גוטמוטיג צו:

— ווער פרעגט עס קשיות אויף מעשיות?

אין יענעם מאָמענט בין איך גרייט געווען מסכים צו זיין מיט אָט דעם וואוילן אינגל.

— נו, טאַקע, ווי פרעגט מען דאָס קשיות אויף מעשיות? אי די שיינע מעשיות זיינען זינלאָז? איז טאַקע די זינלאָזיגקייט אין זיי דער בעסטער תירוץ און מען נעמט זיי אויף מיט זייער זינלאָזיגקייט.

פאַרלאָזנדיג די הייל, האָב איך פּלוצלונג דערהערט הינטער זיך א מין האָלדערן, ווי עס האָלדערט אַן אינדיק, ווען א שטרויעלע האָט זיך ביי אים אויף דער נאָז פאַרזעצט.

איך קוק זיך אַרום און זע, — אַן אַראַביש שטוב ביי דער זייט פון די קברים. פאַר דעם שטיבל אויף א נידעריג טישל זיצט אַן אַלטער אַראַבער מיט א ברייטער ווייסער באָרד, אַרומגעוויקלט מיט א דינער, גרויער אַבאַ־ניע און האָלדערט מיט'ן מויל:

— חולדה, חולדה, חולדה!

דעמאָלט האָט דאָס אינגל מיר דערקלערט, אַז דאָס אַנאָנסירט אַזוי אָט דער זקן דעם קבר פון חולדה הנביאה, וואָס געפינט זיך ביי אים אין רשות.

— נו? — האָב איך א פרעג געטאָן ביים אינגל מער מיט'ן בליק, ווי מיט'ן מויל.

— ווייס איך וואָס! — האָט דאָס אינגל אויסגעשריען און מיך גע־נומען אָפּרעדן פון'ם עסק.

— א שטיין אין א ציגן־שטעלכל און גיי באַצאָל אים פאַר א קוק! — האָט דאָס אינגל איינגעטענה'עט מיט מיר און דערביי געמאַכט א באַוועגונג אָפּצוציין פון'ם אָרט.

איך בין פונדעסטוועגן באַשטאַנען, אַז מען זאָל יאָ כאַפּן א קוק. און געווען איז דאָס נישט אַזוי דער אינטערעס צום שטיין איבער חולדה הנביאה, ווי דער אינטערעס צום אַלטן אַראַבער, וואָס האָט אַנאָנסירט זיין געשעפט אויפ'ן שטייגער פון אונזער ניו־יאָרקער קוני־איילאַנד.

ווען איך האָב באַצאָלט דעם אַלטן די פּאָר פּיאַסטער, האָט ער זיך גענומען מיט מיר דינגען. ערשט ווען דאָס אינגל האָט אויף אים אָנגע־שריען אויף אַראַביש, און געסטראַשעט, אַז אָט גייען מיר אַוועק, האָט ער א פּאַטש געטאָן מיט זיינע הענט און עס האָט זיך באַוויזן א יונגע אַראַבע־רין מיט א הילצערנעם שליסל אין האַנט, און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין נאָך איר.

ווי נאָר די אַראַבערין האָט באַוויזן צו עפענען דאָס טירל פון דעם ני־דעריגן שטעלכל, איז אונז אַנטקעגן געשפּרונגען א ציג, וואָס האָט שוין אָפּנים אויסגעקוקט, אַז מען זאָל זי באַפרייען פון דער געזעלשאַפט מיט

אונזער חולדה'ן און האָט זיך הענדום־פּענדום אָוועקגעלאָזט איבער די קברים. דערנאָך האָט אונז א שלאָג געטאָן אין די נעזער א טוכלער ריח. אינעווייניג, לינקס פון'ם שטעלכל איז געווען אזוי ווי אין אַלע שטעלעכ־לעך, וואו עס וואוינען ציגן. און רעכטס, לעבן דער וואַנט, האָט זיך אין דער האַלב־טונקלקייט געזען א חלב־באַגאָסענער גרויער שטיין.

— נו, וואָס האָב איך אייך געזאָגט?! — האָט זיך דאָס אינגל גע־רייצט מיט מיר.

ער איז טאַקע גערעכט געווען. אָבער דערפאַר האָט ער צו מיר ביים ארויסגיין פון דאָרט גענומען רעדן מיט דערהויבונג וועגן דעם יד־אבשלום, וואוהין ער האָט מיך איצט געפירט.

די זון האָט זיך שוין גערוקט צו מערב־זייט, ווען מיר האָבן מיט פאַ־מעלעכדיגע טריט געניגדערט איבער קברים צו דעם קבר פון אבשלום'ען.

# ביים יד אבשלום

ביי די פיס פון דעם הר־הזיתים, וואו עס שפרייט זיך פאנאנדער א ברייטער טאָל אויף יענער זייט, וואו עס וואקסט אויס פאר דיר אן אנדער בארג מיט אלט־ירושלים אויף זיין רוקן, שטייט א פיר־עקיג שטיי־נערדיג העל־גרוי מויערל מיט א שפּיציג טורעמל איבער זיך.

אָט דאָס טורעמל איז די מצבה אויפ'ן קבר פון דעם מלך דוד'ס זון אבשלום, וועלכער האָט אָרגאניזירט אן אויפשטאנד קעגן דעם טאַטן זיינעם און האָט דערפאר באצאָלט מיט זיין יונגן לעבן. ער איז געפאלן דורך דער האנט פון יואָב'ן, דוד'ס הויפּט־גענעראל.

דער שפּיץ פונ'ם טורעמל איז אָן אָפּגעהאַקטער.

עס הייסט אז דער אָפּגעהאַקטער שפּיץ איז געווען אן אויפגעהויבענע, דראָענדיגע האנט אין דער ריכטונג פון דעם „מגדל־דוד", וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די מרידה פון אבשלומ'ען קעגן זיין פאָטער דוד'ן, דעם מלך פון ישראל.

ווער זשע האָט אָפּגעהאַקט די אויפגעהויבענע, דראָענדיגע האנט פונ'ם שפּיץ?

פאראן א סך מעשיות ארום אָט דער אָפּגעהאַקטער האנט.

איינע פון זיי איז, אז אָפּגעהאַקט איז זי געוואָרן אויפ'ן באפעל פון נאַפּאָלעאָנ'ען, וועלכער זאָל האָבן געווען אין אָט די מקומות מיט זיינע חיילות. אים, נאַפּאָלעאָנ'ען, איז, הייסט עס, נישט געפעלן געוואָרן די חוצפה פון דער אויפגעהויבענער, דראָענדיגער האנט פון א זון קעגן א טאַטן, און ער האָט געגעבן א באפעל אָנצושטעלן א קאנאָן און זי ארונ־טערשיסן.

אנדערע, וואָס זיינען געשטאנען ארום דעם „יד־אבשלום", האָבן געוואָלט האָבן, אז דאָס האָבן געטאָן די גריכן, און א דריטער צד איז באשטאנען, אז אָט דאָס שטיקל ארבעט איז געטאָן געוואָרן פון די רוימער.

עס דערמאָנט זיך מיר איצט, ווי שטאַרק צופרידן איך בין געווען, ווען אָט די גרופּע טוריסטן האָט ענדלעך איבערגעלאָזט דעם „יד־אבשלום" פאר מיר אליין. וואָרום מיר איז דעמאָלט באמת נישט אָנגעגאנגען ווער עס האָט די אויפגעהויבענע, דראָענדיגע האנט אָפּגעהאַקט. און זי האָט מיר נישט אויסגעפעלט אויך. פאר מיר איז געוואָרן גענוג דאָס זיצן אויף א מצבה־שטיין אָנגעשפּאַרט אָן דעם „יד־אבשלום" און קוקן ארום זיך.

א וואויל אינגל געווען, מיין וועגוויייזער און מיין באגלייטער!

ער האָט אויפגעכאַפּט דאָס שטיל־שווייגעניש איבער מיינע צוגעשלאָ־סענע ליפּן און מיך געלאָזט צו־רו.

אָבער רואיג בין איך דאָ סיי־ווי נישט געווען.

אין מײן שטיל־שװײגעניש האָב איך געלעבט דאָס לעבן פֿיי פֿון די דורות, װעמענס בעטן עס זײנען איצט געװען, אונטער די צודעקן פֿון די טױזנטער, טױזנטער גרױע אָפּגעריבענע מצבות און די פֿאַרשטײנערטע פֿלאַסטן פֿונ׳ם ריזיגן הר־הזיתים. אױך דאָס אַלטע ירושלים, װאָס איז געלעגן אױסגעשפּרײט קעגנאיבער מײנע בליקן, האָט מיך אַריבערגעװאָרפֿן פֿון אײן לעבן צו דעם אַנדערן.

אינ׳ם לעבן פֿון דוד׳ן האָב איך זיך געפֿילט גוט אין דער ראָלע פֿונ׳ם פּאַסטוך און אינ׳ם תהלים־זינגער אונטער די קלאַנגען פֿונ׳ם כנור. צו די שײנע, נאַקעטע פֿיס פֿון בת־שבע׳ן האָב איך אױך געגלוסט מיט אַ גרױס, צאַפּלדיק גלוסטעניש, אָבער װען עס איז געקומען אַװעקצושיקן איר מאַן אוריה׳ן אױף דער ערשטער ליניע אין דער מלחמה, כדי פּטור צו װערן פֿון אים און קאָנען חתונה האָבן מיט בת־שבע׳ן, האָב איך זיך דערפֿילט אַן אַריבערגעװאָרפֿענער אין דעם לעבן פֿון אמנונ׳ען, װאָס האָט אַזױ שטאַרק געגלוסט נאָך דער ליבע פֿון זײן שײנער שװעסטער תמר, אַז ער האָט זיך אַזש קראַנק געמאַכט, כדי תמר זאָל פֿאַר אים האָניק־טײגלעך באַקן און אים זײ אין מױל אַרײן דערלאַנגען.

— אָבער ער האָט זיך מיט די האָניק־טײגלעך נישט באַנוגנט, אַט דער נאַשער! — האָבן מײנע ליפּן אַ מורמל געטאָן, און דעמאָלט, זעט אױס, בין איך שױן געװען צוריק אי ך, װאָרום מײן באַגלײטער האָט געפֿרעגט בײ מיר:

— איר האָט עפּעס געזאָגט, אַדון װײנפּער?

— גאָרנישט, גאָרנישט, — האָב איך זיך אַרױסגעדרײט פֿון זײן פֿראַגע און איך בין שױן געװאָרן אבשלום, װאָס לעבט אין טאַטנ׳ס פּאַלאַץ אַן אָפּגעזונדערטער, כמעט װי אַן אַרעסטירטער, הלמאי ער האָט זיך אָנגענומען פֿאַר דער שװעסטער׳ס באַלײדיקטער ערע און דעם ברודער אמנונ׳ען דער׳הרג׳עט.

אמת, דאָס דער׳הרג׳ענען אמנונ׳ען איז מיר נישט געװען זײער שטאַרק צום האַרצן, װאָרום װען איך האָב געטראַכט דערפֿון בין איך שױן װידער געװען אי ך, און דעמאָלט האָב איך גאָר מוסר געזאָגט אבשלומ׳ען, װאָס האָט איצט גערוט אונטער דעם טורעמל לעבן מיר.

— צו װאָס האָסטו עס געטאָן, אבשלום? אמת, עס איז געװען נישט זײער שײן פֿון אמנונ׳ען צו פֿאַרפֿירן אַ שװעסטער, אָבער איז טאַקע תמר געװען אינגאַנצן אומשולדיק?

אין דער מלחמה צװישן אבשלומ׳ען מיט דוד׳ן בין איך פֿונדעסטװעגן געװען אבשלום. אױף יואָב׳ן בין איך געװען גאָר מלא רציחה, און װען אבשלום איז, אין זײן אַנטלױפֿן פֿון יואָב׳ס שפּיז, געבליבן הענגען אױף זײנע לאָקן פֿון אַ בױם, האָב איך זיך אַ כאַפּ געטאָן בײ מײנע אײגענע האָר.

די זון האָט זיך גערוקט צו מערב־זײט און ירושלים האָט זיך געטובל׳ט אין אַ ים פֿון העלן ראָזעװען קאָליר. באַזונדער האָט זיך אין דעם העל־ראָזעװען קאָליר גע׳טובל׳ט דער טורעם פֿונ׳ם „מגדל־דוד“.

וואָס טוט ער איצט דאָרטן, אונזער מלך? אָהאָ, ער שטורעמט איצט אויף זיין גענעראַל יואָב'ן, הלמאי ער האָט אָנשטאָט אַ לעבעדיגן אבשלום'ען גאָר צוריקגעבראַכט אַ טויטן.

דעמאָלט בין איך שוין צוריק געוואָרן דוד.

מיין כעס אויף יואָב'ן איז געווען אומגעהויער.

— אָט דאָס איז דאָס, אַז מען פאַרלאָזט זיך אויף אַ טעמפּן, בלוט דורשטיגן גענעראַל! — האָב איך בייז מסתמא אַ שיפּע געטאָן, וואָרים דאָס אינגל, מיין וועגווייזער און באַגלייטער, האָט דאָס מאָל אין אמת'ן אומרו זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר:

— וואָס איז מיט אייך, אָדון ווייַנפּער?

— נאַרישקייטן, — האָב איך אַ זאָג געטאָן צום אינגל און זיך אויפגעהויבן פון מיין אָרט.

פון דער ווייטנס אויף רעכטס האָט געהויערט דאָס נייע ירושלים.

הייזער, מאָדערנע אין אריבערגעבראַכטן סטיל פון אייראָפּע, האָבן זיי אויסגעקוקט אַזוי פרעמד אין אָט דער גאַנצער אַרומיגקייט.

אַנטקעגן די מצבות איבער'ן ריזיגן הר־הזיתים און די חורבעס צונויפגעטוליעטע געביידעס מיט די טורעמס און קופּאָלן פון אַלט־ירושלים, האָבן די געביידעס אין ניי־ירושלים אויסגעקוקט, ווי די שטיבעלעך פון לעבעדיגע שומרים ביי דער זייט פון אַ ריזיגן בית־עולם.

אָבער אין דער געדיכטעניש פונ'ם ריזיגן בית־עולם איז דער יד־אבשלום דאָך פאַר מיר בית־עולמ'דיג נישט געווען.

יונג, מענטשלעך לעבן האָט זיך געטראָגן פון אונטער אָט דעם טורעמל, לעבן, וואָס האָט גערעדט פון אויפברויז, פון אַמביציע און רעוואָלט.

אַ יונג אייראָפּייאיש־געקליידט פּאָרל האָט זיך איצט דערנעענטערט אַהער. דער יונגערמאַן האָט געטראָגן אַ קאַמערע אין אַ געל־לעדערן טעשל, וואָס איז געהאַנגען אויף אַ רימען איבער זיינעם אַן אַקסל, און דאָס מיידל האָט געטראָגן אַ פּאָר פאַרגרעסערונג־גלעזער אין דער האַנט, וואָס זי האָט גייענדיג אַלע ווייל צוגעשטעלט צו די אויגן.

איך האָב געגעבן אַ צייכן צו מיין וועגווייזער און באַגלייטער, אַז מיר זאָלן זיך לאָזן אין וועג אַריין.

מיר איז געווען דערווידער די פאַרגרעסערונג־גלעזער פאַר אַ בילד, וואָס איז אַזוי גרויס און מאַיעסטעטיש, און ביז גאָר קאָמיש האָט מיר אויסגעקוקט די קאַמערע, וואָס וועט באַלד דאָ פּרואוון אויפכאַפּן בילדלעך אויף שטיקלעך פילם.

דאָס זעלביגע ווידער־געפיל האָב איך געפילט אין אָוונט, ווען דער פּראָפעסיאָנאַלער פאָטאָגראַפער, ביי וועמען איך בין איינגעשטאַנען, האָט פאַר מיר פאַנאַנדערגעשפּרייט די פאָטאָגראַפישע בילדער פון די אַלע

ערטער, וואָס איך האָב אין לויף פון דעם פאַרגאַנגענעם טאָג באַזוכט און געזען.

קוקנדיק אויף זײַנע פאָטאָגראַפיעס, האָב איך שטיל צו זיך גע־שמייכלט.

— וואָס שמייכלט איר? — האָט דער פאָטאָגראַפער געוואָלט וויסן.

— גאָרנישט, גאָרנישט, — האָב איך זיך געזוכט אַרויסצודרייען פון אים.

— לאָז אַדון ווײנפּער'ן צו־רו, — האָט דעם פאָטאָגראַפער'ס ווײַב זיך בײַ אים געבעטן, און איך בין איר אַזוי דאַנקבאַר געווען דערפאַר.

# די יתומות, נעבעך

אויף איינעם פון מיינע ארומבלאָנדזשענישן איבער די פאַרשטעטלעך פון ירושלים, האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אין אַ גרופּע טוריסטן אין וועלכער עס זיינען אויך געווען עטלעכע לעגיאָנערן.

— אַליין ? — האָט מיך איינער פון די לעגיאָנערן געפרעגט.

— אַליין, — האָב איך געענטפערט מיט דער כונה זיך אָפּצוטשעפּען, ווייל איך האָב מסתמא טאַקע חשק געהאַט צו שפּאַצירן דווקא מיט זיך אַליין.

זיי האָבן מיך געבעטן מיטגיין מיט זיי אין דעם רוסישן מאָנאַסטיר.

— מיר וועלן באַטראַכטן די יתומות.

— נו, יאָ. ווי דען ? — האָט ער אויסגערופן האַלב ערנסט און האַלב לאַכנדיק און איך האָב זיך שוין אַליין אָנגעשטויסן, אַז אָט דער מאָנאַסטיר, וואָס איז אַלע יאָרן אויסגעהאַלטן געוואָרן מסתמא פון׳ם הייליקן סינאָד אין רוסלאַנד, איז איצט, מיט׳ן איבערנעמען די מאַכט פון דער רעוואָלוציע, אויף גרויסע צרות.

איך האָב באַשלאָסן, אַז עס איז כדאי מיטצוגיין און איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דער גרופּע און זיך אָוועקגעלאָזט מיט איר אַ קוק צו טאָן אויף די יתומות.

עס האָט נישט זייער לאַנג געדויערט און אין אונזער אויפהויבן זיך באַרג־אַרויף איז אינ׳ם בלענד פונ׳ם ליכטיקן טאָג אויסגעוואַקסן פאַר אונ־זערע אויגן אַן עכט־רוסישער מאָנאַסטיר מיט די גוט־באַקאַנטע ציבעלע־קופּאָלן איבער זיך, וואָס האָט גלייך ביים ערשטן בליק געגעבן דעם איינ־דרוק פון פאַרלאָזנקייט און פאַרגעסנקייט.

דער עיקר׳שט האָט אַ שלאָג געטאָן פון זיך מיט איינזאַמקייט דער הויכער טורעם, וואָס איז געשטאַנען ביים זייט פון אָט דעם מאָנאַסטיר.

עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן דער אָפענער אויבערשטער טייל פונ׳ם טורעם, אין וועלכן עס זיינען קיין גלעקער נישט געווען צו זען און ער האָט דערפאַר אויסגעקוקט, ווי אַן אָפּן מויל פון וועלכן מען האָט די ציין אויסגעשלאָגן. די שטוקאַטור איבער די ווענט סיי פונ׳ם טורעם און סיי פונ׳ם גאַנצן מאָנאַסטיר האָט זיך געשיילט און דער גרויסער הילצערנער טויער ביים אַריינגאַנג איז געווען אָפּגעקראָכן און גרוי און אַזוי מאָדנע, עקשנות׳דיק פאַרמאַכט.

אויפכאַפּנדיק אָט־די עקשנות׳דיקע צוגעמאַכטקייט פונ׳ם טויער, האָב איך זייער שטאַרק געצווייפלט, צי ער וועט זיך פאַר אונז צעעפענען, וואָרים דאָס איז נישט געווען קיין צוגעשלאָסנקייט, וואָס שליסט זיך אויף דורך אַ שליסל, נאָר אַ צוגעשלאָסנקייט מיט אַ שאַרפער מינע פון ברוגז דער ליכ־טיקער וועלט אין פנים אריין.

עס האָט טאַקע גענומען לאַנג ביז אַ קליין, שמאָל טירל אינם טויער

האָט זיך צעציטערט און מיט א שטילן סקריפּ זיך א רודער געטאָן.

דורך א שמאָלער שפּארינע האָט אונז באַטראַכט אַן אויסגעצויגן פּנים פון אַן עלטערער רוסישער מאָנאַשקע. מיט פאַרשערישן חשד אין אירע בליקן האָט זי געזוכט דורכצונעמען יעדן איינעם אין דער גרופּע און ענד־לעך געלאָזט וויסן אויף רוסיש, אַז דער מאָנאַסטיר איז נישט אָפן פאַר קיין באַזוכער.

אויף א מינוט האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אָט מאַכט זיך צו דאָס טירל און מיר וועלן זיך שוין נעמען לאָזן אויף צוריקוועגס, אָבער דאָ זיינען אירע בליקן געפאַלן מיט א באַזונדער אויפמערקזאַמקייט אויף אונזערע לעגיאָנערישע אוניפאָרמס, און זי האָט געפרעגט:

— רוסישע מענטשן אין דער ענגלישער אַרמיי?

— יאָ, — האָט איר איינער פון די לעגיאָנערן געענטפערט.

דאָ האָט זיך איר פּנים א ביסל איבערגעביטן און זי האָט צומאַכנדיג דאָס טירל, געבעטן וואַרטן.

איצט האָט מיר שוין הנאה געטאָן, וואָס איך בין מיטגעגאַנגען, וואָרים אין דער אָפּגעלאָזנקייט פון׳ם מאָנאַסטיר און דער פאַרלאָזנקייט אויפ׳ן פּנים פון דער מאָנאַשקע, וואָס איך האָב געזען דורך דער שמאָלער צעעפע־נונג פון׳ם טירל, האָב איך דערפילט א גרוס פון דער רעוואָלוציע אויף יענער ערד, וואו איך בין געבוירן געוואָרן און זיך אויסגעהאָדעוועט.

אמת, דער גרוס איז געווען פון׳ם צד־שכנגד, אָבער אויפ׳ן אויסזען פון דעם באַשטראָפטן האָב איך דערזען די האַנט פון׳ם באַשטראָפער.

איך בין דערפאַר געווען ביז גאָר צופרידן ווען דאָס טירל האָט זיך נאָכאַמאָל געעפנט, און עס איז אונז דערלויבט געוואָרן אַריינצוקומען.

אינעווייניג אויפ׳ן הויף האָט געהערשט די זעלבע שטילקייט און פאַרלאָזנקייט, ווי אין דרויסן.

די שאָטנס פון די פּאַלמען און קיפּאַריסן זיינען געלעגן אַזעלכע שוויי־גנדיגע אויפ׳ן ברוק פון׳ם הויף, ווי זיי וואָלטן געווען דערוואָרגענע, וואָס וואַרטן אויף זייער קבורה און פּונקט אַזוי שווייגנדיג און דערוואָרגן האָבן אויסגעקוקט די עטלעכע מאָנאַשקעס, וואָס האָבן זיך דאָ באַוויזן פאַר אונז. אַלע זיינען זיי געשטאַנען מיט די הענט אין די אַרבל און בלויז איינע האָט געקוקט אויף אונז מיט בליקן, וואָס האָבן אויסגעדריקט א געמיש פון חשד און צוטרוי.

און עס איז טאַקע געווען אָט־די, וואָס האָט אונז ביים אַריינקומען באַטראַכט, וואָס האָט זיך ענדלעך געווענדט צו אונז:

— אינעווייניג אין מאָנאַסטיר אַריין טאָר מען נישט, גוטע מענטשן, אָבער דאָ אויפ׳ן הויף, מעג מען.

דערנאָך האָט זי אויפגעהויבן די רעכטע האַנט און מיט א פינגער אָנגעוויזן אויף דעם טורעם.

— אַהין, אַרויף, מעג מען אויך, — האָט זי אונז געלאָזט וויסן און דערביי אונז דערקלערט — פון דאָרטן קאָן מען זען וויט, זייער וויט.

די לעצטע ווערטער האָט זי אויסגעצויגן אין אַ פּאַמעלעכדיגן טאָן און דערביי האָבן אירע אויגן זיך צעעפנט אין דער גאַנצער ברייט, ווי זי אַליין וואָלט שוין אָט די ווייטקייט פאַר זיך דערזען.

דאָ האָט זי מיט׳ן פינגער זיך איבערגע׳צלמ׳ט פונ׳ם שטערן אַרונטער צו איר האַרץ און פרום אַרויסגעמורמלט:

— איר וועט זען דעם הייליגן טייך כנרת איבער וועלכן אונזער גאָט׳ס זון האָט געשפּאַנט אָט אַזוי, ווי מיר שפּאַנען איבער גאָט׳ס ערד.

איצט האָט די מאַנאַשקע, וואָס האָט פאַר אונז פריער דאָס טירל געעפנט, געוויזן מיט דער האַנט אויפ׳ן אַרויסגאַנג צום טורעם.

— אָט דאָ, אָט דאָ, גוטע מענטשן.

זי האָט אונז אָנגעוויזן אויף דעם אַרויפגאַנג, אָבער מיטגעגאַנגען מיט אונז איז זי נישט און מיר האָבן דרייענדיג זיך איבער די סקריפּענדיגע הילצערנע שטיגעלעך געקאָנט פריי זיך אויסדריקן איבער דעם געזעענעם.

— אמת׳ע יתומות, — האָט אימיצער אַ וואָרף געטאָן אַ באַמערקונג.

— אַ רחמנות פונדעסטוועגן, — האָט אַ צווייטער געזאָגט אין אַ סענטימענטאַלן קול, אָבער דאָ האָט זיך שוין דערהערט גאָר אַן אַנדער אָפּרוף:

— אור־וואַ! עס רייסט מיר דאָס האַרץ אויף אָט די פּוס־און־פּאַס־ניצעס!

דאַן זיינען געקומען נאָך אויסרופן און פון זיי אַלע איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אָט די מאַנאַשקעס לעבן איצט מיט׳ן חסד פון דער בריטישער אָקופּאַציע און די נדבות, וואָס פּריוואַטע מענטשן וואַרפן צו.

נאָר אָט זיינען מיר שוין פון אויבן און דאָס בילד, וואָס וויקלט זיך פאַנאַנדער פאַר די בליקן איז באמת מאַיעסטעטיש.

פון דאָרטן האָט זיך ירושלים אַנטפּלעקט נישט נאָר מיט די אָנגעהורבעטע געדיכט־צונויפגעדריקטע געביידעס פון צווישן וועלכע עס הויבן זיך אַרויס קלויסטער־קופּאָלן און טורעמס פון מעטשעטן, נאָר אויך מיט אירע באַזונדערקייטן און איינצלהייטן, האָט זי זיך איצט אַנטפּלעקט.

באַזונדער געדענקט זיך מיר דער גרין־זילבערדיגער ברייטער קופּאָל איבער דעם אָמאַר־מעטשעט, וואָס שטייט אויפ׳ן פּלאַץ, וואו אונזער בית־המקדש איז געשטאַנען.

זיין זילבערדיגער גרין האָט שעמערירט אין דעם בלענד פון דער זון, ווי די קרוין פון אַ זיגער און מיר איז געווען ביז גאָר מאָדנע דאָס געפיל, וואָס איז אויפגעגאַנגען אין מיין געמיט.

עס איז געווען דאָס געפיל פון אַ באַזיגטן, וואָס שטייט אַ געפּלעפטער פאַר דער שיינקייט אויפ׳ן קאָפּ פון זיין באַזיגער.

פון דער ווייטנס אויף דער לינקער זייט האָט זיך צווישן בערג געזילבערט און געשפּיגלט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט דערמאָנט אָן פליסיגקייט.

— דער כנרת, — האָט אימיצער באַמערקט, מסתמא נאָכזאָגנדיק דער מאַנאַשקע, וואָס האָט אונז פריער געלאָזט וויסן, אַז פון דאַנען וועלן מיר זען דעם טייך כנרת, וואָרים ווען א צווייטער האָט געוואָלט האָבן, אַז דאָס איז נישט כנרת, נאָר דער ים המלח, האָט ער באַלד מסכים געווען:

— יאָ, יאָ, דער ים־המלח.

ווען מיר זיינען שפּעטער אַרונטער פון׳ם טורעם, האָט אונז ביים צע־עפנטן טירל אָפּגעוואַרט די זעלבע מאַנאַשקע, וואָס האָט אונז פריער אַריינ־געלאָזט.

איצט איז זי געשטאַנען מיט׳ן קאָפּ הכנאה׳דיק נעבויגן און אין אירע הענט האָט זי געהאַלטן א הילצערנע שיסל, מורמלענדיק דערביי מיט די ליפּן:

— גאָט זאָל אייך בענטשן, גוטע מענטשן.

ביים איבערשפּאַנען דאָס צעעפנטע טירל האָבן אָפּגעקלונגען די וואַר־פענדיגע מטבעות אין דער שיסל אַריין.

גייענדיג צוריק, האָט אימיצער פון די טוריסטן אין ציווילן אַרויסגע־זאָגט זיין השערה, אַז ווען נישט אונזערע לעגיאָנערן־אוניפאָרמס, וואָלט מען אונז נישט געווען אַריינגעלאָזט.

— נו יאָ, דער כח פון אַן ענגלישער אוניפאָרם, — האָט איינער באַ־מערקט און לויט׳ן טאָן איז נישט געווען קלאָר צי ער האָט דאָס געמיינט ערנסט אָדער אין שפּאַס.

אָבער דערפאַר האָט א דריטער שוין גאָר קלאָר געמאַכט דעם גאַנצן ענין.

— די מאָנאַשקעס ליגן איצט גרויסע האָפענונגען אויף די ענגלישע אוניפאָרמס, וועלכע זוכן צו דערשטיקן די רעוואָלוציע.

איך געדענק, אַז ביי אָט דער באַמערקונג האָב איך א טאָפּ געטאָן די ענגלישע אוניפאָרם אויף זיך און איך בין עפּעס, ווי דערציטערט געוואָרן.

— נו, ווי געפעלן דיר די יתומות? — האָט דער זעלבער לעגיאָנער, וואָס האָט מיך מיטגעצויגן, איצט געפרעגט.

— הא? — האָב איך א צי געטאָן מיט׳ן מויל און שווייגנדיג גע־שפּאַנט.

# אידן זוכן געשעפטן

עס איז שוין דעמאָלט געווען קלאָר, אַז דער וואַפנשטילשטאַנד וועט שוין ווי עס נישט איז פירן צו אַ שלום־אָפּמאַך און אידישע געשעפטסלייט זיינען אַריבערגעקומען אין היבשע צאָלן אויף אַנצוטאַפּן דעם דופק וועגן געשעפטס־מעגלעכקייטן אין פאַלעסטינע.

עס זיינען אודאי אויך געווען אַ סך תמימות'דיגע אידישע מענטשן, וואָס זיינען אַריבערגעקומען מיט אַ ריין, אָרענטלעך מענטשלעך געפיל אָנצוקוקן, באַטראַכטן פון וואַנען מען שטאַמט און אפשר טאַקע זיך אויך באַזעצן, כדי צו לעבן דאָס ווייטערדיגע לעבן אין אַ סביבה, וואָס זיי האָבן באַטראַכט פאַר אַן עכט־אידישער און אַ גאַנצער.

אָבער אָט־די סאָרטן תמימות'דיגע אידן זיינען פאַרלוירן געגאַנגען אין דער יאַרידישקייט פון די אַנדערע.

אין דער לופט האָט זיך בפירוש געפילט ווי ערב אַ גרויסן יאַריד אויף וועלכן סוחרים מכל־המינים הויבן זיך אָן צונויפצוקלייבן.

עס איז געווען פול מיט זיי אַלע האָטעלן און אַכסניות פון ניי־ירושלים און די טומלדיגע שמועסן זיינען אומעטום געווען אַרום דעם, צי איז ירושלים די שטאָט פאַר דעם אידיש־סוחרישן אונטערנעמונגס־גייסט, אָדער תל־אביב וועט דאָס ווערן. מען האָט זיך געאַמפּערט איינע מיט די אַנדערע אויף אידיש און אויף ענגליש וועגן דער צוקונפט פון'ם עקספּאָרט און אימפּאָרט און מיט וועלכע לענדער אויף דער ערד עס וועט אויסקומען הויפּטזעכלעך צו פירן די געשעפטן פון דאַנען. איינער האָט געזוכט אויס־צוגעפינען צי דעם קאַפּיטאַל, וואָס ער קאָן אַריבערברענגען פון אַמעריקע זאָל ער אַריינלייגן אין אַ מאַראַנצן גאָרטן, צי אין אַ נוס־פּלאַנטאַציע, אָדער גאָר אפשר אין אַ וויינגאָרטן.

— האַ, וואָס זאָגט איר? — האָט זיך איינער געווענדעט צום אַנדערן און דערביי האָט זיין פנים אויסגעדריקט געוואַלדיגע פאַרצווייפלונג, אַז אפשר טויגן די אַלע דריי צו גאָרנישט מיט גאָרנישט.

— האַ, וואָס טראַכט איר וועגן מאַראַנצן?

— מאַראַנצן זיינען אַלראַיט, — האָט אַ צווייטער געענטפערט און דערביי אפילו געגעבן אַ פּולערע דערקלערונג:

— ארץ ישראל מאַראַנצן וועלן האָבן אַ גוטן מאַרק אפילו אין די שטאַטן, וואָס פאַרמאָגן אַ קאַליפאָרניע, אָבער...

— אָבער וואָס? — האָט שוין דער פרעגער אין גרויס אומרו גע־וואַלט וויסן.

— עס איז אַ סך צו רעדן וועגן דעם.

— איר מיינט, אַז נים זיינען בעסער?

— נים זיינען אויך ניט שלעכט, — עס איז אַלענפאַלס אַן עסנדיגע זאַך.

— אָבער איך האַלט שטאַרקער פון וויינטרויבן? — האָט דער ערש־טער נישט אויפגעהערט צו פאַרשן.

דאָ האָט זיך אַריינגעמישט א דריטער און געלאָזט וויסן, אז ער זוכט א שותּף צו גאָר אַן אַנדער סאָרט עסק.

— אשטייגער? — האָבן שוין ביידע פריערדיגע געוואָלט וויסן.

— שפּיגעלעך! — האָט דער דריטער אין עקסטאַז געטאָן א שיס אַרויס.

— שפּיגעלעך גאָר? — האָט מען אָנגעשטעלט אויף אים די אויגן אין איבערראַשונג.

דאָ האָט דער דריטער גענומען אויסלייגן זיינע געדאַנקען אַזוי:

— צו מאַראַנצן, ניס און וויינטרויבן כאַפּן זיך אַלע, אָבער ווייסט איר, אז די אַריבערגעקומענע אידן וועלן אויך דאַרפן האָבן שפּיגעלעך זיך צו שפּיגלען אין זיי? און וואָס עפּעס בלויז די אידן? און די היגע אַראַ־בער און אַראַבערינס וועלן זיי דען נישט דאַרפן האָבן?

אין א הויז, וואוהין איך בין פאַרבעטן געוואָרן אויף אָוונט־ברויט, איז אויך געווען ביים טיש אַן עלטערער איד פון שיקאַגאָ. א מאָדנער איד איז יענער געווען. ער האָט מיט גרויס שטאָלץ גערעדט פון אַמעריקע און דער עיקר פון זיין שיקאַגאָ, וואו ער האָט אָפּגעלעבט איבער דרייסיג יאָר און פון פאַבריצירן מאַטראַצן, נישט נאָר אויפגעצויגן זיינע קינדער אין עושר און אין כבוד און זיי טאַקע גוט פאַרזאָרגט אויך, נאָר ער אַליין, זייענדיג א בן־ששים, איז שוין צוריקגעצויגן און קאָן זיך אויסלעבן זיינע יאָרן הלואי אויף אַלע אידן געזאָגט געוואָרן.

— דער זון איז א דאָקטאָר ביי מיר, מיט א פיינער פּראַקטיק, דער איידעם מיינער איז דער באַלעבאָס פון מיין געוועזענער מאַטראַצן־פאַבריק, און איך?

דאָ האָט ער א וויש געטאָן זיין ברייטן גערינצלטן שטערן מיט א ווייס וועבן־טיכעלע, וויוזנדיג דערביי דעם גרויסן דימענט־רינג אויף איינעם פון זיינע פינגער און ער האָט ווייטער זיך אויסגערעדט דאָס געמיט פאַר די זיצנדיגע אַרום דעם טיש:

כל־זמן מיין פרוי האָט געלעבט, האָט מען געלעבט, ווי סע נישט איז. עוסק געווען בצרכי צבור. די תּלמוד־תּורה, די שול, און וועגן ציוניזם איז דאָך אָפּגערעדט. נו, נעמט זי און לאָזט מיך איבער.

— נו, יאָ, פּונקט ווען עס איז געקומען צום לעבן, — האָט אים די באַלעבאָסטע פון הויז איבערגעשלאָגן מיט א זיפץ און כדי אים צו טרייסטן, האָט זי אים צוגעוואָרפן א פליגעלע פון אַן עוף אויף זיין טעלער.

דער שיקאַגער איד האָט זיך געלאָזט טרייסטן מיט'ן פליגעלע און צופּנ־דיג דאָס פלייש דערהפון מיט די ציין, האָט ער ווייטער גערעדט:

— נו, זאָגן מיר די קינדער, טאַטע, וואָס וועסטו אויסזיצן דאָ? נעם כאַפּ זיך גאָר אַריבער קיין ארץ ישראל און צעשטריי זיך אביסל.

— קלוגע קינדער, — וואַרפט אים איצט די באַלעבאָסטע צו אַ חניפה'לע אָנשטאָט אַ פּליגעלע.

בשעת אָט דעם שמועס ביים טיש האָב איך נישט געוואוסט, וואָס פאַר אַ שייכות אָט דער שיקאַגער אַלמן האָט צו דער פאַמיליע, וואָס האָט מיך פאַרבעטן אויף אָוונט־ברויט, אָבער אַ ביסל שפּעטער, ווען מען איז אַרויס אויף דער וועראַנדע, האָט מיר דער באַלעבאָס פון הויז איבערגעגעבן, אַז מען איז לאַנדסלייט פון פּוילן, און אַז עס האַנדלט זיך וועגן דעם, אַז אָט דער שיקאַגער אַלמן זאָל אַריבערנעמען פון פּוילן זיין ווייב'ס אַ אינגע־רע שוועסטער, אַ מיידל פון איבער דרייסיג און דאָ אין ירושלים זאָל טאַלע געפּראַוועט ווערן די חתונה.

— ער איז רייך ווי קורח, — האָט דער באַלעבאָס, אַ פונקציאָנער אין אַ ציוניסטישער אינסטיטוציע, מיר שטיל אַ זאָג געטאָן און דערביי צוגע־וואונקען מיט אַן אויג, ווי איינער זאָגט:

— מען דאַרף אָט־דעם אידן אַריינגעמען אין די הענט אַריין.

דאָ אויף דער וועראַנדע האָט דער שיקאַגער אַלמן מיט אַ ציגאַר אין מויל זיך פאַנאַנדערגערעדט וועגן זיין צוקונפט דאָ אין ירושלים.

— וואָס מען דאַרף דאָ איז קאַפּיטאַל, אָבער די פראַגע ביי מיר איז, צי מאַטראַצן, אָדער הייזער.

— דער עיקר איז דער קאַפּיטאַל, — האָט דער באַלעבאָס אַריינגע־וואָרפן אַ באַמערקונג און לויט דעם טאָן איז געווען קלאָר, אַז די באַמער־קונג איז געצילט געוואָר צו ווערן ווי גרויס עס איז ווירקלעך דער קאַפּיטאַל ביים שיקאַגער.

צו דער אָפענער וועראַנדע האָט איצט מיט העלער בלויקייט געקוקט דער הימל מיט די גרויסע אומציילינגע שטערן איבער אים, און פונקט ווי איך, האָט ער זיך איינגעהערט מיט גרויס חידוש צו די רייד פון דעם שי־קאַגער אַלמן.

— קאַפּיטאַל, ברוך השם, האָב איך, און עס איז גוט, וואָס אָנשטאָט אים האַלטן אין אַ שיקאַגער באַנק, וועט ער איצט געלאָזט ווערן אין גאַנג דאָ. ארץ ישראל דאַרף קאַפּיטאַל. נאָר מיט קאַפּיטאַל וועט מען אויס־בויען דעם ישוב, אָבער די פראַגע איז ביי מיר אַלץ: מאַטראַצן אָדער הייזער?

— איז פאַרוואָס טאַקע נישט קיין הייזער, הא? — האָט דער באַלע־באָס אַריינגעשטעלט אַ פראַגע.

דאָ האָט דער שיקאַגער זיך געטאָן אַ שטעל אויף און אַ בלאָז טוענדיג אַ געדיכטן קנויל רויך פון מויל, זיך צערעדט:

— הייזער זיינען נישט קיין שלעכטע זאַך, אָבער מיין פאַך זיינען מאַטראַצן. — אָט אַזוי האָט ער ממש אַ געשריי געטאָן און זיך אויסשטעלנ־דיג, איז ער איבערגעגאַנגען צו אַ מער וויכטיגערן ענין:

— אגב, הער איך, אַז מען רעדט שוין דאָ וועגן יוניעס אויפ'ן שטיי־גער, ווי ביי אונז אין שיקאַגאָ.

ביי אַט דער באַמערקונג זיינען מיינע אויערן אָנגעשפּיצט געוואָרן, וואָרים אין דער לופט פון דעם פּאַלעסטינער לעבן איז שוין אַט די פראַגע געשטאַנען ווי א פייערדיגער פראַגע־צייכן.

פון פּוילן זיינען שוין דעמאָלט געוועזן אָנגעקומען קיין פּאַלעסטינע די ערשטע שוואַלבן פון דער שפּעטערדיגער אידישער אַרבעטער עמיגראַציע. אויסגעהונגערטע און אָפּגעריסענע בחורים און מיידלעך, איך האָב זיך מיט עטלעכע פון זיי באַגעגענט אין די קאָלאָניעס און אין תל־אביב און לגבי אַט די אידן פון אַמעריקע, וואָס איך האָב באַגעגענט אין ירושלים, זיינען יענע געווען אַזעלכע ריינע און לויטערע.

איז מיר דערפאַר געווען ביז גאָר טשיקאַווע דער ענטפער, וואָס דער באַלעבאָס האָט געגעבן דעם שיקאַגער קאַפּיטאַליסט.

— די אַרבעטער? נו, יאָ. אידישע אַרבעטער דאַרפן זיך אָרגאַניזירן, אָבער די הויפּט זאַך, וואָס וועט אַוועקגעשטעלט ווערן פאַר דער אַרבעטער אָרגאַניזאַציע דאָ אין דעם ישוב, וועט נישט אַזוי די שכירות פאַר זיך, ווי דאָס, אַז די אידישע אונטערנעמער זאָלן זיך נישט באַנוצן מיט קיין אַראַבער.

— דאָס איז גוט, — האָט דער שיקאַגער מסכים געווען מיט אַזאַ צו־גאַנג, און שפּאַנענדיג מיט גרויס הרחבה איבער דער וועראַנדע, האָט ער צווישן איין קנוילכל רויך און דעם אַנדערן פון זיין מויל אַרויס, אַוועקגע־לייגט אַזאַ נאָטאַציע:

— אידישער קאַפּיטאַל דאָ אין לאַנד דאַרף זיך באַנוצן בלויז מיט אידישער אַרבעט. דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אָבער מען דאַרף זען, אַז די אידישע אַרבעטער זאָלן גוט געדענקען און טאַקע גוט אין זין האָבן דעם ווערט פונ׳ם אידישן קאַפּיטאַל דאָ אין לאַנד, וואָרים אָן אַט דעם קאַ־פּיטאַל דאַרפן די אַרבעטער פון פּוילן זיך נישט רירן פון זייערע ערטער.

— איר מיינט, אַז די אידישע אַרבעטער זאָלן דאָ נישט פאַררייסן די נעז? — האָב איך ביי אים איראָניש א פרעג געטאָן, אָבער דער שיקאַגער גביר האָט, זעט אויס, מיין איראָניע נישט דערהערט און זיך א כאַפּ געטאָן:

— אַט, אַט, וואָס איך מיין, — האָט ער ממש אויסגעשריען און באַלד צוגעלייגט שוין א ביסל שטילער:

— איך האָב שוין געהאַט גענוג פון זיי אין שיקאַגאָ מיט זייערע הויכע שכירות און קורצע שטונדן!

# אין די טריט פון דורות

ווען איך האָב געשפּאַנט צום אָרט, וואו עס איז געשטאַנען אַמאָל, אַמאָל אונזער בית־המקדש, בין איך געווען באַוואוסטזיניג אויף יעדן טראָט, וואָס מיינע פיס האָבן געמאַכט.

ווי אַזוי האָט אויסגעזען יענער טאָג ? האָט ער געבלענדט מיט ליכ־טיגקייט ? אָדער האָט ער געשאָטנט מיט שאָטן ?

איך געדענק אינגאַנצן ניט דאָס אויסזען פון יענעם טאָג.

די געסלעך, איבער וועלכע איך האָב געשפּאַנט, האָבן זיכער געהאַט קרעמלעך פון ביידע זייטן, און מענטשן זיינען מיר אוודאי אַנטקעגן גע־קומען, מיך אָנגערירט, און אפשר האָט עמיצער מיך אָפּגעשטעלט, געפרעגט עפּעס ביי מיר, אָדער איך האָב צו יענעם דאָס זעלביגע געטאָן, אָבער גאָר־נישט געדענק איך אַ חוץ מיינע אייגענע טריט און די שטיינער, איבער וועלכע איך האָב געטראָטן, געדענק איך.

עס דאַכט זיך מיר איצט אויס, אַז ווען מען וואָלט איצט נאָך צוואַנציג יאָר מיר באַוויזן יענע שטיינער וואָלט איך יעדן שטיין פון יענעם וועג מיינעם אויך היינט דערקענט.

אַזוי שטאַרק האָבן זיי זיך איינגעקריצט אין מיר, אַז איך זע זיי אויך איצט קלאָר פאַר די אויגן.

איך געדענק איצט, אַז יעדעס מאָל, ווען מיינער אַ פוס האָט זיך אַרונ־טערגעלאָזט אויף אַ שטיין, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז איך האָב אַ טראָט געטאָן איבער אַ צייכן, וואָס אַ פריערדיגער טראָט האָט דאָ איבער־געלאָזט.

די אויגן מיינע האָבן געקוקט אויף די שטיינער אונטער מיינע טריט און וואָס מער איינער פון זיי איז געווען אויסגעטראָטן, אַלץ מער טריט פון די פריערדיגע דורות האָב איך געזען אויף אים !

עס איז אַ ביז גאָר מאָדנער געפיל צו פילן, אַז אויף דעם אָרט, וואו עס רוט איצט דיין פוס, האָט געטראָטן צום ביישפּיל ניט קיין אַנדערער, ווי אַשטייגער אַ שלמה המלך.

אויף אַ רגע ווערסטו אַליין טאַקע דער שלמה המלך און דו שפּאַנסט שוין אַרומגערינגלט פון דיין סוויטע אין בית־המקדש אריין, וואו עס וואַרט אויף דיר אַ זייער חשוב אָרט, און דאָס פאָלק וואַרט אויך אויף דיר מיט אָנגעשפּיצטע אויערן צו הערן פון דיר עפּעס אַ זייער קלוג און דורכגע־טראַכט וואָרט, וואָס זאָל דערהויבן דאָס געמיט.

דער שטיין, אויף וועלכן דו האָסט זיך פאַרוואַנדלט אויף אַ רגע אין דער מלך שלמה, איז טאַקע אַן אויסגעריבענער, אָבער ער איז אַ ברייטער און פיר־עקיגער, ווי עס פּאַסט פאַר די טריט פון אַ מלך.

אַנדערש דערפילסטו זיך אויף אַ שטיינדל, אַ קלענערס, וואָס איז שוין צעשפּאָלטן פון דער צייט און פון וועלכן איין שפּיץ איז אויפגעהויבן אַרויף, ווי אַ קראַנקער צאָן, וואָס איז אָפּגעטיילט פון די אַנדערע.

אויף אזא שטיין ביזטו שוין א נביא מיט צעוואונדעטע פיס, וואָס שלעפּט זיך נעבעך אַרום אַ פאַרפאָלגטער פון יענע גרויסע האַרן, וועמעס רשעות דער נביא וואַרפט ביי יעדער געלעגנהייט זיי אין די פּנים'ער אַריין.

— אוי, איר אָפּגעפרעסענע, וואָס איר טראַכט נאָר פון אייערע אייגענע לייבער, און פאַרגעסט דעם הונגעריגן! — הויבסטו פּלוצלונג אָן צו מוסר'ן.

און שאַ, וואָס זיינען דאָס פאַר אַ שטיינדעלעך, אויף וועלכע דו טרעטסט איצט?

אַזעלכע דריבנענקע ליגן זיי זיך אויסגעלייגט אין אַלערליי פאָרמאַציעס.

איבער אָט די שטיינדעלעך האָבן געמוזט שפּאַנען די שיינע בנות־ישראל אויפ'ן וועג אין בית־המקדש אַריין צו כאַפּן אַ קוקן אויף די קאָלירנ־דיגע קליידער, וואָס די כהנים האָבן געטראָגן ביי דער עבודה, צו הערן דאָס געזאַנג פון ד לוויים, און טאַקע אויף איצ וועגס זיך צו פאַר'גנב'ענען מיט אַ זייטיגן בליק אויף אַ שיינעם בחור.

הכלל, אין מיין גאַנג צו דעם אָרט, וואו דער בית־המקדש איז גע־שטאַנען, בין איך געווען אַ קעניג, אַ נביא, אַ כהן און אַ בחור, וואָס האָט נאָכגעקוקט די שיינע בנות־ישראל.

איז דערפאַר מיין גאַנג דעמאָלט געוואָרן זייער, זייער אַ פאַמעלעכ־דיגער און אַ לאַנגער.

נאָך יעדן טראָט זיך אָפּגעשטעלט, באַטראַכט דעם שטיין, וואָס איך האָב באַטראָטן, און דעם שטיין, אויף וועלכן מיין טראָט דאַרף ערשט איצט אַ פאַל טאָן.

און נישט נאָר די דורות, וואָס האָבן געלעבט אין דער צייט, ווען דער בית־המקדש איז געשטאַנען, בין איך נאָכגעגאַנגען, נאָר אויך די שפּעטער־דיגע דורות פון נאָכ'ן חורבן, וואָס זיינען אויפגעגאַנגען אַהער זיך אויסצו־וויינען און אויסצוקלאָגן אויף זייער צעזייטקייט און צעשפּרייטקייט איבער דער ערד בין איך נאָכגעגאַנגען.

פאַר מיינע אויגן זיינען אויפגעשטאַנען די זקנים און די זקנות, וואָס זיינען דורך דורות און דורות געקומען אַהער פון אַלע לענדער אויף דער ערד צו פאַרענדיגן זייער לעצט ביסל לעבן אָט דאָ.

אָ, וויפיל דורות האָבן דאָ דורכגעשפּאַנט טאַקע אויף אָט די שטיינער, איבער וועלכע איך שפּאַן איצט!

דורות, וואָס האָבן געשפּאַנט מיט שטאָלצע און חשוב'ע טריט, און דורות, וואָס האָבן קוים־קוים די פיס דאָ דורכגעשלעפּט; דורות, וואָס זיינען דאָ דורכגעגאַנגען צו דאַנקען און צו לויבן פאַר דעם, וואָס זיי האָבן געהאַט, פאַרמאָגט, און דורות, וואָס האָבן זיך דאָ דורכגעשלעפּט כדי צו באַוויינען און צו באַטרויערן דאָס פאַרלוירענע.

איך האָב געהערט דעם עכאָ איבער אָט די שטיינער פון פעסטע און זיכערע טריט, און באַלד פון וואַקלענדיגע.

טריט, וואָס קומען אָן, און טריט, וואָס גייען אַוועק.

קלאַנגען פון געווער איבער די לענדן פון אידישע קריגער, און עכאָס פון גריכישע און רוימישע לעגיאָנערן־טריט.

שפּעטער האָט זיך אַלץ צונויפגעמישט צוזאַמען, און איך האָב זיך פּאַמעלעכדיק אויפגעהויבן פון געסל צו געסל, באַרג אַרויף.

באַלד, באַלד וועל איך זיך דאַרפן פּאַרדרייען לינקס און פון דאָרטן וועט שוין אַ שמאָלער וועג מיך פירן דירעקט צו דעם ביסל איבערבלייבעכץ פון אונזער אַמאָליגן גלאַנץ.

ווען איך בין פון צייט צו צייט באַוואוסטזיניג געוואָרן, וואוהין איך גיי, האָב איך בלויז געדאַרפט אָנשטעלן מיין בליק אויף די אַלערליי אידן, וואָס זיינען געגאַנגען מיר פאַראויס, און איך האָב שוין געוואוסט, אַז סוף־כל־סוף וועל איך אָנקומען אהין, וואוהין איך האָב זיך דעמאָלט אַרויסגעלאָזט.

אָבער ווי אַזוי האָבן יענע שפּאַנענדיגע אידן אויסגעקוקט, קאָן איך זיך איצט בשום אופן נישט דערמאָנען. מסתמא האָב איך קיינעם פון זיי נישט באַטראַכט, נאָר בלויז די באַוועגנדיגע פיגורן נאָכגעפאָלגט. און ווען איך שטרענג איצט, נאָך צוואַנציג יאָר, אָן אויף זיי מיינע אויגן, זע איך פאַר זיך נישט מער ווי באַוועגלעכע שאָטנס, וואָס ציען זיך, ציען זיך, און איך, מסתמא אין זייערע אויגן דעמאָלט, אויך נישט מער ווי אַ שאָטן, צי זיך נאָך זיי, און נאָך שאָטנס ציען זיך הינטער מיר.

עס איז געווען, ווי אָט־די שאָטנס האָבן זיך געצויגן דאָרטן פון דורות און דורות, און אייביג, אייביג וועלן זיי שוין ניט אויפהערן זיך אָט אַזוי צו ציען.

בלויז די שטיינער אונטער מיינע טריט זיינען געלעגן אומבאַוועגלעכע, און עס איז געווען, ווי זיי וואָלטן געקוקט אויף מיר און אויף אַלע איבעריגע, וואָס האָבן איבער זיי געטראָטן, מיט אַזעלכע גלייכגילטיגע בליקן.

— שוין געזען אַזעלכע ווי איר, און שוין געפילט אויף זיך אַזעלכע טריט ווי אייערע.

אָט אַזוי האָבן שווייגנדיג גערעדט די שטיינער.

נאָר אָט דריי איך זיך שוין אַריין אויף לינקס און דאָ איז שוין עפּעס אַנדערש.

פון אַלע פריערדיגע באַוועגלעכע שאָטנס איז איצט געוואָרן איין גע־דיכטע, שאָטנדיגע מאַסע, וואָס קוים־קוים זי ציט זיך צום פאָראויס.

פון דער ווייטנס האָט זיך געהערט אַן אומאויפהערלעך געמורמל, וואָס איז איבערגעגאַנגען אָפּטמאָל אין אַ גרויס געטומל, כדי באַלד ווידער צו ווערן נישט מער ווי אַ געמורמל.

איך בין געווען נאָענט צום אַריינגאַנג אין דער שמאָלער אַלייע, וואו עס שטייט, ווי אַן עדות, דער סימן פון אונזער בית־המקדש.

אָט באַלד־באַלד וועט אויסוואַקסן פאַר מיר די איבערגעבליבענע וואַנט, דער כותל־מערבי.

ווי קוקט זי אויס, אָט די וואַנט? און ווי וועט זי מיך אויפנעמען?
איך האָב איצט געשפּאַנט מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ אין דער הויך, אָבער אַלע מיר פאָראויס האָבן אויך געשפּאַנט מיט פאַרריסענע קעפּ אין דער הויך.
איצט האָבן דאָס געמורמל און דער געטומל זיך אויסגעמישט אין איין כוואַליעדיגן געברויז.
און אפשר איז דאָס גאָר געווען מיין האַרץ, וואָס האָט זיך אַזוי צעברויזט?
אפשר!

# ביים כותל

אַט איז זי דאָך, די וואַנט! אַט איז זי! דיזעלביגע וואַנט, וואָס איך האָב זינט מיין פריסטער יוגנט געזען דורך דעם אויסנייעכץ אין קאָלירינגער בליטשקע, אָדער זיידענע פעדים פון די יונגע אידישע כלה־פינגער פאַר׳ן חתן אַ מתנה.

דאָס געסל, וואו דער כותל־מערבי שטייט, איז צו קליין פאַר דעם גרויסן עולם, וואָס איז איצט דאָ פאַרזאַמלט. שטופּט מען זיך און מען מאַכט זיך אַ שטיקל פּלאַץ מיט די עלנבויגנס. טו איך מסתמא אויך דאָסזעלביגע, און פיל דאָס גאָר נישט, וואָרום מיין קאָפּ איז פאַרריסן אין דער הויך איבער קעפּ, וואָס רייסן זיך אין דער הויך, ווי מיינער איז פאַרריסן.

איצט שלאָגן זיך מיינע אויגן אָן אויף די אידן אַרום מיר.

אַלערליי אידן, אָפּגעריסענע און רייכע. אידן אין חסיד׳ישע קאַפּאָטעס מיט אַלערליי בערד און פאות און אידן אייראָפּייאיש געקליידט. אידענעס אין שייטלען, קופּקעס, געוויקלטע אין דינע שאַלן, און דאַמען אָנגעטאָנענע ווי פאַר אַ טעאַטער. די אָנגעגליטע לופט אין דעם אַרומגעבויטן שטח ווערט אַלע מאָל אויפגעריסן פון אַ היסטעריש געוויין און פאַרלירט זיך אין דעם תהלים־זאָגן פון אומצייליגע מיילער, אָבער דער לייט־מאָטיוו איז דאָס געבעט פון אומצייליגע בעטלער:

— שענקט אַ נדבה אין דעם נאָמען פון דעם הייליגן כותל!
— שענקט אַ נדבה און לאָמיר דערלעבן די גאולה שלמה!
— האָט רחמנות אויף אַ קאַליעקע!
— שענקט פאַר דעם מושב־זקנים!
— העלפט די יתומים!

אַט אַזעלכע אויסרופן און אַ סך ענלעכע אויך אויף העברייאיש, לאַדינאָ און אויף לשונות, וואָס איך האָב נישט געקאַנט וויסן זייער אָפּשטאַם.

שפּעטער, ווען דאָס גערדרענג האָט אויפגעהערט און עס איז געוואָרן היפּש לויזער, האָב איך באמת נישט געוואוסט אויף וואָס פריער צו קוקן, — צי אויף דער וואַנט, צי אויף די מענטשן, וואָס זיינען געשטאַנען לעבן איר, אָדער גאָר אויף די אומצייליגע בעטלער.

אַ מורא׳דיג בילד האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די בעטלער.

אַן אמת׳ער „קבוץ־גליות״. פּוילישע אידן מיט סאַמעטענע קאַפּעליושלעך און קאַפּאָטעס ביז צו דער ערד; וואָלינער, פּאָדאָליער אין הויטיגע תימנ׳ער אין רויטע טערקישע פעסקעס, און פרויען אויך מכל המינים, און אויף אַלערליי לשונות, און אַלעמענס הענט אויסגעשטרעקטע:

— בבקשה!

— האָט רחמנות!

— גאָט זאָל אײַך העלפֿן!

עס איז געװען אומגעהױער שװער זיך אַרױסצולעבן פֿון אָט די בעמ־לער און זיך אַרײַנצולעבן אין דער „װאַנט“, װאָס איך בין געקומען זען מיט אַזאַ קלאַפּנדיקן האַרצן.

איצט האָב איך שױן דעם קאָפּ מײַנעם נישט גערדאַרפֿט האַלטן פֿאַר־ריסן. די װאַנט איז געשטאַנען פֿאַר מײַנע אױגן. דער אױבערשטער טײל אַ צוגעבױטער פֿון די שפּעטערדיקע דורות. עטלעכע שטײנער און דער צעמענט שױן כמעט װי פֿון אונדזער צײַט, אָבער דערפֿאַר איז דער אונטער־שטער טײל, די גאַנצע אונטערשטע העלפֿט, פֿון אַמאָליקן צײַטן.

אָבער פֿאַרװאָס איז מײַן האַרץ פּלוצלונג אַזױ קיל? פֿאַרװאָס צאַפּלט זיך דאָס נישט אַזױ װי פֿריער, װען איך האָב זיך דערנענטערט אַהער? זײַנען שולדיק די בעטלער, װאָס פֿאַרװאַנדלען אָט דאָס שטיק פּלאַץ אין אַ שרײַענדיקן מאַרק? אין אַ יאַריד? אָדער עס זײַנען די גרױסע מאַסיװע שטײנער אין דער װאַנט גופֿא, װאָס זײַנען מיט גאָרנישט ענלעך אױף די קאָלירנדיקע בליטשקענע און זײַדענע אױסהעפּטונגען דורך די פֿינגער פֿון די נאַאיװע כּלה־מײדלעך פֿאַר זײערע חתנים?

אָט איז זי דאָך, די װאַנט, דער „כּותל־מערבֿי“!

אַ ייִד מיט אַרױפֿגע־ריסענע הענט שטײט אַ צוגעקלעפּטער צו איר, װי ער װאָלט געװען אַ טײל פֿון איר. דאָס פּנים זײַנס איז נישט צו זען. עס איז צוגעקלעפּט צו דעם גראַניט. אָבער דאָס שװאַרצע סאַמעטענע קאַפּעליושל אױף זײַן קאָפּ ציטערט, װי אַ בלאַט פֿון װינט, און עס דאַכט זיך דיר, אַז אָט־אָט און עס װעט אַ פֿאַל טאָן אױף דער ערד און עס װעט זיך צעקײַקלען. עס פֿאַלט אָבער נישט אַרונטער, װי עס פֿאַלט פֿון איב נישט אַרונטער די שװאַרצע גלאַנציקע קאַפּאָטע, װאָס האַלט אױך אין אײן ציטערן. אַן אַנדער ייִד, האַלב־אײראָפּײאיש געקלײדט, מאַכט צו דעם סידור, נעמט אַרױס פֿון זײַן קעשענע אַ טשװעסל און שטופּט דאָס אַרײַן צװישן די שטײנער אױף דער װאַנט. איך ערשט איצט דערזע איך, אַז די שפּאַלטן צװישן די שטײנער זײַנען אָנגעפּילט מיט טשװעקלעך, — פֿאַרגעלטע, פֿאַרזשאַװערטע טשװעקלעך, און טשװעקלעך, װאָס די צײַט האָט נאָך קײן צײַט נישט געהאַט אַרױפֿצולײגן אױף זײ איר חותם.

— װאָס זײַנען דאָס פֿאַר אַ טשװעקלעך?

איך פֿרעג זיך די פֿראַגע און שטױס זיך באַלד אָן אױף דעם ענטפֿער. די טשװעקלעך דאַרפֿן, הײסט עס, זײַן דער סימבאָל פֿון אױפֿבױאונג. האַרט אױף יענער זײַט פֿון דער װאַנט מיט אָט די סימנים שטײט דער מאַכמעדאַנישער אָמאַר־מעטשעט, — דער שטאָלץ פֿון די פֿרומע מאַכמעדאַנער.

— װעט מען דאָך דאַרפֿן צעװאַרפֿן, כּדי צוריק אױפֿצובױען, — פֿרעגט זיך אַ פֿראַגע.

איך קוק אױף דער װאַנט, באַטראַכט די ריזיקע שטײנער.

אױף אַ מינוט װאַקסט אױס פֿאַר מײַנע אױגן אַ גראַניטנער באַרג,

וואָס ווערט צעהאַקט פון ריזיגע הענט. דיזעלביגע הענט וואַרפן באַלד די גרויסע שטיינער צו אַנדערע, פונקט אַזעלכע שטאַרקע הענט, אינ'ם טאָל אַרונטער, און די צווייטע צו דריטע, וואָס לייגן די שטיינער אויס, און אָט איז שוין די געביידע.

מיינע געדאַנקען ווערן איבערגעריסן פון די געשרייען.

אַ מיטל־יאָריגע אידענע מיט אַ גרינלעך־געבלימלטער שאַל אויף אירע געבויגענע פּלייצעס קלאַפּט איר שטערן אין דער וואַנט און בעט רחמים פאַר אירע קינדער, און יענער איד מיט דעם שוואַרצן סאַמעטענעם קאַפּע־ליוש אויפ'ן קאָפּ און אין דער שוואַרצער, גלאַנצנדיגער קאַפּאָטע, שטייט נאָך אַליין מיט זיינע אַרויפגעריסענע הענט, ווי אַ צוגעקלעפּטער.

ווער האָט עס אַזוי ענג אַרומגעבויט אַרום דער וואַנט? כאָטש גוט, וואָס די הינטערשטע וואַנט אין דעם שמאָלן געסל, געגנאַיבער דעם כותל, איז אַ בלינדע און מען קאָן זיך אויף איר אָנשפּאַרן.

שטייען מענטשן אָנגעשפּאַרטע און קוקן צו דעם כותל־מערבי קעגנ־איבער. זיי האָבן שוין היינט אַ סך מאָל געוויינט, אַ סך קאַפּיטלעך תהלים געזאָגט און איצט שטייען זיי אין פאַרקילטע פּאָזעס, ווי אַרום דעם אָרון פון אַ נאָענטן מת.

און די זון איז דאָ אויך זייער קאַרג. די אַרומגעבויטקייט לאָזט זי נישט צו. קאַפּעט פון אויבן אַרונטער אַהער אַ מאָגער ביסל שיין און ווערט צערונען אין דער האַלב־שאָטנדיגקייט.

די איינציגע, וואָס זיינען דאָ פול מיט לעבן, זיינען די בעטלער. איצט שטייען זיי אין גרופּקעס און אַנדערע ביחידות, און ציילן די מטבעות, וואָס זיי האָבן באַוויזן אויפצוקלייבן.

פאַר זיי איז דער כותל־מערבי ווי דער מת ביי אַ לויה פאַר די שמשים מיט די פּושקעס:

— צדקה תציל ממות!

איך הויב אָן דאָס פּלאַץ צו פאַרלאָזן און אָט האָב איך זיי שוין אַלע אַרום זיך:

— שענקט עפּעס און לאָמיר דערלעבן די גאולה!

— בבקשה, רחמנים בני רחמנים!

— האָט רחמנות!

— מושב זקנים!

— בית־יתומים!

איך ציטער אויף מיט יעדן אבר.

# אין אָמאַר־מעטשעט

אַז מען הויבט זיך אויף פֿון דעם פּלאַץ, וואו עס שטייט דער „כותל־מערבי״, דורך אַ שמאָלער סטעזשקע איבער שטיגעלעך צו דעם פּלאַץ, וואו עס שטייט דער אָמאַר מעטשעט, איז ווי זיך אויפצוהויבן פֿון אַ יאָמער־טאָל אויף אַ באַרג, וואָס בלענדט מיט געוואַלדיגער שיינקייט.

אמת, די שיינקייט, וואָס הויבט אָן צו קומען אַנטקעגן דיינע בליקן, שניידט דיין געמיט, וואָרום זי דערמאָנט דיך נאָך שטאַרקער דעם וויסטן יאָמער־טאָל, פֿון וואַנען דו קומסט. אָבער שיינקייט איז שיינקייט און ביסלעכווייז נעמט זי דיך אַרום, און ביסלעכווייז צווינגט זי זיך אַרויף אויף דיר און איבערוועלטיגט דיך אינגאַנצן.

ס׳איז ברייטער, ריינער גלאַט־אויסגעפלאַסטערטער שטח און ס׳איז שטילקייט עס הערשט אַרום דיר!

אפילו די זון, וואָס בלענדט דאָ מיט אַזאַ העלן בלענד, איז אַרומגעוויקלט מיט אַ דינעם, דורכזיכטיגן שלייער פֿון שטילקייט.

מענטשן שפּאַנען דאָ מיט פֿאַמעלעכדיגע טריט, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט עמיצן דאָ אין דער אַרומיגקייט פֿון שלאָף אויפצואוועקן.

אַן עלטערער אַראַבער מיט אַ גרויסער ווייסער באָרד, וואָס קוקט אויס ווי אַברהם אָבינו אין אַ צייכענונג אויף אידישן מחזור, נויגט זיך פֿאַר אַ גרופּע רייך־געקליידטע אייראָפּייאישע טוריסטן און דערקלערט זיי עפּעס וועגן די זייטיגע געביידן.

בשעת ער רעדט און דערקלערט אין אַ שטילן, האָניגדיגן טאָן, זיינען מיינע בליקן צוגעשמידט צו דער הויפּט־געביידע, וואָס שטייט אין דער סאַמע מיט, וועגן וועלכער איך דאַרף נישט קיין שום דערקלערונג.

איך ווייס אַליין וואָס זי איז. זי איז דער מעטשעט, וואָס אָמאַר האָט אויסגעבויט ביים אויפקום און פֿאַנאַנדערשפּרייטונג פֿון דעם מאַכמעדאַניזם.

דער מעטשעט אַליין, — אַ רונדיגער, וואָס הויבט זיך אויף אין דער הויך מיט אַ ברייטן, זילבער־גרינעם קופּאָל און ער קוקט אויס אינגאַנצן ווי אַן איבערגעקערטע וואונדערלעכע מאָזאַאישע וואַזע.

דער אַלטער אַראַבער מיט דער ברייטער, ווייסער באָרד, וואָס איז שוין איצט אין מיינע אויגן דער אמת׳ער אַברהם אָבינו, פֿירט די טוריסטן־גרופּע צום אַריינגאַנג פֿונ׳ם מעטשעט און איך שלים זיך אויך אָן אין דער גרופּע. ביים שוועל טוען אַלע אויס די שיך. ווער עס וויל קריגט פֿאַר עטלעכע פּיאַסטער אַ פּאָר וועבענע שיכלעך, אָבער די מערסטע שפּאַנען אַריין אין די זאָקן און איך אויך צווישן די זאָקנדיגע.

עס נעמט אונז אַרום אַ ווייכע האַלב־טונקלקייט און דער אויער ווערט שטאַרק באַוואוסטזיניג אויף דער ווייכער שטילקייט פֿון די באַזאָקנטע טריט איבער דעם דיל, וואָס איז אינגאַנצן איבערגעדעקט מיט אַ ווייכן העל־גרויען טעפּיך.

אַלע זיינען שטיל. קוקן אוים געפּלעפּט פון דער פּשוט׳קייט, וואָס קומט אַנטקעגן די בליקן. אַנדערע זיינען אפילו איבערראַשט פון דער פּשוט׳קייט, און די איבערראַשונג קוקט אַרויס פון זייערע בליקן.

די ווענט זיינען אַלע באַדעקט מיט איינפאַכן האַלץ־שניצערייען און די פענצטער — איינפאַכן און שמאָלע. דאָס טאָג־ליכט גיסט זיך כסדר דורך די שויבן פון דרויסן. אָבער עס ווערט אין דער זעלביגער צייט, ווי דורך אַ כשוף, פאַרוואַנדלט אין האַלב־טונקלקייט, ווי נאָר עס גרייכט אַריין צום אינווייניג.

לינקס, נישט ווייט פון׳ם אַריינגאַנג, גרויט זיך אַ רויע שטיק מאַר־מאָר, וואָס איז אַרומגעצוימט מיט אַ צוים פון רויטע הילצערנע שטאַ־כעטעלעך.

דער אַלטער דערקלערט אין אַ שטילן יראת־הכבוד׳יגן טאָן פאַר די טוריסטן, אַז אויף אָט דעם מאַרמאָרנעם בערגעלע האָט עס אברהם אָבינו געבראַכט זיין געליבטן זון יצחק פאַר אַ קרבן צו גאָט, און צו דער זעלבער צייט ווייזט ער אָן מיט אַ פינגער אויף איין אָרט איבער דעם מאַרמאָר, וואו עס זעט זיך אַ צייכן פון פוס־פינגער, און ער פאַרזיכערט דערביי, אַז דאָס איז דער אָפּדרוק פון מאַכמעד׳ס פיס.

— פון אָט דעם שטיין האָט זיך אונזער נביא מאַכמעד אַ הויב געטאָן אין הימל אַריין.

איך געדענק, אַז ווען דער אַלטער האָט געגעבן אָט די דערקלערונג, האָב איך זיך צעשמייכלט פון זיך אַליין, וואָרום מיט אָט דער דערקלע־רונג האָט ער געמאַכט אַ סוף צו אברהם אָבינו׳ן, וועמען איך האָב פריער געזען אין דער געשטאַלט פון אָט דעם אַלטן.

— אָט האָסטו דיר! אברהם אָבינו איז שוין גאָר אַ פרומער מאַכ־מעדאַנער! — האָב איך שטיל געשמייכלט צו זיך.

קיין צופיל זאַכן איז אין דעם מעטשעט נישט געווען צו זען און דאָס, וואָס איז געווען צו זען, איז געווען אַזוי פּשוט, אָבער טאַקע די פּשוט־קייט האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. און דער עיקר, די האַלב־טונ־קעלע שטילקייט, אין וועלכער די מענטשן מיט די באַזאָקנטע טריט איבער דעם באַטעפּיכטן דיל, וואָס זיינען דאָרט געוואָרן אַזוי דורכזיכטיג פאַר די אויגן.

נאָך דער יאַרידישקייט אויף יענער זייט, אונטן ביים „כותל־מערבי", איז דאָ געווען אַנגענעם צו זיצן אויף דער גלאַטער, הילצערנער באַנק און רוען.

פון צייט צו צייט האָט אַ פיינלעכער ריר זיך געטאָן אינווייניג אין מיין געמיט.

אין מוח האָט אַ שלאָג געטאָן דער געדאַנק, אַז אויף דעם אָרט, וואו איך זיץ איצט, איז אפשר געווען דער קדשי־קדשים און אַז דאָ איז אפשר געשטאַנען דער כהן־גדול און פון דאַנען האָט זיך געטראָגן דאָס זילבערנע גלעקל־געקלאַנג פון זיין מצנפת צום פאָלק אינ׳ם האָרץ אַריין.

עס איז אויפגעשטאַנען אַ תשעה־באָב אָוונט אין מיין היים. די

מאַמע זיצט אויף אַן איבערגעקערטן מולטער איבער'ן דיל אין די זאָקן. אַ חלבֿ־ליכטל באַשײַנט איר צעעפֿנטע קינה און זי זאָגט פֿאַר אין אַ ווײנענ־דיק קול די קינות פֿאַר די שכנה'שע ווײַבער, וואָס זיצן אַרום איר אויף דער ערד.

אָבער צו שלעכט האָב איך זיך דאָרטן פֿאָרט נישט געפֿילט.

עס איז געווען גוט צו זיצן און רוען.

די האַלב־טונקלקייט אַרום האָט מיך אַרומגענומען מיט ווייכקייט און די כסדר'דיקע פֿאַלנדיקע באַזאָקנטע טריט פֿון פֿרויען־פֿיס האָבן מיך געגלעט מיט אַ שטילער, זײַדענער צאַרטקייט.

איך האָב לחלוטין נישט געפֿילט דעם מאַכמעדאַניזם אַרום זיך. איך האָב בכלל קיין שום רעליגיעזן געפֿיל נישט געפֿילט אין זיך. איך האָב בלויז געפֿילט, ווי מעשה'לעך פֿון טויזנט און איין נאַכט ווערן מיר אַרײַנ־געשושקעט אין מײַן געמיט אַרײַן — מעשה'לעך טרויעריקע, אָבער אַזעלכע שיינע, אַז אַפֿילו דער טרויער אין זיי ווערט אַזוי שיין, אַז ער הערט אויף טרויעריק צו זײַן.

ווען איך האָב ענדלעך פֿאַרלאָזט אָט דעם מעטשעט, בין איך נאָך לאַנג געשטאַנען אין דרויסן און געקוקט אַרום זיך.

די זון האָט געבלענדט מיט אַ שטילן העלן בלענד און דער מעטשעט אַליין איז אַלץ געשטאַנען, ווי אַן איבערגעקערטע וואונדערשיינע וואַזע, כּאָטש נעם און קער זי איבער אויף צוריק און שטעל אַרײַן אין איר בלומען צו דער גרויזאַמער שיינער אייביקייט אַרײַן.

# אַ תּימנ'ער הדר

דעם רב'ס זינדל האָט מיך נאָכאַמאָל באַזוכט. דאָס מאָל איז ער געקומען מיר זאָגן, אַז מיינער אַ שיר, וואָס איז געווען געדרוקט אינ'ם „הפּועל הצעיר" איז אים זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן, אָבער קוקנדיג אויף זיין אויסגעבלייכט פּנים מיט די געקרייזלטע פּאה'לעך אויף ביידע בעקלעך, האָב איך בפירוש געזען, אַז דער שיר איז ביי אים געווען נישט מער, ווי אַן אויסרייד, כדי אַריבערצוקומען און זיין לעבן מיר.

בין איך אַזוי גערירט געוואָרן פון דעם אינגל'ס צוגעבונדנקייט צו מיר, אַז איך האָב זיך מיט אים אַרויסגעלאָזט איבער די גאַסן פון ירושלים און עס איז בפירוש כדאי געווען דער לאַנגער שפּאַציר, וואָס מיר האָבן געמאַכט צוזאַמען.

היינטיגס מאָל זיינען מיר נישט געגאַנגען זען קיין באַשטימטע פּלעצער, נאָר גלאַט אַזוי געשפּאַצירט, אָבער געזען האָבן מיר אַזוי פיל קלייניגקייטן, אַז ווען איך בין געקומען אין אָוונט אויף מיין מקום־מנוחה, איז דער סך הכל געווען גאָר אַ היבשער.

מיר האָבן געשפּאַנט דורך גאַסן, געסלעך און דורך אַן אַ צאָל קעלערס.

די קעלערס האָבן געדאַרפט זיין די קברים פון אַלערליי אָבות, אָבער מער ווי טונקעלע און זייער פאַרשטיקטע קעלערס האָב איך נישט געזען. אין איינעם אַ גאַנצן לאַבירינט פון אַזעלכע קעלערס האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אויף אַ גרופּע טוריסטן פון ענגלאַנד, זיינען פאַר מיר די עלעגאַנטע דאַמען מיט די לאָרנעטלעך און די שיין־געקליידעטע מענער מיט די מאַנאָקלעך אויף די אויגן געווען אַ סך אינטערעסאַנטער ווי די קעלערס, וואָס האָבן געדאַרפט זיין די קברים פון די מלכי־בת־דוד. קיין סימן פון די אַמאָליגע הערשער פון בית דוד האָב איך נישט געזען, אָבער דער נאַאיוועררנסט אויף די פּנימ'ער פון די ענגלענדערינס און די ענגלענדער איז געווען ביז גאָר טשיקאַווע.

ביז גאָר טשיקאַווע איז פאַר מיר געווען דער באַזוך אין עפּעס אַ חורבה, וואָס האָט געדאַרפט זיין פאַר די טוריסטן נישט מער און נישט ווייניגער, ווי דאָס אָרט אויף וועלכן עס איז געשטאַנען דער פּאַלאַץ פון אונזער אַמאָליגן ראַקעפעלער, — דער אידישער מיליאָנער כלבא־שבוע, וואָס האָט געלעבט אין איין צייט מיט אונזער באַרימטן תנא רב עקיבה'ן.

דעם רב'ס אינגל האָט שפּאַצירנדיג מיט מיר אויף יענער חורבה גאָר אויפגעלעבט. דאָס קאַפּעליושל פאַררוקט הויך איבער זיין שטערן און די אויגעלעך צעגלאַנצט, האָט ער צו מיר גערעדט מיט גרויס עקסטאַז וועגן כלבא־שבוע'ס שיינער שוועסטער רחל, וואָס האָט זיך פאַרליבט אין רב עקיבה'ן, ווען יענער איז נאָך קיין „רב" נישט געווען, נאָר אַ פּראָסט אָרעם אינגל און נישט מער.

— זי האָט געדאַרפט זײַן אַ גאָר פײַן מײדל, — אָט די רחל, — האָב איך צו דעם אינגל באַמערקט.

— אַ פײנע און אַ געוואַלדיגע שײנקײט! — האָט ער אױסגעשריען און גענומען רעדן צו מיר װעגן איר, װי ער װאָלט זי בפירוש געקאָנט פּערזענלעך.

די זון האָט געשײנט, דאָס אינגל האָט געשײנט און איך האָב געפילט אַ שטאַרקע שײַן אין זיך, קוקנדיג אױף דעם ביז גאָר װאױלן און ראָמאַנטישן אינגל.

— אָבער עקיבה האָט רחל'ען אָפּגעצאָלט פאַר איר ליבע און צוטרױ צו אים, — האָב איך פון מײַן זײט געהאָלפן דעם אינגל חלום'ען אין דערהױך.

— נאָך װי! — האָט ער אױסגערופן הױך אױפ'ן קול און דערבײ האָט ער גענומען פאַר מיר שילדערן דעם טריאומף־מאָמענט, װען דער געװעזענער פּשוט'ער און אָרימער עקיבה האָט זיך אומגעקערט נאָך אַ לאַנגער צײט צו זײַן רחל'ען אין דער שפּיץ פון גאַנצע פיר און צװאַנציג טױזנט תלמידים.

שפּעט נאָך מיטאָג, װען מיר האָבן שױן בײדע געשפּאַנט אָנגעפילטע מיט די אײַנדרוקן פון קברים און רואינען, האָב איך אױפגעכאַפּט אין אײנער פון די שמאָלע ירושלים'ער געסלעך אַ גמרא־געזאַנג, װאָס האָט מיר דערמאָנט אין דעם ניגון, װאָס מײנע גמרא־מלמדים האָבן געזונגען בײם לערנען מיט מיר אין די חדרים. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און זיך צוגעהערט.

— אַ תימנ'ער חדר, — האָט דעם רב'ס אינגל, מײַן באַגלײטער, אַ זאָג געטאָן אין אַ טאָן, װי אָט דאָס װאָלט פאַר מיר קײן שום אינטערעס נישט געהאַט.

— אַ תימנ'ער חדר? — האָב איך איבערגעפרעגט און ערשט איצט איז בײ מיר אױסגעװאַקסן אַן אמת'ער אינטערעס אָנצוקוקן אָט דעם חדר.

עס איז פלוצלונג פאַר מיר אַנטפּלעקט געװאָרן, אַז דאָס זינגען בײם לערנען די גמרא האָט זײַן אורשפּרונג העט װײט נאָך אײדער אידן האָבן זיך צעזײט און צעשפּרײט איבער אײראָפּע.

באַלד האָט זיך אַרױסגעװיזן, אַז עס איז גאָר נישט שװער אָנצוקוקן דעם חדר.

אַ נידעריג, אַלט שטיבל, מיט אַן אָפענער טיר און פענצטער. האָבן מיר זיך בלױז געדאַרפט דערנעענטערן צום שטיבל און אַלצדינג האָט זיך באַװיזן פאַר מײנע אױגן.

אַ טונקעלער ברױן־הױטיגער איד מיט אַ טערקישער רױטער פעסקע אױף זײַן קאָפּ, איז געזעסן אױף אַ נידעריג בענקעלע און געלערנט מיט אַן עקזאַלטירנדיגן גמרא־ניגון עפּעס אַ שװערע סוגיא מיט אַ צאָל אינגעלעך, פּונקט אַזעלכע ברױן־הױטיגע, װי ער, און מיט פּונקט אַזעלכע טערקישע רױטע פעסקעלעך אױף זײערע יונגע קעפּעלעך, װי זײנע אױף זײַן קאָפּ. ער

צוזאַמען מיט די קינדער זיינען געווען אַריינגעטאָן אַזוי שטאַרק אין דער סוגיא, אַז מען האָט אונז נישט באַמערקט.

בין איך געשטאַנען אַ לאַנגע צייט אָן אַמת איבערראַשטער, וואָרים דאָס בילד איז געווען אַזוי ענלעך צו די חדרים אין וועלכע איך האָב געלערנט אין מיין שטעטל אין וואָלין.

דאָס זעלבע פינגער־געדריי ביים רבי׳ן און די זעלבע קול׳עכלעך ביי די קינדער און דער גמרא־ניגון אויך כמעט דער זעלבער, כאָטש די אידישע ווערטער האָבן דאָ אויסגעפעלט און זיינען דאָ געווען פאַרביטן אויף אַ העברייאיש, וואָס האָט געקלונגען ווי אַראַביש.

— אָבי איך האָב געמיינט, אַז דער גמרא־ניגון און דאָס פינגער־געדריי זיינען גלות־פּראָדוקטן, — האָב איך באַמערקט צום רב׳ס אינגל, ווען מיר האָבן דעם תמינ׳ער חדר פאַרלאָזט.

דאָס אינגל האָט זיך פריילעך צעלאַכט און געזאָגט:

— אָ, מיר דרייען שוין אונזערע פינגער פון בבל אָן.

— פון בבל אָן? — האָב איך איבערגעפרעגט.

דאָ איז דאָס אינגל ערנסט געוואָרן און אין אַ פאַרטראַכטן טאָן אַ זאָג געטאָן מער צו זיך, ווי צו מיר:

— אָבער אויך בבל איז דאָך געווען פאַר אונז נישט מער ווי אַ גלות.

— אַ לאַנגער גלות, — האָב איך צוגעגעבן.

די זון האָט אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן דעם הימל איבער ירושלים און דאָס ליכט אין די געסלעך האָט זיך אָנגעהויבן צו טונקעלן, ווען מיר האָבן זיך צעשיידט.

— אַ לאַנגער גלות, — האָב איך איבערגע׳חזר׳ט מיין פריערדיגן אויסדרוק און זיך אַוועקגעלאָזט אין דעם „בית־הפּועלים" צו זען זיך מיט מענטשן און לייענען די נייעס אין די צייטונגען, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען.

עס האָט זיך אַ בענק געטאָן נאָכ׳ן לעבן פון היינט.

# דורכ׳ן געסל

וואו מען גיט זיך א קער און א ווענד איז א קלויסטער. יעדעס פאָלק איבער דער ערד, וואָס האָט אדאָפּטירט יוסף׳ן פון נצרת פאַר דעם אויבער־האַר, האָט אים דאָ געשטעלט אַ מאָנומענט אין דער פאָרם פון אַ קלויסטער

און נישט נאָר יוסף׳ן פון נצרת, נאָר אויך אַלע זיינע תלמידים האָט מען פאַרזאָרגט מיט אייביגקייט, און כדי אָט די אייביגקייט זאָל נישט קוקן דורך די דורות קיין שטומע, קיין שווייגנדיגע, האָט יעדער קלויסטער זיינע גלעקער, וואָס ווערן געצויגן דורך די הענט פון אַלערליי גלחים, דיאַקאָנען און גלאַט שמשים.

עס פעלן אויך נישט קיין שמש׳טעס—דאָס זיינען די טויזנטער נאָנעס פון די אומציילינע מאָנאַסטירן אין דער שטאָט ירושלים.

גלעקלט זיך אומאויפהערלעך אין דער לופט די ליבע פון יעזוס׳ן און עס הערט נישט אויף צו ברומען טאָג און נאַכט זיין רחמים, אָבער ווי־איז צו די וואָס באַנעמען נישט אָט די ליבע און רחמים.

די ליבע צערעדט זיך דעמאָלט מיט מורא׳דיגן האַס און דער רחמים שלאָגט אויף פון זיך מיט גרוילזאַמען דין.

דער קלויסטער פון אַלע קלויסטערס אין ירושלים איז דער, וואָס איז געבויט געוואָרן פון דער „היילינער העלענע׳ן" נאָך אין דעם זעקסטן יאָר־הונדערט אויף דעם אָרט, וואו די רוימער האָבן יעזוס׳ן צוזאַמען מיט זיין צלם באַערדיגט.

וועגן דער אמת׳דיגקייט פונ׳ם אָרט זיינען נישט אַלע פאָרשער פונ׳ם קריסטנטום מסכים. פאַראַנען אין ירושלים נאָך עטלעכע קלויסטערס, וואָס ווילן האָבן, אַז דאָס שטייען זיי אויפ׳ן קבר פון „גאָט׳ס זון", אָבער די מער־הייט האָט באַשלאָסן, אַז דאָס איז דער „סעינט העלענע", און איך האָב באַשלאָסן עולה־רגל זיין אַהין.

דער וועג צו דעם „סעינט העלענע" פירט דורך א געסל, וואָס האָט דורך דורות אָנגעוואָרפן אויף די אידן אַזאַ פחד, אַז ביז היינט איז מען נאָך פון אים נישט באַפרייט און די מערסטע אידן זוכן אויסצומיידן אָט דאָס געסל.

עס זאָל הייסן, אַז דורך אָט דעם געסל האָט יעזוס געשפּאַנט אַן איינגע־בויגענער אונטער דער לאַסט פונ׳ם צלם און די שטעקנס פון דעם רוימישן פּילאַטיוס׳עס „שלעגער" אויפ׳ן וועג צו זיין קרייצונג.

שפּאַן איך איצט איבער אָט דעם געסל און זוך מיט אַלע מיינע כחות אונטערצודריקן דעם פחד, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן צו מיר פון די דורות.

די קריסטלעכע וועלט האָט אָט דאָס געסל אָנגעפילט מיט סימנים, ביי וועלכע מען מוז זיך אָפּשטעלן אויב מען וויל נישט ציען אויף זיך קיין

אויפמערקזאַמקייט פון אַן אומגלויביגן, אָדער אַ צו׳להכעיס׳ניק. אַלע שטעלן זיך אָפּ. קריסטן, גלויביגע, פאַלן אויף די קני צלמ׳ען זיך. נישט קיין גלויביגע בלייבן שטיין אין שווייגנדיגע פּאָזעס און באַטראַכטן. דאָ, זאָל עס הייסן, איז יעזוס אַ פאַל געטאָן אונטער דער שווערקייט פונ׳ם צלם צו אַ וואַנט, איז די וואַנט אָן אויסגעבויגענע מיט אַ שוואַרצן צלם אין דער אויסגעבויגנקייט. דאָרטן האָט אימיצער אונטערגעטראָגן אַ ביסל וואַסער צו יעזוס׳עם פאַרטריקנטע ליפּן און איז דערפאַר צעשלאָגן געוואָרן,— איז דערפאַר יענער מאָמענט פאַראייביגט אויפ׳ן זעלבן אָרט אין אַ געמעל איבער אַ וואַנט.

אַזוי כסדר איבער׳ן גאַנצן וועג פונ׳ם געסל, וואָס פרומע אידן מיידן שטענדיג אויס פאַרבייציוגיין, און וועלטלעכע אידן גייען פאַרביי מיט היבשן פּחד אין די געמיטער, ווייל אָט די סימנים, כאָטש פון יענעמ׳ס טריט, וואָס זיינען געגאַנגען צום טויט אין נאָמען פון ליבע און רחמים וועקן דאָך צאָרן און האַס, און מיר אידן האָבן אין גאַנג פון דער געשיכטע נישט איין מאָל אָט דעם צאָרן און האַס אויף אונזערע רוקנס געפילט.

און אָט שפּאַן איך מיט שטילע, איינגעהאַלטענע טריט איבער אָט דעם געסל. איך שטעל זיך אָפּ, וואו מען דאַרף, כדי נישט צו ציען אויף זיך קיין אויפמערקזאַמקייט. עס ווילט זיך זען, באַנעמען און אין האַרצן איז דאָ אַ שטאַרקער באַגער פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ „רואה ואינו נראה״.

איך קאָן זיך נישט דערמאָנען ווער עס האָט מיך אַ צי געטאָן צו אַן אַנדער דערבייאיג געסל.

— מיר וועלן פריער באַזוכן דעם קלויסטער פון מאַריא מאַגדאַלענע— האָט מיר יענער געזאָגט שטילערהייט אויפ׳ן אויער, און איך בין אים נאָכגעגאַנגען.

איך געדענק, אַז דער קלויסטער פון מאַריא מאַגדאַלענע האָט נישט געמאַכט אויף מיר קיין שום איינדרוק. אַ שווערער, טונקלער ריח האָט זיך געטראָגן אין דער האַלב־טונקלקייט. די גאָלדענע, זילבערנע און מעשענע קאַנדעליאַבערס האָבן אויף מיר געמאַט דעם איינדרוק פון אַ געשעפט, וואָס האָט צונויפגעקליבן אַנטיקן צום פאַרקויפן, און די פלעשלעך, וואָס אַ ביינערדיגער און קנאָכיגער מאָנאַך האָט אָנגעפילט מיט וואַסער פון צוויי גרויסע וואַזעס פאַר די באַזוכער, צום פאַרקויפן, האָבן נאָך דעם טעם פון געשעפטלעכקייט פאַרשטאַרקט ביי מיר. אין דעם אָפּשיין פון די ברענענדיגע חלב׳ענע און וואַקסענע ליכט איז אויפגעשטאַנען פאַר מיר דאָס געשטאַלט פון דעם אידישן מיידל מרים פון מגדל, וואָס האָט איבערגעלאָזט די רייכקייטן מיט וועלכע אירע רייכע ליבהאָבער האָבן אויף איר געדעגנט און זיך געלאָזט נאָך די טריט פון דעם אויסגעצערטן, דעמאָלט נישט באַליבטן יוסף, דעם זון פון אַ סטאָליער אין נצרת. איך האָב געזען אין דער געשטאַלט אַ פאַרליבט היסטעריש מיידל, וואָס זוכט אויסצוקויפן דורך אירע ליידן איר פאַרגאַנגענהייט, כדי זי זאָל די ווערט האָבן די ליבע וואָס האָט זי אַזוי פלוצלונג אַרומגעכאַפּט צו דעם פאַרטרוימטן יוסף׳ן און דאָס מיידל

איז מיר דוקא נאָענט געוואָרן. אָבער וואָס פאַר א שייכות האָבן אָט די געמאָלענע, קאָלירטע בילדער מיט די באַגילדעטע, שטראַליגע קרוינדלעך צו דעם פשוט'ן ליידנדיגן מיידל, וואָס איך האָב זיך פאַר די אויגן אויסגע־מאָלן?

אויף א מאָמענט האָט מיך די גאַנצע אַטמאָספערע אַריבערגעפירט אין די קליינבירגערלעכע הייזער פון ניו יאָרק, וואו מען איז געוואוינט צו נעמען פאָטאָגראַפיעס פון פשוט'ע מענטשן און זיי איבערפאַרבן אין ביליגע שרייענדיגע קאָלירן, וואָס האָבן קיין שום שייכות נישט צו די מענטשן, וועלכע זיינען פאַר דער קאַמערא געשטאַנען.

איך האָב שוין חשק געהאַט דעם קלויסטער צו פאַרלאָזן. מיר איז געוואָרן א שאָד די צייט. מיין וועג איז געווען צו דעם „סעינט העלענע" א קוק צו טאָן אויף דעם קבר פון יעזוס'ן, איז וואָס טו איך דאָ?

וואָלט איך שוין טאַקע געווען זיך א לאָז געטאָן צום אַרויסגאַנג, האָב איך אָבער אין דעם מאָמענט דערזען, ווי אַלע גרופּן און יחידים, וואָס האָבן דאָרטן אַרומגעבלאָנדזשעט, האָבן אָנגעהויבן זיך צונויפצוזאַמלען אַרום דעם אויסגעדאַרטן און קנאָכיגן מאָנאַך.

און עס איז בפירוש כדאַי געווען, וואָס איך בין געבליבן שטיין.

אין א מינוט אַרום האָט דער מאָנאַך אָנגעהויבן שפּאַנען, דער עולם נאָך אים, און איך צוזאַמען מיט'ן עולם.

אין א מינוט אַרום זיינען מיר געבליבן שטיין ביי א מאַרמאָרן טישל אויף וועלכן עס איז געשטאַנען א ביוסט אין געפאַרבטן לייב־קאָליר.

— די הייליגע מאַריא א פּאָרטרעטע, — האָט דער מאָנאַך אָנגעזאָגט.

דאָס ליכט פון דעם נאָענטן פענצטער האָט באַלויכטן דאָס פּנים פון דער סטאַטוע און זע נאָר זע, — עס פאַלן דאָך טאַקע אמת'ע פינקלענדיגע טרערן פון אירע גרויסע, בלויע אויגן!

וואָלט דער מאָנאַך מער נישט גערעדט, וואָלט דאָס בילד געווען גע־לאָזט אויף אונז דעם איינדרוק פון א נס, אָדער לפּחות אַן איינדרוק פון טיפער אויסטערלישקייט. איז אָבער דער מאָנאַך געווען א באַרעדעוודיגער און ער האָט גלייך צוגעלייגט:

— די דימענטן אין די אויגנלעכער זיינען פון די סאַמע גרעסטע און ווערטפולסטע אין דער וועלט, און די פאַלנדיגע שטיקלעך איבער די באַקן זיינען אויך זייער ווערטפול.

איך בין געטראָפן געוואָרן מיט איין מאָל פון צוויי אַנטוישונגען.

ערשטנס איז מיר גלייך אויסגערונען געוואָרן דער נס און די אויס־טערלישקייט, און צווייטנס די געשעפטמעסיגקייט פון דעם מאָנאַך, וואָס האָט איצט אָנגעהויבן אויסצוקוקן אין מיינע אויגן ווי א גרימירטער דערקלערער אין עפּעס א מוזעאום.

ווען איך האָב שפּעטער באַוויזן צו שטיין גאָר נאָענט פון אָט די די־מענטענע טרעריגע אויגן, האָב איך פּלוצלונג דערהערט א שטילן שושקע אין מיין אויער:

— ווען איך האָב אזא טרערל אין מיין קעשענע, וואָלט איך...

איך האָב זיך אומגעקערט און דערזען לעבן זיך א סקאָטישן סאָלדאַט, וואָס האָט צו מיר וואויל־יונגעריש א פינטל געטאָן מיט אן אויג.

ווען איך האָב ענדלעך פארלאָזט דעם קלויסטער פון מאַריא מאַגדאַ־לענע און זיך צוריק געפונען אויף דעם געסל מיט די סימנים פון יעזוס'עס גאַנג אונטער'ן צלם צו זיין קרייצונג, האָט לעבן מיר געשפאַנט דער זעלבער סקאָטישער סאָלדאַט און נישט אויפגעהערט איבערצו'חזר'ן מיט גרויס פארדרוס אין זיין קול:

— גאַנצע צען פיאַסטער צוגענומען ביי מיר, אָט דער מאָנאַך!

די לופט אַרום האָט אָנגעהויבן צו ווערן געדיכטער. עס האָט זיך געפילט דער ריח פון וויירוך, פון צעשמאָלצענעם חלב, פון צעגאַנגענעם וואַקס.

פאַר די אויגן האָט אָנגעהויבן אויסצואוואַקסן א ברייטע שטייענדיגע געביידע, וואָס האָט געשלאָגן פון זיך מיט אומגעהויערער אַלטקייט.

מיר האָבן זיך דערנענטערט צום טויער פון דעם „סעינט העלענע" קלויסטער, וואו עס דאַרף, לויט דעם רבים פון דער קריסטלעכער וועלט, רוען דאָס ערדישע פון יעזוס קריסטוס, אָדער פון יוספ'ן פון נצרת.

# דער „סענט העלענע" קלויסטער

א ריזיגער לאבירינט פון קלויסטערלעך און קלויסטערלעך אונטער איין דאך. יעדע קריסטלעכע סעקטע מיט איר קלויסטערל, מיט אירע גלחים, שמשים, איקאָנעס, פאָנען און באַזונדערע צלמים.

פרומע קריסטן קומען צום אריינגאַנג און טיילן זיך פאַנאַנדער — יעדער מענטש צו זיין קלויסטערל, צו זיין גלח, צו זיין צלם.

ווער עס פאַלט אויף די קני און שאַרט זיך אַזוי אַרום אַוועק פאַראויס, ווער עס שפּאַנט אויף די פיס מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און די הענט צונויפגעשלאָסן אין גרויס הכנעה, ווער מיט אויפגעריסענע אויגן, ווי זיי וואָלטן פון גלאָז געווען, און ווער עס ציטערט, ווי אַ בוים פון ווינט, שפּאַנענדיג מיט האַלב צוגעשלאָסענע אויגן.

פאַראַנען אויך אַזעלכע, וואָס גייען אַריין אויף אַ פּשוט'ן און נאַטירלעכן אופן און ברענגען מיט זיך מיט נישט מער, ווי גרויס נייגעריגקייט אויף זייערע פּנימ'ער.

די לעצטע זיינען וועלטלעכע מענטשן, וואָס קומען בלויז ווי טוריסטן אָנצוקוקן, באַטראַכטן, און ווי אַזעלכע ווערן זיי אויפגענומען פון ספּעציעלע מאָנאַכן, וואָס ריידן אויף אַלערליי לשונות און זיינען באַהאַוונט אין יעדער קלייניגקייט, וואָס האָט אַ שייכות מיט אָט דעם „סעינט־העלענע" קלויסטער.

מיר איז געווען ביז גאָר מאָדנע צו באַמערקן, ווי די וועלטלעכע טוריסטן ווערן באַהאַנדלט פון די מאָנאַכן און נאָענעם אַ סך פריינטלעכער, ווי עס ווערן פון זיי באַהאַנדלט די אמת פרומע קריסטן.

עס האָט מיך דערמאָנט אָן דעם הויף פון דעם טריסקער רבי'ן, וואו וועלטלעכע אידן מיט אַ נטיה צו אפּיקורסות זיינען אויפגענומען געוואָרן דורך די גבאים אַ סך פריינטלעכער, ווי די אמת'ע חסידים. בשעת מיט די לעצטע האָט מען זיך זייער וויניג געצערעמאָניעט, האָט מען די ערשטע גלייך צוגעלאָזט צום רבי'ן. אפילו די רבי'צין מיט אירע שיינע טעכטער פלעגן אויפנעמען די וועלטלעכע געסט ביי זיך אין די סאַלאָנען אויף כיבוד.

די סיבה דערפון איז אַן אויבנאויפיגע. בשעת די אמת'ע פרומאַקעס ברענגען בלויז זייער פרומקייט, ברענגען די נישט־פרומע אַ ביסל מזומן, וואָס זיי לאָזן איבער פאַר דער פאַרשטעלונג, וואָס מען האָט זיי געגעבן אַ געלעגנהייט צו זען.

און מזומן איז שטענדיג אַן ענין, ווי ביי דעם גבאי, אַזוי אויך ביי דעם מאָנאַך.

ווי אַ איד, כאָטש אין אַ בריטישער אוניפאָרם, האָב איך זיך געהאַלטן כסדר לעבן די וועלטלעכע טוריסטן.

אין לויף פון א שעה האָב איך באַזוכט א פּאָר צענדליג קלויסטער־לעך און דערביי געהאַט דעם איינדרוק, ווי איך וואָלט געשפּאַנט פון איין חסידים־שטיבל אין דעם אַנדערן. נישט מער, דאָ זיינען די חסידים־שטיבלעך געווען אונטער איין דאַך. בלויז קאָרידאָרלעך טונקעלע און נאָך טונקעלערע האָבן זיי פאַנאַנדערגעטיילט.

אין יעדן קאָרידאָרל האָט זיך דער מאָנאַך אָפּגעשטעלט און געגעבן א דערקלערונג וועגן דעם געזעענעם און וועגן דעם, וואָס מען וועט באַלד האָבן א געלעגנהייט צו זען.

די דערקלערונגען זיינען אַרויסגעקומען פון זיין מויל נישט ווי א מאָנאַך אין א ברוינעם באַלדאַכין וואָלט זיי געגעבן, נאָר ווי א מאָדערנער פּראָפעסאָר וואָלט א לעקציע געהאַלטן.

פון די אַלע דערקלערונגען איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אָט דער קלויסטער איז געבויט געוואָרן אין דעם זעקסטן יאָרהונדערט דורך דער הייליגער העלענע'ן; אַז דער קלויסטער געהערט צו דער גאַנצער קריסט־לעכער וועלט, ווייל דאָ איז באַערדיגט געוואָרן דאָס איבערבלייבעכץ פון יעזוס'ן נאָך דער קרייציגונג און אַז פון דאַנען איז ער תחית־המתים אויפגעשטאַנען צו דערלייזן די מענטשהייט דורך זיין מאַרטירערישקייט.

דער מאָנאַך האָט אויך דערקלערט, ווי אַזוי אָט דער קלויסטער ווערט אויפגעהאַלטן.

— יעדע קריסטלעכע מדינה שיקט יערלעכעביישטייערונגען צו איר אָפּטיילונג, וואָס געפינט זיך דאָ און יעדע קריסטלעכע סעקטע צו איר סעקטע, וואָס האָט דאָ א באַזונדער אָפּגעטיילטן פּלאַץ. עס זיינען אויך פאַראַנען פאַרמעגלעכע יחידים איבער דער גאָרער ערד, וואָס שיקן געלט און א היפּשער טייל פון דער הכנסה קומט פון די טוריסטן, וואָס באַזוכן דעם קלויסטער.

דאָס וואָרט „טוריסטן" האָט דער מאָנאַך זייער שטאַרק באַטאָנט, געבנדיג אַפּנים אָנצוהערן, אַז ווען ער וועט פאַרטיג ווערן מיט אונז, זאָלן מיר נישט פאַרגעסן אַריינצושטעקן די הענט אין די קעשענעס און אַי־בערלאָזן וואָס מער.

די איינדריקן פון אַלע קלויסטערלעך האָבן זיך צונויפגעמישט אין איין בילד.

מענטשן קניען, צלמ'ען זיך אויף אַזא, אָדער אַנאַנדער אופן און גלחים פאַטלעוואַטע, קורץ געשוירענע, דער טראָגט א היטל, ווי א קוימען, אַן אַנדערער א יאַרמולקע, ווי א רעפאָרמירטער ראַבאַי.

ווען איך בין געווען אין דעם דייטשישן קירכעלע, האָב איך גע־טראַכט, אַז אָט דער דייטשישער פּאַסטאָר האָט אוודאי פאַר די לעצטע פּאָר יאָר געהאַלטן אין איין תפילה טאָן צו דעם „הער גאָט", אַז די אַר־מייען פונם קאַיזער ווילהעלם זאָלן באַזיגן די אַרמייען פון די פראַנ־צויזן, רוסן און ענגלענדער, און דאָס זעלבע האָב איך געטראַכט, ווען איך האָב זיך געפונען אין די קלויסטערלעך פון די פראַנצויזן, ענגלענדער

און דער „מאַמעלע רוסלאַנד" און ער, יעזוס, האָט געמוזט אויסהערן די אַלע רכילות'לעך, וואָס די גלחים האָבן געבראַכט צו אים דורך זייערע תּפילות איינע אויף די אַנדערע.

אין איינעם פון אָט די קלויסטערלעך, וואָס איך האָב באַזוכט, זיינען די טוריסטן געבליבן לענגער, ווי אין אַלע איבעריקע.

איידער מיר זיינען אַהין אַריין, האָט דער מאָנאַך אונז דערקלערט, אַז דאָ מוזן מיר אַלע זיך אַרונטערלאָזן אויף די קני און קניענדיק, זיך אַזוי אַריינשאַרן אַהין, און שפּעטער וועלן מיר אויף דעמזעלבן אופן זיך מוזן אַרויסשאַרן אויף צוריק הינטערווײלעכטס.

— לויט דער קריסטלעכער לעגענדע, האָבן די רוימער אויף אָט דעם אָרט באַזונדערס געפּייניקט יעזוס'ן, — האָט דער מאָנאַך דערקלערט און דערביי האָט ער טאַקע דער ערשטער זיך אַרונטערגעלאָזט אויף די קני.

מיר האָבן אַלע נאָכגעפאָלגט זיין ביישפּיל און זיך אַרונטערגעלאָזט אויף די קני, און קניענדיק זיך אָנגעהויבן צו שאַרן צו דעם אַריינגאַנג.

נאָך איידער איך האָב באַוויזן אַריבערצושאַרן זיך איבער דער שוועל, האָט זיך דערטראָגן צו מיין געהער אַ שטיל קנאַלעריי פון אַ פאַלנדיגער בייטש און מיינע חושים זיינען געוואָרן אומגעהייער אָנגעשטרענגט.

— וועמען שלאָגט מען דאָס דאָרט? — איז מיר דורכגעלאָפן אין געדאַנק און איך האָב דערפילט אַ שטילן, אָבער זייער שווערן שוידער אין מיין לייב.

איך האָב לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן. באַלד איז אויפגעוואַקסן אַ בילד פאַר מיינע אויגן, וואָס איז געווען אי מורא'דיג און אויך היפּש קאָמיש.

דאָס ערשטע, וואָס מיר האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין די אויגן איז געווען אַ רימענדיגע בייטש אין דער האַנט פון אַ קנאָכיגן מאָנאַך, וואָס האָט זיך געהויבן און געפאַלן איבער דעם רוקן פון אַ ליגנדיגן מענטשן אונטער איר.

דאָס בילד האָט מיך דערמאָנט אין דעם מלקות־שלאָגן אין דעם גרויסן בית־המדרש פון דעם טריסקער רבי'ן יעדן ערב־יום־כּפּור. נישט מער, דער מאָנאַך האָט נישט געהאַט קיין באָרד און פּאות ווי דער שמש פונם טריסקער רבינ'ס בית־המדרש, און די קאַפּאָטע איז דאָ אַ ברוינע מיט אַ גרוי שטריקל אַרום די לענדן און נישט קיין שוואַרצע באַגאַרטלטע, ווי דעם שמש'עס איז געווען.

איך געדענק, ווי איך האָב זיך צעשמייכלט, ווען איך האָב געטראַכט וועגן דעם אונטערשייד אין די קלעפּ פון דעם מאָנאַך מיט דעם שמש.

בשעת דער שמש פלעגט מיט זיין בייטשל נישט מער, ווי בלויז פּיצקען, האָט דער מאָנאַך טאַקע געבייטשט אויף דער אמת'ן.

דעמאָלט איז מיר קלאָר געוואָרן דאָס אידישע פאָלקס־ווערטל: — אידישער גזלן!

בשעת דער מאָנאַך האָט געבייטשט איבער די רוקנס, זיינען די אי־

בעריגע געלעגן אויסגעשפרייט מיט די קעפּ צום האַרטן, שטיינערנעם דיל און מורמלענדיג שטילערהייט תּפילות, האָבן זייערע ליפּן אַלע מאָל געקושט דעם דיל.

די לופט אין אָט דעם קלויסטערל איז געווען שווערער, ווי אין די איבעריגע.

צי עס איז געווען דער ווייַרוך, דער טשאַד פון די וואַקסענע ליכט, אָדער אפשר איז דאָס גאָר געווען די הויבנדיגע און פאַלנדיגע בייטש, וואָס האָט שווערער געמאַכט די לופט?

ווען מיר האָבן ענדלעך זיך אַרויסגעשאַרט פון אָט דעם קלויסטערל, וואָס האָט דערמאָנט אָן אַ קעלערל פון דער אינקוויזיציע, האָבן מיר אַלע אַרייַנגעוואָרפן מזומן אין דער פּושקע, וואָס דער מאָנאַך האָט אונז אונטערגערוקט, און אַ צווייטער מאָנאַך האָט אונז איבערגענומען

# אַ „דימענטענער" יעזוס

ווען מיר האָבן איבערגעלאָזט די אַלע פאַרשיידענע סעקטאַנטישע קלויסטערלעך, האָט אונז אַ נייער מאָנאַכישער שמש אַריינגעפירט אין אַ זייער גרויסן זאַל אַריין, וואָס האָט דערמאָנט אָן אַ גרויסער קאַזאַרמע.

דער זאַל אַליין דווקא אַ פשוט'ער, אָבער פול מיט גילדענע און זילבערנע חפצים.

די מערסטע חפצים זיינען באַשטאַנען פון פאַרשיידענע מנורות, לייכטערס, וואַנט־עסעס און אַלערליי שיסלען, טאַצן און טעלער. יעדער חפץ איז נישט בלויז פון גאָלד און זילבער, נאָר פון פאַרשיידענע גרויסע מייסטערס געגאָסן און געשניצט.

פאַרשטייט זיך, אַז די אויזערן און די פיגורן אויף די חפצים האָבן צו טאָן מיט דעם קריסטענטום.

איר האָט דאָ יעזוס'ן אַליין אין אַלערליי געשטאַלטן און אין פאַרשיידענע מאָמענטן.

היינט וואָס הערט זיך מיט מאַריאַ מאַגדאַלענאַ, די אַפּאָסטאָלן און די פאַרשיידענע אַנדערע גרעסערע און קלענערע פאַרהייליגטע?

דער מאָנאַך האָט גערעדט און דערקלערט, אָבער מיינע אויגן, וואָס זיינען געווען פאַרנומען מיט אָט די אַלע אויסטערלישקייטן, האָבן, ווי פאַרשטאָפּט מיינע אויערן צו די רייד פונ'ם מאָנאַך.

מיין גאַנץ וועזן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין איין גרויס דורכדרינגלעך אויג און דאָס אויג האָט זיך געזעטיגט און געזעטיגט און זיך גאָרנישט געקאָנט גענוג אָנזעטיגן.

און עס איז נישט געווען בלויז דאָס גאָלד און זילבער, וואָס האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט, נאָר אויך די פעלקער פון דער קריסטלעכער וועלט האָבן זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט.

קוקנדיג אויף דעם וואַלד פון גאָלדענע און זילבערנע חפצים, אויף די טייערע שטיינער מיט וועלכע אַ היבשע צאָל פון זיי זיינען געווען באַפּוצט, איז אויפגעשטאַנען די אָרעמשאַפט ביי אָט די אַלע פעלקער און איך האָב זיך נישט געקאָנט העלפן נישט צו טראַכטן וועגן די באָרוועסע פויערים אין מיין אוקראַינע, וועגן די לימיגע באַטקעס אין וועלכע זיי וואוינען

— אָ, וויפיל דעכער מען וואָלט געקאָנט אויסבויען איבער דאַכלאָזע, וויפיל הונגעריגע מען וואָלט געקאָנט זאַט מאַכן, וויפיל שול־געביידעס מען וואָלט געקאָנט אויסבויען פאַר די עשירות, וואָס מען האָט דאָ אין אָט דעם קלויסטער צוזאַמענגעוואָרפן.

— וואָס טוט עס דאָ? ווער האָט דאָ נוצן דערפון? — האָב איך זיך געהאַלטן אין איין פרעגן.

אויסער דאָס גאָלד און זילבער איבער פאַרשיידענע מאַרמאָרנע טישן,

טישלעך און שטענדערס זיינען אַלע װענט געװען באהאנגען מיט געהאַ־מערטע בילדער אויף גאָלד און אויף זילבער. פון יעדן בילד האָט ארונ־טערגעקוקט אויף מיר א גאָלדענער יעזוס, א גילדענע מאַדאָנע, א זילבער־נער אַפּאָסטאָל און אָן א שיעור גאָלדענע און זילבערנע צדיקים.

א היבשע צאָל פון זיי האָבן זיך, זעט אויס, מיט דעם טייערן מעטאָל נישט באַנוגט צו בלייבן אין דער אייביגקייט. א גוואַלדיגע צאָל דימענטן האָבן געגלאַנצט און שעמערירט.

א באַרוועסער הייליגער מיט א דימענטענער קרוין, אן אַפּאָסטאָל מיט דימענטענע אויגן, א מאַדאָנע מיט א מויל פון בלוטיג־רויטע רובינען, אָבער דאָס בילד פון אַלע בילדער ביי וועלכן מענטשן זיינען געשטאַנען די לענגסטע צייט און זיך ממש נישט געקאָנט אָפּרייסן דערפון, איז געווען דאָס בילד, וואָס די מאַמע פון דעם לעצטן רוסישן צאַר ניקאָלאַי האָט געשיקט אין אָט דעם קלויסטער אריין ביי דער קרוינונג פון איר תכשיט.

— די מתנה פון דער רוסישער קייסערינע מאַריאַ פיאָדאָראָװנאַ, װען איר זון ניקאָלאַי דער צווייטער איז געקרוינט געוואָרן, — האָט דער מאָנאַך אַנאָנסירט פאַר דעם עולם.

אַז דער, אויף וועמענס נאָמען אָט די מתנה איז געגעבן געוואָרן, איז שוין געווען אָפּגעווישט פונ׳ם פּנים פון דער ערד, האָט דער מאָנאַך נישט דערציילט, אָבער אַז דער עולם האָט גוט געוואוסט דערפון האָט זיך געזען אויף אַלעמענס פּנים׳ער. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נעבעך צוגע־זיפצט פון עגמת נפש און דערביי זיך פּשוט איבערגע׳צלמ׳ט און עס זיינען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך איבערגעקוקט מיט צופרידנקייט אין די בליקן.

ווי אַזוי איך, וואָס האָב געמוזט איבערלאָזן מיין היים אונטער אָט דעם טיראַנישן, צאַרישן רעזשים, האָב געפילט, פאַרשפּאַר איך דערציילן.

אויף א גרויסן, סקווערן, גלאַנציג־שוואַרצן שטיין איז דורך אַלערליי דימענטן און ברילִיאַנטן אויסגעמאָזאַאיגט יעזוס אויפ׳ן טהרה־ברעט. סיי די ברעט און סיי די יעזוס־פיגור זיינען דורכאויס פון דימענטן און ברי־ליאַנטן. פון זיינע אויגן פאַלן דימענטענע טרערן צום דיל. רויטע רובי־נענדיגע וואונדן אויף זיינע הענט און פיס און רויט רובינענדיג בלוט קאַ־פּעט צום דיל אַרונטער, וואָס ווערט אויפגעכאַפּט פון שוועבנדיגע ברי־ליאַנטענע מלאכים און מלאכ׳טעס.

איך געדענק, אַז ווען דער מאָנאַך האָט נאָך זיין דערקלערונג וועגן דעם בילד גופא, גענומען רעדן וועגן דעם ווערט פון די ברילִיאַנטן, האָבן זיך אין מיין מוח גענומען יאָגן אַלערליי מהשבות.

איך האָב געטראַכט וועגן יעזוס׳ן, דעם זון פון אידישן נצרת׳ער סטאָליאַר, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין ברוגזנדיגן כעס אויף די געלט־חלפנים אינ׳ם חצר פונ׳ם בית־המקדש און מיר איז געוואָרן ביז גאָר קאַ־מיש אים צו זען אזא באַברילִיאַנטעטן און אזא באַרובינטן.

און דורך וועמעס כוח איז ער אזוי באבריליאַנטעוועט געוואָרן? דורך דעם כוח פון דער רוסישער טיראַנישער צאַרינע!

ווען איך האָב געקוקט אויף די בלוט־רויטע רובינען אויפ׳ן בילד, האָב איך דערזען דורך זיי די בלוט־רויטע טראָפּנס פון צעפּאַסעוועטע פעלקער איבער דער גאַנצער ערד פון דעם צאַרישן רעזשים. און ווען איך האָב געקוקט אויף די דימענטענע טרערן, וואָס זיינען געפאַלן, האָב איך שטילערהייט געמורמלט צו דער פיגור איבער דער טהרה־ברעט:

— ווייז, יעזוס, האָסט פאַרוואָס צו וויינען, נישט איין מאָל ביזטו געקרייציגט געוואָרן. מיט איבער ניינצן הונדערט יאָר צוריק איז געקרייציגט געוואָרן דיין גוף דורך די רוימער, און אָט זע איך איצט געקרייציגט דיין ליבע און דיין רחמים. דעמאָלט האָט דיין גוף געבלוטיגט פונ׳ם צלם אַרונטער און איצט בלוטיגט דיין ליבע און דיין רחמים דורך די רובינען, וואָס די בלוטיגע רוסישע קייסערינע האָט פון דעם פאָלקס־פיין פאַר דיר אויסגעשליפן.

ווי לאַנג איך בין ביי אָט דעם בילד געשטאַנען האָב איך אַליין נישט געוואוסט. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון מיינע מחשבות, איז שוין דער עולם מיט דעם מאַנאַך מער דערביי נישט געווען.

איך האָב א ווייל אַרומגעבלאָנדזשעט איבער דעם זאַל ביחידות, אָבער עס האָט ניט לאַנג געדויערט און איך בין שוין געווען אַריינגעוועבט אין אַן אַנדער גרופּע, וואָס האָט זיך געלאָזט צו א קליין מאַרמאָרן שטיבל אין דעם סאַמע מיט פון דעם גרויסן זאַל.

איך האָב געזען מענטשן שטייען אין דער ריי, האָב איך זיך אויך אוועקגעשטעלט.

ביסלעכווייז האָט מען זיך גערוקט פאַראויס און מען איז אַלץ נעענטער און נעענטער געקומען צום אַריינגאַנג פון דעם קליינעם שטיבל, וואָס איז אין דעם סאַמע מיט פונ׳ם גרויסן זאַל.

ערשט ווען איך בין שוין געווען היבש נאָענט און דערזען ווי מענטשן אין פאַראויס פון מיר קניען אַרונטער, בין איך געוואָר געוואָרן, וואו איך געפין זיך און איך האָב דערפילט א גרויס פּחד אין זיך. אָבער צוריק געגאַנגען בין איך נישט.

אין א מינוט שפּעטער האָב איך זיך אויך אַרונטערגעלאָזן אויף מיינע קני און אַן אָנגעפילטער מיט פּחד, האָב איך זיך קניענדיג געשאַרט צום קבר פון יעזוס קריסטוס.

# דער קבר

דאָס קליינע מאַרמאָרנע שטיבל איז איינגעטיילט אין צוויי אָפּטיילונ־גען.

דאָס פֿאָדער־שטיבל איז א מין קאָרידאָרל. אינ׳ם ליכט פֿון די אויל־לעמפּלעך האָב איך געזען די ווייסע מאַרמאָרנע ווענט און א שפּריצנדיג ווייס מאַרמאָרן פֿאָנטאַנדל אין דער מיט פֿונ׳ם שטיבל.

אין דער מיט פֿון דער מיטלסטער וואַנט איז דאָ א נידעריגער דורכגאַנג מוז מען איינבויגן טיף דעם קאָפּ, כדי מען זאָל זיך קאָנען דורכשאַרן.

איך בין געשטאַנען א לענגערע צייט א קניענדיגער צווישן אַנדערע קניענדיגע אין אָט דעם קאָרידאָרל און אַלץ אין מיר איז געווען בלויז אויג און מער גאָרנישט.

אָט שאַרן זיך אַרויס זעקס מענטשן דורכ׳ן דורכגאַנג און דער מאָנאַך טיילט אויס פֿון אונז אַנדערע זעקס מענטשן, וואָס הויבן זיך אָן אַריינ־צושאַרן.

מיין ריי איז נאָך נישט געקומען און איך וואַרט.

וואַרטנדיג קוק איך אויף די אַרויסשאַרנדיגע. איצט שטעלן זיי זיך אויף די פֿיס, צלמ׳ען זיך און נעצן די פֿינגער אינ׳ם וואַסער פֿון דעם שפּריי־צענדיגן פֿאָנטאַנדל, און פֿירן דערנאָך מיט די נאַסע פֿינגער איבער די אויגן, שטערנס און זייערע ליפּן מורמלען דערביי שטילע תּפֿילות.

עטלעכע פֿון די מענטשן האָבן זיך אַם שאַרפֿסטן אָפּגעדרוקט אין מיין זכרון.

ערשטנס, די שווייגנדיגע טונקל־הויטיגע פֿרוי, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן ביים אַריינגאַנג. איר פּנים האָט לחלוטין נישט אויסגעקוקט פֿון פֿלייש און בלוט, נאָר ווי פֿון טונקעלן שטיין, וואָרים די גאַנצע צייט. וואָס איך האָב געקוקט אויף דעם האָב איך נישט געזען קיין מוסקול אויף דעם זאָל זיך א ריר טאָן.

שפּעטער האָב איך אויסגעפֿונען, אַז אָט די פֿרוי זיצט שוין יאָרן ביי אָט דעם אַריינגאַנג.

— א גלגול פֿון דער הייליגער מאַריאַ מאַגדאַלענע, — האָט אימיצער פֿון די וועלטלעכע טוריסטן זיך וועגן איר א וויצל געטאָן.

און צווייטנס, דאָס סירישע פּאָרל אויף וועלכן די מערסטע פֿון די קניענדיגע האָבן געקוקט מיט גרויס נייגעריגקייט.

א וואונדער שיין פּאָרל און א יונגס אַזאַ איז דאָס געווען.

זי, א שלאַנקע מיט א ווייס פּנים, פֿון וועלכן עס האָבן אַרונטערגעג־קוקט צוויי גרויסע שוואַרצע פֿלאַמענדיגע אויגן, איז געווען אָנגעטאָן אין א ווייך, שוואַרץ, זיידן קלייד, און ער, פּונקט אַזאַ שלאַנקער, ווי זי, מיט א ברוינלעך פּנים און נאָך טונקעלערע אויגן ווי אירע, איז אויך געווען גע־

קליידעט אין שווארצן. אָבער אין זיינע הענט האָט געציטערט א רויטע טערקישע פעסקע. געציטערט האָט אויך יעדער מוסקול אויף זיין פּנים, ווען זי האָט מיט אירע מעניקירטע נעגלדיגע פינגער באַנעצט זיינע אויגן מיט דעם שפּריצנדיגן וואסער פון׳ם פאָנטאַנדל.

לויט דעם גרויסן, שוואַרצן צלם אויף איר ברוסט און לויט דעם טערקישן פעסקעלע אין זיינע הענט, וואָס האָט געציטערט, ווי עס האָבן געציטערט די מוסקולן אויף זיין פּנים, האָט זיך געלאָזט גרינג פאָרשטעלן, אַז דאָס מוז זיין א נאָר־וואָס חתונה־געהאַט פּאָרל, און אַז זי איז א סירישע קריסטין און ער איז א מאַכמעדאַנער, וואָס האָט זיך נעבעך געמוזט אָפּשמד׳ן אויף א קריסט, כדי זי זאָל מיט אים חתונה האָבן.

— וואָס טוט נעבעך נישט א מענטש צוליב דער ליבע, — האָב איך א מורמל געטאָן צו זיך.

און ווער ווייסט וואו מיינע געדאַנקען וועגן דער ליבע וואָלטן דעמאָלט געווען אַוועקגעוואַנדערט, — אָבער דאָ האָב איך דערפילט א ריר פון׳ם מאָנאַכ׳ם א האַנט, אַז איך זאָל זיך אָנהויבן צו שאַרן אין דעם דורכגאַנג אריין.

איך האָב איינגעבויגן טיף מיין קאָפּ, ווי די אַנדערע פינף פון מיין גרופּע האָבן דאָס געטאָן, און זיך פּאַמעלעכדיג גענומען שאַרן אויף מיינע קניען דורך דעם נידעריגן דורכגאַנג.

אויף א מינוט האָט מיך אַרומגענומען אן אומבאַשטימטע שרעק. אין דער טונקלקייט פון׳ם ברייטן דורכגאַנג איז געווען די לופט שווער און דריקנדיג און טאַקע געשמעקט מיט קבר׳דיגקייט, וואו דאָס לעבן הערט אויף און ווערט גאָרנישט. אָבער ווען מיינע אויגן האָבן זיך סוף כל סוף געטאָן א שלאָג אָן אָן דעם ליכט פון׳ם שטיבעלע, איז די שרעק איבערגעגאַנגען אין א געוואַלדיגער געפּלעפּטקייט.

איך בין געווען געפּלעפּט פון דעם ווייסן געוואַשענעם מאַרמאָר אויף די ווענט און דעם קאַסטן, וואָס שטייט האַרט ביי איינעם פון די ווענט. דער בליק האָט אויפגעכאַפּט א גרויסן גאָלדענעם רער, וואָס האָט געשלאָגן פון זיך מיט אן אויל־פלאַם און לעבן אָט דעם פלאַם א גלח.

א הויכער, ברייט־פּלייציגער גלח. די שוואַרצע, גלאַנציגע ריזע אויף אים האָט אים נאָך ברייטער און העכער געמאַכט. לויט די לאַנגע פאָלעס, ברייט־צעקעמטער באָרד און הויכן, שוואַרצן קוימענהוט, וואָס איז געווען אויף זיין קאָפּ, איז געווען קלאָר, אַז יענעם טאָג האָט די וואָך געהערט צו דעם גריכיש־אָרטאָדאָקסישן קלויסטער. ער איז געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט אויף זיין מעכטיגן ברוסט־קאַסטן אין קיין ריר זיך נישט געטאָן. אָט די שוואַרצע פיגור אין דער מיט פון דער מאַרמאָרנער ווייסקייט, האָט געגעבן דעם איינדרוק פון עפּעס א שווערער דערמאָנונג און נאָך א שווערערער דראָאונג.

ווידער האָט דער מאָנאַך הינטער מיר מיך באַרירט מיט׳ן האַנט און געגעבן א צייכן, אַז איך זאָל זיך צורירן צום קאַסטן. אין איין רגע בין

איך באַוואוסטזיניג געוואָרן וואו איך געפין זיך, און אַז עס איז בעסער פאַר מיר צו טאָן וואָס אַלע אַרום מיר טוען.

יענע האָבן זיך געבוקט מיט די קעפּ צום דעק פון׳ם קאַסטן און איך אויך דאָס זעלבע. יענע זיינען געבליבן פאַרגליווערטע מיט די שטערנס אויפ׳ן מאַרמאָר און איך אויך דאָס זעלבע. בשעת יענע האָבן געמורמלט שטילערהייט פאַר זיך זייערע תפילות, האָב איך שטיל פאַר זיך עפּעס גע־רעדט, וואָס אַזוינס גערעדט איך שוין נישט אין דעם איצטיגן מאָמענט. בלויז ווען יענע האָבן זיך גע׳צלמ׳ט, האָב איך זיך ניט ווייסנדיג געמאַכט. ערשטנס איז מיר געווען דערווידער צו טאָן אַ זאַך, וואָס האָט מיט מיר קיין שייכות נישט, און צווייטנס האָב איך נישט געוואוסט אַקוראַט, ווי אַזוי מען טוט דאָס.

שפּעטער האָבן אַלע אַרויסגענומען פון זייערע טאַשן כמעט אַלץ, וואָס זיי האָבן דאָרטן געהאַט און מיט זיי באַרירט דעם מאַרמאָר, אונטער וועלכן עס זאָל ליגן דאָס געביין פון יעזוס קריסטוס׳ן און דערביי געהאַט אַזעלכע פאַרשטיינערטע אויסדרוקן אויף די פנימ׳ער. באַזונדער געדענקט זיך מיר דער אויסדרוק אויפ׳ן פּנים פון אַ הויכן איטאַליענישן מיליטער־מאַן. זיינע טונקעלע אויגן האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון באַטויט גלאָז, ווען ער האָט דאָס הענטל פון זיין שווערד געפירט איבער דעם ראַנד פון׳ם קאַסטן, און דערביי מיט די ליפּן עפּעס שטיל און פרום געמורמלט. האָט ער דע־מאָלט תפילה געטאָן, אַז אָט דאָס הענטל פון זיין שווערד זאָל אים דינען, ווען ער וועט אויפהויבן דעם שאַרף איבער אימיצנס קאָפּ?

ווען איך האָב זיך ענדלעך אַרויסגעשאַרט פון דאָרטן, האָב איך פּלוצ־לונג דערפילט, אַז איך האָב שוין געהאַט גענוג קברים, גענוג קלויסטערס און איבערגענוג פון דעם אַלץ, וואָס דערציילט פון דעם גרויען, שאָטנדיגן נעכטן. איך האָב דערפאַר שוין געקוקט מיט אומגעדולד אויף די איבע־ריגע זאַכן, וואָס אַ דריטער מאָנאַך האָט געוויזן.

איך האָב פריי אָפּגעאָטעמט ווען איך האָב זיך ענדלעך דערזען אין דרויסן.

איך האָב געשפּאַנט דורך דעם שמאָלן געסל אויף צוריקוועגס מיט גיכע, מיליטערישע טריט, נישט געבנדיג מער קיין שום אויפמערקזאַמקייט צו די אַלע אויסטערלישקייטן, וואָס זיינען געווען אַרום מיר.

מיך האָבן געטריבן די שאָטנס אַרום מיר. איך האָב וואָס גיכער געוואָלט פון זיי פּטור ווערן.

עס האָט זיך געבענקט נאָך זון, נאָך מענטשן פון איצט, נאָך מענטשן, וואָס קוקן צום מאָרגן, וועלכער וועט אויפגיין איבער אָט די אַלע שאָטנס פון׳ם נעכטן מיט אַ גרויס, בליענדיג ליכט.

אויף מאָרגן האָב איך געדאַרפט פאָרן קיין בית לחם אַ קוק צו טאָן אויף דער מאַמע רחל׳ס קבר, אָבער איך האָב זיך אָפּגעזאָגט.

— גענוג קברים! — האָב איך געזאָגט צו מיינע פריינט, און זיך גענומען גרייטן צוריק אין באַטאַליאָן אריין.

# אַ שווערע שטימונג אין באַטאַליאָן

צוריקקומענדיג פון מיין באזוך האָב איך געטראָפן דעם גאַנצן באַטאַ־ליאָן אין א שווערער שטימונג.

א צאָל לעגיאָנערן פון אונזער ניין און דרייסיגסטן באַטאַליאָן האָט רעוואָלטירט קעגן אַן איינגעגעסענעם, סאַדיסטישן סערזשאַנט, און איצט זיינען זיי שוין פאַרשיקט, ווער אויף אַכט חדשים און ווער אויף מער אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון דער מדבר ארום עגיפּטן.

אונזער באַטאַליאָן האָט געהאַט אַן אייזל־אָפּטיילונג. איז די אַרבעט פון דער גרופּע געווען אַכטונג צו געבן אויף די אייזלען. די אַרבעט איז געווען אַ גרינגע. האָט אָבער דער סאַדיסטישער סערזשאַנט נישט פאַר־גונען דער גרופּע איר גרינג לעבן און ער האָט זיך געהאַלטן אין איין טשעפּען צו איר. אויסער וואָס ער האָט כסדר געהאַלטן אין איין געפינען חסרונות אין דעם אופן, ווי אַזוי מען באַהאַנדלט די אייזלען, האָט ער אויסגעזוכט כסדר פאַר דער חברה אומנויטיגע אַרבעטן און צום סוף האָט ער זיך גאָר מיישב געווען און אָנגעהויבן אַרויסצונעמען יעדן אינדערפרי די גרופּע אויף מושטירן זיך און דערביי געהאַלטן אין איין באַליידיגן יעדן איינעם.

הכלל, עס איז דער גרופּע דערגאַנגען אַזוי שטאַרק צום האַרצן אַז דער סאַדיזם פונ׳ם סערזשאַנט, אַז איינמאָל ביים מושטירן האָט זי געטאָן פונקט דאָס פאַרקערטע, וואָס ער האָט באַפוילן.

ער באַפעלט צו גיין רעכטס, גייט די גאַנצע גרופּע לינקס, און שרייט ער „לינקס!" מאַרשירט זי רעכטס.

דער ענין איז געוואָרן זייער ערנסט. באַלד איז פאַרוויקלט געוואָרן דער קאַפּיטאַן, דער מאַיאָר, דער קוירנעל און איידער מען האָט זיך אַרומ־געקוקט האָט שוין דער גענעראַל־שטאַב געזוכט די רעוואָלוציאָנערן צו אַ פעלד־געריכט און אויסגעטיילט שטראָפן מיט דער ברייטער האַנט.

אין באַטאַליאָן האָט געהערשט אַ שווערע שטימונג.

די לעגיאָנערן האָבן דערשפּירט אין אָט די אויסגעטיילטע שטראָפן אַן אַקט פון אַנטיסעמיטיזם.

די שטימונג איז נאָך שווערער געוואָרן איבער די פאַרשיידענע קלאַנגען וועגן דער רשעות׳דיגער באַהאַנדלונג אינ׳ם גענעראַל־שטאַב צו די אידישע אָפיצערן, אפילו צו אונזער קוירנעל לייזער מאַרגאָלין, וועלכער האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט פריער אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל מאָנאַש מיט די אויסטראַליער און דערנאָך אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל אַלענבי, האָט מען זיך געטשעפּעט.

עס האָט דערגרייכט צו אונזערע אויערן די מעשה פון דעם שטאַב־גענעראַל, וואָס איז אַריינגעריטן אויף זיין פערד אַ באַזויפענער אינ׳ם

לאַגער פון אונזער אַכט און דרייסיגסטן באַטאַליאָן און אויף דעם בויאַ־נישסטן אופן באַליידיגט די אידישע לעגיאָנערן און דעם אידישן פאָלק.

אפילו די נייעס וועגן דעם אונטערגעשריבענעם שלום אין ווערסאַל האָט קיינעם נישט גרינגער געמאַכט דאָס געמיט.

אין דעם זעלביקן אָוונט ווען די נייעס איז אָנגעקומען, האָט אַ יונגער לעגיאָנער זיך גאָר אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ צעטל, אַז דער אונטערגעשריבענער שלום האָט נישט געבראַכט קיין פרידן אין זיין צערודערט געמיט.

די שטימונג אינ׳ם באַטאַליאָן איז געווען אַזאַ אָנגעשטרענגטע, אַז פאַר יעדער קלייניקייט איז מען אַריינגעפאַלן אין היסטעריע.

איינמאָל האָט שיער נישט געהאַלטן ביי אַ סטרייק אין מיין אייגענעם „די" פּלאַטון איבער אַ ברויט.

ווען מען האָט אונז איינמאָל אין אַ פרימאָרגן אָנשטאָט יעדן איינעם זיין ברויטל, ווי עס איז געווען די רעגולאַציע, אויסגעטיילט אויף צען סאָלדאַטן ניין ברויטן מיט אַ דערקלערונג, אַז עס פעלט גראַדע היינט אוים ברויט אינ׳ם באַטאַליאָן, האָט זיך דער גאַנצער פּלאַטון אַזוי אויפגערעגט, אַז עס איז באַלד באַשלאָסן געוואָרן נישט אַרויסצוגיין פון די ביידלעך ווען מען וועט גערופן ווערן.

— אַ זיץ־סטרייק קעגן זיין מאַיעסטעט, קעניג דזשאָרדזש דעם פינפטן! — האָט איינער געשושקעט דעם אַנדערן אין די אויערן.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט וועגן דעם שטיקל ברויט האָט זיך דאָ גע־האַנדלט, נאָר וועגן דער שווערקייט אין די געמיטער, וואָס האָט זיך אָנגע־קליבן איבער דער פאַרשיקונג פון חברים אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

די מעשה מיט דעם פּלאַנירטן זיץ־סטרייק וואָלט זיכער געווען דער־פירט צו אַ נייעם אומגליק, ווען דער קוירנעל ווערט נישט געוואָרנט וועגן אים אין צייט.

עס האָט נישט גענומען לאַנג און דער קוירנעל האָט זיך באַוויזן צווישן אונזערע ביידלעך און מיט אַ ווייכן קול, ווי קיינמאָל נישט פריער, גענומען בעטן, אַז מען זאָל אַרויסקומען און אים אויסהערן.

דאָס ווייכע קול האָט סוף־כל־סוף געווירקט און באַלד איז מען גע־שטאַנען אין אַ האַלב־קרייז פאַר אים, ווי ברוגז׳ע אינגלעך פאַר אַ טאַטן.

קיין גרויסער בעל־דברן איז נישט געווען אונזער קוירנעל לייזער מאַרגאָלין, אָבער דערפאַר האָט גערעדט צו אונז זייער שטאַרק זיין באַ־זאָרגט פּנים, זיינע טרויעריגע אויגן און ספּעציעל זיין ציטער אינ׳ם קול, וואָס האָט געקלונגען נישט מיט קיין בייזקייט, נאָר מיט טיפן, אויפריכ־טיגן צער.

— אַנטקעגן וועמען שטעלט איר זיך? אַנטקעגן מיר? — האָט ער שטיל געפרעגט. — און קוקנדיג אויף אונז מיט אַ פאַרלוירענעם בליק, האָט ער גערעדט:

— איך בין סוף־כל־סוף נישט דער באַלעבאָס. אויך איך בין נישט מער ווי אַ סאָלדאַט, וואָס איז אונטערוואָרפן דיסציפּלין.

דאָ האָט זיין קול זיך שטאַרק צעציטערט און אין זיינע אויגן האָט זיך דערזען אַן אָנדייטונג פון טרערן:

— איך בעט אייך, קינדער, איך בעט אייך, הערט אויף! — האָט ער צו אונז אַפּעלירט און צו זיך האָט ער דערביי געזאָגט:

— איצט פאַרשטיי איך די שוועריקייטן, וואָס משה האָט געהאַט מיט די בני־ישראל אין דער מדבר.

דעם קוירנעל׳ס אַפּיל האָט נישט נאָר געבראָכן דעם זיץ־סטרייק, נאָר געשאַפן אַ שטילן, ביז גאָר האַרציגן מיטגעפיל צו אים ביי די לעגיאָנערן.

פּלוצלונג האָט ער אָנגעהויבן שוין אַ ביסל צו אָפּט פאַרפאַלן ווערן פון׳ם באַטאַליאָן און זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען דער ברייט־געפּאַקטער מאַיאָר, וואָס איז געוועזן דער איינציגער נישט־איד ביי אונז.

שפּעטער זיינען מיר געוואויר געוואָרן, אַז דאָס לויפט ער אַזוי אַרום זיך משתדל זיין פאַר די פאַרשיקטע ביי די העכערע ראַנגען אין שטאַב.

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן האָבן מיר איבערגעלעבט אַ שרעק, וואָס איז געוועזן פיל שטאַרקער, ווי צו גיין אין אַן אַטאַקע אויפ׳ן שלאַכטפעלד.

פּלוצלונג האָט דער טרומייטער זיך צעטרומייטערט און אונז גערופן אויף שנעל אין פולן געווער.

און טאָמער איז דער טרומייטער נאָך געווען וויניק, האָבן זיך באַלד דערהערט די גאָרגלדיגע קולות פון אַלע סערזשאַנטן:

— אויף פּאַראַד! שנעלער! גיכער! ביקסן! באַיאָנעטן! און וואָס מער קוילן! גיכער, שנעלער!

דאָס זאַמד האָט זיך געהויבן אונטער אונזערע לויפנדיקע און שפּרינגענדיגע טריט און אויפגעהויבן דיקע וואָלקנס צווישן די ביידלעך. אויף גיך האָט מען אַרויפגעוואָרפן די שנירלעך קוילן איבער די העלזער, די באַיאָנעטן האָט מען צוגעטשעפּעט צו די ביקסן אין מיטן געלויף.

עס האָט נישט געדויערט קיין מינוט און מיר האָבן שוין מאַרשירט אין טראָט אונטער דער קאָמאַנדע פון אונזער מאַיאָר, וואָס האָט זיך געוויגט ווי אַ פעסל אויף זיין פערד.

— וואוהין?

קיינער האָט נישט געוואוסט. קיין סאָלדאַטן זאָגט מען נישט.

אָבער ערגעצוואו האָט עמיצער אויפגעכאַפּט אַ וואָרט פון אַן אָפיצער, אַז דאָס גייען מיר איינשטילן אַ רעוואָלט אין אַן ענגלישן אַרטילעריע־באַטאַליאָן און באַלד איז יעדערנס מויל געוואָרן אַ טעלעגראַף־דראָט.

— ניט שיסן! — האָט איינער איבערגעגעבן דעם אַנדערן.

ווער ווייסט צו וואָס דאָס וואָלט געווען דערפירט, ווען אין מיטן וועג

יאָגט אונז נישט אָן אַ שליח אויף אַ מאָטאָר־ציקלעט און גיט איבער דעם מאַיאָר אַ פּאַפּירל.

— באַטאַליאָן, האַלט! — האָט דער פעסלדיגער מאַיאָר אַרויסגע־דונערט און גלייך נאָכדעם אַ באַפעל:

— זיך אויסדרייען אויף צוריק! מאַרש!

יענער צוריק־מאַרש אין באַטאַליאָן אַריין איז געווען אַ זינגענדיגער. עס האָבן געזונגען די טריט, עס האָבן געזונגען אונזערע מיילער און דער גלאַנץ אויף אונזערע באַיאָנעטן אַנטקעגן דער זון האָט אויך געזונגען.

יענעם פאַרנאַכט זיינען מיר געוואויר געוואָרן, אַז גלייך נאָכדעם, ווי דער באַפעל פון׳ם גענעראַל־שטאַב איז אַרויסגעגעבן געוואָרן, אַז אונ־זער באַטאַליאָן זאָל איינשטילן דעם רעוואָלט ביי די ענגלישע אַרטילע־ריסטן, איז אַהין אָנגעקומען אונזער קוירנעל מיט זיין שתדלנות. דער־הערנדיג, וואָס מען האָט אָפּגעטאָן, האָט ער גענומען קלאַפּן מיט זיינע פויסטן איבער׳ן טיש און געדראָעט מיט פּראָטעסטן פון׳ם גאַנצן אידישן פאָלק.

ס׳האָט געהאָט אַ ווירקונג און מ׳האָט אונז צוריקגערופן פון מיטן וועג.

שפּעטער בין איך געוואויר געוואָרן, אַז דער שים־קורס, צו וועלכן אונזער קוירנעל האָט אָפּגעשיקט אַ היפּשן טייל פון אונזער ניין־און־דרייסיגסטן באַטאַליאָן, איז געווען נישט מער ווי אַ טייל פון דער פאַר־ווייַלונגס־פּראָגראַם, וואָס ער האָט אין יענע זומער־חדשים צוגעגרייט פאַר אונז. אָבער בשעת מען האָט אונז פּלוצלונג אַרויסגערופן און געלאָזט וויסן, אַז אין עטלעכע טעג אַרום גייען מיר אָפּ צום ים־ברעג, וואָס איז ביי תל־אָביב און יאַפע, אויף אַ שים־קורס, האָט דאָס אויסגעקוקט אין אונזערע אויגן ווילד און משוגע.

נו, טאַקע, וואָס איז דאָס פאַר אַ שיסן אינמיטן דרינען, ווען שלום איז שוין אונטערגעשריבן?

אָבער סאָלדאַטן טוען וואָס מען הייסט זיי און פרעגן נישט קיין קשיות, און מיר האָבן זיך גענומען גרייטן קיין תל־אָביב און קיין יאַפע.

דערווייל איז אינ׳ם לאַגער פון אונזער באַטאַליאָן איצט געווען היפּש אַנדערש ווי פריער.

אין יענע וואָכן האָט אונזער לאַגער אָנגעהויבן ביסלעכווייז אויסצו־קוקן, ווי אַ פאַרווייַלונגס־פּלאַץ. מען האָט אויסגעבויט אַ גרויסע בינע און געשפּילט אפילו אידיש טעאַטער אויף איר נישט נאָר פאַר די אייגענע סאָל־דאַטן, נאָר אויך פאַר סאָלדאַטן פון אַנדערע באַטאַליאָנען און פאַר אידישע קאָלאָניסטן פון דער סביבה, וועלכע זיינען זייער גערן געקומען און טאַקע הנאה געהאַט פון אַ אידיש וואָרט.

איינע פון די פּיעסן איז געווען פון ה. ל. גאָרדאָן, וואָס ער האָט ספּע־ציעל אָנגעשריבן.

עס איז געווען קלאָר, אַז דער קוירנעל אונזערער זוכט מיט אַלע

מעגלעכקייטן גרינגער צו מאַכן די שווערקייט, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין די געמיטער פֿון זיינע סאָלדאַטן.

און אפשר האָט ער אויך געזוכט צו פֿאַרשפּילן די שווערקייט, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין זיין אייגענעם געמיט?

עס קאָן זיין, אַז אַזוי איז דאָס טאַקע געווען, וואָרום ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין געלעגנהייט צו געבן זיינע סאָלדאַטן אַ ביסל פֿאַר־געניגן און אַליין דערביי זיך געפֿילט, ווי דער הויפּט־מחותן אויף דער חתונה.

אין פּאַלעסטינע האָט זיך באַזעצט זיינער אַ פֿריינט פֿון אויסטראַליע, זייער אַ רייכער מענטש. האָט דער קוירנעל געפֿירט דעם גאַנצן באַטאַליאָן אויף אַ שמחה צו זיין פֿריינט. איז דאָס געווען שוין איינמאָל אַ שמחה. דער גאַנצער באַטאַליאָן איז אויפֿגענומען געוואָרן אויף׳ן חשבון פֿון זיין פֿריינט מיט מאכלים און משקה אויף די בערגלעך פֿון נס־ציונה און אויף׳ן וועג צוריק אין בן־שמן.

דעם שים־קורס פֿאַר די לעצטע־אַריבערגעקומענע האָט דער קוירנעל אויפֿגעמאָנט פֿונ׳ם גענעראַל־שטאַב, ווייל ער האָט געוואָלט, אַז אַ טייל פֿונ׳ם באַטאַליאָן זאָל שטיין עטלעכע וואָכן אין תּל־אָביב צווישן אייגענע.

זיינען טאַקע די עטלעכע וואָכן געווען דורכאויס יום־טוב.

עס זיינען אויסגעגראָבן געוואָרן טראַנשייען ביים ים־ברעג צווישן תּל־אָביב און יאַפֿע און אַ גרויסע ציל־ברעטער האָבן געקוקט אויף אונז, ווי שמייכלענדיגע אויגן און זיך ממש געבעטן ביי אונז, אַז מיר זאָלן שיסן אין זיי.

— שיסט, שיסט, קינדער, מיר זיינען נישט מער ווי האָלץ, און אונז וועט נישט וויי טאָן!

אָט אַזוי האָבן די ציל־ברעטער מיט די געמאָלענע רינגען אויף זיך צו אונז גערעדט און מיר האָבן זיי צוליב געטאָן און אין לויף פֿון עטלעכע וואָכן אַריינגעשאָסן אין זיי צענדליגער טויזנטער קוילן פֿון זיין מאַיעסטעט׳ס פֿאַרמעגן.

מיך האָט באַזונדערס אָפּגעגליקט דערמיט, וואָס איך בין אַריינגעפֿאַלן אין דער גרופּע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פֿאַר די טראַנשייען צו פֿאַר־צייכענען יעדן שאָס אויף אַ ציל־ברעט.

ווען איך בין דעם ערשטן פֿרימאָרגן אַריין אין טראַנשיי לעבן מיין ציל־ברעט מיט אַ דין, הויך לאָפּעטקעלע, וואָס מיר איז איבערגעגעבן גע־וואָרן אין די הענט אַריין, האָב איך זיך דערפֿילט „נישט אַזוי דאָסיג".

איך האָב שוין געוואוסט, אַז באַלד־באַלד וועט אָנהויבן צו רעגענען איבער מיין קאָפּ מיט אמת׳ע קוילן, און ווער ווייסט, וואָס אַזוינס עס קאָן חלילה געשען.

דער קאַפּיטאַן, וואָס איז געווען מיט אונז אין דער טראַנשיי, האָט אפֿילו געהאַלטן פֿאַר אונז אַ וויסנשאַפֿטלעכע לעקציע און אונז באַוויזן, אַז מיר האָבן זיך נישט וואָס צו שרעקן, וואָרום אַ קויל, אַז זי ווערט

געשאָסן אין דער ווייטקייט פון אַזוי פיל און אַזוי פיל יאַרד, קאָן זי בשום אופן נישט אַרונטערפאַלן אין דער נאָענט. אָבער הלמאי זאָל איך לייקע־נען? די וויסנשאַפטלעכע לעקציע פונ׳ם קאַפּיטאַן האָט דעמאָלט געהאַט אַ גאַנץ קליינע ווירקונג אויף דער שרעק, וואָס איז געווען אין די געמיטער פון אַ היפּשער צאָל ביי אונז.

עס איז אַ בזיון צו דערציילן, וואָס איז געשען מיט אַ צאָל פון אונז אין דעם טראַנשעי, ווען דער ערשטער טראַך האָט זיך דערהערט איבער אונזערע קעפּ.

ביי מיר איז נישט נאָר אַרויסגעפאַלן דאָס לאָפּעטקעלע פון די הענט, נאָר אויך איך אַליין בין אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד אין דעם טראַנשעי און עס האָט געדויערט אַ היפּשע ווייל ביז איך בין געקומען צו זיך און זיך איבערציינגט, אַז איך בין נאָך אַ לעבעדיגער.

דער קאַפּיטאַן, וואָס האָט אפילו דערוואַרט, אַז אַזוינס זאָל געשען ביים ערשטן טראַך־טאַראַבאַך, האָט פונדעסטוועגן זיך געקאַטשעט פון געלעכטער, קוקנדיג ווי אַזוי זיינע העלדן האָבן זיך איבערגעשראָקן.

אָבער מאָדנע, מאָדנע, ווי מען געוואוינט זיך צו צו יעדער לאַגע!

ביסלעכווייז האָט דאָס טראַכן און טאַראַבאַכן איבער אונזערע קעפּ נישט נאָר אונז אויפגעהערט צו שרעקן, נאָר איז געוואָרן אַ נויטיגקייט פאַר אונזערע נערוון. אדרבה, ווען עס איז אויף אַ מינוט שטיל געוואָרן, האָבן מיר זיך ערשט דעמאָלט איבערגעקוקט מיט אומרואיגע און נער־ווועזע בליקן.

— וואָס איז געשען? — האָבן מיר זיך אומרואיגע געפרעגט, און געוואַרט מיט אומגעדולד, אַז דאָס קנאַקעריי זאָל זיך ווידער אָנהויבן און מיר זאָלן קאָנען באַוועגן אונזערע לאָפּעטקעלעך איבער די רינגען און די אויגן פון די ציל־ברעטער.

אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז אונזער גרופּע אַרויסגענומען געוואָרן פונ׳ם טראַנשעי און מיר זיינען שוין געוואָרן צווישן די שיסער.

אַ שאָס אין דעם אויג אַריין פונ׳ם ציל־ברעט איז געווען אַ גרויסע דערגרייכונג און פאַר אַזוינס איז מען גראַטולירט געוואָרן פונ׳ם קוירנעל, וועלכער האָט גאַנצע צייט זיך געפונען הינטער די שיסנדיגע סאָלדאַטן.

— אָט אַזוי! — פלעגט אונזער קוירנעל אויסשרייען, אַז עמיצער האָט געטראָפן אין אויג אַריין און שפּעטער אַ גלעט טאָן דעם לעגיאָנער איבער דער פּלייצע און צולייגן:

— עס איז גוט צו קאָנען אָט די מלאכה, וואָרום שונאים האָבן מיר גענוג און מען קאָן גאָרנישט וויסן, ווען עס וועט אונז אויסקומען צו נעמען אַ ביקס אין די הענט.

גראַדע האָט זיך געמאַכט, אַז אין מיטן פון אָט־דעם שיס־קורס האָבן די וועטערער פונ׳ם קוירנעל אָנגעהויבן צו קריגן אַ זין.

צו אונזערע אויערן האָבן דערגרייכט די פּאָגראָמען, וואָס די באַ־פרייטע פּאָליאַקן האָבן געמאַכט אויף די שוצלאָזע אידן אין אַ סך שטעט,

וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין דער ניי־פּאָרמירטער פּוילישער מדינה און אַ גרויסע צאָל פון אונז האָבן באַדויערט, וואָס מען געפינט זיך נישט מיט אָט די גאָלדענע ביקסן אין יענע שטעט און שטעטלעך.

יענע עטלעכע וואָכן זיינען באמת געווען אַ גרויסע איבערלעבונג ביי די לעגיאָנערן.

— מיר וואָלטן איצט געדאַרפט געשיקט ווערן קיין פּוילן, — האָט דער לעגיאָנער קאָלדאָווסקי געהאַלטן אין איין איבער׳חזר׳ן צו מיר.

אויסער די פּאָר שעה אין טאָגביים שיסן איז מען געווען פריי זיך צו באַוועגן און טאָן וואָס מען האָט געוואָלט.

אַלע אכסניות פון תל־אָביב און יאַפע זיינען געווען פול מיט אונז.

אָן אַ שיעור שמחה׳לעך אין די אידישע שטיבער און שמחה׳לעך אויך ביי אונז אין די ביידלעך ביים ים־ברעג אין די אָוונטן.

די אָפיצערן האָבן אונז איינגאַנצן צורו געלאָזט. אָפטמאָל האָבן זיי אפילו אַליין זיך אויסגעמישט מיט אונז אין אונזערע הוליאַנקעס.

פאַר די אויגן שטייען נאָך ביז איצט די וואונדערלעכע בלויע אָוונטן ביים ים.

אַ גרויסע זילבערנע לבנה, שטערן, ווי דימענטענע נים, וואָס פינקלען אין שטיל געזאַנג צו דעם כוואַליענדיגן זילבער־קאָלירנדיגן ים ביי דעם זאַמדיגן ברעג.

דאָ און דאָרטן אַ לעגיאָנער מיט אַ מיידל געאָרעמט אין ליבשאַפט, ווי אַ באַוועגלעכע בלום, אין דער שיינקייט פון דער נאַכט.

# קאַירא

אַזוי גיך ווי מיר האָבן זיך אומגעקערט פון אונזער שיט־קורס אין תל־אָביב און יאַפע, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און בין אַריין צום קווירנעל מיט א בקשה, אַז איך וויל וואַקאַציע קיין מצרים.

דער קווירנעל האָט א קוק געטאָן אויף מיר מיט א שמייכל אויף זיין בראָנזענעם פנים און ביי מיר געפרעגט אין א טאָן, ווי עס פרעגט א טאַטע ביי א קינד, וואָס קומט בעטן ביי אים א ניקל, צי ער איז א וואויל אינגל.

— נו, און דעם שיף־קורס האָסטו אויסגעהאַלטן?—האָט ער ביי מיר געפרעגט.

איך האָב אים באַוויזן מיין ביכל אויף וועלכן עס איז געווען אויפגעשריבן מיט זיין אייגענער האַנט, אַז איך האָב אויסגעהאַלטן מיין עקזאַמען אויסגעצייכנט און ער האָט זיך צעברומט אין א שפּאַסיגן טאָן:

— אָט א פּאָעט, הם...

ווען איך האָב געקראָגן פון אים די דערלויבעניש אויף זיבן טעג, האָב איך זיך נאָך דעם זעלבן טאָג אַוועקגעלאָזט קיין תל אביב.

דאָרטן האָבן אויף מיר געוואַרט א סך איבערראַשונגען. ערשטנס, האָב איך זיך באַגעגנט מיט דעם באַרימטן העברייאישן און אידישן דיכטער יעקב פיכמאַן, וועלכער איז נאָר וואָס אָנגעקומען אין לאַנד אַריין.

יעקב פיכמאַן האָט אויף מיר געמאַכט א ביז גאָר אָנגענעמען איינדרוק.

א הויכער, בלאָנדער, געוויקסיגער מאַן מיט א גוטמוטיגן פּנים און א זאַפטיגער אידישער שפּראַך, מיט א בעסאַראַבישער אינטאָנאַציע אין זיין מויל און דערצו א ביז גאָר שטאַרקן אינטערעס צו יעדער נייקייט אין דער אידישער ליטעראַטור אויף דער גאַנצער וועלט.

— עס וואַקסט א וואוילע חברה אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, — האָט ער מיר פאַרכלינעט געזאָגט, און איך האָב זיך דערפילט צוגעבונדן צו אים.

צווייטנס, האָט מען דעם זעלבן אָוונט געמאַכט פאַר מיר ביי די בן־ציונ'ס אין הויז א מין געזעגנ־הוליאַנקע און צו די אַלע גוטע זאַכן, וואָס מען האָט דאָרטן געזאָגט וועגן מיר, האָט מען מיר נאָך אויך געגעבן גאַנצע פינף פונט, כדי איך זאָל אויף מיין וואַקאַציע אין מצרים טאַקע באמת קאָנען א לעב טאָן.

דער וועג פון תל־אביב קיין קאַירא איז פאַר מיר געווען אַן אמת'ע איבערלעבונג.

נאָך אַזוי פיל מאָל פאָרן אויף באַנען, ווי א סאָלדאַט, בין איך איצט געפאָרן אין א גוטן פּאַסאַזשיר וואַגאָן, ווי א פרייער מענטש, כאָטש איך האָב נאָך געטראָגן אויף זיך די מיליטערישע אוניפאָרם פון א בריטישן סאָלדאַט.

איך קאָן נאָך ביז איצט נישט פאַרגעסן די פרייד, וואָס איך האָב גע־האַט, זיצנדיג אין עס־וואַגאָן און ווערנדיג סערווירט מיטאָג אויף א רייַן־געדעקטן טיש מיט גלאַנציג געשיר.

אפילו בלויז די ווייסע סאַלפעטקע אין מיינע הענט האָט מיר גרוים פאַרגעניגן געגעבן.

דאָס ביסל געלט, וואָס די קאַסע פון מיין באַטאַליאָן האָט מיר אַרויס־געגעבן אויפ'ן חשבון פון מיינע שכירות פּלוס די פינף פונט, וואָס די חברים שריפטשטעלער האָבן מיר געגעבן, האָט געשאַפן אין מיר דאָס געפיל פון נגיד'ישער רחבות.

קיין קאַירע בין איך אָנגעקומען אַרום פיר א זייגער נאָכמיטאָג און צו מיין איבעררראשונג ביז איך באַגעגנט געוואָרן פון א קאָמיטעט.

— אדון ז. ווײנפער? — האָט מיך אָפּגעשטעלט א ברוינהויטיג מיי־דעל מיט שוואַרצע אויגן און א קורץ־געשוירענעם שוואַרצן קוטשעראַווע קאָפּ.

— יאָ, דאָס בין איך, — האָב איך געזאָגט און באַלד בין איך אַרומ־געריננגלט געוואָרן פון א גאַנצער חברה אינגלעך און מיידלעך.

לויט די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיי האָבן מיט זיך פאַרטראָטן, האָב איך געמיינט, אַז אין קאַירע געפינט זיך גאָר א גרויסער ישוב פון אונזערע אידן, אָבער אויף מאָרגן, ווען איך האָב געהאַט אַן אויפטריט, האָב איך אויסגעפונען, אַז דאָס גאַנצע פאָלק איז געווען פאַרטראָטן אינ'ם קאָמיטעט מיך צו באַגעגענען אויף דער באַן.

די רייזע אויפ'ן פיאַקער פון דער באַן צום האָטעל האָט מיך פשוט שכור געמאַכט פון דעם, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר די אויגן.

ווען נישט דאָס ברוינהויטיגע מיידל מיט די שוואַרצע אויגן און דעם קוטשעראַווען קאָפּ, וואָס איז לעבן מיר געזעסן, וואָלט עס מיך געוועזן גע־הויבן פונ'ם פיאַקער אין דער לופטן.

די שטאָט איז אויפגעגאַנגען פאַר מיינע אויגן ווי א גרויסער יאַריד. וואו די הויפּט־סחורה אויף צו פאַרקויפן איז פרויען־לייב.

שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אַז נישט די גאַנצע שטאָט איז אַזוי.

אין די קומענדיגע טעג האָב איך זיך באַגעגנט מיט א סך געזונט און אָרענטלעך לעבן, אָבער דאָס פאָרן פון דער באַן צו דעם האָטעל אויפ'ן פיאַקער איז געווען ווי איך וואָלט געפירט געוואָרן אין דער מיט אַריין פון א געוואַלדיגער, אומווירדיגער לייב־וואַקכאַנאַליע.

שמאָלע געסלעך, מיט באַלקאָנענדיגע, אָפּגעבליאַקעוועטע הייזער אויף ביידע זייטן און פון אַלע באַלקאָנען אויסרופן פון פרויען אויף אַלערליי לשונות.

דעמאָלט איז געווען דאָס איינציגע מאָל אין מיין לעבן, ווען איך בין אויפגעציטערט געוואָרן פון בושה, הערנדיג אונזער אידיש לשון.

אמת, איך האָב זיך געטרייסט, וואָס אונזער אידיש לשון איז דאָרטן געווען נישט מער, ווי א פעדימל אינ'ם געוועב פון א גאַנצער ריי אַנדערע

לשונות, אָבער צו אונזער אידיש בין איך דאָך געווען א סך סענסיטיווער.

— העי, מגן־דוד'ניג, טראָג נישט אוועק דעם פּדיון צו קיין פרעמדע!

—האָט זיך געריסן א פרויען־קול פון א באַלקאָן צו מיר אין פּיאַקער אריין.

איך געדענק, אז איך האָב א ווייל זיך געשעמט אויפצוהויבן די אויגן אויפ'ן ברוינהויטיגן און שוואַרץ־חנ'עוודיגן מיידל, וואָס איז געזעסן לעבן מיר אין פיאַקער.

מען האָט מיך באַשטימט אין דעם האָטעל „בריסטאָל". מיין צימער איז געווען א גרוים און א בעקוועמס, מיט צוויי פענצטער צו א ברייטן און זייער שיינעם סקווער.

ווען איך בין געבליבן אליין אין מיין צימער, כדי זיך איינצואוואַשן, אָפּצופרישן און זיך איבערצוטאָן, האָב איך זיך עטלעכע מאָל געזעצט אויפ'ן בעט.

ערשטנס דער געדאַנק, אז א פולע וואָך וועל איך שלאָפן אויף א ווייכן בעט. צווייטנס, דאָס בעט, וואָס איז געווען אזוי אַנדערש, ווי אַלע בעטן, וואָס איך האָב ביז דעמאָלט אין מיין לעבן געהאַט געזען.

עס איז געווען א בעט מיט א דאַך און מיט דינע דורכזיכטיגע פאָר־האַנגען אַרום.

אין א פּאָר שעה שפּעטער האָט מען מיר געלאָזט וויסן, אז מען וואַרט אויף מיר אין דער לאָבי פונ'ם האָטעל און ווען איך בין אַרונטער, האָב איך געטראָפן דאָס זעלבע מיידל.

— דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן, אז היינט אָוונט זאָל איך אויף אייך אַכטונג געבן, — האָט זי געזאָגט און דערביי צוגעלייגט מיט א שפּאַסיגן טאָן:

— און אַכטונג געבן וועט מען אויף אייך דאַרפן זייער שטאַרק.

— וואָס מיינט איר צו זאָגן? — האָב איך געוואָלט וויסן, כאָטש געאָנט האָב איך שוין גאָר, וואָס זי האָט געמיינט מיט אירע רייד.

דאָ איז זי געוואָרן זייער אָפּנהאַרציג און אין אָפנהאַרציגקייט האָט זי זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר אין איר גאַנצער אָרענטלעכער ריינקייט.

— א שווערע שטאָט דאָ. טויזנטער אומגליקלעכע מיידלעך, וואָס זיינען געפאַלן איבער די שווערע לעבנס־באַדינגונגען, און איר? — דאָ האָט זי א קוק געטאָן מיט א שוועסטערלעכער וואַרימקייט אויף מיר און געזאָגט:

— איר זענט א יונגער, געזונטער בחור, און ווי א פּאָעט זענט איר דאָך אודאי שטאַרק עמאָציאָנעל.

— וואָס זשע מיינט איר דערמיט? — האָב איך ווייטער געפרעגט, כאָטש איך האָב געגעוי געוואוסט, וואָס זי האָט געמיינט מיט אירע רייד צו מיר.

דעמאָלט האָט זי זיך צעלאַכט מיט א געזונטן, קלינגענדיגן געלעכטער און געזאָגט אין א שפּילעוודיגן טאָן:

— איר האָט ריינע, בלויע אויגן און דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן

צו זען, אַז איר זאָלט צוריק פֿאָרן מיט די זעלביגע ריינע בלויע אויגן.

שפּעטער, ווען מיר זיינען געזעסן אין א רעסטאָראַן און צוזאַמען געגעסן, האָב איך אויסגעפֿונען, אַז זי איז א מיידל פון אוקראַינע, וואָס האָט אין די מלחמה־טעג באַוויזן זיך דורכרייסן קיין קאַירא.

— געמיינט פֿאָרן קיין פּאַלעסטינע, אָבער געקראָגן אַרבעט דאָ, שטייט מען א וויילע! — האָט זי מיר דערקלערט.

דער רעסטאָראַן איז געווען א דאַכלאָזער. די ווענט פון קאָליריגע טעפּיכער און איך האָב נישט געוואוסט אויף וואָס פריער צו קוקן — דער הימל פון אויבן איז געווען ריין, בלוי און געדיכט באַשטערנט, די טעפּיכער קאָלירנדיג, אָבער שענער פון אַלץ איז געווען אָט דאָס ברוינהויטיג מיידל, וואָס איז געזעסן לעבן מיר מיט אַזא שוועסטערלעכער גוטסקייט.

# אַרום ספינקס

די וואָך אין קאַאירע וואָלט געווען אַוועקגעגאַנגען אַ סך בעסער פאַר מיר, ווען עס וואָלטן פלוצלונג נישט אויסגעבראָכן קיין אומרוען צווישן דער עגיפּטישער באַפעלקערונג קעגן דער ענגלישער מאַכט.

די אומרוען האָט מען טאַקע זייער גיך אונטערדריקט, אָבער די שטימונג אין שטאָט איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַ זייער געדריקטע און אַ שווערע.

עס קאָן זייער געמאָלט זיין, אַז דאָס האָט זיך מיר מער אויסגעדאַכט, ווי דאָס איז געווען אין דער ווירקלעכקייט. אָבער די בליקן, וואָס איך האָב באַגעגנט מצד די עגיפּטער, האָבן דורכגעשטאָכן מיין אוניפאָרם און מיך געמאַכט צו פילן נישט נאָר זייער אומבאַקוועם, נאָר אָפטמאָל אויך נישט זיכער.

אין אַ געוויסן זין בין איך שוין אפילו געווען דאַנקבאַר די מיליטעריש רעגולאַציעס, אַז יעדער בריטישער סאָלדאַט זאָל טראָגן זיין באַיאָנעט אויפ׳ן גאַרטל, און אַז שפּעטער פון צוועלף ביינאַכט זאָל ער זיך נישט אַרומדרייען איבער די גאַסן.

דאָס האַרץ האָט געצויגן צו די שיינע נאַכט־קאַפּייען, וואו מען האָט געקאָנט זיצן מיט פריינט ביי אַ קליין טישעלע, טרינקען שטאַרקע, שוואַרצע קאַווע און באַטראַכטן די עגיפּטישע שלאַנקע מיידלעך מיט די דינע, זיידענע פאַרהענגלעך איבער זייערע נעז ביז אַרונטער די קינבאַקן.

ווי טיף איך בין דאַנקבאַר געווען דעם עגיפּטישן מנהג צו לאָזן די אויגן ביי די פרויען נישט פאַרהאַנגען. אַזעלכע גרויסע און שיינע אויגן ביי די עגיפּטישע פרויען!

עס קאָן זייער געמאָלט זיין, אַז נאָך צוועלף ביינאַכט וואָלט איך סיי־ווי נישט געווען געזעצן מער, ווי איך האָב געזעצן ביז צוועלף, אָבער אַז דער ווייזער פונ׳ם זייגער האָט זיך גענומען רוקן צום ציפער צוועלף, האָט זיך זייער שטאַרק נישט געוואָלט אויפהויבן און דאָס אַלץ איבערלאָזן.

ספּעציעל האָט זיך נישט געוואָלט אַוועקגיין, ווען איינע פון די טענצערינס האָט געהאַלטן אין מיטן אירן אַ טאַנץ.

אויבנאויף איז יעדער טאַנץ געווען שטענדיג דערזעלבער.

שטייט זיך אַ דין, שלאַנק, ברוינהויטיג מיידל מיט די פיס צוגעשמידט צום דיל פון דער פּלאַטפאָרמע, ווי אָט די פיס וואָלטן זיך גאָרנישט אָנגעקערט מיט די העכערע טיילן פון איר גוף.

עס טאַנצט דער קאָפּ, די מוסקולן אויפ׳ן פּנים, די בריסט, דער בויך און די הענט וואַקלען זיך, ווי לעבעדיגע שלאַנגען, צוקלאַפּנדיג מיט דינע מעשענע טעצעלעך צווישן די פינגער. אָבער די פיס שטייען אויסגעצויגן און אומבאַוועגלעך אויפ׳ן דיל, ווי מיט זיי געהערט זיך קיין זאַך נישט אָן.

די פּלאַטפאָרמע, וואו עס געפינט זיך די טענצעריןן, איז באַלויכטן העלער, ווי דאָס קאַפע־הויז, און פונ׳ם עולם עגיפּטער הערט זיך ביי יעדער באַזונדער באַוועגונג פון דער טענצערין אַן אַנדער אויסרוף, וואָס אַמאָל איז ער אַן עקסטאַטישער און אַמאָל אַזאַ טיף לירישער.

דער לעצטער קלינגט שטענדיג ווי ביי אַ מאַכמאַדאַנישער תפילה:

— אַלאַהאַ!!

אודאי האָט זיך נישט געוואָלט אויפהויבן און אַוועקגיין, אָבער פון איין זייט די מיליטערישע רעגולאַציע און פון דער צווייטער זייט די שרעק פאַר דעם אייגענעם ביסל לעבן, האָבן באַפוילן זיך אויפהויבן פון אָרט און גיין אין האָטעל אריין.

פונדעסטוועגן זיינען די זיבן טעג אוועק שוין אַ ביסל צו גיך.

איידער איך האָב נאָך באַוויזן צו זען, וואָס איך האָב זיך אָנגעצייכנט צו זען, האָט מען שוין געדאַרפט זיך אומקערן צוריק אין באַטאַליאָן אריין.

וואָלט איך נישט געווען געפילט קיין אומרואיגקייט, וואָלט איך מסתמא געווען איבערגעשטאַנען עטלעכע טעג, אָבער די אומרואיגקייט האָט מיך צוריק געטריבן.

פון דעם געזעענעם זיינען געבליבן אַם שטאַרקסטן אין זכרון די שטאָט העליאָפּאָלים, וואָס געפינט זיך לעבן קאַאירא, רעמסס דער צווייטער און די פּיראַמידן מיט דעם ספינקס.

העליאָפּאָלים האָט מאָדערנע הייזער, אַ סך קריסטלעכע קלויסטערס. אָבער דאָס שרייענדיגע שטילשווייגן פון דער מדבר, וואָס רינגלט ארום די שטאָט, פילט זיך ממש צווישן די גאַסן.

מענטשן באַוועגן זיך דאָרט פּאַמעלעך, ווי די צייט וואָלט זיך דאָרטן אַוועקגעלייגט אויף אַ נאָכמיטאָג־אָפּרו. נישט קוקנדיג אויף דעם, וואָס די באַפעלקערונג איז דאָרטן מערסטנס אַ קריסטלעכע, פאַרגינט מען זיך אָפּשטעלן דעם טראַפיק, ווען אַ פאַרבלאָנדזשעטער, בכבוד׳יגער, פרומער עגיפּטער וואַרפט זיך פּלוצלונג אין מיטן דער גאַס אויף די קני איבער אַן אויסגעשפּרייט טעפּיכל תפילה צו טאָן צו אַלאַ׳ן.

איך האָב געזען עטלעכע מאָל דעם טייך נילוס אין קאַאירא. איך בין געשטאַנען שעה׳ן־ווייז אויף דער בריק מיט די גרויסע אייזערנע לייבן איבער די שטאָלענע מאַסיוון און געקוקט אויף אָט דעם טייך, וועגן וועלכן איך האָב נאָך קינדווייז אינ׳ם חומש געלערנט. אָבער קוקנדיג אויף אים, האָב איך מער געזען פּרעה׳ס טאָכטער, וואָס ציט ארויס משה׳ן אינ׳ם קעסטל, ווי דעם טייך אַליין.

דער נילוס איז אַ טייך, ווי אַ סך אַנדערע טייכן. אַ לויפיגער טייך, וואָס האָט דעם אויסזען פון קאַווע מיט אַ ביסל מילך אונטערגעמישט.

דערפאַר האָבן אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק די אומצייליגע מומיעס, וואָס איך האָב געזען אינ׳ם קאַאירער מוזעאום.

אַ פאַרגליווערטע וועלט איז שווייגנדיג געלעגן אויסגעלייגט פאַר מיינע אויגן און דאָס שווייגן האָט אַזוי פיל דערציילט.

דער עיקר די מומיע פון רעמסס דעם צווייטן, וואָס איז לויט געוויסע היסטאָריקער דער פּרעה, וואָס האָט געמאַטערט די אידן און מיט וועלכן אונזער משה האָט זיך אַזוי פיין אָפּגערעכנט.

ער שטייט מיר נאָך איצט פאַר די אויגן אונטער דער גלאָז איבער'ן קעסטל.

אַ קליין־געוויקסיגער פאַרשטיינערטער מענטש מיט אַ בינטל קאַליר־לאָזע האָר אויף זיין קאָפּ.

איינמאָל, ווען איך האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן פון אים, האָט מיר אָנטקעגן געשמייכלט אַ איד, וואָס איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז דאָס איז געווען שלום־עליכם'ס מנחם־מענדל:

אַ שפּיציגע באַברילטע נאָז, אַ טונקל ציגנבערדל און אַ פּאָר אומ־רואיגע אויגן.

— נו, וואָס זאָגט איר? — האָט ער ביי מיר געפרעגט, און גלייך צוגעלייגט:

— ער ליגט און מיר, אידן, לעבעדיגע אידן, שטייען זיך אַזוי און קוקן אים אָן.

אָט אַזוי האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן און אַ גלעט טוענדיג זיין בערדל, האָט ער זיך עפּעס אַזוי מאָדנע, טריאומפירנדיג צעלאַכט אין דער שטיל.

די פּיראַמידן און דער ספינקס ליגן זייער נאָענט פון קאַאירא. אָבער אַז מען געפינט זיך שוין דאָרטן, קאָן מען זיך גאָר נישט פאָרשטעלן, אַז ערגעץ־וואו אויף דער ערד איז בכלל דאָ אַ ישוב, וואו מענטשן לעבן, באַוועגן זיך און טוען גוטס און שלעכטס.

אין דער מיט פון אַ וויסן, זאַמדיגן האָריזאָנט, אונטער אַ ברענענ־דיגער און בלענדנדיגער זון, שטיינערדיגע, קאַנטיגע און פאַרשפּיצטע בערג, וואָס ווי איינזאַם און אַליין זיי קוקן נישט אויס, ריידן זיי דאָך צו דיין אויג און צו דיין געמיט פון טויזנטער הענט, וואָס האָבן זיי דאָ אַמאָל און אַמאָל אויפגעשטעלט.

פאַראַנען אַריינגאַנגען צו זיי, אָבער ווען מען גייט אַריין וויל מען גלייך אַרויס, ווייל אינווייניג איז דער איינדרוק, ווי דו וואָלסט זיך געפונען אין פּוסטע קעלערס און נישט מער.

אין דרויסן קאָנסטו שטיין שעה'ן־ווייז און קוקן און פון צייט צו צייט אַליין ווערן אַ טייל פון דעם, אויף וואָס דו האָלטסט די אויגן אָנ־געשטרענגט.

די גראַניטענע, ריזיגע חיה מיט'ן פּנים פון אַ מענטשן, וואַקסט אויס פאַר דיר אַלץ גרעסער און גראַנדיעזער און עס דאַכט זיך דיר אויס, אַז דאָס היט זי אַזוי די פּיראַמידן ארום זיך פון אייביג ביז אייביג.

קוקנדיג אויפ'ן ספינקס הויבט דער באַגריף פון אייביגקייט אין דיר אָן צו ווערן אַ רעאַליטעט.

האָסט דאָס געפיל, אַז קיינמאָל, קיינמאָל איז גאָר נישט געווען קיין צייט, ווען ער איז דאָ נישט געשטאַנען און אַז קיינמאָל, קיינמאָל וועט

שוין נישט קומען קיין צייט, ווען ער וועט דאָ נישט שטיין. און מיט איס צוזאַמען וועלן אַזוי שטיין אָט די פּיראַמידן, דער גאַנצער זאַמדיגער שטח אַרום און אַפּהיטן וועלן זיי אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס איז פון אייביג ביז אייביג.

שטייענדיג דאָרטן בין איך אַליין עפּעס ווי אַ שטיק אייביגקייט געוואָרן.

אַ נס, וואָס עפּעס אַן אַפּיצער אויף אַ פערד האָט מיך אויפגעוועקט פון מיין טראַנס:

— עס איז בעסער, אַז דו זאָלסט זיך אומקערן אין שטאָט אַריין, — האָט ער מיר פריינטלעך גע׳עצה׳ט און איך האָב פאַרשטאַנען זיין אָנצוהערעניש.

# איך קלייב זיך אויף צוריק

דער זומער האָט זיך דערנעענטערט צום סוף און, ווי פון דער הוילער הויט, האָט מען אָנגעהויבן פריער איינצלנע און נאָכדעם גאַנצע גרופּן פון די דריי אידישע באַטאַליאָנען צו באַפרייען.

געווען אַ היפּשע צאָל, וואָס האָט נישט געקאָנט ביי זיך באַשליסן, צי מען זאָל בלייבן אין פּאַלעסטינע, צי פאָרן צוריק קיין אַמעריקע.

אינטערעסאַנט איז געווען אָט דאָס, וואָס אָט־די פראַגע איז אויפגעשטאַנען בלויז ביי די אַמעריקאַנער, בשעת ביי יענע, וואָס זיינען געקומען פון ענגלאַנד, איז זי כמעט ווי נישט אויפגעקומען.

ביי די אידישע יונגעלייט פון ענגלאַנד האָט געהערשט גרויס פרייד, וואָס ענדלעך ווערט מען באַפרייט און מען פאָרט צוריק. אָבער ביי אַ סך אַמעריקאַנער איז די פראַגע געווען זייער אַן ערנסטע.

די ציוניסטישע פירערשאַפט האָט זיך אין אָט דער פראַגע געהאַלטן זייער נייטראַל. נישט זי האָט פּראָפּאַגאַנדירט, אַז מען זאָל בלייבן, און נישט זי האָט צוגערעדט, אַז מען זאָל פאָרן צוריק. אָבער טאַקע אָט־די נייטראַליטעט האָט געמאַכט דעם איינדרוק אויף די לעגיאָנערן, אַז מען וויל פון זיי פּטור ווערן.

— מען זאָגט דאָך גאָרנישט נישט צו! — האָט מען גערעדט צווישן זיך מיט היפּשן פאַרדרוס.

איך אַליין האָב זיך אויך אַ שטיקל צייט געשלאָגן מיט דער דעה.

געווען איין זאַך, וואָס מיך האָט אימפּאָנירט אין פּאַלעסטינע און דאָס איז געווען די פיינע באַציאונג צו מיר מצד די שריפטשטעלער, — אַ באַציאונג, וואָס איך האָב נישט געפילט צו מיין אַרבעט אין ניו יאָרק, וואו איך האָב אָנגעהויבן צו שרייבן.

אָבער איך האָב גענומען אין אַכט אָט דאָס, וואָס איך בין אַ אידישער שרייבער און נישט קיין העברייאישער, און כאָטש פאַר דער צייט, וואָס איך האָב געלעבט אין פּאַלעסטינע, האָבן מיך איבערזעצט אַזעלכע וויכטיגע שריפטשטעלער ווי ש. בן־ציון, יעקב פיכמאַן, אָשר בּאַראַש, יעקב קאָפּעלעוויטש, האָב איך אָבער געוואוסט, אַז דאָס האָט געהאַט אַ סך צו טאָן מיט דעם, וואָס איך בין באַטראַכט געוואָרן ווי אַ גאַסט. און געוואוסט האָב איך, אַז ווען איך וועל ווערן אַ תושב, וועט מסתמא נישט זיין דאָס, וואָס איז געווען, סיידן זיך אויסצולערנען שרייבן אויף העברעאיש. איז אָבער גרינג צו זאָגן זיך אויסצולערנען אַ לשון אַזוי גרינגלעך, אַז מען זאָל אָנהויבן צו טראַכטן אויף דעם.

פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען דער ביישפּיל פון דעם ביז גאָר טאַלאַנטירטן אידישן שריפטשטעלער משה סטאַווסקי.

משה סטאַווסקי, וועלכער האָט אָנגעהויבן אַזוי וואונדערלעך אויף

אידיש, אז גאָר אין גיכן האָט ער מיט זיינע דערציילונגען אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַן אָנגעזעען פּלאַץ צווישן די בעסטע אידישע שריפטשטעלער אין יענער צייט, איז מיט זיין אַריבערפאָרן קיין פּאַלעסטינע ווי געבליבן שטיין אין מיטן וועג.

הכלל, איך האָב דערפילט, אַז אין פּאַלעסטינע איז פאַר מיר קיין פּלאַץ נישטאָ, און איך האָב זיך גענומען קלייבן אין וועג אַריין, צוריק קיין אַמעריקע.

— אַ שאָד, — באַדויערט ש. בן־ציון און דאָס זעלבינע אַ היפּשע צאָל אַנדערע שרייבער פון לאַנד, אָבער מיין באַשלוס איז שוין געווען אָפּגעמאַכט.

אַ רירנדיגן מאָמענט האָט איך איבערגעלעבט ביים געזעגענען זיך מיט אַן אַראַביש מיידל, וואָס האָט גערעדט אַ פריינען און פליסיגן אידיש.

דער נאָמען פונ'ם מיידל איז געווען פאַטמאַ. זי האָט געאַרבעט אין אַ האָטעל אין ראשון־לציון, וואו איך פלעג זייער אָפט איבערנעכטיגן.

צי עס איז געווען דער פליסיגער אידיש אין איר מויל, צי עס האָט אויך געהאַט צו טאָן דערמיט איר יונגקייט און שיינקייט, וואָס איך האָב איר געגעבן אַ היפּש ביסל אויפמערקזאַמקייט, איז איצט נישט וויכטיג.

אָט די פאַטמאַ פלעגט פאַר מיר זינגען און אָפּטאַנצן אין אַ שיינער לבנה־נאַכט האָט זי פאַר מיר אויך געטאַנצט אַראַבישע פאָלקס־טענצלעך און מיר דערקלערט די באַדייטונג פון זיי.

ווען זי איז געוואויר געוואָרן, אַז איך פאָר שוין אַוועק, האָט זי דאָס גענומען מיט אַ רעזיגנירטן טרויער אויף איר ברוינהויטיגן פּנים.

איך קאָן ביז היינט נישט פאַרגעסן די רייד, וואָס זי האָט צו מיר גערעדט ביים געזעגענען זיך.

— ביי דיר אין אַמעריקע מוז זיין דער הימל זייער אַ שוואַרצער, — האָט זי שטיל געזאָגט.

— פאַרוואָס טראַכסטו אַזוי? — האָב איך געפרעגט ביי איר.

דאָ האָט זי זיך פאַרטראַכט און מיט פאַמעלעכדיגע ווערטער מיר דער־קלערט פאַרוואָס זי טראַכט אַזוי.

— דאָ איז דער הימל אַזאַ בלויער, האָבן די מענטשן שוואַרצע אויגן, און ביי דיר זיינען די אויגן בלויע, מוז דערפאַר דער הימל ביי אייך דאָרטן זיין אַזאַ שוואַרצער.

אַ שאָד, וואָס אָט די פאַטמאַ האָט בלויז געקאַנט ריידן אידיש. וואָלט זי אויך געקאַנט לייענען, וואָלט איך איר אין עטלעכע יאָר שפּעטער צוגעשיקט מיין פּאָעמע „ראַטמיאַ", פון וועלכער זי איז געווען די בענק־שאַפט, דער מאָדעל און די אינספּיראַציע.

עס איז געווען שווער זיך צו געזעגענען מיט די גוטע פריינט, מיט דעם קווירנעל און מאַקע אויך מיט'ן לאַנד.

איך בין געווען ביז גאָר צופרידן, וואָס מען האָט מיך אָפּגעשטעלט

אין דער מדבר אויף עטלעכע טעג, איידער מען האָט מיך אין פאָרט־סאַאיד אויפגעזעצט אויף אַ שיף קיין מאַרסעיל אויפ׳ן וועג קיין פראַנקרייך.

שטייענדיג אין דער זעלביגער מדבר־באַזע אויפ׳ן וועג צוריק, וואו איך בין געשטאַנען אויפ׳ן וועג קיין פּאַלעסטינע, האָב איך דורך די ריינע, בלויע, באַשטערנטע נעכט זיך שטענדיג געפילט. ווי עפּעס אַן אָפּגעריסן צווייגל פון אַ בוים, וואָס בענקט זייער שטאַרק נאָכ׳ן וואָרצל, אָבער איז בשום אופן נישט זיכער, וואו דער וואָרצל געפינט זיך.

געווען מאָמענטן, ווען איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז דער וואָרצל איז נישט אין פּאַלעסטינע, נישט אין אַמעריקע, נאָר גאָר אין מיין שטעטל אין דער וואָלין.

אָבער וואו געפינט זיך דען איצט מיין שטעטל?

פון די צייטונגען האָב איך געלערנט, אַז מיין שטעטל טריסק איז נישט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, נאָר איז גאָר ארייגעפאַלן קיין פוילן, און אַז די פּאָליאַקן האָבן איבערגענומען די ירושה פון דער אַלטער צאַרישער הערשאַפט צו פּאָגראָמירן און צו אונטערדריקן די אידן.

און פונקט ווי איך האָב זיך געפילט פאַרלוירן אין דער באַזע פון דער מדבר, אין קאַנטאַרע, האָב איך זיך נישט ווייניגער געפילט פאַרלוירן אויף דער שיף, וואָס האָט מיך געפירט קיין מאַרסעיל, אויפ׳ן וועג צוריק קיין ניו יאָרק.

ניו יאָרק?

וועמען האָב איך דען דאָרטן געלאָזן? און ווער וועט מיך דאָרטן באַגעגענען?

אין מיין געפּעק האָב איך געפירט צוזאַמען מיט מיין פאַרלוירנקייט אַ נייע זאַמלונג לידער פון פּאַלעסטינע אויף אידיש.

וואָס וועט זאָגן אויף אָט די לידער מיין פריינט משה לייב האַלפּערן?

עס איז אויפגעשטאַנען פאַר מיינע אויגן דאָס ליטעראַרישע רעסטאָראַנדל אויף איסט־בראָדוועי, וואו איך האָב איבערגעלאָזט די יונגע שריפטשטעלער,—וועלן זיי מיך אויפנעמען, ווי אַ צוריקגעקומענעם ברודער?

איך האָב געזען פאַר זיך די אידישע קינדער־שול, וואו איך בין אַ לערער געווען, — וועלן די קינדער מיך דערקענען?

# אין מאַרסעיל

ווען די שיף פון פּאָרט־סאַאיד האָט געבראַכט אונזער גרופּע קיין מאַרסעיל, פראַנקרייך, זיינען מיר איבערראַשט געוואָרן צו זען די פריער־אָפּגעפאָרענע גרופּעס אין דעם מאָביליזאַציע־לאַגער.

— אַ גענעראַל־סטרייק אין ענגלאַנד, — האָט מען אונז אָנגעזאָגט, און דאָס האָט קלאָר געמאַכט פאַרוואָס זיי זיינען געבליבן שטעקן און זיינען ניט געפירט געוואָרן ווייטער קיין ענגלאַנד אויפ'ן וועג אין די שטאַטן.

ווענדליג איך האָב זיך געפילט אויפ'ן געמיט, האָט מיך דער ענין פון שטיין אַ ווייל אין מאַרסעיל נישט באַאומרואיגט.

— וואָס איז דער אונטערשייד, — האָב איך צו זיך געזאָגט, פילנדיג אַ שטאַרקע רעזיגנאַציע אין זיך.

און איך האָב געהאַט אַ סך סיבות אַזוי צו פילן. וואָרום ערשט איצט, זיך אַרומדרייענדיג אין דעם דעמאָביליזאַציע־לאַגער פון מאַרסעיל, האָב איך זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, און דער חשבון האָט אין מיינע אויגן געהאַט אַ גאַנץ שטאַרקן דעפיציט.

די צייטונגען האָבן דערציילט וועגן אַ גאַנצער רייע נייע קלענערע און גרעסערע לענדער.

עס האָט געהייסן, אַז עס זיינען אויפגעקומען: פּוילן, ליטע, לאַטוויע, טשעכאָסלאָוואַקיע, און נאָך און נאָך. אָבער וואָס איז מיט פּאַלעסטינע פאַר אידן?

אָ, יאָ, איך האָב געזען די ערשטע שוואַלבן, וואָס זיינען אַריבערגעקומען פון פּוילן קיין פּאַלעסטינע, אָבער ווער האָט אויפגענומען אָט־די ערשטע שוואַלבן, וואָס האָבן אויסגעקוקט צעקאָשמערטע, צערודערטע? האָט זיי אויפגענומען די ענגלישע מלוכה, וואָס האָט דורך דער באַלפור־דעקלאַראַציע צוגעזאָגט די אידן אַ היים־לאַנד אין פּאַלעסטינע? ניין. אויף וויפיל איך האָב געזען האָט די ענגלישע מלוכה זיך גאָרנישט אינטערעסירט מיט אָט־די ערשטע עמיגראַנטן. נו, און די אידן? וועלכע אידן? די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע? נו, יאָ, אודאי האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זיי אויפגענומען. אָבער מיט וואָס? וואָס האָט זי צוגעגרייט? גאָרנישט האָט זי צוגעגרייט און גאָרנישט האָט זי געקאָנט צוגרייטן.

פאַר די, וואָס זיינען אַריבערגעקומען מיט געלט, איז נאָך געווען ניש'קשה. עס האָט זיך געעפנט פאַר זיי אַ נייע פּלאַץ פאַר געשעפט, פאַר ספּעקולאַציע. אָבער פאַר די, וואָס זיינען אַריבערגעקומען נישט מער ווי מיט די הוילע הענט, איז געווען אָך און וויי.

— האָט זיך עס געלוינט? — האָבן לעגיאָנערן געהאַט אַ ווערטל

איינע פאַר די אַנדערע און אין אָט דעם ווערטל איז געווען היפּשע פאַר־ביטערניש.

דערווייל איז מען געגאַנגען יעדן טאָג אין שטאָט אַריין און זיך אַרומ־געדרייט איבער די גאַסן און סקווערן.

ווער עס האָט געהאַט אַ פּאָר פראַנק האָט זיך פאַרגונען אַריינצוגיין אין אַ קאַפעהויז, אָבער די מערסטע האָבן נישט געהאַט, און מען האָט זיך געמוזט באַנוגענען מיט קוקן אין די שוי־פענצטער, אויף די שיינע סטאַטועס איבער די סקווערן, אויף די טויזנטער און טויזנטער גאַסן־מיידלעך, וואָס האָבן זיך פאַרגעשלאָגן און זיינען נעבעך געבליבן אַנט־טוישטע, טראַכטנדיק אודאי וועגן דער פּוריטעט פון אָט־די מאָדנע יונגע סאָלדאַטן, וואָס ווילן בשום אופן נישט זינדיקן.

אומעטיקע טעג און נאָך אומעטיקערע אָוונטן זיינען פאַר מיר געווען אין אָט דער שטאָט, כאָטש וואָס צו זען אין איר איז דווקא יאָ געווען.

די שניי־באַדעקטע בערג אַרום דער שטאָט. איך האָב דעמאָלט צום ערשטן מאָל אַזעלכע בערג געזען. פלעג איך זיך צוזעצן אין אַ פּאַרקל, אָדער אויף אַ סקווער, און שעה'ען־ווייז קוקן אויף אָט די בערג.

אין די אָוונטן איז דער צענטער פון מיין אויפמערקזאַמקייט געווען די באַגילדטע מאַדאָנע מיט'ן קינד אויפ'ן שפּיץ פון דעם דאָרטיקן נאָטר־דאַם קלויסטער.

אַרום מיר האָבן די גאַסן געשוויבלט מיט גאַסן־מיידלעך. שכור'ע סאָלדאַטן פון אַלע פעלקער איבער דער ערד, קאַליקעס און וואַגאַבונדן און אין דער הויך די באַגילדטע מאַדאָנע מיט'ן קינד אין דעם שיין פון אַ פּראָזשעקטאָר האָט גערעדט צום געמיט וועגן עפּעס אַזוינס, פון וועלכן עס איז געווען אי צום וויינען און אי צום לאַכן, אָדער גאָר נעמען און זיך אויפלייזן און ווערן פּטור פון אָט דעם אַלץ.

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, ווען איך בין זיך אַזוי געגאַנגען איבער אַ סקווער, באַגעגנט מיך מיינער אַ פריינט, וואָס איז געווען אַ סערזשאַנט אין אַן אַנדער לעגיאָנער־באַטאַליאָן.

— אָ, העלאָ, וויינבערג! — האָב איך זיך זייער דערפרייט, און ער צו מיר טוט זיך אַזוי אַ זאָג:

— האָסט אַ פּאָר פראַנק?

— פון וואַנען? — פרעג איך אים מיט אַ קרומען שמייכל אויף מיין פּנים.

— קום מיט מיר, — טוט ער מיך אַ צי.

— וואוהין?

— אין אַ קאַפעהויז.

— נו, און געלט? — וואונדער איך זיך.

— עס וועט זיין! — שרייט ער אויס און שלעפּט מיך ממש ביים אָרעם.

ווען איך וואָלט נישט געווען געקאַנט אָט־דעם וויינבערג'ן פאַר אַ זייער פיינעם בחור, וואָלט איך געווען מורא געהאַט מיט אים מיטצוגיין,

וואָרום אַ קשיא וואָס ער קלייבט זיך אַפּצוטאָן!

ערשט ווען איך בין אַריין מיט אים אין אַ קאַפע־הויז, וואו אַ סך מענטשן זיינען געזעסן און געשפּילט שאַך, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז אָט דער וויינבערג איז פון די גאָר גוטע שפּילער, און איך האָב אָנגעהויבן צו אַנען, וואָס ער גייט טאָן.

מיר האָבן פאַרנומען אַ טישל לעבן צוויי שפּילער און וויינבערג הייסט דערלאַנגען צוויי קאַוועס און צוביסן.

— און געלט? — פרעג איך אים שטילערהייט היפּש איבערגעשראָקן.

— עס וועט זיין! — בייזערט ער זיך אָן אויף מיר און לייגט דער־ביי צו:

— איך קען צוויי זאַכן, — שפּילן שאַך און ריידן פראַנצויזיש..

ווען מיר האָבן געזופּט די קאַווע און צוגעביסן, האָט דערווייל וויינ־בערג אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר באַמערקונגען צו די שפּילער און יענע האָבן אים אויסגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. אין אַ פּאָר מינוט שפּע־טער האָט איינער באַפרייט זיין פּלאַץ פאַר וויינבערג'ן און ער שטורכעט מיך שוין, אַז איך קאָן נעמען, וואָס איך וויל. אַז מען רעדט פראַנצויזיש און מען קען שפּילן שאַך איז דאָך נישט שייך.

יענעם אָוונט האָט וויינבערג אָנגעלייגט פולע קעשענעס מיט פראַנקן, וואָס ער האָט געוואונען פריער ביי איינצלנע מיט־שפּילער און דערנאָך ביי גאַנצע גרופּן, וואָס האָבן געשפּילט קעגן אים איינעם.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט נאָר האָט ער מיך ביז גאָר פיין מכבד געווען, נאָר ער האָט מיר געגעבן אַ גאַנץ פיין פעקל פּאַפּירלעך, וואָס זיינען מיר ביז גאָר צונויץ געקומען.

פון יענעם אָוונט אָן איז בכלל דער געלט־נאָט געוואָרן פּלוצלונג גוט צו מיר אין מאַרסעיל.

אויף מאָרגן גיי איך אַראָפּ אין שטאָט אַריין מיט'ן געדאַנק צו זען אַ פילם און דערנאָך עסן אין אַ רעסטאָראַן.

פּלוצלונג שטעלט מיך אָפּ אַן ענגלישער אָפיצער מיט אַ רענצעלע אין האַנט.

— וועסט טאָן אַ טובה אַן ענגלישן אָפיצער? — פרעגט ער מיך גוט־ברודעריש.

— וואָס זאָל איך פאַר דיר טאָן? — וויל איך ביי אים וויסן.

דאָ דערקלערט ער מיר, אַז ער קאָן זיך אויף קיין טעקסי נישט דער־וואַרטן און פאַר אַן אָפיצער פּאַסט נישט זיך צו טראָגן מיט'ן רענצל.

הכלל, ער בעט מיך אים אונטערצוטראָגן דאָס רענצעלע אַ פּאָר בלאָק אין זיין האָטעל אַריין.

אַ ברירה האָב איך געהאַט? ער האָט דאָך געקענט באַפעלן, און אַז ער בעט איז דאָך שוין נישט שייך. איך האָב גענומען דאָס רענצעלע און אים נאָכגעגאַנגען ביז אין דער לאָבי אַריין.

— אַ דאַנק, — זאָגט ער.

— נישטאָ פאַרוואָס, — זאָג איך.

אָבער דאָ שטרעקט ער מיר גאָר אויס די האַנט, וואָס איז געגן דעם מנהג, אַז אַן אָפיצער זאָל טאָן צו אַ סאָלדאַט, און ווען ער ציט זי אַרויס צוריק, בלייבן אין מיין האַנט פאַפּירלעך. איך וויל אים זאָגן, אַז מען דאַרף נישט, אַז איך וויל נישט, אָבער ער איז שוין ביי דער טיר.

ווען איך בין אַרויס פון דער לאַבי מיט אַ שלעכט געפיל פון דער געשעעניש, האָב איך זיך דאָך צעלאַכט אויפ׳ן קול:

— צוויי הונדערט פראַנק!

יענעם אָוונט האָב איך שוין גענומען עטלעכע חברים אויף מיין חשבון אין אַ גרויסן רעסטאָראַן.

דאָרטן זיינען צווישן אַ סך אַנדערע סאָלדאַטן און מאַטראָסן געווען אויך אַ סך רוסישע.

עס האָט אַ שמעק געטאָן מיט היים, און עס האָט זיך געוואָלט ריידן מיט די רוסישע מאַטראָסן, אָבער עמיצער האָט באַמערקט, אַז דאָס זיינען פון די ווייסע, און מען האָט זיך אָפּגעהאַלטן פונ׳ם פאַרגעניגן.

# איבער דעם ענגלישן קאַנאַל

ענדלעך האָט מען אונז געלאָזט וויסן, אז אין א פּאָר טעג אַרום וועט מען אונז טראַנספּאָרטירן קיין ענגלאַנד.

טשיקאווע איז געווען דער גענעראַל, וואָס האָט אונז אָנגעזאָגט אָט די בשורה. ער האָט רערביי געהאַלטן פאַר אונז א רעדע אין וועלכער ער האָט זיך שטארק פאַרענטפערט הלמאי מען האָט זיך אָפּגעזאָגט אונז ארויסצו־געבן א ביסל געלט פון די שכירות וואָס זיין מאַיעסטעט'ס רעגירונג איז אונז געקומען.

— מיינע קינדער, — האָט ער אָנגעהויבן זיין רעדע מיט א פּאָטער־לעכן קול און צורעכט מאַכנדיג דאָס מאָנאָקל אויף זיין אויג, האָט ער א פּאָר מאָל זיך אויסגעהוסט און פאָרגעזעצט:

— איר פילט זיך אודאי געקריוודעט הלמאי מען האָט אייך פארהאַלטן אייערע שכירות. מיר האָבן דאָס געטאָן פאַר אייער טובה וועגן. איר זענט אריינגעפאַלן אין א שטאָט, וואו מען דאַרף זיין פאָרזיכטיג. אזוי פיל פון דעם שענערן געשלעכט אויף די גאַסן. און איר פאָרט איצט אהיים צו אייערע מאַמעס, שוועסטער און א צאָל פון אייך זיינען אודאי אויך פארהייראַט...

דאָ האָט ער נאָכאמאָל זיך א שפּיל געטאָן מיט'ן מאָנאָקל איבער'ן אויג און פריילעך א זאָג געטאָן:

— נו, היינט־מאָרגן פאָרן מיר שוין קיין ענגלאַנד,—פאַרשטאַנען?

פון דעם פריידיגן אופן, ווי אזוי ער האָט אונז געזאָגט, אז היינט־מאָרגן פאָרן מיר שוין קיין ענגלאַנד, האָט מען געזען, אז ער אַליין האָט שטאַרק הנאה געהאַט וואָס מיר פאָרן שוין צוריק קיין ענגלאַנד.

אימיצער פון אונזער חברה האָט דערנאָך באַמערקט מיט געפיל אין קול:

— דאַכט זיך א גענעראַל, אָבער אויך ער בענקט שוין נאָך ווייב און קינדער.

דער ארויסמאַרש פון'ם מאַרסעלער לאַגער צו דער באַן איז געווען מיט גרויס פּאָמפּ און צערעמאָניע.

געהייסן האָט עס, אז מען דאַרף באַווייזן די פראַנצויזן, ווי שיין ענג־לענדער קאָנען מאַרשירן און אזוי ווי מיר האָבן אויך אין זין געהאַט דעם אידישן כבוד, האָבן מיר מאַרשירט איבער די גאַסן פון מאַרסעיל צו די קלאַנגען פון דער בענד מוזיק ממש ווי טענצער.

די באַן האָט אונז גענומען קיין בולאָן און דאָרטן האָט מען אונז ארויפגעזעצט אויף קליינע באַרזשעס, וואָס האָבן אונז געפירט איבער'ן קאַנאַל צו די ברעגן פון ענגלאַנד.

ביז היינט, אַז אימיצער דערמאָנט דעם ענגלישן קאַנאַל, שטייט אויף פאַר מיר יענער פּרימאָרגן און עס כאַפּט מיך אַרום אַן איבל.

עס איז געווען אַ גרויער, נעבלדיגער און קאַלטער פּרימאָרגן, אַז מיר, וואָס זיינען אָט ערשט אַרויף אויף דער באַרזשע מיט אונזערע ביקסן און געפּעק, יונגע, געזונטע און שפּאַסיגע, זיינען באַלד, ווי נאָר די באַרזשע האָט זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן, אויסגעלייגט געוואָרן איבער אונזער אייגן געפּעק, ווי דערשלאָגענע קעלבער.

דאָס וואַסער האָט זיך געוואָרפן און געדרייט אַרום אונז, ווי מיליאָנען שדים וואָלטן אין דער טיפעניש צווישן זיך אַ זייער שווערע מלחמה געפירט און די באַרזשע האָט זיך געהויבן אַראָפּ און אַרויף, אַז עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי רירט זיך נישט פון׳ם אָרט.

מיר זיינען געלעגן מיט איבלדיגע הערצער און געקוקט מיט האַלב־אָפענע אויגן אַרום זיך אָן די מינדסטע האָפענונגען, אַז מיר וועלן ווען עס איז טאַקע דערגרייכן אַ ברעג.

און ווען דער ברעג איז שוין יאָ ענדלעך געקומען, האָבן מיר אים דערזען ערשט ווען די מאַטראָזן פון׳ם ברעג האָבן די באַרזשע מיט שטריק צו זיך געצויגן.

מיר האָבן זיך געדאַרפט אָנשטרענגען מיט אַלע כחות צונויפצונעמען אונזערע גלידער. אָפּגערעדט פון אונזערע ביקסן און אונזער געפּעק.

געבענטשט זאָלן זיין די גוטע ענגלישע פרויען, וואָס האָבן אונז יענעם פּרימאָרגן באַגעגנט מיט הייסע טעפּלעך קאַווע. זיי זיינען געווען אַזוי פיל, אַז יעדער איינער פון אונז איז אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס פון אַ פרוי, וואָס האָט מיטפילנדיג געשמייכלט און נישט אויפגעהערט זיך צו בעטן.

— טרינק, ברודער, טרינק, באַלד וועסטו זיך דערפילן, ווי אַ מענטש.

און זיי זיינען געווען גערעכט, אָט די פרויען!

עס האָט ווירקלעך נישט געדויערט לאַנג און מיר זיינען שוין געווען צוריק פולע מענטשן.

די הייסע קאַווע האָט אַרויסגעטריבן דעם אומאַנגענעם קאַלטן ציטער פון די גלידער און זייערע ליבע, שמייכלענדיגע בליקן האָבן אָנגעפילט אין די זעלבע גלידער גאָר אַ נייעם ציטער.

בפרט האָט מען זיך דערפילט גאָר גוט, ווען מען איז סערווירט געוואָרען מיט דעם געשמאַקן פרישטיק טאַקע דורך די זעלבע פרויען הענט.

עס האָט זיך נאָרנישט געוואָלט איבערלאָזן אָט די וואוילע שוועסטער און קריכן אין די וואַגאָנעם אַריין, כדי ווייטער צו פאָרן.

אָבער קיין ברירה איז נישט געווען.

די סערזשאַנטן האָבן געדונערט מיט באַנומענע קולות צו אונז:

— אין די וואַגאָנעם! גיכער! שנעלער!

דעם זעלבן נאָכמיטאָג האָט אונז די באַן געבראַכט קיין ווינטשעס־טער, וואו עס האָט אויף אונז געוואַרט אויפ׳ן וואָקזאַל אַ גרויסער בענד מוזיק און ביים זייט פון שטאָט אַ נייער לאַגער.

אין ווינטשעסטער האָט אונז שוין אויך אויפגענומען אונזער אייגן אמעריקע.

א ספּעציעלער אמעריקאַנישער קאַנטין פאַר די וואָלונטירן פון די שטאַטן אונטער דער אָנפירערשאַפט פון אן אַמעריקאַנערין.

— שאַט, שאַט, מיס באָלדווין וועט אייך אַדרעסירן! — האָט אונז דער סערזשאַנט געלאָזט וויסן.

און מיס באָלדווין, — אַ מיטל־יעריגע אמעריקאַנערין מיט אַ סימפּאַ־טיש פּנים האָט אונז מקבל פּנים געווען מיט וואַרימע ווערטער, אַמעריקאַ־נער שלייפעלעך, און פּאַפּיראָסן.

— הורא פאַר אַמעריקע! — האָבן מיר געשריען און דערנאָך זיך געלאָזט אין דער געביידע פון דער קאַזאַרמע פּטור צו ווערן פון'ם שווערן געפּעק און די ביקסן, וואָס האָבן געדריקט די אַקסלען און די פּלייצעס.

# איך פֿאָר קיין לאָנדאָן

ווינטשעסטער איז אַן אַלט און גאַנץ אינטערעסאַנט ענגליש שטעטל, אָבער אָפּזייענדיק אין דעם אַ פּאָר טעג איז מען שוין געווען פאַרטיק.

אינ׳ם לאַגער איז געווען די בעסטע אַטראַקציע דער קאַנטין פֿאַר די אַמעריקאַנער וואָלונטירן. דאָרטן האָט מען געקאָנט זיצן און שפּילן טשעקערס, אָדער שאַך. יעדן טאָג און אין אָוונט האָט די מיס באָלדווין געהאַט עפּעס אַן אַנדער נאַשעריי פֿאַר אונז און אַמעריקאַנישע סיגאַרעטן זיינען אונז אויסגעטיילט געוואָרן מער, ווי מיר האָבן געקאָנט פֿאַרברויכן.

אין אָט דעם לאַגער פֿון ווינטשעסטער האָט מען צוגענומען ביי אונז דאָס מיליטערישע כלי־זיין און מיר האָבן זיך באמת דערפֿילט, ווי פֿרייע מענטשן.

אָבער פֿאַרוואָס שיקט מען אונז שוין נישט אָפּ קיין אַמעריקע?

קיינער האָט נישט געוואוסט פֿאַרוואָס, און עס איז אפֿילו נישט גע־ווען ביי וועמען זיך נאָכצופֿרעגן.

אָפּטמאָל האָט זיך אונז אויסגעדאַכט, אַז די ענגלישע מאַכט האָט שוין מיט אונז בכלל נישט וואָס צו טאָן, און אַז איצט זיינען מיר אינגאַנצן אונטער דער אויפֿזיכט פֿון אָט דער אַמעריקאַנישער מיס באָלדווין.

אָט די מיס באָלדווין איז געווען זייער פֿריינטלעך צו אונז אַלעמען. איך ווייס נישט ווער עס האָט איר איבערגעגעבן, אַז איך שרייב פּאָעזיע, אָבער גאָר פּלוצלונג האָט זי אָנגעהויבן צו נעמען אַ באַזונדער אינטערעס אין מיר.

— פֿאַרוואָס שרייבסטו נישט אויף ענגליש פֿאַר גרויסע מאַסן? — האָט זי ביי מיר איינמאָל אַ פֿרעג געטאָן.

— און וואָס זאָלן טאָן די מאַסן, וואָס לייענען בלויז אידיש? — האָב איך זי געענטפֿערט מיט אַ פֿראַגע אויף איר פֿראַגע.

איינמאָל האָב איך זיך פֿאַר איר באַקלאָגט אויף דעם, וואָס שטייענדיק קאַרגע צוויי וואָכן אין מאַרסעיל האָב איך בשום אופֿן נישט געקאָנט קריגן קיין דערלויבעניש זיך אַריבערצוכאַפּן קיין פּאַריז.

— נו, און לאָנדאָן וואָלסטו געוועזן אַ בעלן צו זען? — האָט זי ביי מיר אַ פֿרעג געטאָן.

מיינע אויגן האָבן זיך געמוזט זייער שטאַרק צעגלאַנצן ביי איר פֿראַגע, וואָרום זי האָט זיך מוטערלעך צעשמייכלט און געזאָגט:

— זע מיך אין אָוונט און איך וועל אפשר האָבן עפּעס אויפֿגעטאָן וועגן אָט דעם ענין.

ווען איך בין דעם זעלבן אָוונט אַריינגעקומען אין דעם קאַנטין אַריין, איז זי מיר אַ פֿריידיגע אַנטקעגנגעקומען.

— נו, אָט פֿאָרסטו מאָרגן קיין לאָנדאָן אויף עטלעכע טעג, אָבער

שטײ נישט איבער, װאָרום איך האָב דאָס גענומען אויף זיך.

אויף מאָרגן אין דער פרי האָט אַ סערזשאַנט מיר געבראַכט צוזאַמען מיט דער דערלױבעניש אויך אַ פּאָר פונט אויפ׳ן חשבון פון מײנע שכירות און אַ באַן־בילעט אַהין און צוריק. איך האָב זיך שנעל גרײט געמאַכט צו דער רײזע און װען איך בין אַרויס אויפ׳ן װעג צו דער באַן, בין איך אַרײַן אין קאַנטין אָפּצודאַנקען דער מיס באָלדװין.

— אָט האָסטו אַ פּעקעלע אויפ׳ן װעג, — האָט זי מיר געזאָגט און אירע בלױע אױגן האָבן ממש געשײַנט, װאָס זי האָט געקאָנט עפּעס טאָן פאַר מיר.

איך האָב אױפריכטיג געקושט איר האַנט און װען איך בין שױן געזעסן אין דער קופּע פון דער לױפנדיגער באַן, האָב איך אינ׳ם אויפגעפּאַקטן פּעקעלע געפונען צוזאַמען מיט די סיגאַרעטלעך, שאָקאָלאַד, קעיקלעך און סענדװיטשעס, אויך אַ בריװ אַדרעסירט צו אַן אַמעריקאַניש־מיליטערישן איבערװאַנדערונגס־פּונקט, אַז מען זאָל מיך אויפנעמען און אַכטונג געבן אויף מיר.

די באַן איז געלאָפן, איבערלאָזנדיג הינטער זיך פעלדער, בערגלעך און ישובים, און מײן האַרץ איז נאָך שטאַרקער געלאָפן, װי די באַן.

עס איז געװען, װי מײן האַרץ האָט די גאַנצע צײט נישט אויפגעהערט צו קלאַפּן בלױז אײן־און־אײנציג װאָרט, און דאָס װאָרט איז געװען:

— לאָנדאָן!

באַלד, באַלד און איך װעל שפּאַנען איבער די גאַסן פון דער װעלט־מעטראָפּאָליע, װעגן װעלכער איך האָב אַזוי פיל געהערט און געלײענט.

פאַר מײנע אויגן האָבן זיך גענומען ציען בילדער פון לאָנדאָן, װאָס איך האָב געזען אין די באַשרײַבונגען פון דיקענס׳ן און אַנדערע ענגלישע שרײַבער. די היסטאָרישע אױסטערלישקײטן און מענטשן. אין אָט דער שטאָט האָט דערלעבט זײַנע לעצטע יאָרן קאַרל מאַרקס. הײנריך הײנע האָט פײַנט געהאַט לאָנדאָן און זײער שטאַרק ליב געהאַט פּאַריז. פאַר־װאָס? אַ שאָד װאָס איך האָב נישט געהאַט די געלעגנהײט צו זען פּאַריז. אָבער לאָנדאָן װעל איך באַלד זען, — איך װעל שפּאַנען איבער די גאַסן און געסלעך, און אין „װהאַיטשעפּל״, — די געגנט, װאו עס װאױנען אונזערע אידן, װעל איך דאָך אויך אודאי זײַן. נו, װי זשע דען? אודאי װעל איך זײַן!

אָבער װער װעט דאָס מיך אַרומפירן אין אָט די אַלע פּלעצער?

איך האָב זיך פּלוצלונג געכאַפּט, אַז איך האָב זיך נישט באַזאָרגט מיט קײן אײן אַדרעס פון אַ אידישן שרײַבער, אָדער אַ טוער, און דאָס האָט מיך אַ ביסל באַאומרואיגט, אָבער באַלד האָב איך זיך דערמאָנט, אַז עס איז פאַראַן אַ אידישע צײטונג אין לאָנדאָן, און איך האָב זיך געטרײסט, אַז װי סע נישט איז, װעל איך זיך שױן אַן עצה געבן.

עס איז געװען אָנהױב אָװנט, װען די באַן האָט מיך געבראַכט צו אַ לאָנדאָנער װאָקזאַל. אַ טעקסי האָט מיך צוגעפירט צו דעם מיליטערישן

פּונקט און איך בין איבערראַשט געוואָרן פון דער רחבות און רייכקייט, וואָס איך האָב פאַר זיך דערזען.

מען האָט מיך אויפגענומען, אַנגעוויזן אַ בעטל אין אַן אויסגעצייכנ־טער, ריינער און רחבות׳דיגער דאָרמיטאָרי און אַ פּלאַץ פאַר מיינע זאַכן.

איך האָב אויף גיך זיך געבאָדן, אויסגעפּוצט מיינע מעשענע קנעפּ־לעך און די עמבלעמען, וואָרום מיך האָט שטאַרק געצויגן אין דרויסן אַרויס.

פון סאָלדאַטן בין איך געוואויר געוואָרן, אַז דאָס פּלאַץ געפינט זיך אין דעם סאַמע הארץ פון דעם רייכן טייל אין לאָנדאָן, און מיר האָט זיך פּשוט געוואָלט אַרויס און פילן אונטער די פיס דעם אַספאַלט פון אַ לאָנ־דאָנער טראָטואַר.

אָבער די אַדמיניסטראַציע איז דאָ געווען אַ שטרענגע.

מען האָט נישט געקאַנט אַרויסגיין נישט מיר נישט דיר.

אָט הערט זיך אַ גלאָקן־קלאַנג און אַלע לאָזן זיך אין זאַל אַריין.

אַ מענטש אין אַ אוניפאָרם פון רויטן קרייץ לייענט פאַר אונז רעגולאַציעס.

ערשטנס זאָל מען למען השם און פאַר דעם כבוד פון אַמעריקע זיך האַלטן לייטיש איבער די גאַסן, נישט שכור׳ן און זיך נישט אַרומשלעפּן אין נישט קיין פּאַסיגע פּלעצער און דער עיקר מען זאָל קומען שלאָפן נישט שפּעטער פון צוועלף אַזייגער, וואָרום נאָך צוועלף וועלן די טירן זיין צוגעשלאָסן און מען וועט נישט אַריינלאָזן.

מילא, די ערשטע רעגולאַציעס האָבן מיך נישט געאַרט, אָבער אַהיים קומען צוועלף אַזייגער? ווי לעבט מען עס אין לאָנדאָן, אַז מען מוז זיך לייגן שלאָפן צוועלף אַזייגער?

איך בין אַרויס אין דרויסן נישט קיין זייער צופרידענער, אָבער דער־זעענדיג פאַר זיך די באַלויכטענע סטרענד, פּיקאַדילי און די אַנדערע שיינע גאַסן מיט די שפּאַצירנדיגע עלעגאַנטן דאַמען און הערן, האָב איך אויפ־געהערט טראַכטן וועגן דער רעגולאַציע.

איך האָב געשפּאַנט ווי אין אַ טראַנס און נישט אויפגעהערט צו מורמלען צו זיך:

לאָנדאָן!

# דער „פונט“ און דער „שילינג“

אין קיין שטאָט אויף דער וועלט וואַרפט זיך נישט אַזוי אין די אויגן די קלאַסן־צעטיילונג, ווי אין לאָנדאָן.

די עטלעכע טעג אין אָט דער שטאָט זיינען זייער גיך אַריבער, אָבער באַוויזן האָב איך צו זען אַ גאַנצע רייע זאַכן און אַ צאָל מענטשן, וואָס זיינען געבליבן אין זכרון נישט אָפּגעמעקט צו ווערן.

אַ פרימאָרגן לעבן באַקינגהעם־פּאַלאַץ. אַ זוניגער פרימאָרגן. אַרום מיר האָט די רייכקייט געגלאַנצט מיט זייד און צירונג. נאָר אָט האָט די רייכקייט זיך אָפּגעשטעלט מיט גרויס יראת־הכבוד. עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט מיליטער־לייט אין סאַלוט. וואָס איז געשען? אַהאַ, איך בין לעבן דעם קעניגלעכן באַקינגהעם־פּאַלאַץ. און אָט זע איך אויף יענער זייט פונ׳ם גאַלדענעם טויער אַ רייע מיליטערישע אינוואַלידן. אַ מענטש אין אַ באַפעדערטן ספּאָדיק טראָגט אַ סאַמעטן קישעלע און אין אַ אוניפאָרם פון אַן אַדמיראַל שפּאַנט קעניג דזשאָרדזש דער פינפטער און טיילט כיבודים.

אַ מאָדנע געפיל האָב איך דעמאָלט געהאַט. אַ געפיל פון איבעראַשונג הלמאי איך בין גאָרנישט איבעראַשט צו זען דעם ערשטן מאָל אַ קעניג.

שפּעטער דעם זעלביגן טאָג האָב איך אַרומגעשפּאַצירט אין די טונקעלע פּאַרדעמפּטע זאַלן פון דעם וועסטמינסטער עבי, און עס איז געווען אַזוי מאָדנע צו טרעטן אויף די שטיינער פונ׳ם דיל, אונטער וועלכע עס זיינען קברים פון די באַרימטסטע פּערזענלעכקייטן אין דער ענגלישער געשיכטע.

ביז גאָר טשיקאַווע איז פאַר מיר געווען די טראָן־שטול, אויף וועלכער עס זיינען שוין געקרוינט געוואָרן אַזוי פיל מלכים פון דער ענגלישער אימפּעריע.

אַן אַלטע, זייער אומבאַקוועמע שטול אויף אַ שטיינערנער פּלאַטפאָרמע און דער עיקר דער גרויסער שטיין, וואָס איז אונטער דעם שטול.

דער באַבערדלטער און באַסטענגעדיגטער אַרומפירער האָט מיט גרויס יראת־הכבוד אָנגעוויזן מיט׳ן פינגער אויף אָט דעם שטיין:

— דאָס איז דער שטיין פון יעקב׳ן, וואָס איז פון קליינע שטיינדעלעך געוואָרן איין מאַסיוו, כדי אים צו דינען פאַר אַ קישן צוקאָפּנס, ווען ער איז געווען אויפ׳ן וועג צו זיין פעטער לבנ׳ען, ביי וועמען ער האָט געדינט גאַנצע פערצן יאָר און דערפאַר געקראָגן פאַר זיך צוויי ווייבער, לאה און רחל.

די ערשטע פּאָר טעג אין לאָנדאָן זיינען אַוועק מיט באַזוכן אָט די טשיקאַוועסטן.

די גראַנדיעזע ביבליאָטעק אינ׳ם בריטישן מוזעאום, די אויסשטעלונגען פון דער באַרימטער טוסאָווער אינסטיטוציע, דעם פּאַר־

לאַמענט, דעם קייזערלעכן טעאַטער, וואו אונזער אידישער שויִ־שפּילער מאָריס מאָשקאָוויטש פון ניו יאָרק האָט געגלאַנצט מיט זיין שאַילאָק־אויסטייטשונג, און נאָך און נאָך אַזעלכע לאָנדאָנער אויסטער־לישקייטן, וואָס יעדער באַזוכער פון דער פרעמד קאָן זיך נישט פאַרגינען דורכצולאָזן אויף זיינעם אַ באַזוך אין לאָנדאָן.

אַ שטיקל אומאַנגענעמלעכקייט האָב איך געהאַט ביים באַזוך אינ׳ם באַרימטן „לאָנדאָנער טויער״, וואו איך האָב באַטראַכט דאָס צירונג און די דימענטן פון דער ענגלישער אימפּעריע.

אויפ׳ן וועג צוריק האָט פאַרביימאַרשירט אין פולן גלאַנץ און פּראַכט אַן אָפּטיילונג פון די קעניגלעכע וועכטער מיט די פאָנען און גלאַנציגע אנטבלויזטע שווערדן. איך האָב געטאָן מיין סאָלדאַטסקע פליכט און סאַלוטירט, ווי עס געהער צו זיין, אָבער אין אַ מינוט אַרום יאָגט מיך אָן אַן אָפיצער, וועמענס פּנים עס איז געווען רויט פון גרימצאָרן און ער טוט זיך אַ וואָרף אויף מיר.

— דו אַזעלכער און אַזעלכער, איך וועל דיך באַלד אַרעסטירן און אַנשטאָט פאָרן אַהיים וועסטו...

— אָבער פאַרוואָס? — וויל איך וויסן אַ היפּש דערשראָקענער מסתמא.

— האָסט נישט סאַלוטירט דעם פּאַראַד! — שרייט ער אויף מיר.

עס האָט גענומען אַ היפּשע צייט ביז איך האָב אים געמאַכט צום גלויבן, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט.

— מסתמא איז דאָס געווען אַן אַנדערער אין אַן ענלעכער אוניפאָרם, ווי מיינע, — האָב איך אים פאַרזיכערט, און ער האָט מיך אָפּגעלאָזט.

ערשט ווען איך בין שוין געווען אין דרויסן, דערהער איך אַ געלעכ־טער הינטער זיך. איך קוק זיך אַרום און דערזע עטלעכע אידישע לעגיאָ־נערן, וואָס קאַטשען זיך פון געלעכטער.

אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז עס איז געווען וועלוועל שוואַרץ, וואָס האָט נישט סאַלוטירט, און דערזעענדיג דעם לויפנדיגן אָפיצער האָט ער זיך שנעל אָפּגעטראָגן.

—סטייטש, וועלוועל? — רייד איך אים אויס. אָבער וועלוועל שטייט מיט די הענט אין די קעשענעס און קוועלט פון זיך אַליין.

— היינט אין דער פרי האָב איך דורכגעלאָזט אַ גאַנצן גענעראַל אָן אַ סאַלוט.

איך האָב אָפּגעגעבן אַ וויזיט דער רעדאַקציע פון דער „צייט״ אין „וועאַיטשעפּל״ און דאָרט אויפגענומען געוואָרן פונ׳ם רעדאַקטאָר מאָריס מייער. דער ליטעראַטור־קריטיקער לעאָ קעניג האָט מיך גענומען אונטער זיין אויפזיכט, מיך געלאַדן צו זיך אַהיים און מיך צונויפגעפירט מיט דעם יונגן סקולפּטאָר זיידענבערג און מיט דעם יונגן ענגליש־אידישן דיכטער לעפּטוויץ.

אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך שוין געווען אין אײגענער מענטש אין די רעסטאָראַנדלעך און אין אַ סך אָרימע אידישע שטיבער פון ווהאַיטשעפּל.

ווען איך טראַכט איצט פון לאָנדאָן קומען מיר אין זכרון די „פּונט־מענטשן" און די „שילינג־מענטשן".

דאָ אין ניו יאָרק לעבן אַלע מענטשן אויף דאָלאַרס.

אמת, די רייכע פאַרדינען אַ סך דאָלאַרס און די אָרימע ווייניג דאָלאַרס, אָבער אין לאָנדאָן איז גאָר עפּעס אַנדערש.

אין די רייכע קוואַרטאַלן פאַרדינען מענטשן „פונטן" און אין די אָרימע קוואַרטאַלן פאַרדינען מענטשן „שילינגס".

אָט דער אונטערשייד וואַרפט זיך גוואַלדיג אין די אויגן און טיילט ביז גאָר פאַנאַנדער די צוויי קלאַסן מענטשן.

אויף דעם סטרענד אָדער אויף דער פּיקאַדילי, וואָס זיינען פון די רייכע, איז יעדע זאַך אין אַ שוי־פענצטער געפּרייזט אין פונטן, און אין די שוי־פענצטער פון די אָרימע קוואַרטאַלן—אין שילינגס.

איין טייל פון דער באַפעלקערונג איז אַ פונט־באַפעלקערונג, און דער צווייטער טייל איז אַ שילינג־באַפעלקערונג.

און ווען מען ווייסט, אַז אין איין פונט זיינען פאַראַן גאַנצע צוואַנציג שילינגס, איז נישט קיין וואונדער, וואָס איין טייל פון דער באַפעלקערונג גלאַנצט מיט זייד און מיט סאַמעט און די אַנדערע איז גרוי און אָפּגעלאָזן אין אירע שמאַטעס.

אַרום און אַרום האָט די שטאָט לאָנדאָן געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַן עלטערער אַריסטאָקראַטקע מיט אַ לאָרנעט אויף דער נאָז.

נישט מער, ביי איינער איז דער לאָרנעט אַ גאָלדענער בשעת ביי דער צווייטער איז ער פון צעבויגענעם דראָט, ווי אויף חוזק.

# ניו יאָרק

די עטלעכע טעג אין לאָנדאָן זיינען אַוועק אַביסל צו שנעל. ווען נישט מיין צוזאָג צו דער פריינטלעכער אַמעריקאַנערין מיס באַלדווין, וואָלט איך געוועז בפירוש איבערגעשטאַנען עטלעכע טעג, אָבער אַ צוזאָג איז אַ צוזאָג, — בפרט צו אַ מענטשן, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל וואַרימע מענטשלעכע באַציאונג צו מיר.

צוריקקומענדיג פון מיין לאָנדאָנער באַזוך קיין ווינטשעסטער, האָט מען זיך גלייך גענומען פּאַקן אין וועג אַריין און אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך זיך שוין געפונען אויף דער שיף אויפ'ן וועג קיין ניו יאָרק.

עס איז געווען דעצעמבער ניינצן צוואַנציג. האַרבסט אויף דער ערד, אָבער די טעג און די נעכט איבער'ן אַטלאַנטיק זיינען דוקא געווען ניט קיין קאַלטע און מערסטנס גאַנץ שיינע.

אָבער אומעטיג איז געווען. זייער שטאַרק אומעטיג.

איך האָב זיך פּלוצלונג געכאַפּט, אַז עס איז נישט נאָר איך אליין וועמען עס פּרעסט דער אומעט, נאָר אויך אַלע איבעריגע לעגיאָנערן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט מיט מיר צוזאַמען, זיינען געווען דערשלאָגן.

די שיף „צעדריק" איז דוקא געווען אַ ניש'קשה'דיגע און באַקוועמע שיף, און די באַהאַנדלונג צו אונז איז געווען גאָר אַ גוטע.

נישט מער קיין „האַמעקלעך", ווי אויפ'ן וועג אַהין, נאָר באַקוועמע בעטלעך. נישט מער קיין פּאַראַדירן צום עסן, נאָר אַ רוף דורך אַ גלאָקן־קלאַנג, ווי מען רופט באַצאָלטע פּאַסאַזשירן. נישט מער קיין מורא פאַר דייטשע סובמארינען, וואָס זאָלן מאַכן פּלוצלונגדיגע אַטאַקעס אויף אונז, און נישט מער קיין סאָלדאַטסקע דיסציפּלין און אודאי נישט מער קיין מחשבות וועגן דער מעגלעכקייט פון דער'הרג'עט צו ווערן.

איצט זיינען מיר דאָך נישט געפאָרן אויף דער מלחמה, נאָר צוריק פון דער מלחמה, היינט פאַרוואָס זשע אַזאַ אומעט? פאַרוואָס האָלט זיך יעדער לעגיאָנער עפּעס אַזוי באַזונדער? פאַרוואָס רעדט מען אַזוי ווייניג? פאַרוואָס קומען זיך צונויף עטלעכע צוזאַמען, נאָר ווען מען זעצט זיך שפּילן אין קאָרטן?

און די שיף וויגט זיך איבער אַ רואיגן ים, ציט זיך צום ברעג פון ניו יאָרק פון וואַנען מיר זיינען קאַרגע צוויי יאָר צוריק אָפּגעפאָרן אין אַ געפאַר אַריין. נישט איינער פון אונז האָט אודאי זיך שטילערהייט מיט ווייטאָג אין האַרצן אָפּגעזעגנט מיט יענעם ברעג אויף אייביג, און איצט פאָרט מען דאָך צוריק גאַנצע און געזונטע. היינט פאַרוואָס זשע ביי אַלעמען אַזאַ אומעט?

מילאַ, איך בין אומעטיג איז עפּעס אַנדערש.

איך האָב נישט אין ניו יאָרק קיין משפּחה, אָבער צווישן די צוריק־

קומענדיגע זײנען דאָך דאָ אַ היפּשע צאָל, וואָס האָבן געלאָזן טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער, ברידער און אויך געליבטע.

פון דער דריקנדיגער שטימונג האָב איך געזען באַשײנפּערלעך, אַז מען קערט זיך אום אַנטוישטע.

געפאָרן אַהין איז מען מיט אַן אָנגעצונדענעם גלויבן, אַז מען גײט זיך מקריב זײן פאַר אַ גרויסער אידײע, מען גײט ראַטעווען דאָס אײגן פאָלק, אַז מיט דעם אויפטו וועט מען אויפמישן אַ נײ, ליכטיג בלעטל אין אונזער לעבן.

אָבער איז דאָס בלעטל טאַקע באמת געווען אויפגעמישט?

אמת, מען האָט געהאָלפן אָפּנעמען פּאַלעסטינע פון׳ם טערק, אָבער האָט מען דאָס אָפּגענומען פאַר זיך? ווען מען איז אָפּגעפאָרן פון פּאַ־לעסטינע האָט מען דאָס לאַנד נישט איבערגעלאָזט אין קײן אידישע הענט, נאָר אין ענגלישע און אָט די ענגלישע הענט האָבן נישט אַרויסגעוויזן קײן איבעריגע פרײגיביגקײט צו די איבערגעלאָזטע אידן.

הײנט, וואָס אַזוינס האָט מען באַוויזן? וואו איז דער שכר פאַר די איבערגעלאָזטע קברים?

פאַר מײנע אויגן איז כסדר געשטאַנען דאָס ליב פּנים פון אַ נואַרקער טײערן בחור מיט׳ן נאָמען מיטשעל.

אָט דער מיטשעל האָט איבערגעלאָזט זײן אײנגעזעסנקײט אין נואַרק און זיך געלאָזט מיט׳ן לעגיאָן קײן פּאַלעסטינע מיט׳ן געדאַנק, אַז אויב ער וועט איבערלעבן די מלחמה, וועט ער שוין דאָרטן פאַרבלײבן.

די מלחמה האָט ער איבערגעלעבט, אָבער ווען עס איז געקומען צו פאַרבלײבן, האָט ער נישט געהאַט בײ וואָס, און ער האָט באַשלאָסן זיך אומצוקערן צוריק אין זײן נואַרק.

— די אַלטע, גוטע נואַרק, — האָט ער זיך גוטמוטיג אָבער היפּש טרויעריג געווויצלט.

אויף דער שיף פון פּאָרט־סאַהיד איז ער נאָך געווען מיט אונז, אָבער אויף דער שיף קײן ניו יאָרק איז ער שוין נישטאָ.

ער איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרן אין מאַרסעיל און אַף אַ מיליטערישן בית־עולם צווישן צלמים האָבן מיר אים איבערגעלאָזט אונטער אַ הילצערנעם מגן־דוד.

— מיטשלען איז אפשר בעסער, — האָט קאָלדאָווסקי צו מיר פּלוצלונג פון דער הוילער הויט אַ זאָג געטאָן.

איך בין דעמאָלט געשטאַנען בײם פאַרענטש פון דער שיף און געקוקט אויפ׳ן צעבויטעטן ים.

פאַרוואָס האָט ער דאָס צו מיר פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן? וואָס איז פאָרגעקומען אין זײן מוח, בשעת ער האָט דאָס צו מיר געזאָגט?

דעם זעלבן אָוונט האָט די שיף אונז געבראַכט צום האַפן קײן ניו יאָרק און די מערסטע פון אונז זײנען באַגעגנט געוואָרן פון משפּחה און פרײנט.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אונז ארויסבאַגלייט מיט אַזוי פיל פּאָמפּ, האָט אונז נישט באַגעגנט, און עטלעכע לעגיאָנערן האָבן זיך ביטער געוויצלט וועגן דעם.

מיך האָבן באַגעגנט עטלעכע יונגע פֿאָעטן און א. ניסענזאָן האָט מיך גענומען צו זיך אַהיים.

ביים אַראָפּגאַנג פון שיף האָבן זיך צוגעטשעפּעט צו מיר עטלעכע ענגלישע רעפּאָרטערס מיט פראַגן, אָבער איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפערן.

דער אמת איז געווען, אַז איך האָב זיי טאַקע נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן אויף זייערע פראַגן.

דער הימל איז געווען אַ פאַרכמורעטער, און דאָס געמיט איז נאָך מער כמורנעדיג געווען.

איך האָב געטראַכט פון מיין משפחה אין דעם ניי־געבוירענעם פּאָגראָם־פּוילן. איך האָב געקויפט אַ צייטונג און בין אריין מיט א. ניסענזאָנ׳ען אין דער סאָבוועי אויפ׳ן וועג צו אים אַהיים.

# אַ דאַנק דעם קאָמיטעט און די פֿריינט



אַ האַרציקן דאַנק דעם קאָמיטעט פֿון שריפֿטשטעלער, קינסטלער און קולטור-טוער פֿאַר דערמוטיקן און אַרויסהעלפֿן די דערשיינונג פֿון דעם בוך:

ש. אַלמאַזאָוו, אילאַיס, וו. אייבראַמס, י. ב.ביילין, נ. האָכבערג, ר. זאַלצמאַן, משה כץ, יעקב לייזעראָוויטש, ל. מילער, נחמן מייזיל, קלמן מרמר, ב. מעלצער, פּ. נאָוויק, ס. פֿעלדמאַן, י. קאלעם, אהרן קורץ, י. א. ראַנטש, משה שיפֿרים.

באַזונדער דאַנק איך מאַניאַ קליינבערג פֿאַר איר אָנטשרענגונג און דעם קינסטלער מאָריס י. קאלעם פֿאַר מיר העלפֿן צורעכטמאַכן די בילדער.

ז. ווײַנפּער.

# אינהאַלט



זייט



# בילדער